אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויטש).

# ווינטשפינגעריל

VII. באנד

פערקויף געזעלשאפט „צענטראל" ווארשע נאוואליפקי 7

Printed in Polen.

# דאס ערשטע קאפּיטעל

וואָס מען וויל, מעג מען אויף קאַבּצאַנסקער יודען זאָגען: זיי זענען עפּיס נישט אַזעלכע גרויסע בּריות, טהוען אין דער וועלט נישט אויף עפּיס אַזעלכע גרויסע חכמות, משטיינס־געזאָגט, זייער לעבען, שטער־בּען אָב די וועלט עט, אַזוי, מיט גאָרנישט... און קומען אָב מיט שהי־פּהי — דאָס און נאָך אַזעלכס מעג מען זאָגען, — נאָר אין דעם ענין פון פּרוכפּערן און מעהרען זיך קען מען צו זיי, חלילה, גאָר נישט האָבּען. זיי זענען דרינען געוואָהרענט, נישט ערגער פון אַלע אַנדערע יודען. שונאים אפילו קענען נישט לייקענען, אַז איטליכער קאַבּצאַנסקער יוד איז אַ מטופל, אָהן עין־הרע, מיט אַ סך קינדערלעך. און די טובה, וואָס דער וועלט קומט דערפון אַרויס, ווערט דאָ בּעשיינפּערליך דערוויזען ווייטער אַביסעל.

די קאַבּצאַנסקער בּעלי־הבּתּים זענען, נישט פאַר אייך געדאַכט, גרויסע אביונים, האָבּען נישט, איהר זאָלט זאָגען, אַ צוּבּראָכענעם גראָשען בּיי דער נשמה. אין קאַבּצאַנסק אַליין איז פאַר זיי נישטאָ קיין שום פּרנסה, סיידען איינער צום אַנדערען מיט אַ טאָרבּע אין די הייזער אַרומצוגעהן. זאָל פּריווען איינער מאַכען עפּיס אַ געשעפטיל, אַ קלייטיל, אַ שטייגער, בּאַלד טאַקי טהוט איהם דער איבּעריגער עולם נאָך, און וויפיעל יודען אַזוי פיעל קלייטלעך. קרעמער זענען דאָ ווי מיסט און אַ קונה נושט איינער. דעסגלייכען איז אין אַנדערע זאַכען. איטליכער האָט ליעב אַריינצושטופּען זיך אין דערמיט, אָנצוטרעטען יענעם אויפ'ן פוס גאַנץ יודישליך; וואו צוויי, זאָל ער זיין אַ דריטער, וואו דריי — אַ פערטער און אַזוי אַלץ ווייטער, בּיז עס קומט אויס „וקבּצנו

יחד" אַלע קבצנים אינאיינעם. שטיקען־זיך־צונויף, האַפּען זיך אַרום, גאָר ברידערליך און ווערען אַזוי דערשטיקט, פערהאַפּט אַלע אויף איין מאָל. אַזאַ שטאַרקע אחדות, דאָס הייסט, אַריינצוקריכען מיט אַ פוס צו יענעם אין בייטעל, איינער ביים אַנדערען דעם ביסען פונ'ם מויל אַרויסצונעהמען, וואָס גאָט גיט, אַבי אינאיינעם, מיר נישט, דיר נישט — דאָס איז איינע פון די מדות טובות, וואָס געפינען זיך נאָר טאַקי ביי קאַבצאַנסקער יודען. און אין דעם זכות קומט זיי טאַקי אויס איינער צום אַנדערען אין די הייזער אַרומצוגעהן... די גאַנצע יניקה זייערע איז פון דער פרעמד, מיינסטענס פון גלופּסק. אַ נס פאַר קאַבצאַנסק, וואָס איז דאָ אַ גלופּסק, וואו מען קען נאָך עפּיס טאָן און אַ שטיקעל קיום האָבען. קאַבצאַנסק שיקט אַהין געוועהנטליך אַרויס אַלערליי סאָרטען נפשות: מיני מלמדים, בעהעלפערס, מעקלערס, בטלנים, צוגעלעגערטע, אויך פרישצאַפּעלדיגע־איידעמלעך אַזעלכע, ערשט אַראָב פונ'ם קעסט. יודען אַזוינע און אַזוינע, וועלכע דאָס הארץ נאָר גלוסט: מיט כתבים, מיט מיחוש'ן, זיידענע, גילדענאָדערדיגע, בעלי־תפלות, שופר־בלאָזערס, יודענעס כל־המינים: זאָגערינס, וויינערינס, שפּרעכערינס, אויסגעקינדעלטע, ווייבער מיט אייער, מיט פסח'דיג־גענזענשמאַלץ, פעדערען־פליקערינס, נאָך אין רעכטען קינדלען. היינט אַ מיש־מאַש בחורים, דיענסט־מיידלעך, מיידען מיט צוגעדעקטע קעפּ, ווייבלעך אַזוינע און אַמען אַזוינע, אָהן אַ שיעור. די דאָזיגע לעבעדיגע סחורה גילט אין גלופּסק משונה שטאַרק, האָט דאָרט אַ גרויסען אָבגאַנג, און קאַבצאַנסק פון איהר זייט, וואָס אַרבייט געשמאַק לטובת הכלל, פאַבריצירט אַזאַ סחורה צו בעגליקען די וועלט, איז דערמיט זיך זעהר מיחס. דעריבער הייסען אַלע קאַבצאַנסקער יודען—מיוחסים. אַז מען בעגעגענט אַ יודען עפּיס אַ ווילדען בעל־גאוה, האָט מען דעם בעסטען סימן, אַז ער מוז זיין אַ קאַבצאַנסקער...

דער מחבר פון דעם „ווינשפינגערל" האָט געהאַט די זכיה געבוירען צו־ווערען דאָ בק"ק קאַבצאַנסק.

די עלטערן זיינע האָבען פון איהם ביים געבוירען ווערען נישט געמאַכט אַזאַ פּירוש. זיי איז נישט איינגעפאַלען אפילו צו טראַכטען אַ ווילע, צו־וואָס האָבען אַזעלכע קבצנים, ווי זיי, אַראָבגעבראַכט אויף דער וועלט אַ לעבעדיג בעשעפעניש, אויף צרות נאָר פאַר זיך און אויך פאַר איהם. אָדער וואָס האָט מען מיט דעם נפש צו טאָן עפּיס אַזוינס, אַז דאָס לעבען, וועלכס זיי האָבען איהם געשענקט, זאָל איהם ניחא זיין

און ער זאָל נישט שפּעטער האָבּן צו זיי קיין טענות: קבצנים, געוואַלד, וואָס האָט איהר מיך געהאַט!... נאַרישע זאַכן, כ'לעבּען! די מאַמע האָט געטאָן איהר זאַך, איהם געטראָגען און געהאַט פּשוט אָהן חכמות. אויף דערויף איז זי דאָך אַ יודענע, זי זאָל קינדלען. וואָס דען? אפילו אַ הוהן, להבדיל, טהוט אויך, וואָס גאָט האָט געבּאָטען — לעגט זיך און קוואָקעט, נישט צו פרעגען קיין קשיות. דעם טאַטען ווידער האָט עס אויך נישט אַזוי שטאַרק אויסגעמאַכט. מילאָ, איז דאָ נאָך אַ נפש, וואָס קען עס איהם אַרען? קיין בויכוועהטיג האָט דאָך עס איהם אויך נישט געקאָסט. בויכוועהטיג האָט דאָך די נקבה און אַז פאַר איהר איז רעכט, איז דאָך פאַר דעם זכר פּשיטאָ!... אַ וואָס, ער איז אַ קבצן, מיט אַלע חן־גריבּעלעך אַ קבצן און נאָך אַ צוגעקומען מויל בּעדאַרף דאָך פּיקען? — נישמעהר גאָרנישט, לאָז זיך די וועלט זאָרגען. מיט דעם בּטחון טאַקי פריהער אויף גאָט, דערנאָך אויף דער וועלט, איז ער אַליין דאָך, זיינע עלטערן און די עלטערנס עלטערן געבּוירען געוואָרען. וואַרטען אויף דרך־ארץ, בּיז מען וועט פאַר אַ יודישער נשמה אָנגרייטען דאָ פריהער אַלצדינג, וואָס נייטיג איז צום לעבּען, און דערנאָך ערשט זי אָבּאַכטען אהער צום גרייטען — דאָס קען אַ יוד נישט. אַ יוד, אַז ער וועט זיך נישט שטופּען מיט געוואַלד, וועט ער מעגען אייבּיג טאַקי דאָרט וואַרטען. עפּיס נישט אַזאַ מציאה, די וועלט זאָל אָהן איהם, חלילה, זיך נישט קענען בּעגעהן. האָט ער זיך אָבּער שוין דורכגעשטופּט און איז שוין דאָ מיט בּיידע פיס, שטופּט ער זיך מיט גאָטס כח ווייטער, ווייטער. ער שטופּט זיך, קוועטשט זיך מיט אַלע קרעפטען, פאָרענט־אַרום, הינטען־אַרום, אַלץ איינס, דורך טיר אָדער דורך פענסטער, שטופּט אַזוי אָבּ דאָס גאַנצע לעבּען און גאָר נישט...

אויף איין זאַך נאָר האָבּען די עלטערן בּיי זיין געבּוירען ווערען זיך יאָ, נעבּעך, פערטראַכט און שטאַרק געבּראָכען זיך קאָפּ: רבונו של עולם! וואָס פאַר אַ נאָמען גיט מען דעם נייעם נפש דיינעם? די אַלע נעמען, וואָס אין דער משפחה איז געווען, האָט מען שוין פערטאָן אויף די אַלע קינדערלעך, וואָס האָבּען זיך פערהאַפּט געבּוירען צו ווערען פריהער פאַר איהם. מען האָט אָנגעהויבּען פון די נאָהענטע קרובים און נעגאַנגען כסדר בּיז די ווייטעסטע — פערדס־פּוס־פּאָדקאָווע. בּיי איטליכס קינד האָבּען זיך געטיהט צוויי קרובים. דער טאַטע האָט אויסגעקראַצט איינעם פון זיין משפחה און די מאַמע איינעם פון איהר

משפחה, אזוי איז צווישען זיי שוין געוועזן אָבגעמאַכט, און דאָס קינד האָט געהייסען צוויי נעמען. עס האָט זיך געפּאָרט: חאַצקיל-בן-ציון, ליפּע-טודרוס, דוואָסיע-קרוינע, פסח-זעליג, ציפּע-סאָסיע, סטיסע-הינדע, קאַרפּיל-פייבוש, חנה-לעמיל, שמעריל-אייזיק, קיילע-ריקיל. אין אַ נויט האָט זיך איבערגעלעגט אַ זכר אין אַ נקבה, אַ נקבה אין אַ זכר, צוויי מתים האָבען זיך געפּאָרט און דער זיווג איז עולה-יפה געוועזן. פונ'ם פעטער חיים ווערט למזל חיה, פון דער מוהמע ברכה—ברוך; פון גרונע שפּרינגט אַרויס גרונם און נחום ווערט איינם מיט נחמה. אַזוי איז דאָס אַ לאַנגע צייט געגאַנגען, ביז מען האָט פלוצלים זיך אַרומגעקוקט — אַ חעהסינ די שונאים! די משפחה האָט זיך אויסגעלאָזט, נישטאָ קיין נעמען!... די עלטערן האָבען אַ היבשע צייט זיך געדרעהט די קעפּ טראַכטענדיג, און גאָרנישט אויסגעטראַכט.

— הערטט-דו, לייזער-יאַנקיל! — איז די קינפּעטאָרין לסוף אַרויס מיט דער שפּראַכע, נאָכדעם אַז זי האָט פריהער זיך אַביסעל גע-קווייטשעט, — פאָלג מיך, מיין מאַן, און לאָז דאָס קינד הייסען גדליה-הערש, נאָך גדליה-הערש'ן עליו השלום.

— שאַ, טיפשה! — מאַכט דער טאַטע שטאַרק אויפגעבראַכט. לאָז מיר דיין גדליה-הערש מוחל זיין, נישט מוחל זיין, דעם נאָמען זיינעם וויל איך נישט הערען. ניין, צעהן מאָל, הונדערט מאָל ניין.

גדליה-הערש איז פון דער מאַמעס משפחה. די באָבע חאָלצע (פון איהר איז דאָס אַרויסגעשפּרונגען חאַצקיל) האָט איהם אָנגעקעהרט אַ לייבליכע מוהמע. אין די הענט האָט ער געהאַט אַ מלאָכה, עפּיס גאָר אַ כפּול-שמונה'דיגע. ער האָט געשטשאָבעט תחתונים, קאַפּאָטעס, היטלען, ווייבערשע קליידלעך, יופּעס, יאַמפּערקעס און אַמאָל אויך טאַקי געלאַטעט שיך. הכּלל — אַלצדינג, וואָס נאָר מען האָט איהם געגעבען. אַ בריה אויף לאַטעס לעגען איז אין גאַנץ קאַבצאַנסק זיין גלייכען נישט געוועזן. און ווייל לאַטעס גילטען ערגיץ נישט אַזוי ווי אין קאָבצאַנסק, דעריבער איז גדליה-הערש שטאַרק אין דער מאָדע געוועזן דאָרט. ביי וועמען נאָר עפּיס אַ טרען, אַ ריס, באַלד צו גדליה-הערש'ן; ביי וועמען אַ שוך, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט, האָט געפּייפט, פערשטאָפּט איהם גדליה-הערש דאָס מויל און זאָגט איהם אָן מיט'ן הארבּען וואָרט, ער זאָל נישט פּייפען. איז דער אייגענער טרען, דער אייגענער ריס ווידער טאַקי דאָ מאָרגען און דער שוך הערט איהם נישט, האָט אַ העזה באַלד טאַקי ווידער צו עפענען אַ מויל, איז גדליה-הערש

נישט פויל, לאַטעט און לאַטעט, ביז דער רוח נעהמט צו די לאָך מיט דעם מלבוש אינאיינעם. ווען אזא גדליה־הערש זאָל געווען אָנשפּאַרען אין פּאַריז, וואָלט ער געגאַנגגען אין גאָלד, געטראָגען וואָלט מען איהם דאָרט אויף די הענט. אין קאַבצאַנסק אָבער איז ער געגאַנגגען נאַקעט און באָרפיס. און אַז מען האָט איהם דאָ שוין געטראָגען אויף די הענט, איז דאָס געווען דענסטמאָל נאָר, ווען ער איז געפאַלען פון די פיס, בשעת ער האָט געחאַפּט אַ איבעריגע כוסה. טרינקען האָט ער אפילו געקענט, ווייל די מלאָכה האָט ליעב דעם טרונק און אַנדערש קען מען נישט אײנגעקויפט זיין אין דער חברה פּועלי־צדק, נאָר פונ־דעסטוועגען קען מיט דעם גרעסטען טרינקער זיך מאַכען, ער זאָל דוקא זיין אַמאָל שכור־לוט. ביים אויסניכטערן זיך, פלעגט ער, ווי גע־וועהנטליך אַ געוויסער טייל שכורים, זיך פאַרענטפערן, ער איז נישט שולדיג, דאָס אומגליק איז געשעהן, נאָר ווייל ער האָט גענומען די כוסה פון דער לינקער האַנד. אַ סימן, אָט נעהמט ער באַלד טאַקי אַ פלעשיל משקה, ווי געהעריג איז, זופּט עס אויס פאַר אַ עדה יודען און ער זאָל זיך חאָטש פערקרימען. אַזעלכע קונצען פלעגט ער עפּטערס בעוויזען און דער קאַבצאַנסקער עולם פלעגט נאָר אָנקוועלען. נישט אָנגעקוואָלען דערפון האָט נאָר לייזער־יאַנקיל אַליין: גדליה־הערש האָט איהם מיט דער מלאָכה פערשוואַרצט די אויגען. אַ קאַטאָוועס עפּיס, ער, ר' לייזער־יאַנקיל, ימים נוראים אַ בעל־תפלה ערגיץ אין אַ גלופּסקער קלייזעל און דאָס גאַנצע יאָהר אַזוי־זיך אַ שענער יוד, קוקט אַריין אין אַ ספר און רייבט זיך אין בית־מדרש אונטער'ן אויוון — ער און דער בעל מלאכה, דער עם־הארץ, זאָלען זיין קרובים! ער האָט גדליה־הערש'ן בשום אופן נישט געוואָלט אָננעהמען פאַר אַ קרוב, זיך אָקעגען איהם געבלאָזען און קיינמאָל איהם נישט פאַרבעטען צו זיך אַ מאָל אויף אַ שמחה. איז ער געקומען אומגעבעטען, האָט מען אויף איהם זיך אפילו נישט אומגעקוקט. גדליה־הערש פון זיין זייט, האָט פון לייזער־יאַנקיל'ס גדלות זיך גאָר נישט געמאַכט און אַ מאָל אויס איהם אויך געלאַכט מיט גוטען, אָהן גאַל: „וויים איך, וואָס מיט לייזער־יאַנקלען איז אַזוי דער יחוס! אַרומגעהן שלינג־און־שלאַנג איז עפּיס נישט אַזאַ בריה'שקייט. אַ לאַטע זאָל ער פּריווען לעגען, אַזאַ לאַטע ווי איך, דענסטמאָל וועלען מיר זעהן. נאַט אייך אַ שמעלקע! אַ בהמה איז ער, נישט מעהר... לאָז איהם גאָט נישט שטראָפען פאַר די זינד", אַזוי פלעגט ער געוועהנטליך אויסלאָזען דעם שמועס,

אַ מאַך־נעבענדיג מיט דער האַנד. מיט לייזער־יאַנקעליכען האָט ער זיך פערהאַלטען זעהר גוט, פלעגט אויסלאַטען איהרע מלבושים, איבער־ניצעווען די קינדערשע זאַכען, לעגען לאַטעס אויך אויף דעם מאַנס בגדים, נישט צונעהמען דערפאַר אַ פרוטה. פאַרקעהרט, אונטער אַ ענגער צייט פלעגט ער שטילערהייט נאָך אונטערהעלפען איהר מיט עטליכע גראָשען. לייט זאָגען, אַז אין דער יוגענד איז ער אין איהר געווען פערקאָכט, זי נאָך איהם האָט אויך געצאַפּעלט און עס האָט געהאַלטען שוין אויף אַ שטייגער, אָט ברעכט מען טעפּ — נאָר פּלוצים האָט זיך אונטערגערוקט דער שידוך מיט לייזער־יאַנקלען, באָבעס, מוהמעס האָבען זיך פאַר איהם געמיהט, אָבגעשאַצט זיין בייקולכען, פאַר וויפיעל מען קען עס אָננעהמען אין נדן אריין. ס'איז אויסגעקומען עפּיס גאָר אַ גליק, וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָהר. עס ווערט אַ קנס־מאָהל און גדליה־הערש בלייבט, נעבעך, פון דרויסען אויף דער מילבעריגער באַנק. פון דענסטמאָל אָן, אַזוי שמועסט מען, איז גדליה־הערש פונ'ם פּנים אראָב, גאָר נישט דער אייגענער וואָס פרי־הער — עפּיס גאָר טאַקי אַ כּשוף, איין אָבגעטאָנענע זאַך, בעהיט זאָל מען ווערען! — איז געווען אַלץ פעראומערט, פערזאָרגט און פאַר צרות זיך גענומען צום טרונק. זעהר מעגליך, אַז דערמיט האָט אויך גע־שמעקט די שנאָה אַקעגען איהם ביי לייזער־יאַנקלען אין האַרצען. נאָר ווי די מעשה איז, אַזוי אָדער אַזוי, די שנאָה איז געווען גרויס. דעריבער, אַז לייזער־יאַנקיל האָט דאָ פונ'ם וויב נאָר דערהערט דעם נאָמען זיינעם, איז ער אָנגעצונדען געוואָרען.

הנם לייזער־יאַנקעליכע איז געוועהנט געווען צו דעם מאַנס זידלערייאון בייזקייט אויף גדליה־הערש'ן, נאָר היינטיגס מאָל, ליגענדיג אין קינ־פּעט, האָט עס זי אָנגעהאַפּט ביים האַרצען און זי האָט זיך בעוואַשען מיט טרעהרען, דער מאַן האָט אויף איהר געקוקט מיט רחמנות און געמאַכט צו איהר שוין ווייכער אַביסעל:

— וויין נישט, דו טיפּשה איינע! זאָג איך דיר. אַ כּשרה, עהר־ליכע יודענע בעדאַרף טאָן דעם מאַנס רצון. אַז דער מאַן זאָגט ניין, בעדאַרף זיין ניין. בערעכען זיך נאָר, נאַרעלע, ווער, ברוך־השם, איז דיין מאַן און ווער איז גדליה־הערש!...

— גדליה־הערש איז געווען אַ כּשרה'ר יוד, אַ גוטע נשמה.

— אַ כּשרה'ר יוד — אַ בעל מלאכה!! נאָר אַ געלעכטער, כ'לעבען. קאַרג פערשוואַרצט האָט ער מיר די אויגען ביי זיין לעבען,

זאָל איך אַ צינד נאָך איהם אַ נאָמען געבען מיינס אַ קינד און מיר אַליין אָנטאָן אַזאַ חרפּה! גוט שוין, נאַרעלע, גוט, רעד נישט קיין נאַרישקייטען!

— אָבער אַ נאָמען, לייזער־יענקיל! וואו האָסט־דו אַ נאָמען? אַ שענער טאַטע, משטיינס־געזאָגט!...

— אַ נאָמען!... עט... נישקשה. שטאַמעלט דער טאַטע און פּערטראַכט זיך אַביסעל.

— אָבער הע־הע! אַז איך האָב געהאַט אַ חלום, הע־הע!...

— וואָס חלום?! — מאַכט דער טאַטע, אויסשטעלענדיג אַ פּאָר אויגען אויף דער מאַמע.

— גדליה־הערש איז מיר נעכטען ביי־נאַכט געקומען צו חלום. — מזל־טוב דיר, מלכה־טייבע! זאָגט ער און טהוט דערביי אַ קרעכץ. איך ליג נישט רוהיג אין קבר דערפאַר, וואָס אויף דער וועלט איז נאָך נישטאָ מיין נאָמען. דערבאַרם זיך, מלכה־טויבעניו! מאַכט ער מיט אַ געבעט, ווייזענדיג דערביי אויפ'ן קינד אין די קישעלעך. דו האָסט אַצינד אין האַנד מיך צו בערוהיגען. איך וועל מיך מיהען דאָרט פאַר דעם כסא־הכבוד פאַר דיר, פאַר דיין מאַן. דאָס קינד דיינס וועט, אם־ירצה־השם, זיין אַ גוט שטיקעל אַרבייט, אַ שאַרפע נאָדעל מיט אַ שפּיציג קעפּיל. ביי די דאָזיגע ווערטער האָט איהם געלויכטען דאָס פּנים און איז באַלד פערשוואונדען... וואָס זאָגסט־דו, לייזער־יענקיל?

— נו, נו... מאַכט דער טאַטע אָהן ווערטער.

— נוקע נישט, לייזער־יענקיל, — זאָגט די מאַמע, — אַזוי זאָל איך זעהען פיעל נחת, ווי איך האָב איהם געזעהען... היינט ביי־נאַכט איז ער ווידער געקומען. אַלץ געקוקט אויף מיר און געוויזען אויפ'ן קינד, געוויזען אויפ'ן קינד און געקוקט אויף מיר... גע־וויזען, געקוקט פריהער מיט אַ געבעט, דערנאָך... אוי, דערנאָך שטשירעט ער אויס אַ פּאָר אויגען און לאָזט זיך צו מיר מיט אויס־געשטרעקטע הענט, ווי ער וויל מיך שטיקען, טהוט אַ זאָג בייז: ווען נישט...

— ווען נישט, וואָס? וואָס? — טהוט זיך דער טאַטע אַ חאַפּ דערשראָקען, בעטראַכט די שיר־המעלות'ן און דעם קרייז מיט דער קאָט־שערע אויף די ווענט אַרום דער קינפּעטאָרין.

— וואָס פרעגסט־דו, לייזער־יענקיל? וועה איז מיר נישט. עפּיס שפּיעלט מען זיך מיט אַ מת! וועה איז מיר, ווינד איז מיר...

— נו, נו. וואָס־זשע ווילסט־דו, טיפּשה איינע?

— האָב גאָט אין האַרצען, וועה איז מיר, לייזער־יענקיל! און זיי נישט קיין עקשן, ווינד איז מיר!

— טאַ...

# דאס צווייטע קאפּיטעל.

ס׳איז געבליבען, דאָס קינד זאָל הייסען הערשיל נאָך דעם לעצטען נאָמען פון גדליה־הערש און עס האָט דרינען געשמעקט אַ סך שפּיצלעך. איין מאָל האָט דאָך דער מאַמע דאָס רעכט אויך אויף אַ נאָמען. צווייטענס, איז דאָך אַ פּשרה מאַכען גאַנץ יודישליך. ווי זאָגט דער עולם: יאַק ני פּסק ניחאַיי בורע פּסק׳עץ, ביידע צדדים זאָלען צופרידען זיין. דריטענס, איז הערשיל פאָרט נישט גדליה־הערש. די חרפּה האַלב צוגעדעקט, וואַרפט זיך נישט יענעם אַזוי אין די אויגען. און די מאַמע, זעהר אַ גוטע בעל־הבית׳טע, ליעב אָבצושפּאָרען אַלץ אויף שפּעטער, האָט ביי זיך געטראַכט: האַ, לאָז זיך וואַלגערן אין דעם בעל־הבתישקייט אַ איבעריגער נאָמען גדליה, ער וועט אפשר צוניץ קומען אויף שפּעטער.

די מאַמע האָט טאַקי געטראָפען, ווי אַ חכמה! זי איז אויסגעקומען מיט די נעמען ווי מיטען קרעפּיל פלייש. אין אַ קורצער צייט אַרום איז זיי געלעגען געוואָרען ווייטער מיט אַ יונגעל אוי ער האָט, הערשלען אויף צו לאַנגע יאָהר, געהייסען גדליה...

איך זאָג: הערשלען אויף צו לאַנגע יאָהר, ווייל דער ברודער גדליה האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטען, איהם איז נישט געפעלען דער מאַמעס קעסט. עס האָט איהם געגרימט אין בייכעל, זיך, נעבעך, גענוג אָנגעליטען און ביים אויסשניידען זיך איהם צייהנדלעך, האָט ער זיך מישב געוועען און זיך אָבגעטראָגען. אויף דעם דאָזיגען שכל וועגען געפאַלען עטליכע פון די שוועסטערלעך און ברידערלעך נאָך פריהער, איידער הערשעלע איז געבוירען געוואָרען. זיי האָבען געזעהן, אַז מיט

קבצנים איז נישט גוט צו האָבען עסקים. דאָס לעבען בײַ זײ איז נאָר אײן אומגליק, אײביגע צרות, שטענדיגע יסורים. בעסער אײן מאָל שטאַר־בען, װי צעהן מאָל אין טאָג אױסגעהן פאַר הונגער; אײדער עלטערן זיך אין דלות, פערװאַרפען אױף דער פּאָליצע די צײהן, בעסער יונגערהײט פון דער װעלט געהן. אַ לאַנג לעבען אָהן ברױט איז אַ ביסליכװײזער טױט. נישט אַלע מענשען אָבער זענען גלײך. דװאָסיע־קרױנע און פּסח־זעליג האָבען זיך אײנגעשפּאַרט דוקא לעבען און פערזוכען, משטײנס־געזאָגט, דעם טעם פון חתונה האָבען. זײ זענען ביטערע אביונים און בעפאַלען מיט קינדערלעך.* אַחוץ זײ האָבען פונ׳ם מלאך המות העגט זיך אױסגעדרעהט ציפּע־סאָסיע, שוין אַ מױד אין די יאָהרען, איז געװען, נעבעך, הױט און בײן. דאָס פּנים אױסגעצױגען, די באַקען אײנגעפאַלען מיט בלױע רינגען אונטער די אױגען. אין דער יוגענד אָבער איז זי גע־װען אַ בילד שענע, אַ לעבעדיג מײדעל, זעהר אַ גראַטענע, אַ חנ׳עװדי־גע, אַ גוטע עהרליכע, כשרה נשמה — מעלות, װאָס אין רײכען שטאַנד ברענגען זײ גליק, אין דעם אָרמען אָבער זעהר אָפט נאָר אומגליק. צו־זעהענדיג דאָס גרױסע עלענד בײַ די עלטערן אין הױז, איז איהר גע־װאָרען אַ לאָך אין האַרצען. איהר איז נישט אַזױ אָנגעגאַנגען אײגענע צרות, װיפיעל די צרות פונ׳ם הױזגעזינד, װי מענשען, נעבעך, קומען עס אָב, װי פּיצלעך אומשולדיגע קינדערלעך, דאַרפען עס, נעבעך, דאַרען־קװאַ־רען און געהען אױס ביסלעכװײז װי אַ ליכט. בײַ איהר איז געבליבען, צו געהן אין דער פרעמד, דינען, פערדינען און אָבדינען די ליעבע על־טערן אין דער נױט. זי האָט גוט געװאוסט, אַז דער טאַטע איז בײַ זיך אַ גרױסער מיוחס, עס װעט איהם נישט אָנשטעהן, זײנס אַ קינד זאָל זיך שטעלען אין דער פרעמד. נאָר דאָס האָט זי אָבער נישט אָבגעשראָקען, זי האָט זיך פאָרגענומען צו טאָן אַלע מיטעל, זיך שטרעקען נאָך די עקען, אַזױ לאַנג—אַזױ ברײט, ביז זי װעט איהר׳ס פּועל׳ן. זי האָט אױסגעקלי־בען דערױף אַ צײט, װען עס איז געװען זעהר ענג. אין הױז איז נישט געװען קײן שטיקעל ברױט, דער װינטער האָט צוגעטרעטען מיט זײנע שרעקליכע פרעסט און אין שטוב איז קאַלט, חאַטש װעלף צוטרײַבען. װאָכענװײז איז אױס דעם קוימען נישט געגאַנגען קײן רױך. די מאַמע איז געװען אױף דער צײט מיט קױלע־ריקלען און געהאַט זעהר אַ שװער טראָ־גען. שמעריל־אײזיק עליו השלום האָט געמאָזעלט, געפּאָכט מיט דער נשמה און די איבעריגע נאַקעטע, הונגעריגע קינדערלעך האָבען זיך פער־שלאָגען אין אַ װינקעל, געזעסען אײנגעהײקערט אײן צעהנטען, מיט סמאַ־

הע אויף די ליפּען, שאַ, שטיל, נאָר ציטערנווייז אַ קרעכץ, אַ זיפץ טיעף פונ׳ם האַרצען, און געקוקט אין דער וועלט אַריין מיט תּמ׳עוואַטע גלע־זערנע אויגען, אין וועלכע עס זענען געשטאַנען פּערגליווערטע טרעהרען... דענסטמאָל האָט זיך ציפּע־סאָסיע׳ן געעפענט ראָס מויל, זי האָט געוויינט, געחלש׳ט פאַר דעם טאַטען, ער זאָל רחמנות האָבען אויף דער מאַמע׳ן, אויף די קינדער, אויך אויף איהר און לאָזען זי שטעלען זיך ערגיץ אויף איין אָרט. עס האָט אוים איהר געדעדט די נשמה, אַ מבול הייסע געפּיה־לען האָט זיך איהר געגאָסען טיעף פונ׳ם האַרצען און דער טאַטע, דער־הר׳געט, דערשלאָגען פון דער ביטערער נויט, האָט לסוף איהר איינגע־וויליגט מיט אַ געבראָכען געמיטה... איהר אָוועקפאָהרען קיין גלופּסק האָט דער מאַמע געווג טרעהרען געקאָסט, דער טאַטע האָט מיט איהר זיך געזעגענט שטאַרק בעטריבט. די גוטע, שטילע טויב איז אַרויס פון דער נעסט לעדיג און בלייז, נאָר מיט דער ברכה פון די עלטערן, מיט דעם הייסען „פאָהר געזונט!" פון די וויינענדיגע שוועסטערלעך און ברידערלעך.

קאַבצאַנסק האָט אי אַ טראַנספּאָרט לעבעדיגע סחורה צוגעשטעלט גלופּסק — אַ שענע, אַ יונגע דינסטמיידיל!...

ציפּע־סאָסיע האָט באַלד בעקומען איין אָרט ערגיץ דאָרט אין אַ נגידיש הויז. די ערשטע צייט איז איהר געגאַנגען קיין מעשה נישט. מען איז מיט איהר און מיט איהר אַרבייט שטאַרק צופרידען געווען. זי האָט געשריבען אַ היים פרעהליכע בריוולעך און אויך צוגעשיקט אַביסעל געלט. נאָך דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ מעשה. דער בעל־הבית האָט אויף איהר געוואָרפען איין אויג און הינטער ווייליכם געפּריוווט ווערען מיט איהר אַ נאָהענטער מחותן. אין אָנפאַנג איז דאָס נאָך געווען אַביסעל פער־שטעלט. אויפ׳ן וואינק, גלאַט אַזוי זיך. ער איז אַ גוטער מענש, ביי זיך כראָסט, זעהר צוגעלאָזט און וויל אַ אָרעם קינד, נעבעך, מקרב זיין. פאַר וואָס נישט? פון זיין הויז האָבען שוין עטליכע גאַנץ פיינע דיענסט־מיידלעך חתונה געהאַט, גאָר נישקשה׳דיג... לאָז זי נאָר נישט זיין קיין נאַר׳עלע, וועט איהר אויך אַז וואויל זיין... ווייטער, ווייטער האָט זיך שוין קלערער אַרויסגעוויזען, וואָס אַ נגידס גוטסקייט און צוגעלאָזטקייט בעטייט. בעהיט זאָל מען ווערען! עס האָט זיך פאַר איהר געעפענט פּלוצים גאָר אַ נייע וועלט מיט אַנדערע מיני קרענקונגען — אַ וועלט מיט אַ שטן, מיט אַ גיהנום און אַ קאָכעניש, פייער און שוועבעל; אַזעלכם, וואָס האָט זיך איהר נאָך פריהער גאָר ניט געחלומט. דאָס לעבען איז פאַר איהר געוואָרען

אַ מלחמה. ז׳, שלאַפּע, אָרעמינקע, נעבעך. האָט נעמוזט שטעהן שטענ־דיג געוואָפּענט אַקעגען אַ שטאַרקען שטן, אַ נעבאַלעוועטען פּעמפּיק. דער געדאַנק איהרער, ווי אַזוי איהרע ליעבע קומען עס, נעבעך, אָב, דאָרט אין דער היים, ווי אַזוי נייטיג ס׳איז פאַר זיי חאָטש אַ קליינע הילף, האָט איהר אונטערגעגעבען כח, צו ליידען איהרע גרויסע וועהטאָגען. זי האָט זיך געראַנגעלט, געראַנגעלט ביז איבער די כוחות און געמוזט פאַר גרות דערנאָך פאָרט אָבטרעטען פונ׳ם אָרט.

זי האָט זיך געשטעלט נאָך אויף איין אָרט. דאָרט איז געווען ווייטער דאָס אייגענע: פריהער קיין מעשה נישט, דערנאָך אַ מעשה, שוין נישט איינע, נאָר צוויי. אַ מעשה מיט דעם בעל־הבית און אַ מעשה מיט דעם בעל־הבית׳ס אַ זוהן... קרענקונג, האַרצוועהטאָג און לסוף אַוועק פונ׳ם אָרט. ווייטער און ווייטער אַלץ אויף דעם דאָזיגען שטייגער: קיין מעשה נישט, שפּעטער אַ מעשה, די אַלטע מעשה, אַ מעשה איבער אַ מעשה און דער פינסטערער סוף פון דער מעשה. אַ חוץ מעשיות אין שטוב איז נאָך מעשיות אין קיך: מיט קעכינס, מיט אַריינגעהערס, מיט מעקלע־רינס און מיט יענע, וואָס ווערען אויף דער עלטער גבאי׳טעס. הכלל, אַ „טויזענד און איין נאַכט״ מיט מעשיות. ציפּע־סאָסיע איז געוואָרען, נע־בעך, אַ קרבן פאַר איהר שענקייט... אויף צרות נאָר איז זי געבוירען גע־וואָרען אַ שענע. ווי קומט אַזוינס צו אָרמע לייט, מיט וועלכע מען איז עפּיס נישט אַזוי מחויב צו מאַכען צערעמאָניעס און קוקען רערויף, טאָ־מער קרענקט מען זיי מיט אַ גראָב וואָרט און נעהמט ביי זיי צו דאָס גאַנצע חיות מיט אַ מיאוסער בעהאַנדלונג?... אויך מיר אַ מענש ציפּע־סאָסיע, אַ אָרמע דיענסטמיידיל! דיין שענקייט, אָך, מהיכא־תיתי און דו אַליין... ווער׳מענס עסק איז עס? מעגסט אפילו די כפרה ווערען. אַי טאָ־מער האָט ציפּע־סאָסיע פאָטער און מוטער, וועלכע האָבען זי האַרצענדיג ליעב, מיט איהר אין לעבען פיעל מיה געהאַט, נענוג קאָפּדאַרעניש, נישט דערגעסען, נישט דערשלאָפען, ביז גאָט האָט געהאָלפען, זי איז אויסגעוואַקסען; אַי טאָמער האָט ציפּע־סאָסיע איהרע עלטערן אויך שטאַרק ליעב, זי אַרבייט, זי דיענט, ווי־ס׳איז אונטערצוהאַלטען איהרע ליבע, נעבעך, וואָס חוץ זיי קריכט איהר גאָר נישט אין קאָפּ קיין אַנדערע זאַ־כען — אַזעלכס געהט קיינעם אויפ׳ן געדאַנק אפילו נישט אַרויף. נאַריש־קייטען, פון ווערמען מען האָט דאָ צו טראַכטען!... ציפּע־סאָסיע אָבער האָט אויך אַ נשמה, זי טראַכט, זי פיהלט... בעריהרט מען זי גראָב, טהוט איהר וועה...

„דעריבער, אַזוי זאָגט דער מחבר פּת׳ם „ווינשפּינגערל״ אין זיינע כּתבים, דעריבער האָט ציפּע־סאָסיע נישט געקענט מעהר אויסהאַלטען און איז קראַנק, צובראָכען מיט אַ שווער געמיטה, נעבעך, געקומען צוריק אַ היים, צוריק צו איהרע אָרמע עלטערן, שוין נישט די ציפּע־סאָסיע, וואָס פריהער. די מאַמע האָט געפיהלט דער טאָכטערס ביטער האַרץ און איז אויסגעגאַנגען פאַר רחמנות אויף איהר דערשלאָגען קינד.

„אָרמע, בּידנע שוועסטער! דיין אומגליק איז, וואָס גאָט האָט דיר געגעבען חן; דיין אומגליק איז יענע גליקליכע מיט דיין שענקייט צו גע־פעלען. פערשפּילט איז דיין וועלט, פערוויסט איז דיין לעבען, אַז אָך און וועה דיר נעבּעך, אָרמע, אומגליקליכע שוועסטער!.....״

# דאס דריטע קאַפּיטעל,

אַצינד, אַז הערשעלע אונזערער זאָל נעהמען די בעסטע לאַנדקאַרטע, אויף וועלכער עס שטעהען געצייכענט די אַלע שטעדט פון גרויס ביז קליין, און זאָל זוכען אפילו מיט ליכט, איז פון קאַבצאַנסק קיין זכר נישטאָ דאָרט, און אַ מאָל, אין דער יוגענד, האָט ער געמיינט, ווי אַ וואָרים זיצענדיג אין חריין, אַז קיין בעסערס פון קאַבצאַנסק איז גאָר נישטאָ. קאַבצאַנסק אַליין טאַקי איין שטאָדט אויף דער גאַנצער וועלט, דער פּופּיק איהרער, פּונקט אין רעכטען מיטען. ווייטער, אין דער זייט, איז שוין מדבר, פאַרלעגענע ערטער מיטווילדע חיות. מענשען, וואָס מענשען הייסען, אתה־בחרתּניקעס, סאַמע צימעס, זענען נאָר דאָ. פאַר זיי אַליין שיינט די ליכטיגע זון בײ טאָג, די לבנה און שטערען בײ־נאַכט און גאָט גיט זיך אָב, האָט מעהר נישט צו טאָן נאָר מיט זיינע קאַבצאַנסקער יודען... ער גיט רעגען פון זייערע בהמות וועגען — ציגען זאָלען האָבען פּאַשע; אויך קאַליזשעס וואַסער אויף צו טרינקען, בכדי צו פערשפּאָרען אָבפּרעסען די שטרוי פון יודישע דעכער און לעקען די וועגד פון'ם בית־המדרש. ער גיט טרוקענע שענע פּאָגאָדע, די ווייבער זאָל גוט זיין צו געהן פרייטאָג אין יאַטקע, אין מאַרק אַריין, אַיינצוקויפען אויף שבת: ער מאַכט אַ גרויס געראָטעניש אין קאַרטאָפלעס, ציבעלעס און קנאָבעל, —יודעלעך, נעבעך, זאָלען האָבען וואָס צו עסען. הכלל, ער דרעמעלט נישט און שלאָפט נישט דער היטער פון ישראל, ער אַרבייט מעשים, קעהרט אַ וועלט נאָר צוליעב זיי, צוליעב זיי... דערפאַר בלייזען איהם יודען שופר, זינגען איהם אַ מלך עליון און שפּרינגען קדוש, דערפאַר מאַכען זיי פון זיין כבוד וועגען אַ לאָקשען־קוגעל — שבת, קנײדלעך און

חרעמזלעך — פּסח און געהן אַ טענציל לעבעדיג־פרעהליך צו די הקפות שמחת־תורה. חנוכה דאַנקען זיי איהם אָב מיט אַ דריידיל, פּורים מיט אַ המן־קלעפּיל, פּאַרשטעלען זיך און מאַכען די פּורים־שפּיל, די גאַנצע קאָמעדיע אַלץ לשם שמים, צוליעב זיין הייליגען נאָמענס וועגען...
נאָך איין שטאָדט, אמת, איז איהם געווען בעקאַנט, וועלכע עס האָט גע־שוועבט פאַר איהם עפּיס ווי אין דער לופטען, געשוויבעלט און געגרי־בעלט מיט גאַנצע מחנות מלאכים, פליגעל־אַדיוטאַנטען, און קוריערען פון גאָט־ברוך־הוא צו די קינדער ישראל — דאָס איז די הייליגע שטאָדט ירושלים, וואו יידען ליגען בעגראָבען אין דער ערד, אין ארץ־ישראל־ערד, טאַקי נאָר לעבעדיגע מתים, וואָס פוילען נישט און עס האַלט זיך זייער געביין; וואו יודען האָבען אַ פייג... איילבערטען, טייטלען, מיל־גרוימען, און ציגען עסען דאָרט באָקסהאָרן. נאָר, אוי־וועה! ירושלים איז אָבער אַצינד וויסט, חרב, אוים שטאָדט, אוים וועלט און פאַר אונז, יודישע קינדער, איז היינט אַ לעבען דאָ, אין קאַבצאַנסק — אין קאַב־צאַנסק, אין גלות. דער קאַבצאַנסקער גלות איז דענסטמאָל אין הערשע־לעס אוינגען בעשטאַנען פון גאַברילאָ דעם שבת־גוי, וואָס שנייצט אָב שבת די ליכט, נעהמט אַראָב פונ׳ם טיש די מעשענע לייכטער, און הייצט ביי יודען די רובעס; פון טעקלע, וואָס וואַשט גרעט, שווינקט איבער געל־גרינע ווינדעלעך פון יודישע קינדער און מעלקט די קיה; פון קאָנדראַט דעם שכור, וואָס פאַר אַ גלעזעל בראַנפען פערקויפט מען איהם — דעם גאַנצען קאַבצאַנסקער חמץ; פונ׳ם פריץ, וואָס יודען האַל־טען ביי איהם אַרענדעס, דערנעהרען זיך דערפון מיט ווייב און קינדער און מחזן, נעבעך, פון יוצא וועגען, איהם צאָהלען ראַטע, וואָס מוזען, נעבעך, צו איהם אָנקומען אונטער אַ יום־טוב, ער זאָל זיי שענקען זעקלעך קאַרטאָפלעס, אינדיקעס און ווייץ אויף מצה — און, וועה, וועה געשריען! ערגער נאָך ווי אַלע פון מיטקאַ דעם קליין שיי־געציל און זשוקיל זיין קליין הינטעל, פאַר וועלכען נישט נאָר קליינע יונגלעך האָבען געציטערט, אויך יודען מים בערד, בעווייבטע, גרויסע תקיפים, פלעגען האָבען דאָס ניין־יעהריגע און פאַר איהם פאַר אַ מייל אַנטלויפען; גאָט וויסט, צו וואָס דער ביטערער גלות של מיטקאַ וואָלט געפיהרט, ווען ער זאָל זיך ציהען שטענדיג...
אַ נס נור איז געשעהן, וואָס מיטקא האָט ליעב געהאַט אַ יודיש שטיקעל חלה. פון אַ שטיקעל חלה, וואָס מען פלעגט איהם אונטעררוי־קען הייערש, איז ער געוועהנטליך אויף אַ געוויסער ציט, געוואָרען גוט,

ווייך ווי א טייג, האָט זיך בעלעקט און געקוקט שוין אַנדערש אויף יודי־שע קינדער. וואָס יונגלעך האָבען פריהער נישט געטאָרט, האָבען זיי שוין געמעגט. יעקב׳ס טאָפּ לינזען איז געבליבען אויף תמיד טאַקי זעהר אַ גוט מיטעל. ווער שמועסט, אַ יודיש שטיקעל געפילטע פיש איז גאָר אַ וואונדער! נאָר חוץ די אַלע זאַכען איז דאָך מיטקא נישט מעהר געווען ווי אַ נאַריש יונגעל און טאַקי אַליין ליעב געהאַט אָבטאָן מעשים, שטי־פען מיט חברה קונדיסים. ביים שפילען זיך איז ער מיט זיין גראָבען קאָפּ שוין געלעגען ביי אונז אין די הענד. אַ פּערדיל איז ער געווען זעהר אַ וואוילס, כח צו לויפען, צו דריגען מיט די פיס, האָט ער געהאַט, און זיי, מיט זייערע יודישע קעפּלעך, פלעגען אויף איהם פאָהרען רייטענ־דיג, דערלאַנגען איהם הינטערווייליכם אַ שמיצעל און פיהרען איהם ביי דער נאָז, וואוהין זיי האָבען געוואָלט... האָבען זיי עפּים געמייסטערט, געשטעלט א מילכען ערגיץ אויף אַ רינשטאָקיל, האָט ער מעהר נישט געטויגט ווי נאָר דערצו. צו ברענגען זאַמד, טראָגען שטיינער, גראָבען די ערד און קריכען אין בלאָטע. יודישע קינדער פלעגען זיך נאָר קווע־טשען, אונטערהעלפ׳ן איהם מיט אַ סאָפּען, מאַכענדיג: האַ־האַ, אַרבייט, טהו מיטקאַ, אַזוי, אַזוי!... אַצינד אַז מיטקע איז פון אַ שייגעציל געוואָ־רען אַ גרויסער גוי, איז אפשר מעגליך, אַז ער איז ערגיץ אין דער וועלט היינט אַ גאַנצער פּריץ און טוט דאָס אייגענע וואָס אין דער יוגענד נעמט ביי דעם און ביי יענעם און איז נישט פויל אויף דער האַנד.

זשוקעל איז אויך נישט געווען קיין שלעכטער הינטעל. פאַר אַ אַ שטיקעל ברויט פלעגט ער סלוזשען, שטעהן אויף די לאַפּקעס און דרעהען מיט דעם וויידעל. און הגם אַ ע׳טיקעל ברויט האָט אַ גרויסען ווערטה ביי קאַבצאַנסקער יודען, פונדעסטוועגען האָט זיך קיינער דערויס ני׳ט געמאַכט אונטערוואַרפען עס אַ מאָל זשוקלען, טראַכטענדיג ביי זיך: לאָמיך אַ הונט פערשטאָפּען דאָס מויל. ניחיי ני לאיע, לאָז ער נישט בילען. — יודען מיט בערד פלעגען שמאָכען פאַר גרויס הנאה, ווען זשוקיל האָט זיי אָנגעטאָן דעם כבוד, אַ חאַפּ צו טאָן פון זייערע הענד דאָס ביינדיל און געקוקט און געקוקט אויף זיי פריינטליך, בשעת קנאַ־קענדיג עס מיט די שאַרפע הינטישע צייהן. פלעגען שמאָכען, גלעי־טען דאָס בערדיל, טרייסטענדיג זיך מיט דער האָפנונג: נו חבר... פון היינט אָן זענען מיר שוין חבר. שוין אָהן סכנות... דערביי טאַקי זיך מאַכען קוראַזש אָנצוריהרען פון דערווייטענס זשוקלען, מיט אַ שפּיץ פינ־גער אַ גלעט צו טאָן איהם ביים קעפּיל, און אַז מען איז שוין יאָ אַ

שמיקעל חשוב בײם הונד, פּריוּוען דערװײל טאַקי אָנצוּרײצען איהם אויף אַנדערע: אַטו־נאַ, קוסי! װי דער שטײגער איז פון אַ יודען אַ תקיף...

הײנט, אין די עלטערע יאָהרען, װײסט אונזער הערשעלע שוין, אַז יודען צװישען אַלע מענשען אויף דער װעלט זענען די העהנער װאָס ליגען שטענדיג אונטער'ן פּעקעליק נעבען װײב און קינדער. דאָס הױזגעזינד איז בײ אַ יודען דאָס גאַנצע לעבען, טיעף אײנגעבאַקען איהם אין האַרצען, און דער טאַטע זײנער איז דרינען געװען אַ יוד שביודען, אַ האָהן שבהעהנער. ער װײסט הײנט װאויל, אַז דער טאַטע האָט איהם זעהר ליעב געהאַט, נאָר דאָס איז געװען אַ פערבאָרגענע ליעב־שאַפט אינװעניג אין האַרצען, אויפ'ן יודישען שטײגער, אין פּנים אָבער האָט מען עס איהם נישט אַרױסגעזעהען. פאַרקעהרט, אויפ'ן פּנים איז איהם שטענדיג געלעגען אַ פינסטערע חמארע. ער האָט געקוקט עפּיס װי בײז, אָנגעלאָדען, מיט אַ ביטער־זױערער מינע. ס'איז איהם עפּיס װי נישט אָנגעשטאַנען צו רעדען, לאַכען, נאַריש צו מאַכען זיך מיט די קינדער, האַלטענדיג אין דער סברא, אַז פאַר אַ טאַטען פּאַסט נישט אַזעלכע זאַכען. קינדער בעדאַרפען פאַר אַ טאַטען מורא האָבען, װיסען דרך־ארץ, אין זײנע אויגען נישט אונטערשטעלען זיך הויך רעדען, אַ לאַך צו טאָן, חלילה, און בעדאַרפען געהן אויף די שפּיץ פינגער. האָט זיך אַ מאָל אַ קינד פערזינדיגט מיט אַ הויך קול, מיט אַ געלעכטער און עפּיס אַ פרײע בעװעגונג, איז איהם עס, נישקשה, באַקום אויסגעפּאַלען פון טאַטענס אַ בליק, װאָס האָט איהם דורך־און־דורך־געשטאָכען. מיט דעם װײב האָט ער פאַר פרעמדע, אויך פאַר אײגענע מענשען קאַרג־װאָס גערעדט, זי נישט גערופען בײ דעם נאָמען, נאָר געזאָגט געװעהנטליך: דו, הערסט דו! און אַ מאָל אויך: טיפּשה. אין האַרצען איז ער געװען צו איהר טאַקי זעהר גוט, גוט װי די װעלט, נאָר אַרױסװײזען עס בעשײנפּערליך האָט ער עס פאַר זיך גע־האַלטען פאַר אײן אומכבוד, עפּיס פריקרע, נישט שען פאַר אַ יודען. ער — איז דאָך ער, אַ מאַנספּערשוין, אַ יוד, און זי איז אַ זי, נאָך אַלע זאַכען פאָרט נישט מעהר װי אַ נקבה, אַ יודענע... ער איז געװען אין דעם הױזגעזינד טאַקי אײן אמת'ער האָהן, װאָס פיהרט זיך שטענדיג אַרום מיט דער הוהן און מיט איהר פּליד, זוכט, קראַצט פאַר זײ אויס װערעמלעך, שפּײז פון אונטער דער ערד. נאָר זאָל פּריוּוען אַ היהנדעל עפּיס טאָן נישט װי זײן װילען, גיט ער עס אַ פּיק אין

קעפיל. ער געהט פאַררײסען דעם קאָפּ אין דער הויך, די אויגלעך פֿײערען איהם, קוקט מיט גדלות און בכדי צו בעווייזען, וואָס אַזוינס ער איז, טהוט ער אַ קלאַפּ מיט די פליגעל, מאַכט אַ המלך, אַ ברייטען, גרויסען קוקוריקו! דאָס בעטייט: תרבות, היהגער, ווייסט, וועך עלטער איז!...

צוגעלאָזט און בערע. ... איז דער טאַטע געווען נאָר אין אַזעלכע געוויסע פעל, ווען אַ קינד, אַ שטייגער, איז קראַנק געווען. דענסטמאָל איז ער פון איהם נישט אָבגעטרעטען אויף אַ טריט. האָט עס געגלעט, געטאַפּט ביים שטערען, אײנגענומען מיט גוטע רעד און · צוגעזאָגט מתנות, שענע שפּילכלעך, וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט: אַ שען הילצערן שווערדיל אויף תשעה באָב, אָבגעפאַרבט מיט שוואַרצע יאַגדעס, אַ גראַגער, אַ דריידיל, אַ פאָהן מיט אַ רויטען עפּעל, אַרויפגעשטעקט אויבען, דערביי טאַקי נאָכגעמאַכט ווי אַ גראַגער גראַגערט, ווי אַ דריידיל דרעהט זיך, זומזעט און ווי יונגעלעך מיט פאָהנען געהען צו די הקפות, קוויטשען: עוזר דלים הושיעה נאָ! אָט אַזוי, אַזוי... בכדי אַרויס־צובעקומען דערמיט ביים קראַנקען קינד, נעבעך, חאָטש אַ קליין שמייכעלע. איז עס איהם געראָטען, איז ער געווען איבערגליקליך. אָדער, אַ שטייגער, ווען עפּיס אַ שמחה, אַ יום־טוב און מייסטענס פּסח צום סדר, אַז ער איז געזעסען אָנגעלעהנט, ווי אַ פּריץ, אויף דער עסע־בעט אין קיטעל, דאָס ווייב קלאָר־ווײס אָנגעטאָן נעבען איהם, ער האָט זי גערופען מלכּה, זי איהם — מלך.ביידע האָבען געלויכטען, געקוקט מיט שיינענדיגע אויגען, דאָס איינער אויפ'ן אַנדערן, דאָס אויף 'י אויסגעצוואָגענע קינדערלעך אַרום דעם טיש און דאָס אויף די כּוסות, אויף דעם טעלער, אין וועלכען עס ליגען שׂין, פּיין אויסגעלעגט ווי געהעריג: די זרוע אין דער רעכטער האַנד, אונטען חרוסת, דאָס איי אין דער לינקער האַנד, אונטען כּרפּס, גרינס פון פּעטרישקע און צווישען זיי מרור, געריבענער חריין, גאָר מחיה. אַ־נו, הערשעלע, פלעגט מאַכען דער טאַטע, אָנגעהמענדיג דאָס קינד פאַר'ן בעקעלע, פרעג מיך, הערשעלע, די פיער קשיות. הערשעלע האָט זיך צו־שאָקעלט, אָנגעהויבען הויך אויפ'ן ביי־קול'כען, מאַכענדיג דערביי מיט'ן גראָבען פינגער: טאַטע! איך וועל דיך פרעגען, טאַטע! פיער קשיות! און אָבגעקנאַקט לעבעדיג איין קשיא נאָך דער אַנדערער. דענסטמאָל איז מען פריי געווען צו רעדען, צו לאַכען, וויפיעל מען וויל. הפקר אַ וועלט. די קינדער פלעגען זיך אָנשיכּור'ן מיט גאַנצע כּוסות לאַקעריצע, וואָס

די מאַמע האָט אָנגעקאָכט אין יענעם גרויסען פּסח׳דיגען טאָפּ, און פּלוידערען, אויף וואָס די וועלט שטעהט.

אַ חוץ די דאָזיגע פּעל איז די מורא פאַר׳ן טאַטען געווען גרויס. אין שטוב איז אונזער הערשעלע, ווי די אַלע איבריגע קינדער, געווען שטיל, נאָר אָבער חי אַ שטיל וואַסעריל, וואָס גראָבט טיעף. צווישען זיך פּלעגען די קינדער שטילערהייט אָבטאָן מעשים, קריגען זיך, נאָכקרימען זיך אויפ׳ן וואונק, איינער דעם אַנדערן אַרויסשטעלען פייגען, דערלאַנגען אַ זעץ, אַ קניפּ און שאַ. איטליכער האָט געוועהנטליך געהאַט זיינעם אויף צוקריגען זיך. הערשעלס צולהכעים׳ניק איז געווען חנה־לעמיל. זיי זענען געווען פייער און וואַסער, צוויי נישט קיין גלייכע מענשען. חנה־לעמיל האָט געוואָלט ווי אַ עלטערער ברודער, וואָס אָט באַלד אַ חתן־בחוריל, לעהרען דעם יונגערען דרך־ארץ. עס האָט איהם געברענט, פאַר וואָס דער טאַטע זעצט שבת ביים טיש הערשעלען נאָהענט נעבען זיך און שמעלצט זיך גאָר הערע־דיג, ווי ער טערעלייקעט „כל־מקדש“ און האַלט איהם אונטער אין די זמירות אויף אַ דין־קוויטשיג קול׳כען. ער פּלעגט דעריבער אַלץ קריכען צום טאַטען אויף הערשעלען מיט מסירות, בכדי צו פאַר־מיאוס׳ן איהם אין זיינע אויגען, און שטילערהייט צווישען זיך פּלעגט ער נאָכקרימען הערשעלען ווי ער טערעלייקעט, אַריינשטעקען דערביי אַ פינגער אין גאָרגעלע, שאָקלען דאָס קעפּיל און אָנגעבלאָזען זיך ווי אַ אינדיק. הערשעלע פּלעגט זידען ווי אַ קעסעל, אַרויסשטעקען דאָס צינגעל און מיט אויפגעשטעלטע קולעקלעך מאַכען אין איין כעס: פּוקע זיך, חנקע־לעמילדריג! אָבער אַלץ שטיל מען זאָל נישט הערען.

אין שטוב איז הערשעלע געווען ווי אַ שטאַרק אָנגעבלאָזען פּאַחיריל, זיך אַיינגעהאַלטען, קיין פאַרע זאָל מען פון איהם נישט הערען, אַקעגען־זשע אָבער אין דרויסען האָט דאָס פּאַחיריל געלאָפּנעט און ס׳איז אַרויס פריי אַלסדינגג, וואָס אינוועניג אין איהם האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען אַ פייער, אַ שפּירט, איין קונדעס אין דער וועלט. ער האָט זיך איבערגעשלאָגען מיט אַלע יונגלעך און אַרויסגעוויזען זיין גרויס בריה׳שאַפט. אין שטיינער וואַרפען, חאַפּען אַ ציג פאַר די הערנער און זעצען זיך אויף איהר רייטענדיג, אָנ־נעהמען פּלוצים דעם קאַבצאַנסקער קהל׳שען צאַפּ פאַר דער באָרד און אויסרייסען איהם אַ פולע הויפען האָר, שטעכען חתן־כלה אונטער

דער חופה מיט שפּילקעס, נאָכלויפען אַ משוגענעם אויף דער גאַס, אונטערהאַפּען זיך הינטער אַ וואָגען, בשעת פאָהרענדיג געשווינד, — דערצו איז ער געווען איין בריה טאַקי. ווייסע־חברה האָט דעריבער פון איהם שטאַרק געהאַלטען און איהם מכבד געווען מיט כהן אין אַלע קונדייסקע זאַכען. אין די מלחמות צווישען די קונדסים, איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּיס אַ פּאַפּירען שאַרטיצעל פון אַ בשמים־קרעמיל אויפ'ן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פעדערן. די גבורה און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז בעשטאַנען אין פּיטשקען, וואָס ער האָט געהייסען איטליכען מקיים פּסק זיין, גלאַט אַזוי־זיך פון זיין כבוד וועגען, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער־יענקילס, האָט בעפּוילען — איז מחויב געווען איטליכער, פון דעם קליינסטען ביז דעם עלטסטען, באַלד צו פאָלגען. בשעת פרידען, נישט קיין מלחמה־צייט, פלעגט אונזער הערשעלע מיט דעם גאַנצען פּעקיל יונגלעך זיך אָבגעבען מיט אַנדערע געשעפטען, און געשעפטען זענען געווען זעהר פיעל, ברוך־השם, אין איטליכער צייט.

זומער ביי טאָג פלעגט ער פיהרען ווייסע חברה באָדען זיך אין קאַבצאַנסקער טייך — אַ גרויסער רינשטאָק מיט אַ פערשימעלטער בלאָטע ביים ברעג, וואו שטאָרט־חזירים זענען געלעגען איינגעזונקען טיעף ביז איבער די אויערען, אַרויסשטעקענדיג נאָר דאָס פּיסקעל. דער גאַנג אַהין איז געווען לעבעדיג־רעש'יג, טאַקי ווי מען זאָגט, בעגראַנדע, נישט אויסגעלאָזען איין זאַך אויפ'ן וועג, מען זאָל עס נישט בעריהרען. יונגע גענזלעך צולויפען זיך, אונטערפליהענדיג אַ ביסעל מיט די קליינע, נאָך נישט גוט בעפעדערטע פליגעלעך; דער גאָנער סאָפּעט, סמאָרעס מיט די נעזלעכער, אויסקרימענדיג דעם האַלז ווי אַ שלשלת. דאָס קעלביל דאָרט איז זיך מטריח אויפצושטעהן פונ'ם גראָז, שטעלט אויס אַ פּאָר אויגען, רוקט זיך אויף עטליכע טריט אָב, וואַרפענדיג מיט'ן קאָפּ און אָנבייגענדיג דעם שטערען צו דער ערד, פעררייסט דערנאָך דעם וויידעל און אַוועק, אַוועק... חברה שפּילעט זיך אָב, קנעפּעלט זיך אָב, נאָך געהענדיג, אין איילעניש, אַזוי אַז צוקומענדיג צום ברעג טייך פאַלט פון איטליכען דאָס אָנטהאָן פלוצים אַראָב — און פּוץ אין וואַסער אַריין, בול־בול־בול! —

צווישען מנחה און מעריב איז ווייסע הברה זיך צונויפגעקומען אויפ'ן יריד אין בית־מדרש, אין פאָלעש דאָרט, איטליכער מיט זיין מין סחורה און מען האָט געהאַנדעלט געשמאַק. איינער ביים אַ קרומען,

אַלטען טשוואַק אויף אַ מעשענעם קנאָפּ אָהן אַ אויעריל. דער אַנדערער טהוט אַ ווייז אַ ניסעל, אַ סווישטש און עס געפינען זיך דערויף צוויי שטאַרקע קונים, מיט שטיקלעך שפּיגעל־גלאָז, פאַרצעלייענע שערבּלעך פון קעשענעס. יענער מיט אַ גרינער פּאַטשערקע איז פערטיפט אין עסק מיט דעם חבר, וואָס בעריהמט זיך מיט זיין נאָדעל־טעשיל און אַ צינערן אויער־לעפּעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס געווען דער שאַצער און געהאַפט פון אויבען פאַר זיין מיה. געוועהנטליך לאָזט זיך דער יריד אויס מיט אַ קריג: קיינער איז נישט צופריעדען, איטליכער טענה'ט, ער האָט זיך מיאוס אָבגענאַרט. עס האַלט שוין ביים פּאַטשען זיך; עפּיס אַ קונדס, מיט אַ פריש געגזען געדגעלע טרומייטערט־צו, אַ טאַראַראַם, אַ געפּילדער, ביז דער שמש לויפט אין איין כעס אַרויס מיט אַ היק: שקצים! און חברה צולויפט זיך ווי די מייז, איטליכער אין זיין ווינקעלע.

חנוכה־צייט האָט געפלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעך, פּורים־צייט — מיט מאַטעריאַל אויף המן־קלעפּלעך, שבועות־צייט — מיט אויס־געבלאָזענע אייער, צו מאַכען פייגעלעך. הכלל איטליכער יום־טוב מיט זיין מין סחורה... צייט אויף צו האַנדלען איז, ברוך־השם, געווען גענוג, ווייל דער מלמד פון דער תלמוד־תורה, וואו אונזער הערשעלע האָט געלערענט, איז אַליין געווען שטענדיג פערנומען מיט זעהר פיעל געשעפטען, אָהן עין־הרע. ער איז געווען אַ שטיקעל שדכן. פול געווען אויף אַלע חתונות, ברית'ן און לויות, געווען אַ בעשטענדיגער עדות אויף גט'ן. חוץ דעם האָט ער בעדאַרפט אָבשפּרעכען עין־הרע'ס, איבערקוקען מזוזות און פון אַלע מלאָכות זיך אָברייסען צייט דאָנערשטאָג און פרייטאָג מיט אַ פּושקעלע אין די הייזער אַרומצוגעהן. נאָר דעם שבח מעג מען איהם נאָכזאָגען, אַז די שעה צייט, וועלכע ער האָט זיך גענומען צום קנעלען, האָט ער געאַרבייט געשמאַק מיט אַלע כּלים. די דאָזיגע קורצע צייט איז איהם גאַנץ גענוג געווען אויף איבערצושמייסען אַלע קינדער און ס'איז איהם נאָך איבערגעבליבען עטליכע לעדיגע מינוט צייט אויך אויף צו־שפּאַרען זיך מיט'ן קאָפּ צום טיש, אַביסעל זיך אויסצורוהען, אָדער קראַצען די באָרד, קרעכצען, גענייצען וכדומה אַזעלכע מלאָכות.

אויף הערשעלען פלעגט ער זאָגען: הערשעלע איז אַ גרויסער קונדס, אָבער אַ וואויל יונגעל מיט אַ גוט קעפּיל. די מאַמע פלעגט, הערענדיג אַזוינס, זיך דערמאָנען אין איהר חלום, ווי גדליה־הערש, עליו השלום, האָט ווייזענדיג אויפ'ן קינד געזאָגט: „ער וועט זיין אַ גוט שטיקעל אַרבּייט,

אַ שאַרפע נאָדעל מיט אַ שפּיצעכדיג קעפּיל" און פּאַר נחת זיך געשמאָלצען, דער טאַטע־זשע אַקענען, אויסהערענדיג אויף איהם מסירות, ווי ער איז פערשייט, פלעגט מאַכען געוועהנטליך מיט אַ שטעכווערטיל: יענעמס נאָמען מיט יענעמס נאַטור, גאָט זאָל פּעהלען אַ האָר! יענער, עליו־השלום, האָט זיין גאַנץ לעבען זיך געפּאָרעט מיט לעכער און דער היינט איז אויך פול אין אַלע לעכער. ער פּאָרעט זיך אויך און מאַכט נאָך לעכער... דאָס איז געווען אָנצוהערעניש אַ קענען יענער מעשה, וואָס מיט הערשעלע איז זיך פערלויפען, אַזוי ווי ווייטער וועט שטעהן.

---

# דאס פּערטע קאַפּיטעל.

ויהי היום, און ס'איז געווען אַ מאָל, איז אין קאַבּצאַנסק אַ גרויס װאונדער געשעהן. פּלוצים, מען ווייסט נישט, ווי און ווי אַרום, איז פון ערגיץ אַ דאָקטאָר מיט אַמאָל אָנגעקומען, עפּיס אַזוי ווי פונ'ם הימעל אַראָבּגעפּאַלען. יודען בכלל, אַז דערהערען נאָר אַ דאָקטאָר, רופט זיך זיי אַלע קראַנקהייטען אָבּ און דערפיהלען איטליכער זיינע וועהטאָגען. בּימי ירחמיאל הרופא, פאַר אונזער ירחמיאל דעם רופא, וזוגתו יאַחנע הרופאת, און זיין ווייבּ יאַחנע די רופא'טע, איז אין קאַבּצאַנסק שטענדיג געווען מיט חסד. בּיי יודען האָבּען די קראַנקהייטען געבּורטשעט אינווענינג און מען האָט זיך געמאַכט נישט ווי'סענדיג. דער רופא האָט געטאָן זיינס געגעבּען ראַטונקעס: געגאָלט, געשוירען, געשטעלט בּאַנקעס, פּיאַווקעס, געלאָזט צו דער אָדער, געצאַפּט בּלוט פון די מאַנסבּילען, און די רופא'טע פון איהר זייט האָט געטאָן איהרס, געצאַפּט בּלוט בּיי די ווייבּער. מיט איז פערשלאַפט געוואָרען און געשטאָרבּען אָהן חכמות, אָהן גרויסע דּילעניש. גאָרנישט, מען האָט זיך פּלוצלים געלעגט און פּלוצלים צוגעמאַכט איין אויג, נישט בּעדאַרפען תּקא האָבּען דערצו פריהער רעציפּטן און אַפּטייקען... זיבּעציג יאָהר אַזוי איז שוין אין דער וועלט געשטעלט — קומט דאָך אַ מענשען צו לעבּען, דערויף איז דאָך דאָ בּפירוש אַ פּסוק אין תהלים, וואָס אַפּיקורסים אפילו קענען עס אויך נישט אָבּלייקענען. אַי וואָס, מען שטאַרבּט פריהער פאַר דער צייט, דרינען איז נישט שולדיג קיינער, נישט ירחמיאל דער רופא מיט זיין קליפּערגעציג, נישט יאַחנע די רופא'טע מיט איהר קליפּערגעצייג און אויך נישט דער פּסוק, להבדיל, שולדיג אינגאַנצען זענען די חטאים... די חטאים

אין שטעדטיל. דעם, יענעם האָט זיך פערגלוסט, וואָס מען טהאָר נישט... און דערויף איז דאָך דאָ אַ רב, זאָל געזונט זיין, מיט אַ קאָ־מיסיע שענע יודען, די זאַך אָנצושמעקען און אַרויסצופיהרען עס ווי בוימיל אופ׳ן וואַסער. אַזוי האָט זיך עס געפיהרט און פיהרט זיך אויף אַזאַ שטייגער שטענדיג, נאָר מיט דעם דאָקטאָרם ווייז־געבען זיך אין קאַבצאַנסק האָט ווי קראָפּעווע נאָך דעם ערשטען זומער־רעגען, אַרויס־געשפּראָצט מיט אַ מאָל שלאַפקייטען אַלערליי, אָהן אַ צאָהל: ספּאַזמעס, בויכוועהטאָג, שטעכעניש אין די קריזשעס, שפּאַרעניש אונטערן לעפעלע, קוועטשעניש, בייסעניש, מכות, געשווירען — און אונזער יודישע קראַנק־הייט, מערידין, איז פון דער פערבאָרגעניש אַרויס גאַנץ אָפען, זיך ענטפּלעקט, ווי עס געהער צו זיין, מיט אַלע פּישטשעווקעס... נישט געווען איין יוד אַ גאַנצער, אָהן אַ חסרון. יונג און אַלט זענען צום דאָקטאָר געלאָפען אויסלאַטען און פעררריכטען אַ ביסעל דאָס געזונד. קליינע קינדער מיט גרויסע בייכלעך און דינע פיסלעך האָבען מאַמעס אויף די הענד געטראָגען און צו איהם געלאָפען. גאַנץ קאַבצאַנסק, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז איין בקור חולים, אַלע זענען צובראָכען. גאָט דער לעבעדיגער ווייסט, מיט וואָס עס וואָלט זיך אויסגעלאָזט, ווען דער דאָקטאָר זאָל נישט געווען אַזוי פּלוצלים, ווי ער האָט זיך בעוויזען, אַזוי פּלוצלים אויך פערשווינדען. יודען פאַרגעסען זיך ווידער די וועהטאָגען, הערען זיך נישט צו, שלעפּען זיך אַרום, כל־זמן עס דיענען זיי די פיס, און לעבען, ווי דער שטייגער איז, מיט דעם אימפּעט... ירחמיאל דער רופא קריכט ווידער אַרויס, ווי די לבנה נאָכדעם אַז די זון פאַרגעהט, אַרבייט אויף אַלע כלים און יודען — שטאַרבען מיט חסד...

הערשעלען אָבער איז דער דאָקטאָר פונ׳ם זינען נישט אַרויסגע־גאַנגען. די גאַנצע מעשה איז איהם זעהר געפעלען. עס גלוסט זיך איהם ווערען אַ דאָקטאָר, איהם נאָכצוטאָן און צו מאַכען, ווי ער, די גאַנצע שפּיעל מיט דער ווייסער חברה. קינדער האָבען, ווי די מאַלפּעס, ליעב נאָכצוטאָן די גרויסע אין אַלע זאַכען. ווי זאָגט מען עפּים: קינדער קייען, וואָס אַלטע שפּייען. ווייסע חברה קרוינען למזל אונזער הערשעלען פאַר אַ דאָקטאָר און די שפּיעל הויבט זיך אין אַ גוטער שעה אָן. הערשעלע ווערט צוליעב זיך, צוליעב זיין כבוד, אַ גוטער און זאָרגט זיך קלאָמפּערשט פאַר זיינע חברים׳ס געזונט, ווינשענדיג דערביי טאַקי פונ׳ם גאַנצען האַרצען: אַ, קרענקען זאָלען זיי, רבונו של עולם! און בעדאַרפען צו זיין הילף אָנקומען..

פרייטאָג איינמאָל אין דער פריה, אַז דער מאַמען איז מיט בויכוועהטאָג אָנגעקומען צו נעהמען אין קליטיל אויף בּאָרג פעפער, צימערינג און מעהל אויף שבת, לקח'ענט אונזער הערשעלע שטילערהייט אַראָב צו ביסלעך פון די דאָזיגע זאַכען און אַוועק שאַ, קיטש אַהין, אויפ'ן פרייען גראָז, אויפ'ן לעדיגען פלאַץ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיך דאָרט נעבען פּליט, פאַר איהם שטעהט אַ קליין פּאַפּירען קעסטעלע, וואָס קאָסט איהם דריי קנעפלעך מיט אַ יערכען בּייטעלע אַ צוגאָב דערצו. אין קעסטעלע געפינען זיך עטליכע קליינע פלעשעלעך, פאַר וועלכע אַ חבר זיינער האָט בּיי איהם גענומען אַ נוס, אַ צווילינג, וואָס האַלטענדיג איהם אין מויל בּיי דעם ניס־שפּילען, איז ער איהם שטאַרק מזל'דיג געוועזן אויף אָבצוזאַצען די קינדער; אויך אַ גרויסען זשוק מיט לאַנגע הערנער, געהאַנגען צוגעבונדען אויף אַ לאַנגער פּירדישער סטרונע. און בשעת די מאַמע פאָרעט זיך אין שטוב דאָרט, ברעכט, נעבעך, זיך דעם קאָפּ, ווי ס'איז פונ'ם ביסעל מאַטעריאַלען עפּיס צו מאַכען, פאָרעט זיך אויך איהר זוהנדיל דאָ מיט דעם אַראָבגעלקח'ענטען פעפער, צימערינג, מעהל און שאָר ירקות, צו מאַכען דערפון רפואות, וועסערלעך, טראָפּענס אין די פלעשעלעך. פאַרטיג מיט די רפואות, טראַכט ער בּיי זיך: אַ צינד וואו נעהמט מען עפּיס אַ קראַנקען, טאַקי מיט אַ גוטער אמת'ר מכּה, צו בעווייזען די גרויסע קונץ אין דאָקטאָריע? און ווי ער זיצט זיך אַזוי און טראַכט, דערזעהט ער פונדערווייטענס, ווי משה־יאָסי, אַ פאַרוואָהרלאָזטער יתום, אַ נאַקעטער, אַ באָרפיסער, פאָהרט אויף אַ שטעקען רייטענדיג און אַרבּייט, נעבעך, פאַר אַלע גאָר אַ שרעק: פאַר דעם פוהרמאַן, אויך פאַר דעם פערדיל און אויך פאַר דעם וואָגען. ער שמייסט דעם שטעקען, אָנטרייבענדיג איהם מיט אַ געשריי: וויאָ, וויאָ! ער הייבּט פיסלעך, פוצט אויס דאָס בּייכיל, פערוואַרפענדיג אַהינטער דאָס קעפּיל, הירזשעט ווי אַ פערד, שפּרינגט האָ'ן־האָץ און לויפט גאַלאָפּ; ער פויקט מיט דער האַנד אויף די אָנגעפּוישטע באַקען. פון דער זייט אַ קלאַפּ, פון יענער זייט אַ קלאַפּ, חריפּעט, סקריפּעט און מאַכט אויף אַלערליי משונה קולות: טראַ־טראַם־טראַראַראַם! חואי־חיפּ־סיפּ! ווי אַ קלאַפּעריי און אַ סקריפּ פון רעדער. ער יאָגט לעבעדיג, קנאַקענדיג־טשאַקענדיג, פייפענדיג גלייך צו הערשעלען און, צוקומענדיג נאָהענט, טהוט ער אַ הירזשע, דערנאָך אַ געשריי: טפּררוא! אויסלאָזענדיג מיט אַ צעהנגאָרענדיגען חחח איפּ־סיפּ און שפּרינגט אַראָב פונ'ם שטעקן!

זנזער הערשעלע פֿאַלט אויף אַ המצאָה בײַ משה־יאָסי'ס אָנ־קומען און נישט לאַנג געטראַכט, מאַכט ער צו איהם אויף קונדעס־לשון אַזוי:

— סויסע־סאָסי, משה־יאָסי, סו־סילסט, דו־ווילסט, סאַן־סראַנק, זיין־קראַנק?

— סיין, ניין! — ענטפערט משה־יאָסי אָב, אויך אויף דעם אייגענעם לשון טאַקי, סאָל־סאָט, זאָל גאָט, סיטען־היטען.

— זאָג יאָ, נאַרעלע. טאַקי גאָר אָהן קאַטאָוחעס. גענוג דייטש! מאַכט הערשעלע, לאָמיר רעדען פראָסט יודיש, זאָג־זשע יאָ, נאַרעלע. וואָס קען דיך עס אַרען? דו זײַ קראַנק און איך וועל דיר געבען רפואות... נו דו ווילסט?

– איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסען.

עסען?... עסען, משה־יאָסילע, האָב איך נישט, נאָר צו־זאָגען אויף שפּעטער אַמאָל, יאָ, זאָג איך צו. נאַ דיר מיין האַנד תקיעת־כּף. נו, ווערסט־דו שוין זיין קראַנק, נאַרעלע?

— איך בין דאָך אָבער געזונט, הערשעלע,

— נישקשה, נאַרעלע, איך וועל דיך מאַכען קראַנק. איך וועל דיר טאָן אַ דראַפּעלע, אַ קליין דראַפּעלע אונטען אויפ'ן פּוס. זעהסט־דו, מיט מיט דעם טשוואָק.

אַזוי רעדט הערשעלע אַיין דעם חבר און נעהמט פון דער פליו־דערען־קעשענע אַרויס אַ פערזשאַווערטען טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער וועה טאָן, הערשעלע!

— גאָר אַ קליין דראַפּעלע, משה־יאָסינאָ, ווי איך בין אַ יוד! עס וועט וועה טאָן אַ ווײַלע און באַלד טאַקי אויפהערען. איך וועל דאָך דיך היילען, איך מיין דאָך דיין טובה. וואָס דען? דיין טובה, נאַרעלע, מיין אויך דאָך... און דו ווילסט עס נישט פאַרשטעהן.

— גיב־זשע מיר, אויב יאָ אַזוי, באַלד טאַקי עסען. אַי, בין איך הונגעריג, הערשעלע

— אַ געראַם אַביסעל! מאַכט הערשעלע, אָנברוגז'ענדיג זיך קלאָפּ־פערשט, געה דיר, געה! איך וויל איהם היילען, טאָן אַ טובה, און ער עסען! פרעסען!...

איף דעם דאָזיגען שמועס קומען אָן עטליכע ווייסע חברה־ניקעס, זיי קוועלען גאָר אָן פון הערשעלעס אַפּטייקעל און פון דעם אײַנפאַל זיינעם. נעהמען זיך שטאַרק צו משה־יאָסין, אײַנצושמועסען איהם מיט גוטע רעד:

— משה־יאָסינאָ, נאַרעלע אײנער! אַבי מען מאַכט דיך נאָר קראַנק, װעט מען דיר דערנאָך, נישקשה, שױן אונטעררוקען עפּיס קײען. דו פאַרשטעהסט?...

איטליכער גיט איהם די האַנד תּקיעת־כּף, איבערשלאָגענדיג מיט אַ ציצה. משה־יאָסי קוקט איבער די ציצה, אויב זי איז נישט, חלילה, קײן פּסול׳דיגע, און אַז ער זעהט, זי איז כּשר, די אַלע אַכט פעדים מיט די פיער קניפּלעך זענען װי געהעריג איז, רופט ער זיך אָן אויפ־שטעלענדיג אַ פינגער נעבען דער נאָז, מיט אַ התראָה:

— געדענקט־זשע, קינדער! אויב נישט, װעט אײך גאָט שטראָפען. זאָגט אָמן!

משה־יאָסי שטרעקט אויס, אין אַ גוטער שעה, דעם פוס, די יונגלעך האַלטען איהם גוט פון בײדע זײטען און הערשעלע נעהמט זיך צו דער פּיאַטע זײנער מיט דעם טשװאָק. פריהער מאַכט ער איהם פאַמעליך אַ קלײן דראַפּעלע, משה־יאָסי פערבײסט די ליפּען און שװײגט; דערנאָך געהט ער איהם אַרײן אַביסעל טיעפער מיט׳ן טשװאָק, משה־יאָסי מאַכט: אַי־אַי־אַי! — חברה טרײסט איהם: נישקשה, לאָז זיך, נאַרעלע, לאָז! מען װיל דאָך דיר געבען אַ רפואָה... הערשעלע איז נישט פויל און שטופּט דעם טשװאָק אַרײן נאָך װײטער, עס רינט בלוט, משה־יאָסי רײסט זיך פון די יונגלעכס הענד און שרײט: געװאַלד!

— שאַ, שאַ, סויסע־סאָסי, משה־יאָסי! — נעהמט איהם אונזער הערשעלע אַײן אויף קונדעס־דײטש מיט אַ פרעהליך האַריץ. סי־סאַקע, די מכּה דיר, האָב איך שױן געמאַכט. אַצינד בעקומסט־דו פון מיר סרועה, אַ רפואה.

הערשעלע נעהמט אַ פלעשעלע און גיסט זײנע טראָפּענס אויף משה־יאָסי׳ס פרישער װאונד. ער פערקרימט זיך, נעבעך, אַ שרעק, שרײט: עס ברענט, געװאַלד עס ברענט! נישט מיט זײן קול.

משה־יאָסי האָט טאַקי געהאַט רעכט, געװאוסט, נעבעך, װאָס ער שרײט. די טראָפּענס זענען געװען צו שטאַרק פעפערדיג און געברענט װי פײער דאָס רויע פלײש איהם אין דער בלוטיגער מכּה. ער האָט גע־צאַפּעלט, געקרעכצט און זיך פערגאַנגען װײנענדיג פאַר גרוים װעהטאָג.

די קונדסים האָבען געחאַפּט אַ ציטער און זיך צולאָפען. הערשעלע איז אויך אַנטלאָפען אַביסעל אין דער זײט און זיך געשטעלט קוקען פון דאָרט אויף זײן חולה. אַ היבשע צײט האָט ער, נעבעך, זיך געװאַלגערט אויף דער ערד, שרײענדיג אַלץ אין אײן קול: עס ברענט, ברענט!

דערנאָך איז ער ווי־ס׳איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג זיך געלאָזט געהן זיין וועג, הינקענדיג שטאַרק אויף דעם רעכטען פוס. געקומען איז ער געזונט און אַוועקגעגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריג, נאָר לעבעדיג, פרעהליך, הנאה האָבענדיג פון דער ליכטיגער וועלט, פונ׳ם שענעם פריהמאָרגען — און האָט, פאַר גרויס גוטסקייט צו איהם, בעקומען אַ מכה!...

משה־יאָסי איז אַוועקגעלעגען אַ היבשע צייט מיט אַ פוס געשוואָלען ווי אַ באַרג און אויסגעקרענקט די טובה הערשעלעס. אַז די דאָזיגע מעשה איז אָנגעקומען צום טאַטען דורך חנה־לעמיל, אַלסדינג מיט איט־ליכם פיצעלע, האָט ער איהם גוט מכבד געווען, אַז ער זאָל געדענקען און ווי אַ טאַטע דעם זוהן געזאָגט מוסר אַזוי:

— שקאָץ איינער! טובות ווילסט־דו טאָן? מאַך בעסער יענעם נישט קראַנק און פערשפאָר, שקאָץ איינער, דערנאָך איהם צו היילען, צו טאָן איהם טובות. וואַרט נאָר, וואַרט, דו וועסט ביי מיר האָבען טובות! אַ צעהנטען וועסט־דו פאַרזאָגען...

— בין איך דען איינער? — טענה׳ט דער זוהן וויינענדיג און וויל די שולד אַרויפלעגען אויך אויף אַנדערע. פאַר וואָס מעגען יענע... יענע?

— שאַ, שקאָץ! טהוט דער טאַטע ביז אַ חיק. יענע זענען אויך אַזוינע שקצים ווי דו. דו הערשט, הערשיל! מען איז מוחל דיר און דיין גלייבעז אייערע שענע טובות!...

# דאס פינפטע קאפיטעל.

אַך, ווען נישט דאָס עסען, ווען נישט דאָס עסען, וואָלט דאָס לעבען אין קאַבצאַנסק פאַר הערשעלען קינדערווייז געווען זעהר אַ גליקליכס, ווי אין גן־עדן! צייט אויף צו שטיפען, אַרומצולויפען פריי, האָט ער געהאַט, אַ שענעם נאָמען ביי ווייסע־חברה האָט ער, ברוך השם, געהאַט; עסקים אַלערליי האָט ער, נישט צו פאַרזינדיגען, אויך געהאַט. ער איז געווען אַ גענעראַל, אַ סוחר, אַלסדינג וואָס איהר ווילט און וואָס מאַכט יונגלעך איבער־גליקליך. נאָר איין קלייניגקייט — אָט דאָס עסען, וואָס דאָס מעגענדיל זיינס פלעגט מאָנען עסען, דאָס האָט איהם נאָר צו־דרעהט, פאַרשטערט די שמחה. ס'זענען געווען צייטען, ווען ער איז נעקומען אַ היים הונגעריג נאָך אַזוי פיעל מיה און אָנטופען זיך, נעבעך נעחלשט עסען, חאָטש וואָס־ס'איז, פון יוצא וועגען — און גאָרנישט נישטא קיין לעק! ער פלעגט וויינען, זיך קראַצען, האַלטענדיג ביידע הענטלעך אין די האָר פונ'ם קאָפּ און שרייען, שרייען, ביז ער איז גע־בליבען ליגען אָהן כחות און אַנשלאָפען געוואָרען. שפּעטער איז ער שוין מיט אַזעלכע זאַכען געוועהנט געוואָרען און, אַז ער איז הונגעריג געווען, פלעגט ער מאַכען מיט די ליפען און שווייגען. אַ רבי'ן אויף שווייגען, אויף שטילערהייט לײדען, האָט ער געהאַט קיילע־ריקלע'ן.

זי איז געווען אַ שלאַפע, בלייך ווי די וואַנד, דער האַלז געשוואָלען, אין אויער פאַרלעגט, פאַרשטעקט מיט וואַטע. זי פלעגט, נעבעך, איבערטראָגען איהר שמערץ, אויך קעלט, הונגער, זיצענדיג איינגענורעט אין אַ ווינקעל, ווי אַ שטילע טויב און קוקען מיט אַ פּאָר פערטראַכטע, פייכטע אויגען, שאַ, שטיל, נאָר וואָס זי פלעגט מיט אַ חאָרחלען

שלינגען די סליונקע און דערביי עפּיס משונה זיך קרימען. דאָס איז געווען אַ קרימען=זיך נישט מיט גאַל, מיט בייזקייט אויף די גרויסע יסורים. ניין, דאָס גוטסקייט איז איהר געלעגען אויפ׳ן פּנים. דאָס קרימען=זיך האָט בעטייט גאָר פאַרקעהרט, זי טהוט זיך, נעבעך, אָן אַ כּח, נישט אַרויסצו=ווייזען די וועהטאָגען מיט אַ הויכען זיפץ, ווען עס גיט איהר אינווענינג אַ צופּ, אַ קלעהם. און איטליכער קרים איהרער האָט אויסגעריסען ביי יענעם אַ שטיק האַרץ... אַזאַ רבּי קען לעהרנען שכל, מאַכען ווייך, גוט און פרום אַ סך בעסער ווי אַלע מוסר=ספרים, בעסער ווי יענע נאַרישע חכמים מיט זייערע עסיג=זויערע=לאַקריץ=זיסע שטראָף=רעד. אפילו וואַסקע דער קאָטער (איהר ווייסט דאָך ווער מען מיינט... יענעם, דאָרט אין קרילאָוו׳ס באַסנע) אַ פרעסער, אַ נאַשער, וואָס די נשמה זיינע ליגט איהם נאָר צווישען די טעפּ, אפילו איהם וואָלט אַזאַ רבּי צונומען — הלוואי ער זאָל אַזעלכען נאָר האָבען! — עס וואָלט איהם פערגאַנגען דער חשק צו סמעטענע און שטאַרק צופריעדען געווען האָטש מיט זויערמילך.

הערשעלע איז געווען אַ פערשייט קינד, אַ לעבעדיגס, אַ ריהרענ=דיגס. קוים האָט ער זיך געשטעלט אויף די פיסלעך, אַ בליק געטאָן אויף גאָט׳ס וועלטעלע אַרום איהם, איז דאָס וועלטעלע איהם זעהר שען געפעלען און חשק געהאַט ווי אַ העזעלע צו שפּרינגען, צו לעבען, נאָר דאָס לעבען האָט איהם אָנגעקוקט ווי אַ שטיף=מאַמע מיט אַ בייז פּנים! תּרבית, יונגעלע! לאָז זיך אַ קבצן נישט גלוסטען... דאָס בייזע פינסטערע לעבען האָט איהם אָבגעשטעלט באַלד טאַקי ביים צופיהרען זיך די הענטלעך; איהם געגעבען צו פאַרשטעהן דעם טעם פון נויט, פון הונ=גער; איהם איינגעראַמט אַ סוד, ווער, משטיינס=געזאָגט, ער איז, פון וואַנען, משטיינס=געזאָגט, ער שטאַמט, לויטער קבצן, לויטער אומגליק... און איהם געפרעגט די ערשטע קשיא: הערשעלע, וואָס איז מיט דיר אַזוינס די שמחה?

הערשעלע׳ס יוגענד איז פערגאַנגען געשווינד, אָבגעבליהט גיך און ער איז קינדווייז נאָך געוואָרען אַ קליין יודעל: דערשלאָגען, פערטראַכט, מיט אַ פערזאָרגט פּנים און אַלע פּאָסטעמקעס פון אַ גרויסען, בעווייבטען יודען, עס האָט איהם נאָר געפעהלט אַ בערדיל. דער יוד האָט אין זיין ביסעל לעבען אויסצושטעהן אַזוי פיעל מיני צרות און לייד, אַז ס׳בלייבט איהם נישט קיין צייט פאַר דער קינדהייט. זי גיט נאָר אויף אַ ווייל אַ שיין, ווי די זון אין אַ מיאוס׳ן ווינטער=טאָג, און פאַרגעהט טאַקי באַלד

אין אַ גרויסער לאַנגער, פינסטערער חמאַרע. קוים קריכט דאָס יונגעל׳ע אַרויס פון די וויקעלעך און טהוט זיך אַ שפּיעל, גיט מען איהם אַ חאַפּ צום טייטעל... מען שלעפּט אויף איהם אַרויף דעם יאָך און וויאָ, וויאָ, יודעל! —

אַך, רבונו של עולם, גלוסט זיך עס מיר אַצינד חאָטש פון דער־ווייטענס אָנקוקען דעם יודען, וואָס איז אויסגעוואַקסען פון יענעם יודעל, וועלכען מיר איז בעשעהרט געווען צו זעהן אַ מאָל! דענסטמאָל איז ער נאָך נישט אַלט געווען קיין צוויי קיילעכדיגע יאָהר. איך געדענק נאָך ווי היינט זיינע צוויי פּאה׳קעלעך, זיין יאַרמילקעלע, זיין שפּענצעריל און לייבסערדאַקיל. עס שטעהט מיר פאַר די אויגען זיין בלייך, פינסטער פּנימיל, ווי ער האָט זיך ענטפלעקט פּלוצלים פון אַ קליין אַלקיריל, צו־שויבערט, איינגעטונקט אין פעדערען, פון די קישעלעך, אַ פּנים, אויף וועלכע ער האָט געשלאָפען; ווי ער האָט זיך פאַמעליכען צוגערוקט אין שטוב צו דער מוטער, איהר זיך געזעצט אויפ׳ן שויס, מיט די כשר׳ע הענטעלעך אַרויסבעקומען איהר פּנ׳ם בוזעם די ברוסט, געמאַכט אויף זיין זיס לשון אַ ברכה — שהכל און געזויגען... אָמן! האָב איך גע־ענטפערט מיט כונה, בעטראַכטענדיג מיט גרויס נחת דאָס זויגענדיגע קליינע יודעל, אויך די מאַמע, געקוקט און געזאָגט: אשריכם ישראל, אַז וואויל איז אייך, פאָלק ישראל!...

מיט די קונדסים איז אונזער הערשעלע טאַקי אַלץ געווען חבר, האָט מיט זיי געשטיפט ווי פריהער, נאָר דאָס איז געווען אַ אַנדער מין שטיפען, שוין ערענסט, מיט בערעכנונג, דערביי נישט אַ ריס צו טאָן די צעריסענע קאַפּאָטע, נישט בלייבען, חלילה, שטעהן מיט אַ הוילען קאָפּ אָהן אַ היטעל, נישט אויסצורייסען איינער ביים אַנדערען אַ האָר פון דער פּאָה, און מען האָט אין דעם שפּיעלען־זיך פערלאַנגט, אַלץ נאָכצוטאָן די גרויסע; מיט אַ גרויסען צורעדען, מיט אַ גרויסען זיך אַביסעל דורכגעהן, דאָס איז געוועהנטליך ביי קינדערשע קליינע יודלעך אַ כבוד, זעהר אַ גרויסער. — גרויסע געהען כסדר נאָך די גראַדען פון אונטען אַרויף: אַ חתן־בחור, אַ בעל־הביתיל, אַ בעל־הבית, אַ כלי־קודש, פּנ׳ם שמש ביז דעם רב, בעלי־מלאכות זענען צווישען יודען גאָר אַנדערע מיני גרויסע, עפּים נישט אַהער, נישט אַהין, האָבען געוועהנטליך אומגאַנג מיט יונגלעך, מאַכען זיך עפּטערס נאַריש מיט זיי און האָבען ביי די אמת׳ע גרויסע איין פּנים, ווי זיי, הייסען אויך חברה־לייט, שקצים, [illegible] ווי זיי.

הערשעלע הייבט אָן צורייבען זיך אַרום די גרויסע, צוקוקענדיג זיך צו זייערע געגנג און צוהערענדיג זיך צו זייער שמועס. זאָלען צוויי יודען זיך שטעלען ערגיץ שמועסען, וואַקסט נעבען זיי, ווי פון דער ערד, אוים הערשעלע, פעררייסט דאָס קעפּיל אַרויף און האָרכט מיט אַ האַלב אָפען מיילכען. זאָלען גרויסע עט אַזוי־זיך אַביסעל דורכגעהן, שלעפּט זיך זיי הערשעלע פון הינטען נאָך, ווי אַ קיה אַ קעלבּיל. אַ באָרד איז ביי הערשעלען גאָר קיין קאַטאָוועס נישט, אין איטליכער באָרד שטעקט תורה און חכמה, אַ באָרד קען אַלסדינג, ווייס אַלסדינג, וואָס אַ באָרד זאָגט איז תורת לאָקשען. אַז ער האָט אַ מאָל דערצעהלט יונגלעך עפּים אַזוינס, וואָס איז אויסגעקומען משונה ווילד, פלעגט ער אויסלאָזען מיט די ווערטער: לאַכט נישט, לאַכט נישט, דאָס האָט געזאָגט אַ יוד מיט אַ באָרד. און אַקעגען אַזאַ ליגען מיט אַ וואָהרצייכען איז שוין נישט געווען, וואָס צו טענה׳ען.

„קינדוויז, האָט הערשעלע געמיינט, גרויסע זענען עפּים גאָר אַ מין אַנדער וועלט און קליינע זענען פאַר זיך אַ וועלט און די דאָזיגע ביידע וועלטען געהערען זיך איינע מיט דער אַנדערער נישט אָן. נאָר שפּעטער, שפּעטער האָב איך בּעשיינפּערליך אַרויסגעזעהען, אַז ס׳איז אַ גראָבּער טעות. איין וועלט, כ׳לעבען, מיט איינע הנהגות, איינע חכמות און איינע חפצות, קליין און גרויס, יונג און אַלט, וואָס מאַכט עס אוים? אַלע זענען יודישע קינדער. דער חילוק איז נאָר דאָס: אַ קליין קינד טאָהר נישט און אַ גרויס קינד מעג. וואָס ביי קינדער מיט בּערד הייסט אַ חכמה, גוטסקייט און פרומקייט, דאָס אייגענע טאַקי ביי קינדער אָהן בּערד רופט מען נאַרישקייטען, שקאָצעריי, יונגעלשע זאַכען...״

אונזער הערשעלע איז, ביים ווערען אַ קליין יודעל, געשטאַנען מיט איין פוס צווישען די קליינע און מיט דער אַנדערער צווישען די גרויסע יודישע קינדער. מיט יענעם פוס צווישען די חברים איז ער געשטאַנען פעסט אויף דער ערד. קליינע יונגלעך שפּיעלען זיך פּשוט דאָ אויף אונזער עולם, זענען ביים שטיפען מיט דעם גאַנצען קאָפּ אַריינגעטאָן אין אַזעלכע זאַכען, וואָס שטעהען פאַר די אויגען און מען טאַפּט זיי אָן מיט דער האַנד. יענער פוס אָבער, וואָס צווישען די גרויסע, האָט געפיהלט אַ מאָל, ווי עס פערשווינדט אונטער איהם די ערד און בלייבט הענגען עפּים ווי אין דער לופטען; גרויסע קינדער אַז צושפּילען זיך, פליהען זיי אין הימעל אַריין, פערקריכען שטיפענדיג העט, העט ווייט, אַזוי אַז ס׳האַפּט אַזש אָן אַ שווינדעל... שטעהענדיג אַזוי אויף משקולת, האָט

הערשעלע זיך צוגעהערט צו די גרויסע מיט ביידע אויערען. און ווען ער זאָל האָבען אפילו נאָך עטליכע פּאָר אויערען, וואָלט ער אַלע טאַקי געברויכט נאָר דערצו, ווייל זאַכען אויף צו הערען איז געווען זעהר פיעל. הערשעלע האָט זיך אָנגעהערט ביי זיי מופתים און וואונדער גאָר אָהן אַ צאָהל — מעשיות פון יענער וועלט, וואָס אין גיהנום און אין גן־עדן טהוט זיך, מיט איטליכס פּיצעלע בעזונדער, גלייך ווי זיי וואָלטען ערשט פון דאָרט געקומען און אַלסדינג געזעהען אַליין מיט אייגענע אויגען; מעשיות פון גלגולים, פון מתים, וואָס געהען אַרום אויפ'ן עולם־התועה; מעשיות פון די גוטע... און נישט־גוטע; מעשיות פון מלאכים און אליהו הנביא, גאָט'ס משולחים, וואָס וואַנדרעווען אוים, וואו די וועלט האָט אַ עק און זענען פול אין איטליכס ווינקעלע. דערביי איז דערצעהלט געוואָרען אַ וואונדער־שענע מעשה, וואָס האָט זיך אַ מאָל, אַ מאָל געטראָפען טאַקי דאָ, אין קאַבצאַנסק, מיט וועלכער עס האָט געקלונגען און עס קלינגט נאָך עד היום די וועלט. די מעשה איז אַזוי געווען:

---

# דאס זעקסטע קאפיטעל.

בימי רבי שמעלקע, אין דער צייט ר׳ שמעלקעס, אַ עלטער=זיידע פון אונזער עושר, ר׳ יודעל קאַבצאַנסקער, האָט זיך איינמאָל אונטער אַ פורים אין אַ טלעכטער ענגער צייט גאַנץ קאַבצאַנסק אַוועקגעלאָזט קיין גלופסק. איבערגעבליבען פון די אַלע מאַנסבילען איז נאָר ר׳ שמעלקע אַליין. ר׳ יודעלס עלטער=זיידע ר׳ שמעלקע, זכרונו לברכה, אַ גוטער, אַ פרומער, מיט דעם פינטעלע יוד, פון דעם אַלטענס חסידים, איז געווען, נישט פאַר קיין יודען געדאַכט, אַ בעזדיעטניק. די אַלע מיטעל, וואָס ער האָט איבערגעטאָן צו האָבען חאָטש איין קינד, אַ קדיש, האָבען נישט געהאָלפען. ער האָט לסוף אַוועקגעלעגט דעם בעל=שם, דעם טאָטער מיט דער טאָטערין, להבדיל, און זיך גענומען צו דיענען גאָט, וואָס דיענען הייסט, מיט אַ ברען, נישט אויסצושפּאַנען זיך אויף אַ רגע פונ׳ם יודישקייט. מילא אַז קאַבצאַנסק האָט זיך דאָ אַוועקגעלאָזט, איז ר׳ שמעלקע געבליבען געפּלעפט: סטייטש, פורים וועט ער נישט דאַווענען און לייענען די מגילה מיט אַ מנין יודען! און וועמען וועט ער שיקען „משלוח מנות“? און מיט וועמען וועט ער מאַכען אַ כוסה, ווי גאָט האָט געבאָטען? און ווי ער זיצט זיך דאָ אַזוי אין איינע צרות, אסתר=תענית, צווישען טאָג און נאַכט, אָהן אַ קאָפּ, עפענט זיך פלוצלים די טיר און עס קומען אַריין ניין פאַרשווינען. דריי גרייז=גרויע אין ראַצעמאָרענע זופּעצעס, איינער עפּיס אין אַ מין חאַלאַט מיט טראָלדען, די באָרד צו=קאָשמעט און אויפ׳ן קאָפּ אַ הויכער, שפּיצאַסטער ספּאָדיק. נאָך איינער אין אַ מין סוויטקע, אָדער אַ טשומערקע, מיט אַ לעדערנעם בייגאַרטעל, דאָס פּנים בעוואַקסען מיט אַ וואַלד האָר. און נאָך איינער עפּיס אַזוי ווי

פערשלאָפפען מיט אַ גראָבער רויטער נאָז, פול אָנגעזעצט מיט בלאָטערען, זוימפּערלעך, און האָט נישט געקענט איינשטעהן אויף די פיס. די איבעריגע דריי פאַרשוינען זענען געווען אָנגעטאָן עפּיס טערקיש, פאָרענט ברוסט־טיכלעך מיט פליטערלעך, הינטען קורצע פאַרטיכלעך, נישט ווי מאַנסבילען, נישט ווי ווייבער. ביים אַריינקומען האָבען זיי געקושט די מזוזה, מיט אַ געשריי: — אַ גוטען־אָבענט! אַ גוט יום־טוב, רבי שמעלקע!

ר׳ שמעלקע געהט זיי אַקעגען און גיט איטליכען פון די פאַרשוינען אַ ברייטען שלום־עליכם, מיט אַ פרעג, ווי דער שטייגער איז, פון וואַנען פאָהרען עס יודען? יענע יודען ווי די טערקען האָט ער אָנגענומען פאַר ירושלמים און דעריבער האָט ער זיי געמאַכט גאָר אַ גרויסען ברוך־הבא, טראַכטענדיג ביי זיך: וואוילע געסט, כ׳לעבען! פון זיי וועט מען עס אָנהערען זיך אַביסעל פון דער „מערת המכפלה“, פין דער מוטער רחל׳ס קבר און אפשר וועט מען ביי זיי קענען קויפען אַ זעקעלע ארץ־ישראל־ערד, אויף צו בעשיטען זיך נאָכ׳ן טויט, ווערים זאָלען נישט עסען.

— ר׳ שמעלקע! זאָגט די טשומערקע, די סוחרים מיינע פרעגען, אויב ס׳איז מעגליך ביי אייך צו האַלטען פורים. זיי וועלען אייך גוט בעצאָהלען.

— חלילה! ענטפערט ר׳ שמעלקע, געלד — בשום אופן נישט. זעהר אָנגעלעגטע געסט, כ׳לעבען! מיין לוין וועט שוין זיין דאָס, וואָס איך וועל מיט אַזעלכע טייערע אורחים אָבריכטען די סעודה גאַנץ פרעה־ליך, יודישליך. וויין און נאָך אַנדערע משקה: ווישניק, מאַלינעק, האָב איך גענוג. פאַר נויט וועט מען קענען נעהמען אַ פּאָר פלעשלעך פונ׳ם פסח׳דיגען. און איהר, ר׳ יוד, טהוט ער אַ זאָג צו דעם אין דער טשומערקע, איהר זייט דאָך אַ בעל־העגלה און וועט זיך מסתמא פון אַ גוטען טרונק בראַנפּאַזי נישט אָבזאָגען. בראַנפען האָב איך גאָר איין אַנטיק.

— בראַנפען!... וואָס בראַנפען?... רופט זיך אָב יענער מיט דער רויטער נאָז, אונטערקומענדיג נעהנטער. אויף בראַנפען בין איך אַ מבין, איינער טאַקי אין דער וועלט.

— זעהר אָנגעלעגט! דאָס האָב איך אין אייער פנים אַרויסגעזעהען טאַקי באַלד, — זאָגט ר׳ שמעלקע צו דער רויטער נאָז. — איהר זייט מיר זעהר קענטליך... זייט איהר נישט יענער בּרענענדיגער חסיד, מיט וועלכען מיר האָבען אַ מאָל אינאיינעם יום־טוב געהאַלטען ביים אַלטען,

זאָל מאריך ימים זיין? יאָ, איהר זייט אויף בראַנפען אַ מבין, אַ גרויסער מבין, ווי איך בין אַ יוד!... איהר פאַרשטעהט דאָך מיך, וואָס מיטן דעם וואָרט „מבין" איך מיין. דעם ענין פון בראַנפען, וואוהין דאָס געהט... דער ברען, וואָס דרינען שטעקט, נישט גלאַט פשוט אַזוי זיך... דאָס פאַרשטעהען נאָר מיר, אַזעלכע ווי איהר, ברענענדיגע, פייערדיגע יודען...

ר' שמעלקע האָט געפיהרט זיינע געסט אין שוהל אַריין און מען האָט דאָרט געדאַווענט מעריב. איינער פון די אַלטעטשקע האָט געלייענט די מגילה מיט אַ זים קול, גאָר מחיה. ביים לייענען: ווי המן הרשע איז דערהויכט געוואָרען, ווי איהם גלוסט זיך דורך פאַלשע מסירות און בלבולים אויס׳הרג׳ענען אַלע יודען, איז דער שפיצאַסטער ספּאָדיק אונטער־געשפּרונגען און פאַר כעס געמאַכט אַזאַ קולאַק, אַז ר' שמעלקע איז פערציטערט געוואָרען. ער האָט אַ חאַפּ געטאָן געשווינד דאָרט אַ שטעקען פון די לאַנגע חופּה־שטעקענס און דערמיט מיט דעם גאַנצען כח גע־שלאָגען המן הרשע איבער די טרעפּלעך פונ׳ם בעל־מימר, איהם דעם טויט געמאַכט, און אַז צום סוף האָט געהאַלטען אין דער מגילה ביי המנ׳ס מפּלה, האָט דער ספּאָדיק געשיינט, געלויכטען, געשפּרונגען און געטאַנצט פאַר שמחה. די אַלטעטשקע האָבען זיך אונטערגעהעטשקעט און געזונגען „שושנת יעקב" מיט אַ זים ניגונדיל. די נאָז מיט ווימפּערלעך האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס טויג מיר די מעשיות, איך וואָלט פון אַלע שמחות שוי געוואָלט דערלעבען נעהמען אַביסעל בראַנפען, טאַקי דאָ באַלד אויפ'ן אָרט.

דאָ האָט זיך אויך צוהיצט אונזער ר' שמעלקע, איז געשווינד צוגעלאָפען צום שמש׳ס שאַפּקעלע, אַרויסדערטאַפּט פון דאָרט אַ פלעשיל בראַנפען, שליש, מיט עטליכע קעלישקעלעך און געמאַכט מיט די פאַר־שוינען לחיים. דער שמש אַליין איז דענסטמאָל נישט געווען, וואָרום אין דעם כתב מיט איהם איז געשטאַנען בפירוש אַריינגעשריבען אַ פונקט, אַז חנוכה און פורים האָט ער, ווי אַנדערע, דאָס רעכט אַרומצוגעהן אין די הייזער — אין גלופסק. אויך איז דאָרט געשטאַנען אַ פונקט, אַז נאָר ער אַליין האָט דאָס רעכט מאַכען אין קלייזעל אַ מין שיינקעל און שיינקען דאָרט אַ גאַנץ יאָהר בראַנפען. דערביי האַלטען דאָרט אויך צום פערבייסען רעטשענע קיכלעך, אייער־בייגעל וכדומה אַזעלכע זאַכען, אויף וועלכע מען מאַכט אַ ברכה בורא מיני מזונות און מען בעדאַרף זיך דערצו נישט וואַשען.

די גאַנצע נאַכט האָט זיך ר׳ שמעלקע משמח געווען מיט די דריי פאַרשוינען. אויף מאָרגען אין דער פריה זענען זיי אַלע געגאַנגען אין וואַסער, נאָר די נאָז האָט נישט געוואָלט געהן.

— ניין, ניין, האָט זי געזאָגט, פע, איך האָב פיינט װאַסער.

— קומט, האָט ר׳ שמעלקע צו דער נאָז געמאַכט, קומט, נישט קשה, אונזער מקוה-וואַסער איז געדיכט, מען קען זי שניידען מיט אַ מעסער...

בשעת לייענען די מגילה אין דער שוהל האָט דער ספּאָדיק און די אַלטעטשקע געטאָן דאָס אייגענע, וואָס נעכטען. נאָך דעם דאַווענען האָט מען זיך געזעצט עסען און טרינקען. נאָך דעם עסען האָט מען זיך גע-נומען מקיים זיין משלוח מנות, נאָך דעם משלוח מנות האָט מען גע-מאַכט ברכה און געגעסען המן-קרעפּלעך, המן-טעשלעך, מאָהנדלעך און געטרונקען ווישניק. נאָך דעם ברכה-מאַכען האָט מען זיך ווייטער געזעצט עסען און טרינקען, מקיים זיין די סעודה, מען האָט געגעסען, געטרונקען, מקיים געווען, געשיכור׳ט, אויף וואָס די וועלט שטעהט. די נאָז האָט געטרונקען מעהר פון איטליכען. איידער איינער האָט אויסגעטרונקען איין כוסה, האָט די נאָז אויסגעטרונקען צעהן, געגאָסען ווי אויפ׳ן שטיין. בקיצור, מען האָט אַזוי פיעל מקיים געווען, געטרונקען, געשיכור׳ט, אַז דער קאַבצאַנסקער עולם איז אויף מאָרגען נאָך שושן-פורים צוריק גע-קומען פון גלופּסק, האָט מען געטראָפען ר׳ שמעלקען נאָך טויט-שכור. אַז ר׳ שמעלקע האָט זיך אויפגעחאַפּט, איז ער געווען ווי אַ דולער פאַר גרויס וואונדער: די פאַרשוינען זענען עפּיס ווי אויסגעטריקענט געוואָרען, אין שטוב איז עפּיס אַ איבערקעהרעניש, קיין זאַך נישט אויף זיין אָרט, וואָס ער זוכט, איז נישטאָ, וואָס ער בעדאַרף, איז ווי אין וואַסער אַריין. ס׳איז איהם אַ גרויס וואונדער, גאָר ניט צום פאַרשטעהן!...

דער אַלטער, זכרונו לברכה, האָט שפּעטער מגלה געווען דעם סוד זיינע מקורבים, די מקורבים דערנאָך זייערע מקורבים און אַזוי איז עס געגאַנגען פון איין אויער אין דעם אַנדערען, ביז דאָס איז בעקאַנט געוואָרען דער גאַנצער וועלט. יענע פאַרשוינען זענען געווען די גוטע כנופיאָ, גאָר דאָס גוטע פעקיל!... די דריי אַלטעטשקע זענען עס געווען די אָבות; דער חאַלאַט אין הויכען שפּיצאַסטען ספּאָדיק — מרדכי, אָנ-געטאָן בגדי מלכות; די טשומערקע — אליהו הנביא; די נאָז מיט ווײמ-פערלעך — דער בעריהמטער שכור לוט, וואָס שלעפט זיך נאָך דעם פעטער אברהם אבינו; די דריי טערקען מיט פליטערלעך און פאַר-

טיבלער — מתתיהו כהן גדול מיט צוויי קינדער, אַנגעטאָן אין חושן ואפוד. דער עלטער האָט געזאָגט, אַז איידער די גאַנצע קאָמפּאַניע איז נעבאַנגען צו ר׳ שמעלקען, האָט זי פריהער זיך געלאָזט מעלדען און ביי איהם נעטומען רשות, ווארום ר׳ שמעלקע איז דאָך זיין הסיד און קאַבּצאַנסק נעהער צו איהם. דאָס הייסט, נעהערען איינענטליך געהער זי צו דּ פריץ, נאָר דעם גראָשען מאכט ער.... דאָס הייסט, דער פריץ האלט די קיה פאַר די הערנער און ער, להבדיל, מעלקט...

ר׳ שמעלקע האָט אָנגעהויבען פון יענעם יאָהר מצליח זיין. סעד׳יל זיין דריט ווייב, נאָך גאָר אַ יונגער, אַ לעבעדיגס, אַ ברענענדיגס, וואָס ער האָט זיי געגומען נאָר פאַר אַ בעל־הבית׳טע אין שטוב אַריין, האָט טאַקי אין ניין חדשים ארום נאָך דער מעשה, וואָס איז געשעהען, געהאַט הנוכה־צייט אַ יונגעל. דאָס איז ר׳ מרדכילע־מתות (אַזוי האָט דער אַלטער געהייסען איהם אַ נאָמען געבען נאָך מרדכי הצדיק און מתתיהו החשמונאי). פון דעם ר׳ מרדכילע־מתית איז אַרויסגעקומען ר׳ יעקב־אליה, היינטיגען ר׳ יודעל קאַבּצאַנסקערס אַ פאָטער.

קאַבּצאַנסק נעהמט זיך שטאַרק איבער מיט דער דאָזיגער מעשה. ססייטש דאָרט ביי איהר זענען געווען אַזעלכע פאַרשוינען! ווער שמועסט ר׳ יודעל, דער איז נאָר ביי זיך פאַרריסען, שטאָלץ ווי אַ רוח. אַ קאַטאָוועס עפּיס, זיין זיידע האָט אויסגעטרונקען אַ קעלער וויין, גע־שיכור׳ט מיט לומ׳ן... און טהום דערפאַר גרויסע שידוכים.

אַז הערשעלע האָט דערנאָך די דאָזיגע מעשה איבערגעדערצעהלט די יונגלעך, איז זי איטליכען שטאַרק נעפעלען. עטליכע יונגלעך האָבען נאָך עדות געזאָגט און זיך געשוואוירען, ווי זיי זענען יודישע קינדער, זיי זאָלען אַזוי הערען שופר של משיח, ווי זיי האָבען עס אַליין מיט זייערע אויערען געהערט פון זייערע טאַטעס דערצעהלען — און אַלע האָבען גע־גלויבט, אַז דאָס איז אמת. צוויי יונגלעך האָבען זיך געשפּאַרט איבער לומ׳ס נאָז, איינער ט־ייט, ניין! אַזוי האָט מיין טאַטע געזאָגט: רויט, אָהן ווייספּערלעך. און דער אַנדערער שרייט אַקעגען: ניין, ניין, מיט ווייספּערלעך! מיין טאַטע ווייסט בעסער, ער זאָגט — מיט ווייספּערלעך! עס ווערט אַ קריעג איבער די טאַטעס, וועמעס טאַטע ווייסט בעסער, איינער דעם אַנדערען נים אין טאַטען אַריין. יונגלעך מישען זיך אַריין, עס ווערט אַ געשריי: ווייספּערלעך, ניטט ווייספּערלעך! גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט איבער זעהר אַ וויכטיגע זאַך, שטאַרק נוגע אין לעבען אַריין, אַזוי וויכטיג, אַ שטיינער, ווי יענע זאַכען, איבער וועלכע

אונזערע געלעהרענטע האָמפּערען זיך אַ מאָל אין זייערע ספרים... מען האַפּט זיך צוליעב דער נאָז אָן פּאַר די נעז, מען גיט זיך צוליעב די טאַטעס אין טאַטען אַריין. הערשעלע איז אויך טרוקען נישט אַרוים און געלייזט אַ דראַפּ אויף דער נאָז צוליעב דעם כּבוד פון זיין טאַטען, פאַר וועלכען ער האָט זיך מוסר נפש געווען... ביי דעם טאַטען אָבער איז דאָס נישט אָנגעלעגט געווען און ער האָט דעם געשרייען זוהן פאַר דעם דראַפּ אויף קידוש השם גוט טאַקי אויסגעשיינעצט אַזוי:

— פע, דיינע מיאוסע גענג!... אַלץ דיינע מעשיות, דיינע נאַרישע, יונגעלשע מעשיות!...

# דאס זיבעטע קאפיטעל.

דער דלות האט אין קאבצאנסק געסווישטשעט גאר א שרעק און די יודישע קינדער דארט זענען געזעסען מיט פארלעגטע הענד, גארנישט צו טאן — און גארנישט טאקי צו קענען, נעבעך, טאן — חוץ דעם דלות ארויסצוטרייבען. מען פלעגט, צונויפקומענדיג זיך אינאיינעם, אין בית־מדרש אונטער'ן אויווען, נאר אלץ אכצען און קרעכצען: נישט די וועלט, וואס א מאל, נישט דאס, וואס פארצייטען!... א מאל איז געווען טע־טע־טע! און היינט — עט... וואס א מאל איז געווען אזוי, איז היינט גאר אזוי... דאס איינענע, דאכט זיך אין פלוג, און פארט א גרויסע נפקא־מינה. פארצייטענס זענען מענשען געווען מענשען, יודען — יודען און געשעפטען — געשעפטען... און היינט, משטיינס־געזאגט, וואס?... ביים אויסלאזען דעם „וואס?" האט מען געוועהנטליך געקוקט איינער דעם אנדערען אין די אויגען אריין, שווייגענדיג שטיל, און געוואַרט הערען א תירוץ אויף דער קשיא „וואס"? — איינער האט געקראצט, געריבען דעם שטערען, געטראכט און האט דערנאך געעפענט דאס מויל און — א געניץ געטאן. דער אנדערער האט, אננעהמענדיג זיך ביים בערדיל מיט א צוגעמאכט אויגעל, א מאך געגעבען מיט דער האנד און עפיס ווי פאר זיך געבעקעט: עט... וויים־איך!... יענער האט, אויפהייבענדיג זיך פונ'ם ארט, אנגעשפארט ביידע הענט מיט אויסגעשפרייטע פינגער אויפ'ן שטענדער, זיך צושאקעלט און געמאכט: איך וועל אייך דער־צעהלען, הערט איהר, היינט איז טאקי נאר, פארשטעהט איהר מיך, משיח־צייט. — מיט דעם ענטפער זענען געוועהנליך אלע צופריעדען געווען. א־טליכען צופלאקערען זיך דערביי די אויגען און מען טהוט זיך

אַ נעהם צום שמיעס וועגען דעם דאָזינגען ענין, אָנגעהויבען האָט זיך עס שטענדיג דערמיט, אַז דאָס היינטיגע זעקס־טויזענדיגע יאָהר איז גאָטס פרייטאָג, נאָך דעם חשבון איז אַצינד ערב שבת נאָך האַלבען טאָג און שוין דאָ אַלע סימנים, אַז משיח געהט, משיח וועט באַלד קומען: די טויערען פון פרנסה זענען צוגעשלאָסען, אין קעשענע נישטאָ קיין פרוטה; אַרץ־פּיאַסקע עזות פּנימער זענען היינט צווישען יודען שרעקליך פיעל; יונגלעך האַלטען זיך פאַר גרויסע לייט, פריצים; אַ דיק, זאַט ביכיל מיינט, אַז אַלע חכמות — אַ כפרה פאַר זיינס אַ בויך־סברא... צרות און גזרות קומען מיט איטליכען טאָג און עס שמעקט שוין מיט דער מלחמה פון גוג־מגוג. איבער גוג־מגוג לעגט מען אַנידער אַ ברייטען שמיעס, עס פאַלען איבער איהם אַלערליי דעות. איינער טהוט אַ נעהם דעם בעקאַנטען ספר „אבקת רוכל“, טיטשעט מיט דעם פינגער און לייענט הויך פאַר אַלע דעם זיבעטען צייכען דאָרט, אַזוי:

„האות השביעי, דער זיבעטער צייכען, הקדוש־ברוך־הוא ווייזט דער וועלט אַ מופת. מען זאָגט, אין רוים איז דאָ אַ מירמעלשטיין, וואָס זעהט אויס ווי אַ בילד־שענע נקבה, אַ מבוערת, און דאָס איז גאָטס אַרבייט, ער אַליין האָט זי אַזוי בעשאַפען. קומען די רשעים צו דער מירמעלשטיינענער יפהפה, ומחממין אותה ושוכבים אצלה, און מאַכען מיט איהר קוצעניו־מוצעניו. זי ווערט מעוברת, והיא מתבקעת, און סעקט אַ קינד מיט דעם נאָמען אַרמילו״ס דער שטן, וועלכען די אומות רופען אַנטיקרי״שטו. ער איז אומגעלומפערט גרויס: צוועלף איילען לאַנג און צוועלף איילען ברייט. די אויגען רויט, האָר — גאָלד געפאַרבט מיט גרינע פיאַטעס און צוויי האַלז־און־נאַקענס. דער דאָזיגער מין פאַרשוין גיט זיך עס אויס דער וועלט פאַר משיח׳ן, געהט און נעהמט איין מדינות. באותה שעה, דענסטמאָל יקום נחמיה בן־חושיאל, שטעלט זיך איהם אַקעגען נחמיה דער זוהן פון חושיאל (דאָס איז משיח בן יוסף!) מיט דרייסיג טויזענד גבורים פונ׳ם שבט אפרים און אין דער דאָזיגער מלחמה ווערט נחמיה בן־חושיאל דערהרג׳עט, און אַזוי געהט שלים־שלימזל ביז דעם אַכטען צייכען. — האות השמיני יעמוד מיכאל, וועט אויפשטעהן דער מלאך מיכאל און בלאָזען שופר, דריי תקיעות. ביי דער ערשטער תקיעה ווייזט זיך משיח בן־דוד מיט אליהו־הנביא, פאַרנעהמט די צדיקים און נאָך יודען צונויפגעלאָפענע, וואָס בלאָנקען זיך אַרום אין דער מדבר און פיהרט זיי קיין ירושלים. גאָט רעגענט

מיט פייער און שוועבעל און האָגעל און דערהרג'עט ארמילו"ס הרשע
ביי דער צווייטער תקיעה, אין דעם ניינטען צייכען, שטעהען די טויטע
אויף לעבעדיג פון די קברים. משיח בן־דוד לאָזט זיך אוועק צונויפנעהמען
די איבעריגע יודען אין אַלע עקען וועלט. פריצים טראָגען די יודעלעך
אויף די פּלייצעס און ברענגען זיי אַ מתנה צו גאָט, קיין ארץ־ישראל...
ביי דער דריטער תקיעה, אין דעם צעהנטען צייכען, ענטפּלעקען זיך די
עשרת השבטים מיט די בני משה, רויטע יודעלעך, גאָר אָהן
אַ צאָהל. יודעלעך לעבען, זיצען זיך אין הויכע ספּאָדקעס אויף די
קעפּ מיט פּאַרלעגטע הענד, קוקען און האָבען הנאָה פון דער לויטערער
שכינה..."

קאַבצאַנסקער יודען שמעלצען זיך, הערענדיג נעבען אויווען, עס
צושפּיעלען זיך זיי די געבליטען, ווערען ביי זיך שטאַרק, זענען גרייט צו
נעהמען פּיילענבויגענס און לויפען אין דער מלחמה... מען פאַרגעסט
אויך נישט די גרויסע סעודה פונ'ם לויתן און דעם שור הבר מיט דעם
יין המשומר. רבה בר בר חנאָ'ס פעטע גענזלעך, פון וועלכע עס רינט
שמאַלץ, ווערען אויפגעגעבען צום בריליאַנטענעם טיש אויף גין־גאָלדענע
פּאָלימעשקעס. צדיקים עסען, טרינקען און לעקען די פינגער. — מיינע
הונגעריגע קאַבצאַנסקער יודען בעלעקען זיך, עס געהט זיי איבער די
סמאַהע, מען הערט, ווי עס בורטשעט זיי אינווייניג אין בויך און זיי
קראַצען, קראַצען זיך, נעבעך... מען לעגט אַוועק פאַר צרות דעם
לויתן און מען נעהמט זיך לעת־עתה צו דער פּאָליטיקע, צו דעם גאַנצען
ענין פון טכסיסי מלחמה, אין וועלכען זיי האַלטען זיך פאַר גרויסע
בריות און טהוען דרינען אויף פּשט'לעך גאַנץ שכל־דיג. די גאַנצע
לאַנד־קאַרטע איז ביי זיי אויסגעמאָלט אויף דער האַנד. און בשעת בעריל
מיט זיין קאָמפּאַניע שמעלען אוים אויף דער דאָלאָניע קירה'ס חיל, אויף
די פינגער דעם תוגרם, צווישען זיי ביידע, אויף דעם קוה חיים, אַ ים,
אָדער דעם פּרוט און עס קעהרט זיך אַ וועלט, איז לייזער מיט זיין
קאָמפּאַניע שטאַרק בעשעפטיגט מיט די שרים זייערע דאָרט, אין הימעל,
אויסווייזענדיג בפירוש פון רש"י, אַז קיינער פון די מלכיות האָט נישט
די מפּלה דאָ אונטען, ביז עס פאַלט נישט דער שר זיינער דאָרט אויבען.
בעריל וויל שוין צומאַכען די פינגער אַזוי, אַז דער תוגר זאָל אומקומען,
אַריינפאַלען אין ים.

— ניין, בערעלע! שרייט איהם לייזער, אומזיסט דיין מיה, דו
עם־הארץ איינער! פאַלען מוז גאָר דער שר של אדום, אַזוי, גראָבער

יונג, שטעהט געשריבען. אַז מען ווייסט נישט, בעדאַרף מען שווייגען און זיך נישט מישען...

בערלען פאַרדריסט עס זעהר שטאַרק און וואָס לייזער זאָל פון אַצינד אָן נישט עפּיס זאָגען, שרייט ער, איהם אויף צו להכעיס, אַלץ פאַרקעהרט. למשל, ווען די צייט איז געקומען איבערצוצעהלען די קאַסע פון געוויסע נגידים און לייזער האָט זיך גענומען געשמאַק צום עסק, האָט געשאַצט על פּי יושר ר׳ איצע גלופּסקערס פאַרמעגען אין צוויי מיליאָן און ר׳ קלמן׳ס פאַרמעגען נאָר אין אָנדערטהאַלבען מיליאָן קערבלעך, איז בערלען אויסגעקומען צו שאַצען דוקא פאַרקעהרט, נישט אַזוי וועלען טרעפען דערמיט ר׳ קלמנ׳ען, ווי לייזערן, און דערפון איז אַ מאָל אַרויס מיאוסע זאַכען. אַ טייל האָבען געהאַלטען מיט לייזער׳ן, אַ טייל מיט בערלען. מען האָט זיך געדונגען, געהאַמפּערט, געווערטעלט: וואָס איז, עפּיס געלט־שמעלט?! ישרנים פלעגען זיך אַריינלעגען אין שלום אַריין: פאָלגט אונז, גיט נאָך בערלען אויף ר׳ קלמנ׳ען, וועט ער אייך נאָכגעבען אויף ר׳ איצען.

— מה רעש? האָט איינער געמאַכט אַ פּשרה: ר׳ איצע האָט אַ מיליאָן זיבען הונדערט־פופציג־טויזענט און ר׳ קלמן אויך אַזוי פיעל, אַ מיליאָן זיבען הונדערט־פופציג־טויזענט קערבלעך. מיר דאַכט זיך, ס׳איז גאַנץ אָרענטליך, ביידע צדדים קענען צופריעדען זיין. לייזער און בעריל בעדאַרפען שטעלען משקה, עס קומט פון זיי בראַנפען.

— קוילעט אונז דאָ פאַר אַ גראָשען, שרייט לייזער מיט בערלען אין איין אָטעם, מיר האָבען אָסור נישט קיין פּרוטה.

— עט, האָט מען געענטפערט, נישקשה, דער שמש וועט באָרגען, גיט איהם נאָר אַ משכון...

אַז ס׳פלעגט קומען צו רעד פון ר׳ יודעל קאַבצאַנסקער, האָט איטליכער געמאַכט אַ מינע מיט אַ ערענסט פּנים. אַלע האָבען געזאָגט פּה אחד, ער איז נישט אַזוי רייך, ווי אָהן עין־הרע אַ מוצלח. נאָר פאַר וואָס איז ער נישט אַזוי רייך, ווי אַ מוצלח? אָט דרינען האָבען זיך געטיילט די מיינונגען. אַ טייל האָבען געזאָגט, אַז אליהו הנביא האָט דענסטמאָל, דענסטמאָל געשיקט דעם ייִדען ר׳ שמעלקען משלוח־מנות אַ יערכען ביימעלע מיט אַ פעניגיל, פון דעם ביימעלע לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויס, אין איהם איז שטענדיג דאָ נאָר אַזוי פיעל געלד, וויפיעל עס קען אַריין, נישט מעהר, נישט וועניגער. ווידער אַ טייל האָבען געזאָגט:

— ניין, אליהו הנביא האָט געשיקט משלוח מנות ר׳ שמעלקע׳ן נאָר אַ ווינשפינגערל מיט דעם שם המפורש. ער האָט אָבער אָנגעזאָגט, ער זאָל ווינשען נאָר אַזוי פיעל צו האָבען, וויפיעל ער בעדאַרף.

— עט! האָבען יענע מיט אַ קנייטשעל געמאַכט, עט און נאָך אַ מאָל טאַקי עט!... ווען אפילו אַזוי — וואָלט דאָך ר׳ שמעלקע בּיים ווינשעניש מיט דעם ווינשפינגערל, אַז עס האַלט שוין בּיים ווינשען, געקענט ווינשען, אליהו הנביא זאָל איהם ווינשען, אַז ער זאָל מעגען ווינשען, וויפיעל ער ווינשט זיך צו־ווינשען!... אוי, אוי, מיר זאָלען עס נאָר האָבען ווינשפינגערלעך, חייסען מיר שוין, וואָס עס וואָלט געווען!...

— אָח־ח־חאָ! — האָט מען געקרעכצט, שלעכט אַרום און אַרום, איין מיטעל טאַקי נאָר אַ ווינשפינגערל. וואָס זאָלען מיר טאָן? אויך פּרנסות. חאָטש צעריים זיך, שונאי ציון, וועט דיר גאָר נישט העל־פען... היינטיגע צייטען צו לעבען, ווי־ס׳איז צו דערהאַלטען די נשמה, בּעדאַרף מען האָבען ריינע נסים...

# דאס אכטע קאַפּיטעל.

אונזער הערשעלע, וואָס האָט שוין געוואוסט, נעבעך, דעם טעם פון נויט, וואָס דאָס יונגע בלוט זיינס איז נאָך געוועזן זודיג־היים, וואָס די דערקוועטשטע נשמה זיינע, אַזוי פריה פאַר דער צייט, האָט זיך, ווי אַ געפאַנגען פייגעלע אין דעם שטייגיל, געשלאָגען, נעבעך, אַרויסרייסען זיך פון דער קלעהם אין דער פרייער וועלט—ער, הערשעלע, האָט זיך אָנגעחאַפּט אין דער ווינשפינגערל מיט אַלע זיינע געדאַנקען און עס גענומען אויף זיינע כּלים. כ׳לעבען, רבונו של עולם, האָט ער בּיי זיך געטראַכט, פאַר וואָס זאָלען טאַקי, גאָר אָהן קאַטאָוועס, יודען, נעבעך, נישט האָבען אַזעלכע מיני ווינשפינגערלעך? פאַר וואָס אַ מאָל, אַז ס׳איז געוועזן דיין גוטער ווילען, האָסט־דו דיינע קינדער ישראל געגעבען מן אין דער מדבר, פייגעלעך, טויבען זענע[illegible]עפלויגען אין מויל אַריין און פון אַ שטיין האָט זיי געפלייצט וואַסע[illegible] צו טרינקען! לאָז זיך דאַכטען, אַז היינט זענען יודען אויך אין דער מדבר צווישען שלאַנגען, עקדישען און דעם פּיפּערנאָטער. — אַך, ווי שען זיין קינדערשער שכל האָט איהם אויסגעמאָלט אַזאַ פינגערל, וואָס אַז מען זאָגט: פינגערל, פינגערל! איך ווינש דאָס, איך ווינש יענס, האָט מען דאָס, וועלכעס מען ווינשט, גאָר אָהן מיה, אָהן קאָפּדרעעניש. אַ תּענוג, כ׳לעבען! אין מעשה־ביכלעך האָט ער בּענעגענט זעהר פיעל וואונדערליכע זאַכען, וואָס זענען געשעהען אויף דער וועלט דורך צויבער, דורך שמות און ווינשפינגערלעך. ער האָט געלייענט, אַ־שטיינער, ווי איינער איז אַ מאָל געפלויגען רייטענדיג אויף אַ רוח איבער טאָלען און איבער בּערג, איבער וועלדער, איבער פעלדער בּיז ער איז געקומען ערגיץ אויף אַ קעמפּע. אויף דער קעמפּע שטעהט

אַ ברילִיאַנטענער שלאָס, אַ פּאַלאַץ מיט הונדערטער חדרים. אַריינקומענדיג אין פּאַלאַץ, זעהט ער: גילדענע טישען זענען געגרייט מיט די טייערסטע קרעדענצען און מען זעהט נישט קיין לעבעדיגע מענשען. נעהמט דער בחור אַרויס זיין ווינשפינגערל און מאַכט: פינגערל, פינגערל! איך וויל עסען, איך וויל טרינקען. דאָס וויל איך, יענס וויל איך, וויל, וויל און וויל. — קומען עס אַריין באַלד פרינצעסינס, בת־מלכות, איינע פון דער אַנדערער שענער, גאָר מחיה, איינגעטונקט אין פּעריל, אין דימאַנטען, אין גאָלד, אין זילבער און טהוען זיך אַ נעהם צום בחור. עס טהוט פּלוצלים אַ זעץ אַ שאַרפע קאַפּעליע, מען פיהרט דעם בחור לעבעדיג מיט אַ מאַרש אין אַ מירמעל־שטיינענער באָד, וואו ער גלייכט זיך אויס די ביינער. דערנאָך הויבט זיך אָן אַ מאָהלצייט מיט גילדענע יויך, מיט דעם טייערסטען ראָזינקעס־וויין. מיינער איז נישט פויל, עסט טרינקט, טהוט זיך וואויל. אַזוי געהט עס ווייטער, ווייטער און ווייטער... דאָס ווינש־פינגערל איז איהם ווי אַ טשוואָק געזעסען שטייף אין קאָפּ, שטענדיג וועגען דעם אַלץ געטראַכט, און ס'איז איהם אין שלאָף אַפילו פונ'ם זינען נישט אַרויס.

דאָס וואָס אַ ווינשפינגערל איז דאָ, איז דאָך אַ געוויסע זאַך, און ער האָט דרינען היילינג געגלויבט, וואָרום אַזוינס האָט ער דאָך געהערט אויך פון זיין טאַטען. אַ טאַטע ווייסט... סטייטש, פון וואַנען האָט ער דען געהערט יענע אַלע מעשיות פון יענער וועלט, פון אַלסדינג, וואָס קאָכט זיך אין גיהנום, אין גן־עדן, פון מלאכים, בעלי־שמות, מכשפים, שדים און רוחות, ווען נישט טאַקי פונ'ם טאַטען. היינט ווען ער זאָל נישט גע־וועהן גלויבען אין „גרונט“ אַריין, אין דעם אני מאמין, אַז אַ טאַטע ווייסט“, וואָס־זשע וואָלט געוואָרען, חלילה, פון זיין ביסעל יודישקייט?!...

כל־זמן הערשעלע איז נאָך געווען אַ יונגעל, פלעגט ער אַליין טראַכטען, אַז ווען ער זאָל נאָר האָבען אַ ווינשפינגערל, וואָלט ער זיך געוואונשען אַ וואַרעמע, פרישע בולקע מיט אַ ראָסעלפלייש און אַ פעטען קוגעל גאָר אין מיטען דער וואָך, ווייל דענסטמאָל פלעגט עס זעהר אָפט ליידען הונגער, ניט פאַר יודען געדאַכט, און קיין בעסערס פון אַזעלכע מאכלים איז דאָך אויף דער גאַנצער וועלט מעהר שוין נישטאָ. אויך וואָלט ער געוואונשען, אַז אַלע מלמדים און חדרים זאָלען, אינאיינעם מיט די סידורים טאַקי, פערשוואונדען ווערען מיט דעם רויך, ער זאָל פון זיי טאַקי, רבונו של עולם, קיין זכר נישט בלייבען, ווייל אָנקוקען האָט ער נישט געקענט דעם חדר און דעם מלמד זיינעם, דעם רוצח. פון דער

מוזיקע האָלט ער זיך געוואונשען אַ גוטען שופר=בלאָזער און אַ קאַטערינשטשיק, וואָרום קיין אַנדערע מוזיקע, חוץ אַ שופר אַ גאַנץ חודש אלול און אַ קאַטערינקע, וואָס איז אויף עטליכע טעג פערוואָרפען געוואָרען אַ מאָל אין זיין שטעדטיל, האָט ער נישט געהערט. — שפּעטער, אַז ער איז עלטער געוואָרען און אָנגעהויבען צו פיהלען אַנדערע מיני בעדערפנישען, האָט ער אויך געהאַט אַנדערע מיני ווינשעניש. דענסטמאָל וואָלט ער זיך געוואונשען אַ בת=מלכה, אַ פּרינצעסין, אַ שטוב מיט אַ בעל הבית'ישקייט, עטליכע ציגען מיט אַ צוויי=דריי בהמות.

די בת=מלכה האָט אונזער הערשעלען זיך דענסטמאָל געמאָלט אין דער געשטאַלט פון ביילען, אַ יאָרערדיג מיידעל, אַ דיקס, קורץ געוואַקסען מיט רויטע פּולע באַקען, אַ פּעררויסען נעזיל און שוואַרצליכע=ברענענדיגע אויגען.

איהר טאַטע בן=ציון צביה'ס — אַ גלעזער און דערביי טאַקי שוין אויך אַ שטיקעל אַרכיטעקטער, נישט אַזאַ מייסטער מיט דער האַק, ווי אַ מבין—האָט געהאַט זיין אייגענע שטוב, די דריטע פון הערשעלעס טאַטענס הויז, און ווי דער שטייגער איז יודישע שטעדטלעך, איז אַ נאָהענטער שכן אַ אייגענער מענש, געהער צו דער משפחה און מאַכט אויס מעהר ווי אַ לייבליכער קרוב אין די גרויסע שטעדט. קליינשטעדטילדיגע שכנים וויסען איינער ביים אַנדערען אַ מינדסטע זאַך, וואָס מען רעדט, וואָס מען קאָכט וואַרמעס, איטליכס פּיצעלע, וואָס טהוט זיך אין שטוב. איינער דעם אַנדערען קוקט=נאָך, צאַטעוועט ווי אַ שפּיאָן. מען קריגט זיך, זידעלט זיך און מען בעט זיך איבער, ווידער אויף דאָס=ניי צוקריגען זיך. שכנות קריכען איינע צו דער אַנדערער נאָך אַ קויל פּייער, לייען אַ האַקמעסער, אַ ריבאייזען, אַ כשר=שטיין, אַ פּאַרעווען טאָפּ, אַ וויקשעפּיל און אַ איי אויף חלה=שמירען, האַלטען זיך אַ עצה, אויף וויפיעל אייגלעך אָנצוהויבען די פּיאַטע, ווען אָבצולאָזען און פערשליסען דעם זאָק, פּאַרהערען זיך אין איינגעמאַכטס=פּרעגלען פון אַגרעסען, און אויספּלעכטען דעם פּורים=קוילעטש און אָבצוויקלען די קישעלעך. טראָגען איינע צו די אַנדערע ווייזען אויף חידושים דעם המנטאַש אויף פּורים, דעם קניש און דעם פּיינקוכען אויף שבועות; איינע ווינשט דער אַנדערער: דערלעבט איבער אַ יאָהר אין פיעל גוטס מיט דעם מאַן און די קינדער! טראַכטענדיג אַ מאָל אין האַרצען: פּוקע זיך, שלימזלניצע, נעהמען זאָל דיך דער רוח!...

הערשעלעס מאַמע און ביילעס האָבען געלעבט צווישען זיך ווי נאָהענטע שכנים, און הערשעלע אַליין איז קינדרוויז שטאַרק חבר געווען מיט ביילע'ן: פּלעגען לויפען, שפּילען זיך אין זשמורקעס מיט נאָך חברים און חבר'טעס,

מאַנצען, שפּרינגען באָרפיסערהייט נאָך אַ רעגען אין די קאַליזשעס און זינגען ביידע, האַלטענדיג זיך ביי די הענטלעך, דאָס בעקאַנטע לידעל.

„אַ זון מיט אַ רעגען,
די כלה איז געלעגען.
וואָס האָט זי געהאַט?
אַ יונגעלע.
ווי אַזוי האָט עס געהייסען?
משה׳לע.
וואו האָט מען עס געווינגט?
אין אַ וויגעלע.
וואו האָט מען עס בעגראָבען?
אין אַ גריבעלע״.

ביילע פלעגט אַ מאָל אין שפּאַס אַנשטאָט משה׳לע זאָגען: „הערשעלע״, און הערשעלע פון זיין זייט האָט אַנשטאָט „די כלה״ געזאָגט אויף קאַטאָוועס: „ביילעניו״... ביילע פלעגט קענען דערצעהלען מעשיות פון גזלנים, מכשפים, מכשפה׳טעס און פון אַ רב מיט אַ רביצין. הערשעלע פלעגט אויסהערען איהרע מעשיות, קוקענדיג איהר אין מויל אַריין מיט גרויס פערגניגען און גאָרנישט. — ביילע איז פאַר איהם געווען דאָס אייגענע וואָס פייטיל, מאָטיל און נאָך אַנדערע חברים. נאָר שפּעטער אַ ביסעל, אַז הערשעלע איז שוין אַ גמרא־יונגעל, הויבט ער פלוצלים, פון דער העלער הויט, אָן פאַר איהר זיך צו שעהמען, אַליין נישט רעכט צו וויסען פאַר וואָס, פאַר ווען? גאָרנישט, גלאַט אַזוי, ער שעהמט זיך... ער האָט צוגלייכער צייט זיך געשעהמט, אויך טאַקי שטאַרק חשק געהאַט צו איהר, האָטש פונדערווייטענס אָנצוקוקען זי. און ווען ס׳איז אַמאָל אויס־געקומען צונויפקומען זיך מיט איהר אינאיינעם, פלעגט ער רויט ווערען און אַראָבלאָזען די אויגען. זי האָט אויף איהם קוקענדיג אויך אָנגעהויבען זיך צו שעהמען און ביידע האָבען געזוכט איינער דעם אַנדערען ווי מעגליך אויס־צומיידען. נאָר וואָס מעהר ער האָט זי אויסגעמידען, האָט איהם אַלץ מעהר דאָס האַרץ זיינס צו איהר געצויגען. איהר קול האָט איהם ליעב־ליך געקלונגען אין די אויערען. איהרס אַ וואָרט פונדערווייטענס איז איהם זיך צוגאַנגען אין אַלע אברים. קיין בעסערע, קיין שענערע פון איהר, האָט זיך איהם געדאַכט, איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ. ער האָט שוין געוואוסט דענסטמאָל פונ׳ם לערנען, אַז קוקען אויף אַ אשה און טראַכטען פון איהר, איז אַ גרויסע עבירה. נאָר ווייל ער האָט עס גע־

וואוסט, דעריבער מאַקי האָט זיך איהם ערשט נעגלוסט; ווייל ער האָט געלערענט, אַז דאָס איז אַ עבירה, דעריבער מאַקי האָט עס איהם, ווי אויף צו להכעיס, שטאַרק געצויגען דווקא אויף ביילען צו קוקען, און ווייל דאָס איז געווען אַ געהאַקטער קוק בגנבה, נישט גאַנץ פריי, ווי פריהער, דעריבער האָט ער מאַקי עפּיס געטראַכט... געטראַכט און זיך געשעהמט. — אַז הערשעלע האָט, רייבענדיג זיך צווישען קאַבצאַנסקער לייט, איבערגענומען ביי זיי דעם שטיינער פון ווינשען אינאיינעם מיט דער מעשה פונ׳ם ווינשפינגערל, האָט ער זיך געוואונשען אַ בת־מלכה, דאָס הייסט — ביילען.

דאָס ווינשעניש אין קאַבצאַנסק איז געווען איינע פון די גאַנץ געוועהנליכע בעשעפטיגונגען, צו אונטערהאַלטען זיך און פאַרברענגען דערמיט אַביסעל די צייט — אַ בעשעפטיגונג, וואָס איז געקומען פונ׳ם שטענדיגען ליידען מאַנגעל אין די נייטיגסטע בעדערפנישען און פונ׳ם לעדיג זיצען אָהן פּרנסה. אַזוי לינט שוין בטבע פונ׳ם מענשען: „דאָס וואָס געהט אָב, געהט נישט אַרויס פונ׳ם זין, מען באַגיטיגט זיך האָטש מיט דעם טראַכטען דערין“... „האָפנונג און ווינשעניש איז דער נויטס מלאכה, דאָס משוגע זיין איז פאַר וואוילטאָג און הצלחה“. אַזעלכע גרויסע בריות אין דעם ווינשען, ווי קאַבצאַנסקער יודען, זענען נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט: פריער, לעדיגע צייט האָבען זיי גענוג, אין צרות זענען זיי, ברוך השם, אויך נישט זשעדנע, היינט וואָס־זשע איז דאָ פאַר אַזאַ וואונדער, אַז אין דעם ענין ווינשעניש האָבען זיי דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה מעהר פון אַלע לייט אויף דער ערד! וואָס נאָר עפּיס אַ שמיעס, איז ביי די קאַבצאַנסקער באַלד אַ ווינשעניש. לאָמיר אָנהאַפּען, למשל, דאָס, אַ שטייגער: שמיעסענדיג פון ים אוקינוס קען זיך איינער, פערגינען צו־ווינשען: אַזוי פיעל געלד זאָל איך האָבען, וויפיעל זאַמד אויפ׳ן ברעג זיינעם אַרום און אַרום! — עט, מאַכט דער צווייטער, דער גאַנצער ים זאָל זיין טינט און איך זאָל האָבען אַזוי פיעל, וויפיעל, מען וואָלט מיט דעם טינט געקענט אָבחתמנען טראַטעס, איטליכע אויף טויזענט קערבלעך!... — און איך, ווינשט דער דריטער, אויפהייבענדיג מיט אַ זיפצעלע די אויגען צום הימעל: ביידע זאָלט איהר שטאַרבען, רבונו של עולם, און איך אַליין זאָל אייך ירשה׳נען... גוט צוברענגען פלעגט מען געוועהנליך די זומערדיגע ליכטיגע אָוענטען. עס וועט גאַנץ גענוג זיין אויסצומאָלען דאָ אַ קאַרטינקע פון איין אָוענט אַזעלכען:

אין די הייזער ברענט נישט קיין ליכט. מיר און טויער זענען

אָפּען. מען עסט וועטשערע פּאַר דער לבנה. נאָך דער וועטשערע שיטען זיך, ווי די מורעשקעס, אַרויס פון די הייזער: מאַנסבילען אָהן קאַפּאָטעס, אין די איינע טלית־קטנ׳ס, ווייבער צושפּילעט, נאָר אין די אונטערשטע קליידלעך, קינדער אויסגעטאָן האַלב נאַקעט. שכנים אַ גאַנצע קופּע לעגען זיך אויס אין דרויסען, יונג און אַלט, קינד און קייט, אַלע אינאיינעם. גילדענע פּאַסען פון דער לבנה שלאָגען זיך דורך ערגיץ צווישען דעכלעך, ציהען זיך איבער קעפּ, איבער פּיס אין דער קופּע מענשען, קריכען ווייטער, ווייטער, טאַנצענדיג אויף ווענט, אויף פלייטען און וויזען אָן דאָ אַ קאַץ, וואָס דראַפּעט זיך, ניסטערט אויף אַ דאַך, דאָרט קיה אויסגע־שטרעקט אויף דער גאַס, מעלה־גרה׳ן, אונטערשמייסענדיג זיך פאַמעליך מיט די ווידלען און קייכען, זיפצען מיט אַ חריפ, עפּיס ווי פונ׳ם בויך.— די ערשטע עטליכע מינוט איז איטליכער בעשעפטיגט מיט זיך, מען גע־ניצט, סלוקערצט, מען טרייבט פליי און מען קראַצט זיך. ווייבער הויבען דערווייל אָן דעם שמיעס וועגען דער היינטיגער וועטשערע, איטליכע מיט איהרס: ביי דער זענען די שטשיפּקעס בע׳טעמט געווען אַזוי, אַז דער מלכות האָט עס געמעגט עסען; ביי יענער איז דער אַרבעס צוקאָכט געווען ווייך, ווי מאַרך, אַז מען האָט געלעקט די פינגער. איינע דער־צעהלט דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפען: פאַר אַ גראָשען האָט זי געהאַנדעלט אין מאַרק אַ מציאה — אַ רעטיך, גרויס ווי דער קאָפּ, פון וועלכען מען האָט גענוג געגעסען אין דער פריה, אויך אַצינד אויף דער נאַכט און ס׳איז נאָך איבערגעבליבען אַ היבשע שטיק אויף מאָרגען, מען זאָל לעבען און געזונט זיין! אַלע רעדען הויך אויף אַלער־ליי דינע, קוויטשעדיגע קולות. די מאַנען ברומען לעת־עתה אונטער, מישען זיך אַריין נאָר, ווי פון יוצא וועגען, גלאַט אַזוי מיט אַ וואָרט. זיי לעגען זיך דערנאָך מיט דעם בויך אַרויף און, פערקוקענדיג זיך אויף דעם אויסגעשטערענטען בלויען הימעל, נעהמט מען זיך געשמאַק שמיעסען, וואָס טהוט זיך אַזוינס דאָרט אויבען. די לבנה ווייזט זיך אויפ׳ן אָרט, וואו דער עולם ליגט: מען קוקט אין איהר אָן די ליכטיגע צורה פון יהושע און איטליכער מאַכט: אוי, אַ נאָז מיט אויגען!... איציק און בערל, וואָס האַלטען זיך פאַר שטיקלעך שטערענזעהער, חקרנים, טייטען מיט פינגער אויף דעם „אלף־בית“ פון די שטערען און האַמפּערען זיך וועגען דעם „תיו“ און „חית“. דער איבעריגער עולםטהוט צוליעב זיי ביידע. איטליכען פון די צוויי חקרנים, וואָס טייטעלט איהם מיט אַ פינגער, גיט מען נערעכט, שווערענדיג זיך: יאָ, אמת טאַקי, איך זעה, זעה, ווי איך בין אַ יוד!

— אַי, אַי! צושרייט זיך שטאַרק פּערוואונדערט אַ ייד, עפּיס אַזוי פיעל שטערען דאָרט, דאָרט איז די געפּלעקטע, ווייסליכע פּאַסען, אַנגעזעצט ווי מאָהן! אַזוי פיעל רענדלעך ווינש איך מיר צו האָבען...

— געהט שוין, געהט! — מאַכט דער אַנדערער, — איך לאָז פּאַר העלוועלער, פאַר איטליכס שטערענדיל אַ קאָפּיקע.

עס געפינען זיך בעלנים אויף נאָך וועלוועלער, צווי, פינף. צעהן פּאַר אַ גראָשען, און בשעת יודען טאָרגעווען זיך דאָ אַזוי, רעכענען, צעהלען, לאָזען אָראָב די מקחים און וואַרפען דעם קורס פון די שטערען, זיצט דאָרט אין דער זייט איינער עפּיס אַ לץ, דרשה'ט און זאָגט גלייכע ווערטלעך. די ווייבער אַרום איהם שרייען קלאָמפּערשט: פּע, גענוג! פּאַר־שטעקענדיג זיך די אויערען, הערען זיך אָבער זעהר גוט צו און קייכען פאַר געלעכטער... קינדער זיצען אויך נישט לעדיג, קיצלען זיך, דער־לאַנגען איינער דעם אַנדערען אַ קלאַפּ, אַ שנאָל אין דער נאָז הינטען אַרום. דער פון דער נאָז טהוט אַ קוויטש, יענער פונ'ם שנאָל מאַכט זיך צום תם, נעבעך, גאָר אַ צדיק אין פּעלץ און בייזערט זיך קלאָמפּערשט: שאַ, שאַ! מאַמעס שילטען די קינדער, בענומען זאָלען זיי הלוואי ווערען, און אַגב טאַקי זיי מכבד מיט אַ קניפּ. די טאַטעס וואַרפען אַוועק די טאָרגעס און פאַלען פלוצלים פונ'ם הימעל אַראָב אויף דער ערד. דעם האָט אַ זשוק זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין באָרד, יענעם אין די פּאות, דעם דריטען קריכט עפּיס אונטער'ן העמד דאָרט אויפ'ן רוקען. אַ רויטע קוה, אַ פּרעסערין, פון וועלכער עס האָט זיך אָבגעטאָן דער שלאָף, פּערקריכט, ביים שטשיפּען גראָז, אין דער זייט גאַס ביז צו דער גאַנצער עדה יודען, דרעהט זיך צו זיי אוים מיט דעם הינטען, מחילה, און פיהרט זיך עפּיס אויף פּע, נישט מיט דרך־ארץ. אַלע ווידלען זי מיאוס אָב, טרייבען זי און שרייען: היידאַ! אין איין קול. זי דרעהט זיך געשווינד אוים פון יודישע הענד און לויפט אַ הין אין איהר רוה אַריין. דערפון שפּינט זיך עפּיס אַ לאַנגער שמועס: ועמענס קוה איז דאָס? וויפיעל מילך גיט די קוה? וויפיעל איז די קוה ווערט? „שאַ, וויפיעל, מיינט איהר, יודען!" טהוט פלוצלים איינער אַ פרעג: „זאָל ווערטה זיין די גאַנצע קאַבצאַנסקער טשערעדע, שוין מיט די ציגען אינאיינעם?" איינער שאַצט עס אַזוי פיעל, דער דריטער ווינשט זיך דאָס צו האָבען, וויפיעל ס'איז ווערטה מעהר. איטליכען בעזונבען חאַפּט אָן אַ ווינשעניש און מען ווינשט, ווינשט, ביז די צונג ווערט מיעד רעדענדיג און מען הערט פונדערווייטענס, ווי איינער חראָפּעט שוין אָהן עין־הרע געשמאַק. די מאַנען טרייבען די ווייבער

קומט שלאָפען! די ווייבער מיט זייער חן קווינקלען זיך קלאָמפערשט: עס גלוסט זיך זיי גאָר נים געהן אין בעט אַריין און וואָלטען די גאַנצע נאַכט גערן דאָ, אין דרויסען, געשלאָפען; אַ יונג פּאָר פּאָלק געהט אַוועק באַלד טאַקי, די איבעריגע מאַכען שיהות, דינגען זיך, ביז פון ערגיץ אַ ווינקעלע שפרינגט אַרויס פלוצלים אַ ציג, וועלכע אַ פּאָר ווייסע־חברה'ניקעס האָבען איבערגעשראָקען, אונטער'גנבה'נענדיג זיך שטילער־הייט צו איהר אויף דער פריזבע דאָרט; זיי נאָך איהר און זי אין גרויס אַיילעניש, יאָגעניש, פּוץ אַריין צווישען דער קופּע יודען. עס ווערט אַ מהומה, אַ קאָכעניש, מען גיט זיך אַ הייב אויף גיך און בטלנ'דיג חלומות, צולויפט מען זיך געשווינד, איינער נאָך דעם אַנדערען נישט צו זאָגען אפילו אַ גוטע נאַכט! —

# דאס צווייטע בוך.

## ערשטע קאַפּיטעל.

אַז די הייליגע תּורה זאָגט; „יששכר חמור, יששכר איז אַ עזעל, ־רם, אַ בּרייטבּייניגער, רובץ, וואָס הויערט, בּין המשפּתים, צווישען די געמאַרקען", וועט נאָכדעם, דאַכט זיך, קיינעם שוין נישט פריקרע זיין דאָס פערגלייכעניש פון אַ יודיש בּר־מצוה־יונגעל צו אַ לאָשאַקיל בּיים נעהמען עס צו דער אַרבּייט. — עס לויפט זיך אַ קליין לאָשאַקיל הינ־טער דעם וואָגען, וועלכע די וויסטע מאַמע זיינע, די שקאַפּע, שלעפּט נעבּעך, איינרייסענדיג זיך דאָס געזונד און חאַפּענדיג הינטערווייליכס אַ שמיצעל, גאָרנישט, עס זאָל איהם דאָס אָנהויבּען צו אַרען. עס לויפט זיך פריי, יאָגט הענדום־פּענדום, דריגעט מיט די פיסלעך, טאַנצט, שפּרינגט האָץ־האָץ־האָץ לעבּעדיג־פרעהליך, פעררייסענדיג דעם וויידעל, און האָט הנאה פון לעבּען. פּלוצלים טהוט מען איהם אָן אַ ציימיל, מען שפּאַנט עס צו מיט אַ שטריקעל צו דער פערוואָגעלטער מאַמען, געה, בּחור, גיט מען איהם שטאַרק אָנצוהערעניש מיט דער בּייטש, געה, בּחור, אויפ׳ן דראָנזשיק! דאָס האַרץ רייסט קוקענדיג, ווי יונגערהייט איז עס, נעבּעך, דערשלאָגען, ווי יונגערהייט געהט עס בּעטריבּט, פעראומערט אין דעם שווערען יאָך. אין דער־ערד איז, נעבּעך, זיין קאָפּ, אַז אָך און וועה צו זיינע יונגע יאָהרען!

אונזער הערשעלע ווערט בּר־מצוה — אַ לאָשאַקיל שוין מיט אַ ציימיל! זיין קעפּיל און זיין דאַר־קינדערש הענטיל, נעבּעך, זענען געבּונ־דען, געוויקעלט שטייף מיט רימענס, רצועות. דאָס ערשטע מאָל מאַכט

ער דעם „לשם יחוד“ מיט לייב און לעבען און אַלע זיינע קרעפטען צו זיין פון היינט אָן משועבד, איינגעשפּאַנט אין דער עבודת הבורא...

„וארשתיך לי לעולם“ און איך האָב דיך פערקנאַסט צו מיר אויף אייביג! זאָגט הערשעלע, אַרומדרעהענדיג די רצועה אויפ'ן פינגער. אַ צווייטען מאָל אַ דרעה און ווייטער „וארשתיך“! אַ דריטען דרעה און ווי־דער „וארשתיך לי באמונה“ איך האָב דיך פערקנאַסט צו מיר מיט דעם גלויבען „וידעת את ה'“ און דו זאָלסט ויסען, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען!...

— גענוג, הערשעלע, זיין אַ יונגער! דערמאָנגען איהם אויך די עלטערן מיט אַ מוסר. — אויס פריי! שוין צייט צו זאָרגען, צייט אין זינען צו האָבען עפּיס תכלית־זאַכען... קום, לאָשאַקיל, אויפ'ן דראָנ־זשיק, קום שלעפּען דעם יאָך, קריעה רייסען אויף דעם שטיקעל ברויט, פערשוואַרצט ווערען מיט אונז אינאיינעם!

— צוויי מאָל מזל־טוב דיר, קאַבצאַנסקער אָרעם בר־מצוה־בחור'ל! מזל טוב דיר מיט דעם „עול עבודה“, מיט דעם יאָך פון עבודת הבורא! און מזל טוב דיר אויך מיט דעם „עול דרך ארץ“ מיט דעם יאָך פון דער ביטערער פרנסה אין דעם וויסטען לעבען! געזעגען זיך אָב מיט דיינע יונגע יאהרען — דו בינסט געבונדען! האָב מורא פריי דעם קאָפּ אויפצוהייבען — ס'איז אַיין עבירה, מען טאָהר נישט!... זאָרג, זיפץ, קרעבץ און לאָז דיר דאַרען, טריקענען דער מוח...

און אַזוי ווי הערשעלע האָט געהאַט אַ שען קוויטשיג קול'כען, האָט דער טאַטע דרינען געזוכט דעם תכלית, געוואָלט דערפון מאַכען אַ פרנסה — דאָס זוהנדיל זאָל איהם אונטערהאַלטען ימים־נוראים דאָרט אין דעם [גלופּסקער קלייזיל, וואו ער איז שוין היבשע עטליכע יאָהר כסדר געווען אַ בעל תפלה. בר־מצוה איז הערשעלע געוואָרען נאָך שבת־נחמו, פונקט טאַקי אין דער צייט, ווען בעלי־תפלות הויבען אָן זיך צוגרייטען צום דאַוונען, ווען זיי שטעלען די „כלי“, פּריווען דעם האַלז, פאַרהערען זיך אין שטייגער; ווען עס לאָזט זיך אין די אָוועגטען הערען, ווייט אויף דער גאַס, שטיקלעך פון דער ראש־השנה'דיגער „שמונה־עשרה“ אויף וויינענדיגע, טרויעריגע נגונים.

נישט דער סאָלאָוויטשיק, דער זיסער וואַלד־זינגער פאַר אַ וועלט מענשען, נישט ער איז דער משורר פאַר יודישע קינדער; נישט פאַר זיי שפּיעלט ער זיינע שענע לידער וועסנע־צייט אין „ספירה“, אויפוועקענדיג דערמיט אין לייטישע הערצער געשמאַקע געפיהלען פון ליעבשאַפט —

ניין! דעם יודענס סאָלאָוויטשיק איז דער בעל־תּפלה, געפּיהלען פון ליעבשאַפט וועקט ער אין איהם אויף מיט דעם וואונדער־שענעם „אתּה זוכר" און זיסע ליעבליכע ווערטער פון די הייליגע נביאים. דעם יודענס ליעבשאַפט איז געטליך ריין, האָט נישט, ווי גאָט, קיין בילד, קיין גע־שטאַלט, ער ברענט, ער איז פערקאָכט, ציהעט זיך פאַר גרויס חשק מיט אַלע זיינע געדאַנקען אַ הין, אַהין — צו דער הייליגער שכינה דאָרט אין הימעל...

„כּה אמר ה׳! אַזוי זאָגט גאָט, שרייעט אויס הויך אויף אַ קול דער בעל־תּפלה: „זכרתּי לך חסד נעוריך", אוי געדענק איך דיר, כּנסת ישראל, דאָס גוטסקייט דיינס אין דער יוגענד, אהבת כּלולותיך, די ליעבשאַפט דיינע כּלה׳וויז, לכתּך אחרי במדבר, דיין שפּאַצירען־געהן מיט מיר אין דער מדבר, בּארץ לא זרועה, ערגיץ אין אַ העק עפּיס דאָרט. — עס גיט דעם יודען אַ בּריה, אַ צופּ בּיים האַרצען, ער צאַ־פּעלט, פלאַטערט, שטרעקט אויס די הענד מיט אַ היים געבעט טיעף פון דער נשמה: אַי־אַי־גאָטוניו, ליעבער, זיסער רבּונו של עולם! —

און איידער נאָך ער קומט צו זיך, צו־יאַחמערט זיך דער בעל־תּפלה, צו־גיסט זיך און לאָזט אַרויס אין זיסע ריהרענדיגע שטייגער: „הבן יקיר לי אפרים, אַ טייער זוהנדיל איז מיר אפרים־לעב, אם ילד שעשועים, אַ קינד־אַ טרייסט, כּי מדי דברי בּו, ווען איך רעד פון איהם, זכור אזכּרנו עוד, קומט ער מיר אויפ׳ן זינען אַלץ מעהר. על כּן המו מעי לו, דאָס האַרץ געהט מיר אויס נאָך איהם, רחם ארחמנו נאם ה׳, אַ גאָטס רחמנות, נעבעך, אויף איהם". — מיין יודעלע שטעלען זיך אין די איי־געלעך טרערען, מאַכט פּיסקעלעך ווי אַ קינד, עס וויינט אין איהם דאָס הערצעלע און פּיסטעט זיך: אוי, טאַטעניו! הייליג, ליעבהאַרצ׳דיג, געטריי פּאָטעריל!...

דעריבער פערזאַמלען זיך, ווי די בּינען אַז דערשמעקען ערגיץ האָניג, רעדלעך יודען הינטער די פענסטער פון לייזער־יאַנקיל׳ס שטוב, וואו ער אַרבּייט געשמאַק אין „ונתנה תּוקף" און נאָך אַזעלכע גוטע שטיקלעך. לייזער־יאַנקיל זעצט ווערטער, צוגיסט זיך אויפ׳ן העלזעלע אין שטייגער, איבערגעהענדיג פון דער געמבּע אין אַ בּיי־קול, און הערשעלע ענטפערט איהם אָב אויף אַ קוויטש. בּיידע האָרעווען, געהען אָב מיט שוויס, קולות אַלערליי פליהען — דאָס פון איטליכען בּעזונדער, איינער נאָכ׳ן אַנדערען כּסדר און דאָס אויסגעמישט אינאיינעם, דרעהעלעך מיט אַ צוק אַהער און אַהין, דער אַ קוועטש אַראָב, בּרומענדיג מיט

אַ פרעג אויף דער גראָבער סטרונע, יענער אַ הייב פון אונטען אַרויף, אויסקוויטשענדיג אַ ענטפער אויפ'ן גליינקיל. די העלזלעך אַרויסגעשטעקט בים־באַם־בים — און יודען הינטער די פענסטער זענען זיך מחיה הערענדיג.

אַזוי קנאַקט דער קאַבצאַנסקער סאָלאָוויטשיק, שפּילט זיינע טרויערדיגע־זיסע נגונים אין די אָווענטען ביז אַ פּאָר טעג פאַר סליחות, וואָס דענסטמאָל ווערט ער אַנשווינגען און קלייבט זיך אין וועג אַריין אין איין צייט מיט די שוועלבעלעך און אַלע אַנדערע זומער־פייגעלעך. זיי אַ הין, ערגיץ אין די וויטע, וואַרעמע לענדער, און ער מיט הערשעלען קיין גלופּסק, דאָרט אין קלייזל...

שאַ, שטיל איז סליחות־צייט אין דעם וואַלד, ווי אין קאַבצאַנסק שבת, ווען דער עולם שלאָפט נאָך מיטאָג, און דאָס שטילקייט דאָרט וואַרפט אַ מרה־שחורה. די ביימער שטעהען פערטראַכט, פערזאָרגט, גאָר נישט דאָס פּנים, דאָס געשטאַלט וואָס פריהער. זייער שאָקלען מיט די צווייגען — דאָס איז אַ ברעכען מיט די הענד, זייער זשומען — דאָס איז אַ ביטערער יאָמער, אַ זיפצען, אַ קרעכצען פון אַ געטרייער מוטער, וואָס בלייבט איבער אַליין נאָכדעם ווי איהרע קינדער צופאָהרען זיך אין אַלע זייטען. דאָרט וואו עס האָט ערשט געלעבט, זיך גע'רעש'ט, געזונגען, געשפּרונגען אין איטליכעם ווינקעלע, איז אַצינד שטיל־רוהיג ווי אויף אַ בית־עולם. אַלסדינג דאָרט דערמאָנט אין דעם צושיידען זיך מיט די ליעבע, טיעף אין האַרצען איינגעבאַקענע. נישטאָ דאָס פריהערדיגע לעבעדינקייט, דאָס פרישקייט און אויפגערייטקייט, אַלסדינג שטעהט עפּיס ווי ברוגז, זעהר אומעטיג. דער הימעל קוקט אויך נישט פריינדליך און איז עפּיס שטאַרק אָנגעבלאָזען. וויסט איז די נעסט — די פייגעלעך זענען זיך צופלויגען... פערזאָרגט, פערטראַכט שטעהט דער וואַלד, גלייך ווי ער פיהלט, אַז דאָס אויפהייבען זיך און אַוועקפליהען פון זיינע שפּיעל־פייגעלעך בעוויזט נישט אויף קיין גוטס. ער מעג זיך ריכטען, אַז באַלד־באַלד וועט זיך אָנרוקען אויף איהם אַ חמאַרע — דער ווינטער מיט זיינע ביטערע קעלטען. און ער איז אַצינד דעריבער פעראומערט, שטאַרק בעטריבט.

שאַ, שטיל, ווי סליחות־צייט אין דעם וואַלד איז אַצינד אויך אין קאַבצאַנסק. מיט לייזער־יאַנקיל'ס ריהרען זיך, האָט זיך אויך גערירט אפשר אַ האַלב שטעדטיל. ס'איז אַוועק קיין גלופּסק, ווי געוועהנטליך, אַ טראַנספּאָרט מיט אַלע סאָרטען לעבעדיגער סחורה, זוכען אין גלופּסק דאָס שטיקעל פּרנסה.

קאַבצאַנסק האָט געשפּירט די ביטערע צייט, עס נעהט אויף דעם עולם דער ווינטער מיט אַלע זיינע בעדערפנישען: הייצונג, אַ שוך, אַ קלייד, און מאַקי עפּיס עסען אויך. נישטאָ דער זומער ווען מען, קומט איבער עס־אַזוי מיט גרינוואַרג און פּטר'ט אָב דאָס לעבען ווי עס איז מיט שהי־פּהי, מיט אַ רעטעכיל, אַ גרין אונערקעלע, מיט אַ קנאָבעל, אַ ציבעלע, אַבי פערשטאָפּען דעם מאָגען, אויסשטעהן איהם דעם בלבול וועגען דער אכילה... און דער גוטער אַלמעכטיגער גאָט, וואָס דער־נעהרט אַלע זיינע בעשעפעניש, פונ'ם גרויסען חיזיל־טיער ביז צום קליין חערמיל אין איי, ער מוטה עס בייצייטענס אָן די זומער־פייגעלעך: פליהט זוכען אייער שפּייז אַהין אין די וואַרעמע לענדער — און איהר קאַבצאַנ־סקער יודען: שלעפּט זיך, אָרטינקע יודעלעך, זוכען אייער פּרנסה אין דער פרעמד דאָרט אין גלופּסק!

# דאס צווייטע קאפיטעל

מען בעדאַרף וויסען, וואָס הייסט אַזוינס ביי אַ יונגעל פאָהרען, בכדי צו פאַרשטעהן הערשעלעס האַרץ ביים קלייבען זיך אין וועג אַריין. גליקליכער פון איהם איז אויף דער גאַנצער וועלט נישט געווען אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָהרען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען אין אַ פרעמדער שטאָדט אינאיינעם מיט די עלטערן. לייזער־יאַנקיליכע האָט זיך אויך נאָכגעשלעפט. געהייסען האָט עס, זי פאָהרט אויף קבר־אָבות, נאָר באמת האָט עס געשמעקט מיט אַ געשעפטיל, אויך מיט אָנקוקען, דאַכט־זיך, עפּיס אַ חתן, פאַר ציפּע־סאָסיען אָדער פאַר עמיצען אַנדערש — דאָס איז שוין איהר זאַך, קיינעמס עסק נישט. און בכדי אויסצושלאָגען די הוצאות, האָט זי מיטגעפיהרט אַ ביסעל סחורה, אָבצוזעצען עס אין גלייבען געלט דאָרט, אין גלופּסק. אונזער הערשעלען האָט זיך געדאַכט, אַז גלופּסק איז ערגיץ אין עק וועלט, עפּיס, נעבען די הרי־חושך, וואו דער הימעל לאָזט זיך אַראָב, און דער טאָג פאָהרען אַהינצו וועט זיך ציהען לאַנג, זיך גאָר ניט אויסלאָזען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז מיט אַ נאַכט פריהער האָט הערשעלע קיין אויג נישט געקענט צו־מאַכען, זיך געוואָרפען אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער, טראַכטענדיג אַלץ פון׳ם גרויסען גליק, וואָס איהם שטעהט פיר. עס האָט איהם זיך געדאַכט, ווי גאַנץ גלופּסק שטעהט אַצינד און קוקט אַרויס אויף זיין טאַטען, אַלע אין איין קול: וואו איז ער, ר׳ לייזער־יאַנקיל? ווען קומט ער, ר׳ לייזער־יאַנקיל? אַ מעשה, אַ מעשה! נאָך איז נישטאָ ר׳ לייזער־יאַנקיל! און פלוצלים

װערט אַ גרױס פֿרײד, אַ גדולה — ר׳ לײזער-יאַנקיל פֿאָהרט! ר׳ לײזער-יאַנקיל איז שױן געקומען! ער איז בישט אַלײן, ער האָט מיטגעבראַכט אױך זײן בחור׳ל, אַ כּלי-שלמה! עס איז אַ צונױפֿלױפֿעניש, אַ ערד-טרעטעניש, מען שלאָגט זיך איבער דעם טאַטען מיט דעם קינד, איט-ליכער רײסט זײ צו זיך אױף אַכסניא, אױף װאַרמעס, אױף אַ קער-מישיל. מען טײט אױף זײ פֿון דערװײטען מיט די פֿינגער: אָט זענען זײ, אָט געהען זײ, ר׳ לײזער-יאַנקיל מיט זײן בחור׳ל! זײ שטעלען-אױס אַ שטיקעל דאַװנען, אַ „נעריצך", זינגען אַ מאַרש, אַ װאָלעכיל, פֿערבײסען מיט אַ קלײװאַנער בעטלער — און דער עולם װערט משוגע, שפּרינגט אױס דער הױט הערענדיג אַזױנס.

קײם װאָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשװינד אױפֿ-געשטאַנען, אָבגעגאָסען נעגעל-װאַסער, געחאַפּט דאָס תּפֿילין-זעקעלע, דורך װעלכען דאָס מזל זײנס איז איהם אַזױ דערהױכט געװאָרען, און געלאָפֿען אין בית-מדרש, אין דער גיך אָבדאַװנען. אױסער דעם האָט ער טאַקי נאָך געהאָט עטליכע נײטיגע געשעפֿטלעך, װעלכע ער האָט בעדאַרפֿט פֿאַר׳ן אַװעקפֿאָהרען מיט זײנע חברים דאָרט אָבאַרבײטען. די חברים זענען אױך בײצײטענס געקומען אין בית-מדרש אַרײן, װײל דער חודש-אלול, װי איטליכען איז בעקאַנט, איז איבערהױפּט אַ צײט, װען פֿאַר יונגלעך שטעלט זיך דער גרױסער יריד, און אַבי געזונט, מיט אַרבײט האָט מען ניט צו זאָרגען, געשעפֿטען זענען, ברוך-השם, דאָ איבער׳ן קאָפּ: מען בעדאַרף דערטאַפּען מיט קונצען דעם שופֿר און זיך פּרוּװען בלאָזען הינטערװײליכס דאָרט אין דער װײבערשער שוהל: דער-בײ מוז מען פֿיהרען די גאַנצע תּכסיסי מלחמה מיט דעם שמש, װאָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרענט און בײז װי צעהן רוחות. אױך בעדאַרף מען זײן אױפֿ׳ן הײליגען אָרט, אױפֿ׳ן פֿעלד, ס׳איז דאָך דאָרטען עפּיס דאָ אַ בױם מיט כּל-נדרי-באַרלעך. הײנט איז דאָך אױף דער װעלט עפּיס אױך דאָ אַ װעלדיל מיט נים-בײמער, ערשט צײטיג געװאָרענע, מען מוז געהן רײסען, אָנשטאָפּען פּולע פֿלײודערען. געלױבט איז גאָט, װאָס אונטער אַזאַ צײט מ׳ט אַזױ פֿיעל װיכטיגע געשעפֿטען איז מען נאָך חאָטש פֿרײ, פּטור פֿון לערנען — די מלמדים לױפֿען דענסטמאָל, געהען צו קינד, קװאָקען אױף אַ קנעלונג און „בוצקען" זיך און בײסען זיך פֿאַר די נעז, נעבעך. הערשעלע האָט געקוקט שטאָלץ אױף זײנע חברים אַרום איהם אין פֿאָליש פֿונ׳ם בית-המדרש, טראַכטענדיג בײ זיך: אױך מיר מעני׳ מֶשֻׁטײנס-געזאָגט, זײ בלײבען דאָ און איך — איך פֿאָהר!

מען זאָל איהם דענסטמאָל געװען זאָגען, אַ שטײנער: הערשעלע! דער פריץ שענקט דיר דאָס גאַנצע שטעדטיל קאַבצאַנסק מיט זײַן שלאָס, אַבי בלײַב דאָ, פאָהר נישט, װאָלט ער געשפּיגען קלעק און נישט געװאָלט אפילו הערען. — ער געזעגענט זיך מיט חברה און לאָזט זיך געהן לעבעדיג, פרעהליך.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געװען זעהר אַ שענער, װי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין אלול, אײנער פון די געשענקטע טעג. נאָך גאַנץ פריה האָט פון איהר געצעלט דאָרט בײם עק הימעל אַרויסגעשײנט די זון מיט איהר ליכטיג פּנים און, צוטרײַבענדיג ביסלעכװײז דעם פריש־קיהלבליכען טומאַן, זיך געשפּיגעלט אין טוי־טראָפּענס, װאָס האָבען געפינקעלט, געשפּיעלט אין אַלערלײ קאָלירען װי די ברילִיאַנטען. די שאָטענס רוקען זיך מיט דרך־ארץ טריט־בײ־טריט אַלץ צוריק און װאָס װײטער, װײטער װערט העלער און העלער. פרעהליך סװישצען די װאָראָבײטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיג מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער, אויף די פּלײטען, דאָס — צונויפלויפען זײ זיך פּעקליכװײז אינ־אײנעם, עפּיס האַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדיל, עפּיס שמיעסט דאָ קהל איבער װעגען זײערס אַ װיכטיגע זאַך און דאָס — צוליופען זײ זיך אין בעזונדערע פּאָרלעך, טאַנצענדיג איטליכער אַקעגען זײַן בעשעהר־טער, װיטען זיך, האַלזען זיך, ליובען זיך, צאַפּלען, פלאַטערען מיט די פליגעלעך — און פּיק, פּיק אין קעפּיל... מעקענדיג לויפען ראַפּטאָס ציגען פון אַלע געסלעך אַהין, װאו עס פערקלײַבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט געהט זי אויפ׳ן גאַנצען טאָג אַװעק אין פעלד אַרײַן. די פער־שײַטע ציגען, די שקצים שפּרינגען רעש׳ענדיג פאַרריסען די װײדעלעך העט פאָראויס, די קיה ריהרען זיך פאַמעליך מיט סטאַטיק, נישט גע־אײַלט, צונײגענדיג מיט די קעפּלעך, װי פײנע בעלי־הבית׳טעם, רוהיג, שטיל, נאָר עטליכע פאַרדרעהען אַהינטען די קעפּ און לאָזען אַרויס װי פון אַ צעשפּאָלטענעם שופר אַ הײזעריגען, אַ קיהיש־נאַרישען „מע״ גלאַט אַזוי זיך, אַ גרוס גאָר פרײַנטליך דעם גאַנצען שטעדטיל יודען, אָדער „אַ זײ געזונט״ די פערבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיג זיך פון אײן זײט אויף דער אַנדערער, פיהרט דער גאָנער זײַן גאַנץ געזינדעל יונגע גענז־לעך, װאָס ערשט אַרײַן אין די פעדערען, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאָגאָטשעט, שטרעקט דעם האַלז, פערװאַרפענדיג מיט׳ן קעפּיל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אַראָב אַהין צום װאַסער.

דער טאָג איז שען, ליכטיג װי הערשעלען אויפ׳ן האַרצען. הער־

שעלע שפּילעט=אויף געהענדיג דאָס קאָפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענד חאַפּען די לאַנגע שניי=ווייסע פּעדים, וואָס טראָגען=זיך אַרום אין דער לופט ווי דינע שפּינוועבס; פּערקוקט זיך אויך אויף די טויבען, וואָס שוועבען, דרעהען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך, ריין=קלאָר גלאַנצענדיגע, גאָלד און זילבער — און ער האָט הנאָה, ס'איז איהם עפּיס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פּיהלט, אַז היינט איז ער גליקליך. די געשעפטען זיינע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָבגעאַרבייט נאָך בעסער ווי געוואונשען. ער איז פריי, ער פּאָהרט ס'איז יום=טוב'דיג גוט אַרום און אַרום. רבונו של עולם! טראַכט ער — און די אויגען בענעצען זיך איהם פאַר פיעל פרייד — איך דאַנק דיר און לויב דיר פאַר דיינע חסדים. נו, מען בעדאַרף זיך נעהמען צו דיין דיענסט: פרום זיין, לעהרנען, דאַוונען געשמאַק — זיין אַ יוד.

געהענדיג אַזוי אויפגערייטט, שטאַרק צופריעדען מיט אַ האַרץ פול פרייד, קומט איהם פּלוצלים צו די אויגען דאָס טייערע געשטאַלט, די ליבטיגע צורה פון ביילען.

ביילע איז זיך געשטאַנען נעבען דער פריזבע ביי איהר שטוב, וואו זי האָט אַרויסגעשטעלט טריקענען דאָס צו=וואַשענע געפּעס און אויס= געהאַנגען אויף אַ שטריקעל עטליכע איבערגעשווייבקטע שטיקלעך גרעט. זי איז געווען נאָך נישט אָנגעטאָן, נאָר אין איין אונטערשט קליידיל, פון הינטען פאַרשטעקט, באָרפיס. די אַרבעל פונ'ם העמד ווייט פערקאַ= טשעט אויף די פולעטשקע, דיקע אָרעמס ביז איבער די איילענבויגענס. דיער בוזים אַביסיל אָפען, דער גאַנצער האַלז, מחילה, אין דרויסען און אָך צופאַטעלט, ווי געוועהנטליך אַ בריה אַ מיידיל פריהמאָרגען.

אונזער הערשעלע שטאַרק אויפגערייטט, שמחת=תורה'דיג, לויפט צו אין גרויס חדוה האַסטיג צו זיין בת=מלכה, פרעגט איהם בחרם, ווי אַזוי דאָס איז געשעהען, עפּיס גאָר טאַקי ווי דער גוטער יאָהר וואָלט איהם פון הינטען צו איהר אַ שטופּ געטאָן. ער געזעגענט זיך מיט איהר, נעהמענדיג זי ביי דער האַנד, ווי זי וואָלט געווען אַ מאַנס= פאַרשוין, און רעדט עפּיס פאַר פּייער, פאַר וואַסער נישט רעכט צו געדענקען וואָס.

ביילע בלייבט פערגאַפט, ווייסט נישט וואָס צו טאָן. און אז די ערשטע היץ איז אַריבער, לאָזט הערשעלע אָב ביילעס האַנד, מאַכענדיג, נאָך אַלץ נישט רעכט ביים זינען, מיט אַ נאַריש גע= לעכטעריל:

— הע... בײ אַ מײדיל די האַנד!... אַ יודענע, הע, שלום עליכם!...

נאָר װי ער קומט בּאַלד אינגאַנציץ צו די געדאַנקען, נעהמט איהם אָב דאָס לשון, ער װערט רויט און בלײך. בײלע שטיקט זיך שטילערהײט פֿאַר געלעכטער מיט אַראָבּגעלאָזענע אויגען, אַװעקרוקען זיך אין דער זײט, און הערשעלע טראָגט זיך אָב געשװינד װי אַ גנב.

הערשעלע איז געװען עפּיס גאָר צודרעהט, בּײ זיך אין האַרצען מיאוס אַראָבּגעפֿאַלען. סטײטש, װאָס האָט ער געטאָן!... ערשט זאָגט ער צו, דעם רבונו של עולם צו דיענען, זײן אַ יוד — און פּלוצים אַזאַ מעשה, אַזױנס „איהם" אָבצוטאָן!... פּע! — ער שפּײעט, קראַצט זיך פֿאַר פּערדראָס אין דער פּאָה און מאַכט: נאַ־נאַ!...

## דאָס דריטע קאַפּיטעל.

אַז הערשעלע איז געקומען אַ היים, האָט ער געהאַפּט אַ שטיקעל פּסק, פאַר וואָס ער האָט זיך עפּיס אַזוי געזאַמט. דער טאַטע איז שוין געווען אָנגעטאָן אין די וועג-קליידער: אַ ציצען, אָבגעבליאַקעוועט חאַלאַטיל, די ארבעל און די פּאָלעס פון פּאָרענט איינגעטונקט אין פעטע, פערהאַרטעוועטע פלעקען פון אַלערליי מאכלים, אויסגעמישט מיט גרינליכער טאַבאַקע און געגלאַנצט עפּיס מיט אַ מיתה-משונה-קאָליר, דער הינטען אויסגעריבען און ערטערווייז דאָרט קוקען אַרויס שטיקלעך קליאָטשע. אויפ'ן קאָפּ עפּיס אַ מין אָבגעפאָהרען, שטאַרק צוקנייטשט מיצעל. נאָר די אַלטע צעריסענע וועג-שיך מיט לאַטעס, וועלכע ער האָט בעדאַרפט אָנטאָן, זענען איהם דערווייל אויף די פיס נאָך נישט געווען, מען האָט זיי ערשט געזוכט און געפּריוווט מיט דער קאָטשערע אַרויסשאַרען פון אונטער דער בעט. דאָס הויזגעזינד האָט געטאַנצט אַרום איהם, שטאַרק בעשעפטיגט מיט איינפּאַקען די קלימקעס און ער איז געשטאַנען אָנגעזאָטעלט ווי אַ פערדיל.

יאָ, נעבעך, טאַקי אַ פערדיל, וואָס האָט בעדאַרפט שלעפּען אויף זיך אַ שטוב מיט קינדער. איין מאָל אין יאָהר פלעגט ער מוזען זיך אַזוי איינשפּאַנען, געהן אין וועג אַריין, איינרייסען זיך דאָס געזונט, אַרבייטען אויף אַלע כלים און פון דער דאָזיגער נסיעה איז אָבגע-האַנגען דאָס לעבען פונ'ם הויזגעזינד דאָס גאַנצע יאָהר... דעריבער האָט זיך אין אַזאַ טאָג געווינט די גאַנצע שטוב, אַלע זענען אויפ-געווען און לייזער-יאַנקיל, נעבעך, ז'יז געשטאַנען אָנגעזאָטעלט בלייך, פערטראַכט מיט אַ ערנסט פּנים.

די מאַמע איז געווען אָנגעטאָן אין איהרע ווענ־קליידער, עפּיס מיני שמאַטעס אַזעלכע פון חמעלניצקעס צייטען, אין וועלכע זי איז אויסגעקומען גרעבער, דיקער ווי שטענדיג און אַ מין טיכעל אָנגערוקט אויפ׳ן שטערן ביז איבער די אויגען. נאָר הערשעלע אַליין האָט פער־שפּאָרט זיך איבערצוטאָן. מעהר ווי דאָס איינע קאַפּאָטקעלע אויפ׳ן לייב האָט ער נישט געהאַט. די מאַמע האָט איהם אפילו געהייסען איבערקעהרען דאָס קאַפּאָטקעלע אויף דער לינקער זייט, הערשעלע אָבער האָט איהר בעוויזען בעשיינפערליך, אַז דער אונטערשלאַק איז מיאוס פערשמירט, אויך צוהאַקט, צופאַלען און טאַקי געבליבען ביי דאָס זייניגע — פאָהרען גאַנץ פראָסט ווי ער געהט, דערפאַר האָט ער שוין געמוזט צוליעב טאָן, נעהמען אויפ׳ן קאָפּ דעם טאַטענס אַ אַלט היטעל עפּיס אַ מין קאַטערוכע, וועלכעס מען האָט שוין לאַנג געמעגט מיט דעם חמץ פאַרברענען, און אַרומגאַרטלען זיך מיט אַ קרייקע.

אָט אַזוי אָנגעטאָן ווי נעהעריג, האָבען אונזערע פאַרשוינען, נאָכדעם ווי זיי האָבען אין אַיילעניש עפּיס איבערגעחאַפּט, זיך געזעגענט מיט די קינדער, געחאַפּט די קלימקעס און יאָגענדיג אין איין אָטהעם, פערשוויצט, פערסאָפּעט, פערדולט ווי אויף אַ בייזער מהומה, אַזוי ווי דער שטייגער איז פון יודען ביים פאָהרען.

אויף אַ לאַנגען וואָגען אין דער הויך, איז געשטאַנען אַ שטייג מיט עופות און אַ קאָרב מיט אייער אין פּאָלאָווע, וועלכע די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט דאָרט בייצייטענס נאָך אין דער פריה.

דער וואָגען איז אָנגעזעצט געווען ענג מיט פאַרשוינען, כמעט אַ פערטיל קאַבצאַנסק. דאָרט האָבען זיך געפונען מיידלעך, הייבלעך, וואָס זענען געפאָהרען זיך שטעלען פאַר דיענסטען און אַמען, אויך אַלערליי סאָרטען יודען: שענע יודען, כשר׳ע יודען, מיט׳ן פולען מויל יודען, ברענענדיגע יודען, צעבראָכענע יודען, גילדענע־אָרעד־יודען, גלאַט יודען, אַזוי־זיך יודען און אויך־מיר־יודען. ס׳איז געווען אַ פער־מישעניש, אַ פערפלאָנטעניש, אַ פערבייטעניש מיט די פיס און אַ צונויפ־שטיקעניש נאָר אומצוקוטען.

הערשעלע מיט די פאַרשוינען וואָס אין דערמיט, האָבען גע־שוויצט, טאַקי משונה געשוויצט. די שענע יודען האָבען, נעבעך, גע־שוויצט ווי אַ ביבער, די פנים׳לעך זייערע זענען געווען אויסגעפּריעט ווי אַ צימעס און אויב מען האָט זיך נישט פערקיהלט, איז נאָר

דעריבער, ווייל דער וו.,.ען איז געווען בעלאַגערט פון די אויפגעהאַפּטע פאַרשווינדלער, וואָס זענען אויף משקולת געשטאַנען, געזעסן מיט קונצען פון הינטען, בײַ די זייטען, אויך אויף דער קעלניע, נישט צו־צולאָזען אויף די וואָס אין וואָגען קיין פּיצעל לופטעלע. נאָר אין אָנ־הויב איז איטליכער געזעסן ברוגז, עפּיס אָנגעדרודעלט, אונטער־געוואָרטשעט אויף דעם בעל־העגלה און ביים חאַפּען אַ קלאַפּ אין די קריזשעס, אַ קוועטש אין דער מאָזאָליע פון'ם פינגער האָט מען שטאַרק פערקרימענדיג זיך פערביסען מיט די ליפּען, מילא נו־נו. נאָר דערנאָך איז מען געוואָרען שוין אַביסעל היימישער, דרך־ארץ אין דער זייט, איינער דעם אַנדערען בעט מחילה: רוקט זיך אַביסעל! פון יענעמס אַ זעץ טהוט מען אַ געשריי. יודען זענען נישט צופריעדען און קריעגען זיך. די מאַמע האָט אַלץ געפּילדערט אויף אַ צעבראָכענעם יודען, ער זאָל נישט צעברעכען איהר די אייער. דער טאַטע האָט געהאַלטען פערמאַכט דאָס מויל, אײַנגעוויקעלט דעם האַלז מיט אַ שטיקעל פּיי, נישט צו פערלירען, חלילה, דאָס קול. די פערד הויבען־אָן זיך אונטערפּוילען, שלעפּען זיך פּאַמעליך, מאַכענדיג מיט די אויסגעקראָכענע ווײַדלען און די פאַרשוינען מאַכען זיך האַרץ, הויבען צווישען זיך אָן אַ שמיעס.

דער ערל, עפּיס אַ אָרמער, ערגיץ אַמאָל געוועזענער עקאָנאָם, וואָס די גאַנצע צייט, זינט פון'ם אויפזעצען זיך זיינעם אין וואָגען, איז ער געווען פערפּאָפּען, נישט אויף דעם עולם — האָט זיך לסוף אויפגעהאַפּט שוין ניכטער, געקוקט ווי אַ נעכטיגער אויף דער גאַנצער קאָמפּאַניע אַרום איהם און זיך צוגעהערט צום שמועס, וועלכער איז געווען פאַר איהם טערקיש, פריוועגדיג באַלד טאַקי אַריין אין דער מיט אויך מיט אַ שמועס, וואָס איז ווידער פאַר יודישע קינדער געווען תרגום. נאָר אַ יודיש קעפּיל בייסט אין תרגום אויך. אַבי געהאַפּט נאָך עפּיס, איין וואָרט פון צעהן, האָבען זיי זיך שוין געשטויסען, געדרונגען דאָס איבעריגע מיט זייער אייגענעם שכל און זיך געקלינגט אַלע אינאיינעם, געבען דעם גראָבען פויערשען קאָפּ צו פאַרשטעהן זייער מיין מיט אַלע מיני הסברות: אַביסעל מיט אונזער לשון, אַביסעל מיט זייער לשון, אַביסעל מיט די הענד, אַביסעל מיט דעם ווינק, אַ דרעה מיט דעם פינגער אויף אַ נגון, נישקשה מען האָט זיך פער־שטאַנען.

עס האָט זיך געצווינגען אַ שמיעס וועגען דעם, וואָס בײַ זיי,

וועגען דעם וואָס בײַ אונז, להבדיל. זײַן נאָמען איוואַן איז אונ־זערער, מען האָט עס גענומען פון, להבדיל, יוחנן. די אַלע שבע חכמות זענען גענומענע, אונזערע, מען האָט איהם אויך דערקלערט זעהר אַ װאוילען משל פונ׳ם מדרש, אַ גלײַכװערטיל פון דער גמרא, קלאָר געמאַכט איהם אין יודישע מנהגים מיט דעם שכל, וואָס דרינגען שטעקט. איוואַן, אַ פּנים, ער האָט מודה געוועזן — עטליכע מאָל האָט ער אַלץ אויסגעשריען: קוגעל, צימעס! און זיך דערבײַ בעלעקט. די ווײַבער האָבען געקייכט פאַר געלעכטער, געמאַכט:

— צו זײַן קאָפּ, צו זײַן לעבען! קוקט איהם אָן, ווי ער בעלעקט זיך, ער האָט ליעב אונזער קוגעל!

עפּיס אַ יוגענד מיט אַ צוגעדעקטען קאָפּ. וואָס פאָהרט זיך שטעלען פאַר אַ אַם, ברומט שטילערהייט אונטער פאַר זיך אַ טרויעריג לידעל:

„אויפ׳ן הימעל לויכטען שטערנדליך,
אין וועלדיל שפּילט אַ סאָלאָוויי,
דער גאַנצער וועלט איז ליעב און פרעהליך,
און מיר אַליין אַז אָך און וועה.

דער ערל קעהרט זיך אַוועק, מאַכט זיך אַביסעל נאַריש מיט די ווײַבער און מען גיט אויף איהם אַ מאַך מיט דער האַנד: אַ ערל בלײַבט טאַקי אַ ערל!

נאָכדעם ווי מען איז אַ היבש שטיקעל וועג זיך אָנגעגאַנגען צופוס אונטער אַ בערגיל, אונטערשטופּענדיג דעם וואָגען און ווידער זיך אויפ־געזעצט, האָט דער עולם יודען זיך געשמאַק אַ נעהם געטאָן צו אַ ברײַטען שמועס. מען רעדט פון אַלסדינג, וואָס קאָכט זיך דאָ אויף דער וועלט און דאָרט אויף יענער וועלט. מען רעדט פונ׳ם האַנדעל, שאַצט דאָס פאַרמעגען פון אַ סך גבירים, עס קומט אויך צורעד די אַלטע מעשה מיט ר׳ שמעלקען און עס בלײַבט, אַז ער האָט פון אליהו־הנביא בע־קומען אַ ווינשפינגערל. עס הויבט זיך באַלד טאַקי אָן אַ געקרעכצערײַ, אַ געזיפצערײַ, אַ געווינשערײַ. אײנער זאָגט, ער זאָל האָבען אַ ווינש־פינגערל וואָלט ער געווינשען דאָס, דער אַנדערער — דאָס און דאָס, דער דריטער — יענס... הכלל איטליכער ווינשט עפּיס אַנדערש. צדקות איז געפאַלען גענוג ווי מיסט, מיט דער פולער האַנד. אײנער דעם אַנדערען ווײַזט אַרויס זײַן גרויסע פרײַנדשאַפט, צוזאָגענדיג דעם, יענעם

גילדענע בערג. דאָס גוט־ברידערשאַפט צווישען דער קאָמפּאַניע ווערט געשטאַרקט, מען פיהלט זיך עפּיס געטרייסט, נישט אַזוי פערוואָרפען, פאַרגעסען אין דער וועלט און איינער מיט דעם אַנדערען איז זעהר צופריעדען.

אָט אַזוי האָט זיך עס געטאָן ביז מען האָט, מיט דעם אויבער־שטענס הילף, אָקעגען נאַכט זיך קוים לעבעדיג פאַרשלעפּט קיין גלופּסס.

# דאס פערטע קאפיטעל

והיא און זי, גלופּסק, האָט צו לייזער־יאַנקלען נישט אַזוי געטאָן. בבואם מקאַבצאַנסק, ביי זייער אָנקומען פון קאַבצאַנסק איז גלופּסק זיי נישט געלאָפען אַקעגען מקבל־פּנים זיין, ווי הערשעלע האָט אין דער היים זיך פירגעשטעלט. מען האָט זיך איבער זיי נישט געשלאָגען, נישט געריסען איטליכען בעזונדער צו זיך אויף סטאַנציע, אויף אַ מאָהלצייט. מיישיזין זענען קאַלטבלוטיג געגאַנגען פאַרביי, זיי אַפילו נישט אָנצוקוקען.

הערשעלען איז די זאַך איז פּלוג שטאַרק קשה געוועזען און שטע־ענדיג ביים אַרויסקריכען פונ'ם וואָגען מיט אַ פּעקיל אין די הענד אויף דער גאַס, האָט ער געקוקט אויף'ן מאַטען פערוואונדערט, אָהן ווערטער, גלייך ווי געריעדט: האַ, וואָס זאָל עס אַזוינס בעטייטען? שטעקט נישט דרינען אפשר עפּיס אַ גראָבער טעות? נאָר נאָכדעם ווי ער האָט געחאַפּט פון הינטען אַ דישעל און דער מאַטע אַ שטופּ, אַזוי אַז ער איז, נעבעך, געפלויגען ווייט אויף עטליכע טריט, שיער נישט אַרויפגעפאַלען אויף דעם חזיר, וואָס האָט געשמאַק געחראָמקעט ביי דער זייט גאַס, וואָהין מען האָט ערשט פון אַ גאַניקיל אין דער־הויך אַראָבגעגאָסען, ווי געוועהנטליך, אַ פולע, משונה אַ שמעקענדיגע פאָמייניצע מיט אַלעם גוטען, און צו דעם דישעל מיט דעם שטופּ איך געלייזט נאָך אַ מאָל צעהן אין מאַטען אַריין, פאַר וואָס שטעהען עס יודען, ווי די ליימענע גולם'ס, פאַרשטע־לענדיג דעם וועג — אָט דענסטמאָל פון אַזאַ אָנצוהערעניש איז איהם, הערשעלען, פאַרענטפערט געוואָרען די קשיות. ער האָט אַראָבגעלאָזט די נאָז, שוין מאָקי גוט פערשטאַנען..

און ער און דער טאַטע זענען איז זיינע אויגען אַ ביסעל אַראָבגעפאַלען.

באַלד ביים קומען איז לייזער־יאַנקיל אַלץ געשטאַנען און זיך געראַמהעט מיט דעם ווייב וועגען זייערע זאַכען און אויב אַצינד איז נישט שפּעטליך אַ געה צו טאָן צו בעקאַנטע, נאָר נאָך אַזאַ בעגעגניש איז ביי זיי ביידע געבליבען מעהר קיין שיהות נישט צו מאַכען און בלייבען דערווייל אויף נאַכט־לעגער דאַ איז דער בעל־העגלה׳שער אכסניא.

הערשעלען האָט מען מכבד געווען מיט אַריינטראָגען פּעקלעך אין שטוב אַריין, דאָרט אַרויף אַכטונג געבען און אַליין האָבען זיי זיך געבאָבעט אַרום דער שטייג מיט עופות, איבערגעשמיעסט מיט דעם בעל־העגלה, ער זאָל מוחל זיין אַריינפאָהרען אין הויף אַריין, וואו די שטייג וועט דערווייל שטעהן אויפ׳ן וואָגען ביז מאָרגען.

נישט פאַר קיין יודישע קינדער געדאַכט אַזאַ נאַכט, וועלכע הערשעלע האָט אויף דער אכסניא אין גרויסע צרות צוגעבראַכט. הונגעריג, מיעד און צעבראָכען פון וועג האָ״י ער שוין שפּעטליך ביי נאַכט, אין דעם גרויסען רעש און דער מהומה פון אַלערליי מיני פאַרשוינען, זיך דערשטופּט ערגיץ אין אַ ווינקעלע און זיך אַ וואָרף געטאָן אויף עפּיס אַ הינקענדיגען צעריסענעם טאַפּטשאַן. דאָרט האָט מען איהם שוין יאָ טאַקע מקבל־פּנים געווען, און אויפגענומען פאַר אַ גאַנץ טייערע גאַסט — גלופּסקער חאַנצען, ווי דער גאַנצער וועלט איז בעקאַנט, נעהמען זעהר גערן אויף אורחים מיט אַלע כבוד׳ן: האַלזען זיי, קלעפּען אין זיי און קריכען זיי אונטער די נעגעל. הערשעלעס קראַצען זיך און אָנצוהערעניש־געבען מיט די הענד, אַז ער איז זיי מוחל דעם כבוד, האָט אַקעגען אַזעלכע נפשות נישט געהאָלפען. זיי האָבען זיך טאַקי נעמאָן זייערס, זיך געדרעהט, געאַרבייט אַרום דעם אורח מיט גרויס פערגניגען, ביז ער האָט געמוזט זיך אָבטראָגען שאַ, שטיל און זיך געלעגט פשוט אויף דער ערד.

אַט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט הערשעלעס יענער פרעהליכער טאָג אויף וועלכען ער האָט אַזוי אַרויסגעקוקט און זיך פירגעשטעלט אין איהם גרויסע גליקען!...

מאָרגען נאָך גאַנץ פריה האָט די מאַמע זיך געאײלט אין שטאָדט אַריין וועגען איהרע געשעפטען. שפּעטער אַביסעל נאָך איהר איז אויך אַוועק דער טאַטע. ביים אַוועקגעהן קוקט ער זיך אַרום, אַז די קעשענע איז איהם צוריסען און פאַר גרויס אײלעניש האַפּט ער און גיט איבער דאָס

ביטעלע מיט זיין ביסעל פאַרמעגען הערשעלען, וואָס איז איבערגעבליבען אַליין נעבען די זאַכען.

אונזער הערשעלע דערטאַפּט פון אַ זעקעלע אַ שטיק ברויט מיט אַ גרויסער, געלער אוגערקע, אויך אַ ציינדיל קנאָבעל און נעהמט זיך וואויל טאָן, עסען געשמאַק, ווי אויפשטעהענדיג פון אַ קרענק.

אונטערגעלעהנט דאָס האַרץ בעקומט ער שטאַרק יצר־הרע אַרויסצוגעהן אויף אַ ווײלע אין דרויסען, אָנצוקוקען וואָס פאַר אַ פּנים גלופּסק האָט.

פאַר הערשעלעס אויגען עפענט זיך עפּיס גאָר אַ נייע וועלט. אַלסדינג איז פאַר איהם ניי, גלייך ווי ערשט בעשאַפען געוואָרען, ערשט אַרויסגעקראָכען פון דער ערד. ער שטעהט פערגאַפט, פעררייסען דעם קאָפּ און ווייסט נישט אויף וואָס פריהער צו קוקען. נאָר צום ערשטען וואַרפט זיך איהם אין די אויגען אַ געדיכטע קאַשע פון יודען. מען לויפט, מען שטופּט זיך אין יאָגעניש ווי אויף אַ שרפה. יודען, יודענעס, קינד און קייט — אָהן עין־הרע ווי באָב! — אויסגעמישט אין אַלע אינאיינעם, אָנגעטאָן אין אַלערליי מלבושים, פון צעררייסענע שמאַטעס ביז די טייערסטע קליידער. צווישען זיי אויך נקבות אין סאַמעטענע מענטעלעך מיט זיידענע, פערדרייפּעטע קליידלעך, נאָר שררה׳סטעס און ווען זיי זאָלען נישט געווען רערען זינגענדיג הויך, אויף דער גאַנצער גאַס, מיט אַ קוויטש, שנייצענדיג דערביי די נאָז, וואָלט ער זיכער געמיינט, אַז דאָס זענען פריצעס...

פון אַלע זייטען פאָהרען בוידען, ביידלעך, פוהרלעך, אַ טייל פערפלאָנטען, פערהאַקען זיך מיט די רעדער, אַ טייל מיט די דישלעס, און זידלערייען, געשרייען, גוואַלדען ביז דעם זיבעטען הימעל.

אָס וואָס רינשטעקלעך פליצען אין די גאַסען, איז איהם קיין וואונדער נישט געווען, ס׳איז דאָך אַ יודישע שטאָדט. אין קאַבצאַנסק איז געגוג די אייגענע סחורה. ווי דען אַנדערש? דערויף איז דאָך עס אַ גאַס אויף אויסצוגיסען דאָרט פּאָמייניצעס. אַ וואונדער איז איהם נאָר געווען די שפּיצעכדיגע שטיינער, וועלכע וואַלגערען זיך אין די גאַסען. צו־וואָס נאָך שטיינער אַזעלכע אויף צוברעכען ריק־און־לענד, אַז אָהן דעם קען מען אויך אין די גריבער דאָ פאַלען זעהר שען און ברעכען דאָס געניק! איינפאַלען זאָל איהם פלוצלים, אַז דאָס איז אַ ברוק, סטייטש ווי אַזוי, אַז געברוקירטע גאַסען זענען פאַר איהם געווען נאָך גאָר אַ סוד, נישט געהערט, נישט געזעהען קיינמאָל אַזוינס. אָט ערשט שפּעטער, אַז ער

איז זיך דערגאַנגען פונ'ם סוד, וואָס אַזעלכס בעדייט, איז איהם עס טאַקי שוין מעהר קיין וואונדער נישט געווען. אַזוי איז שוין טאַקי רעכט. אויך איז איהם קיין וואונדער נישט געווען די איינגעהיקערטע שטיבלעך מיט צעבראָכענע דעכלעך, אָנגעזעצט געדיכט איינס נעבען דעם אַנדערען, וויל אַזוי בעדאַרף זיין, אַזוי האָבען אַ פּנים הייזער, ווי געוועהנטליך יודישע הייזער. משונה ווילד האָט איהם אויסגעזעהן גאָר אין מיטען־דרינען אַ מייערל אין צוויי, אין דריי גאָרען. רבונו של עולם, ווי שטופּט זיך עס אַ יוד אַרויף אַזוי הויך אונטערן הימעל און שטעלט זיך נאָך איין דאָס לעבען אַרויפקריכען אַהין אויף אַ שמאָל לייטעריל פון דרויסען! טאַקי נאָר ודוי, פריהער ווען מען נעהמט אויף אַזאַ לייטעריל אַרויף, מוז מען אָבזאָגען ודוי, זיך געזעגנען מיט דעם לעבען.

די אויגען הערשעלעס האָבען אַלץ געקוקט, געפונען וואָס צו זעהן, דאָס קעפּיל זיינס האָט אַלץ בעטראַכט, געטראַכט און די פיס זיינע זענען זיך דערווייל אַלץ געגאַנגען, געגאַנגען ביז ער האָט פּלוצלים זיך אַ חאַפּ געטאָן — ע־ע! ער איז פערגאַנגען ווייטליך און שוין לאַנג צייט צוריק.

צוריק אָבער ווייסט ער נישט דעם וועג. ער הויבט אָן פרעגען ביי יודען, ווי געהט מען צו דער קאַבצאַנסקער אכסניא. אַ טייל קוקען איהם, אין איילעניש, לויפעניש, בייזליך אָן, נישט צו ענטפערן אַ וואָרט; אַ טייל מאַלען איהם אויס בקיצור מיט דער האַנד:

— געה, יונגעלע, גלייך, גלייך, דערנאָך לינקס, ביז צו אַ געסעלע, דערנאָך רעכטס און ווייטער לינקס. דאָרט, יונגעלע, טהו אַ פרעג, וועט מען דיר שוין ווייזען.

הערשעלע, אַ ברירה האָט ער געהאַט, איז געגאַנגען, פערקראָכען אין געסלעך, אין בלאָטעס, געשפּרונגען איבער שמאָלע, איינע פון די אַנ־דערע ווייט אָבגעטרעטענע קלאַטקעס, אָנחאַפּענדיג זיך דערביי אין דער זייט פאַר פּלייטען. ער איז, אַ פּנים אַריין גלופּסק אין די קישקעס, אין דעם מאָגען, וואו ס'איז געדיכט, עס שמעקט און פּאַרגעהט אין נאָז. ער האָט געאַרבייט אויף אַלע כּלים און איז, נעבעך, אָבגעגאַנגען מיט שווייס ביז ער האָט זיך אָנגעשלאָגען אויף אַ פיינעם יונגען מאַן, וואָס איז אַזוי גוט געווען זיך אָבצוגעבען אַ ביסעל מיט איהם.

קום זאָגט דער יונגער מאַן, בעטראַכטענדיג הערשעלען מיט אַ גוט שמייכעלע פונ'ם קאָפּ ביז די פיס. קום, איך וועל דיך אונטערפיהרען. ביזט דאָ, ווי איך זעה, נאָך גאָר אַ פּריטץ.

הערשעלע דאַנקט דעם יונגען מאַן פאַר זיין גוטען ווילען כמעט מיט טרעהרען אין די אויגען. —

– העלפען אַ גר איז אַ מצוה, מאַכט דער יונגער מאַן מיט אַ שיינענדיג פנים. דאָ אין גלופסק, טאָהר מען קיין פריטץ נישט זיין, ביי אונז דאָ בעדאַרף מען גוט היטען די קעשענעס. פאַרשטעהסט־דו מיך, יונגעלע?

הערשעלע טהוט זיך געהענדיג אַ טאַפּ אין קעשענע.

— דו ביסט שוין אַ חתן?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין מיט אַ פרעהליך האַרץ.

— פאַר וואָס ניין? אַט וועסט־דו זעהן, ביי אונז וועט מען אין גיכען דיר שטעלען אַ חופּה.

הערשעלע שטיקט זיך פאַר געלעכטער.

— וואָס, דו גלויבסט נישט? אַט וועסט־דו זעהן. לאַך דיר, לאַך, נישקשה! אַט איז אַ קלאַטקעלע. פאַמעליכען האָב נאָר איז זינען די קעשענע.

הערשעלע טהוט זיך ווייטער אַ טאַפּ.

— נו, ס'איז דאָ?

— שרעקט זיך נישט, ס'איז דאָ.

— פאַר אַ יאָהרען האָט זיך דאָס אייגענע טאַקי געטראָפען מיט אַ בחור'ל ווי דו. ער האָט זיך אַלץ געטאַפּט, געמיינט, אַז ביי איהם ליגט עס אין קעשענע דאָס בייטעלע, און לסוף וואָס לאָזט זיך אויס?— בוידעס! די קאַרמאַנשטשיקעס, ברענען זאָלען זיי, האָבען עס ביי איהם נישט פאַר דיר געדאַכט, דערטאַפּט און אַנשטאָט דעם אַריינגעלעגט אַהין עפּיס שפּאַרגאַלען, אשר־יצר־פּאַפּירלעך. דו פאַרשטעהסט? — נעהם עס, מחילה, טאַקי אַרויס און קוק רעכט אָן. פויל טאָהר מען נישט זיין.

אונזער הערשעלע איז נישט פויל, נעהמט אַרויס דאָס בייטעלע און האַלט עס פאַר די אויגען.

— זעהסט־דו, האַ? וואָס איך האָב דיר געזאָגט! — דאָס זענען די לעצטע ווערטער פון'ם פיינעם יונגען מאַן, וואָס אויסחאַפּענדיג הער־שעלען פון די הענד דאָס בייטעלע, מאַכט ער אַ פּליטה און ווערט באַלד ווי אויסגעטריקענט.

הערשעלע בלייבט אין דער הייסער מינוט שטעהן ווי אויסגעפּאַטשט מיט אַ פּאָר אויסגעשטעלטע אויגען און אַיין אָפען

מויל, נישט צו־וויסען, וואו ער איז און וואָס מיט איהם טהוט זיך אַזוינס.

דעם עולם'ס ווערטיל: „אַ גאַסט אויף אַ וויל זעהט אויף אַ מייל" האָט טאַקי זיך אַקוראַט געפּאַסט צו הערשעלען. באַלד אין דעם ערשטען טאָג פון זיין קומען האָט גלופּסק זיך פאַר איהם „ענטפּלעקט" מיט איהר גאַנצען כבוד און שענקייט: מיט איהרע שמאָלע קרומע הינטער־געסלעך, מיט איהרע „פּיסקעס", לעוואַדעס, רינשטאָקלעך, שטאַרק שמעקענדיגע קאַליזשעס, געדיכטע און שיטערע בלאָטעס און מיט איהרע גנבים, בייטעל־שניידער — און דאָס ענטפּלעקען זיך איהרס איז איהם באָקום אויסגעפאַלען.

פאַרשמירט, פאַרדריפּעט, מיט אַ פרישצאַפּעלדיגען גלופּסקער קאַטער איז הערשעלע ערשט אַרום מנחה־צייט געקומען בעטריבט צוריק אויף דער אכסניא. נישטאָ קיין טאַטע, קיין מאַמע און די קלימקעס — אויך נישטאָ! ער בלייבט טויט מיט אַלע אברים, קוקט ווי אַ דולער און דאָס האַרץ טיאָכקעט איהם שטאַרק. פּלוצלים דערהערט ער, ווי מען בייזערט זיך אויף איהם מיט די ווערטער:

— אָט האָסט־דו איהם. דאָס שענע בחור'ל! וואָס זאָגסט־דו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען?

און ער דערזעהט פאַר זיך רייזע די בעל-אכסניא'טע.

רייזע איז אַ קורצע, דיקע, ברייטביינגע יודענע, שוין אין די יאָה־רען, מיט אַ געשטופּעלט פּנים, וואָס איז שטענדיג פערשוויצט און מיט אַ צווייגאָרענדיג ניידעריל. אַ שנירעל שיטערע הערלעך ציהט זיך איהר אויף דער אויבערשטער ליפּ, וואָס פעררייסט זיך ביי דער רעכטער באַק אַרויף, אַזוי אַז מען זעהט אַ רויט שטיקעל צונג אַרויסקוקענדיג דורך אַ היבש שפּעלטיל אויפ'ן אָרט פון צוויי אויסגעפוילטע ציינער. אַיין עק פאַרטוך איז איהר שטענדיג פאַרשטעקט, דער בוזים צושפּילעט. די צוויי עקען פונ'ם קאָפּען־טיכעל זענען פערוואָרפען אַ הינטען און האַלט געוועהנטליך אין דער האַנט אַ פּאַלאָניק — אַ בעזייז, אַז זי פּאָרעט זיך שטענדיג נעבען אויבען. זי רעדט שרייענדיג, גיך און איין אָטהעם פונ'ם האַרצען מיט אַ בייזער; עס דאַכט זיך, זי איז שטאַרק אויפגע־בראַכט, קריגט זיך, הגם זי מיינט, חלילה, נישט קיין שלעכטס און איז בטבע אַ גאַנץ גוטע. דאָס איז ביי איהר גלאַט אַזאַ לשון, אַזאַ שטייגער רעדען, וואָס האָט נאָך אויסגעאַרבייט זיך פון איינ:־ע עסקים אוי צוטאָן־האָבעז איהר גאַנץ לעבען מיט בעל־העגלות. און

דעם שמועס וואַרפט זי אַלץ אַריין „העגן אַ ביסעל!” „וואָס זאָגסט־דו צו זיין טאַטען?” הויך אויף אַ נגון. אויך איז דער שטייגער איהרער ביים רעדען אָנצובויגען עפּעטרס דעם קאָפּ אין דער זייט און אַ פּאָהר טאָן מיט׳ן שפּיץ נאָז איבער דעם אַרבעל, טאַקי אַ וויש אויף דער גאַנ־צער לענג פון׳ם אָרעם.

– וואָס זאָגסט־דו צו זיין טאַטען? — איז רייזע אַרויס מיט איהר שרייענדיגען לשון אויף אונזער הערשעלען, נעבעך, און טאַקי אַ גוטען פּאָהר געבענדיג מיט דער נאָז איבער דעם אַרבעל. חי ווערט עס אַ בחור׳ל פּערפּאַלען, העגן אַביסעל! קוקט איהם נאָר אָן, דאָס שענע בחור׳ל! נעהמט זיך און ווערט פּערפּאַלען!

הערשעלע שטעהט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ וואַרגענדיג זיך מיט טרעהרען און שווייגט

— ער שווייגט נאָך, דאָס שען בחור׳ל! טאַטע און מאַמע שטאַר־בען דאָ. און ער, העגן אַ ביסעל! שטעהט ווי אַ לַמך און שווייגט.

— אוי וועה־וועה מיר! — טהוט הערשעלע אַ געשריי און צוזליפּעט זיך, מיינענדיג טאַקי, אַז די עלטערן זענען אויף דער וועלט שוין נישטאָ און ער איז געבליבען אַ יתום.

— נו, חליפּע נישט, פּערפּאַלען! — טרייסט רייזע אונזער וויסט יתום׳ל. ווייטער זאָל אַ בחור׳ל אַזוינס מעהר נישט טאָן. טאַטע און מאַמע זענען דאָך אָהן אַ נשמה... די נשמה איז זיי אויסגעגאַנגען לויפענדיג...

— איק־איק־איק! חליפּעט הערשעלע מיט אַ פּאַרקלעהמט האַרץ. וויל עפּיס זאָגען, נאָר עס שטיקען איהם די טרעהרען און קוים וואָס ער ברעננט אַרויס פון מויל איקעדיג אַ פּאָר האַלבע צעבראָכענע ווערטער: מאַמ... געשטאָר... איק...

— אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגען — טהוט זיך רייזע אַ חאַפּ, ער מיינט „שטאַרבען” הייסט טאַקי געשטאָרבען... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, נאַרעלע, ס׳איז אַזאַ לשון... העגן אַ ביסעל! טאַטע און מאַמע האָבען טאַקי געקענט שטאַרבען. נו, שאַ, אָט וועלען זיי באַלד קומען געוואָהר ווערען. נאָך ביי טאָג האָבען זיי זיך מיט די זאַכען איבערגעקליבען ערגיץ, חיים איך וואו? פערקויפט די הינער, די אייער, איך אַליין האָב אויך געהאַנדעלט. שאַ

אָט וועל איך דיר געבען פון דער מאַמעס אייער. אַ וועהטיג איז מיר! העץ אַביסעל, אַ גאַנצען טאָג האָט ער נישט געגעסען! — געה וואַש זיך און זעץ זיך צום טיש.

אונזער הערשעלע איז פון טויט לעבעדיג געוואָרען און זיך גענומען אונטערלעהנען זיין האַרץ מיט אַ פרעזשעניצע, וואָס רייזע האָט אין דער גיך צוגעטראָגען איהם צום טיש, מאַכענדיג דערביי אויף איהר שריי־ענדיג בייזערענדיג קול:

— נאַ, עס געזונט, האָסט־דו געהערט, העץ אַ ביסעל, מען זאָל אַזאַ טאָג אָבפאַסטען!

באַלד זענען נישט טויט נישט לעבעדיג אַריינגעלאָפען אין שטוב דער טאַטע און די מאַמע, אַ געשריי, אַ געפילדער. אַ פרייד מיט אַ רוגזא און אַ מוסר־זאָגען אינאיינעם.

— געלויבט איז גאָט! — שרייט די מאַמע מיט אַ פרעהליך האַרץ און מאַכט דערביי טאַקי, קוקענדיג אויפ׳ן זוהן, אַ בייז פנים. — דו ווייסט, וואָס דו ביסט פאַר אַזאַ מעשה ווערטה...

— סטייטש, סטייטש! — פייערט דער טאַטע, אַזוינס צו טאָן! דו ביסט דאָך ווערטה, סטייטש, ווי אַ הערינג זאָל מען דיך צעררייסען!

— העץ אַביסעל! — איז רייזי ׳ אַ גוטע מליצה, אַרויס אויף איהר שפראַכע, אַ פאָהר־געבענדי׳ ׳ זיט דער נאָז איבער דעם אַרבעל. — שענע טאַטע און מאַמע מען זאָל איבערלאָזען אַ קינד אַליין ווי אויפ׳ן וואַסער! ער שרייעט! וואָס זאָגסט־דו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען? אַ קינד איז אַ קינד. וואָס דען? אָט שווייגט בעסער, שווייגט!

— אוי, ווי דו ביסט פאַרשמירט, פאַרשלומפערט, — שרייט די מאַמע אויף הערשעלען ברעכענדיג די הענד — עפּיס גאַנץ גלופסקער בלאָטע ליגט אויף דיר!

— איך בעט אייך, וואָס זאָגט איהר צו איהר? — זאָגט רייזע צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ — די פריצטע — אַ קאַטאָוועס אַ פריצטע, עס געפעלט איהר ניט דעם זוהנס קאַפּאָטע, קען גאָר אויף דעם ניט קוקען! אַ קאַפּאָטע ווי אַלע קאַפּאָטעס ביי אונז דאָ, און וואו שטעהט דאָס אין דער תורה, אַז אַ איד מוז געהן דוקא מיט׳ן פּוץ? — אויב גלופסקער בלאָטעס געפעלט נישט דער פרינצעסין, איז אָהן סכנה, נישקשה, גלופסק האָט ניט פערלאָרען ביי אונז דעם חן אַזוי ווי צ

איז. אַלע לעבען מיר, ברוך השם, אָהן בושה און אָהן שאַנד. דאָס קינד איז, נעבעך, מיעד, שוואַך, נישט געגעסען דעם גאַנצען טאָג, און זי... וואָס אַרט דאָס זי? מטגסט זיך, כ׳לעבען, שעמען און לאָז איהם געמאַך!

רייזעס ווערטער האָבען געווירקט און יענ ציים האָט הערשעלע ליעב געקריגען רייזען ביי זיך אין האַרצען.

# דאס פינפטע קאַפּיטעל.

אונזערע פּאַרשוינען זענען געשטאַנען צושיידט אויף בעזונדערע סטאַנציעס. נישט דערפאַר ווייל איטליכער פאַר זיך האָט בעדאַרפט האָבען זיין הדר, זיין אָרט בעזונדער. הלילה! גאַנץ רייכע יודען אפילו לאָזען זיך אויף דער אַכסניא בעגנינגען מיט אַ בעטיל און שטעהען דריי, פיער איהרע אינאיינעם, אַבי עס זאָל וואָלוועל קאָסטען. נאַרישקייטען! ע‚ים בעדאַרף דען אַ יוד האָבען עולם=הזה? — נאָר וואָס דען? ווייל אַנדערש איז גאָר טאַקי נישט מעגליך געווען.

דער טאַטע האָט, ווי געוועהנטליך, זיך אויפגעהאַלטען ווי=ס'איז ביים שמש פון דעם קלייזעל, וואו ער פלעגט ימים נוראים דאַוונען. דעם שמש'ס דירה איז קוים געגוג געווען פאַר זיין אייגען געזינד. נאָר ווי זאָגט מען עפּיס ביי אונז יודען — וואו צוויי איז אויך אַ דריטער. און מיט דעם דאָזיגען כלל שטעקט אַ יוד, נעבעך, אַריין דעם לעפּעל צו יענעם אין שיסעל, שטופּט זיך אַריין וואו ס'איז ענג, קריכט אַריין מיט אַ פוס צו יענעם אין ביטעל, חאַפּט אַ קוק צו יענעם אין מחזור, שפּאַרט=זיך צו ווי=ס'איז צו יענעם אויפ'ן געלעגער, קוועטשט זיך אַריין אין בויך צווישען פול אָנגעזעצטע פּאַרשוינען און שטערבעט, נעבעך, אָב אַזוי דאָס גאַנצע לעבען. עט, וואָס מאַכט עס אוים? אַבי איבער=קומען; אַבי אָבפּטר'ן, משטיינס=געזאָגט, דאָס עסען; אַבי חאַפּען אַ דרעמיל; אַ נאַכט איבערצולעבען; אַבי יוצא זיין און ווי=ס'איז דערהאַלטען די נשמה. דערביי האָט טאַקי לייזער=יאנקיל מיט דעם שמש זיך גע=רעכענט עפּיס שטיקלעך קרובים, און ווי דער אַיינפיהר ביי אונזער עולם איז, האַלט עס אַ יוד זיך פאַר אַ מוז צו פערפאָהרען צו זיינעם האָטש

אַ גאַנץ ווייטען קרוב, ווייל ווען נישט — אַזוי טייטשט ער עס — וועט ער איהם, חלילה, בעליידיגען און יענער ווידער קען אויף איהם ברוגז זיין. און אויב לייזער־יאַנקיל איז דאָס מאָל מיט דעם ווייב, מיט דעם קינד און האַק־פּאַק מיט די עופות באַלד טאַקי נישט פערפאָהרען גלייך צום שמש — איז ערשטענס דעריבער, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז אַזוינס איז ריין אונמעגליך. אי וואָס, יענער קען פאַראיבעל האָבען,— נישקשה, אָהן סכנות! ער וועט עס איהם געבען צו פאַרשטעהן. — און צווייטענס, וואָס מיינט איהר? איז דאָס טאַקי גאָר געווען דעם שמש'ס טרפה'ן גליק...

די מאַמע איז נעגאַנגען אויף סטאַנציע צו איהרער אַ בעקאַנטער יודענע פון קאַבצאַנסק, אַ קעכנע אין אַ נגידיש הויז, וואו זי האָט אָבּ־געזעצט עטליכע צעהנדלינג אייער און אַרויסגעקוקט אָנצונעהמען ביי דער בעל־הבית'טע אַ פּאָר טוץ זאָקען אין גלייכען געלד אויסצואַרבייטען און פון אַ צוואַנציג גענזלעך פעדערען איבער'ן ווינטער אויסצופּליקען. די מאַמע האָט גאָר נעשיינט אין דעם שלייער, אין דעם שבת'דיגען טיכיל אויפ'ן קאָפּ, איהר איז, אַ פּנים, אין קיך גאָר נישט שלעכט געווען, זי האָט זיך דאָרט אויסגעגלייכט די ביינער. די קעכנע האָט זי צוגעפּילעוועט, איהר אַלץ אונטערגערוקט צו קייען, אָנטרייבענדיג זי אַלץ: עסט, מלכה־טויבעניו! עסט, עסט, מיין האַרץ.

ביידען האָט דאָס מויל זיך נישט צוגעמאַכט, אַלץ גערעדט, גע־רעדט, זיך אויספּרעגענדיג איבער פיעל מענשען, בעקאַנטע און אויך ווילד פרעמדע, אַזעלכע וואָס געהערען זיך מיט זיי כלל נישט אָן. זיך דערמאָנט אַלטע מעשיות, וואָס נאָך מוידות'ן.

— געדענקט איהר, געדענקט איהר, מלכה־טויבעניו!

— געדענקט איהר, געדענקט איהר, טריינע־סאָסעניו!

ביידע האָבען זיך געשמאָלצען, געקוקט איינע אויף דער אַנדערער מיט לייכטענדיגע אייגעלעך, ביים שמועסען עפּים מיט חן צונויפגעצויגען, איינגעשנירט די ליפּעלעך, איינער דער אַנדערער אַלץ: סערדצע, קרוין, זאָלט איהר מיר געזונט זיין!... עס פאַרשטעהט זיך, אַז פון אַלע זאַכען האָט מען נישט פאַרגעסען דעם עיקר — רכילות, דאָס בעסטע געווירץ, די געשמאַקסטע בשמים אין איטליכען ווייבערשען שמועס. מען האָט מקיים געווען דעם מנהג, אָבריכטען, אָבשפּעטען מיט אַלע דיתים און כוונות, וואָס דרינען שטעקט. טריינע־סאָסיע האָט עס מקיים געווען גאַנץ פראָסט אָהן חכמות — געפלאַקערט, גערעדט מיט אַפּעטיט, גיך,

געשווינד, ווי עס געהער צו זיין... מלכּה־טויבע אָקעגען האָט דאָס איינענע טאַקי מקיים געווען, נאָר מיט שמד־שטיק. אַלץ צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, געגלאָצט די אייגעלעך מיט אַ יראת־שמים־פּנים׳ל, כּלומר׳שט ווייל זי נישט יענעם בּערעדען, פּע! — נאָר בּיי זיך אָבער האָט זי דערפון שטאַרק הנאה, בּעלעקט זיך אַזש פאַר תּענוג און וואַרפט אין שמועס אַ מאָל אַריין אַ וואָרט, עפּיס מיט פיעל טייטשען, אַזוי און אַזוי. דאָס וואָרט איהרס, וואָס דאַכט זיך אין פלוג גאָר נישט, עט... ציהט ערשט טריינע־סאָסיען בּיים צונג און בּידעט זי אונטער צו פּלאַקערן און צו רעדען, שפּעטען נאָך מעהר.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, מלכּה־טויבעניו! — הויבּט אָן טריינע־סאָסיל צו מאָלען מיט דעם צינגעל און אַ מאָס רעד איבּער די בּעלי־הבּית׳טעס אויסצושיטען. — וואָס ווייסט איהר, וואָס פאַר אַ שלעק זיי זענען, די אַלע שענע היינטיגע בּעלי־הבּית׳טעס! בּיי וויפיעל איך בּין איבּערגעוועזען, איז אַלץ איינע ערגער פון דער אַנדערער. איטליכע מיט איהר מאַנקאָליע, מיינע צרות אויף זיי! האָבּען נאָר ליעב אָט וואָס, זיך צו דרעהען, טאַראַראַמען, פּילדערן, קלינגען מיט די שליסעלעך. מיינען, זיי טהוען עפּיס. און טאָמער ווייסט איהר וואָס?

— וואָס, וואָס? — רוקט מלכּה־טויבע אַריין אַ ווערטיל, כּלומר׳שט תּם און ציהעט דערמיט טאַקי בּיי טריינע־סאָסיען ווערטער פון׳ם מויל.

— גאָרנישט!... צוהיצט זיך טריינע־סאָסיע, ווייס איך וואָס בּיי זיי הייסט עס, גאָר אַ געלעכטער, כ׳לעבּען, די איז אַ בּריה, פול אין איטליכס ווינקעלע. יאָ, אמת טאַקי, אָבער קיינמאָל נישט אין יענעם ווינקעלע, וואו מען בּעדאַרף. גלייך ווי זי שפּיעלט זיך אין בּעהעלטעניש. זוכט מען זי דאָ, איז זי גאָר דאָרט און בּעדאַרף מען זי דאָרט, חאַ־חאַ! איז זי דאָ... דער מאַן זוכט, די קינדער זוכען, מען רופט, רופט אין זי שרייעט פון ערגיץ אַרויס אין איין כּעס. — יענע ווידער, מיינע וועהטיגען אויף איהר, געטרויט נישט די שיין, ציצהלט די גרויפּען אין טעפּיל, פּאַר אַ האַלבּען גראָשען וואָלט זי זיך געלאָזט די אויגען אַרויס־נעהמען, וואָס איז?

— אַ בּעל־הבּית׳טע, וואָס דען? זי וויל אַיינבּרענגען... מאַכט מלכּה־טויבּע מיט אַזאַ מינעלע, עפּיס ווי אויף קאַטאָווועס און עפּיס ווי גאַנץ ערענסט.

— יאָ, איינבּרענגען! מאַכט טריינע־סאָסיע שטאַרק פאַרקרימענדיג

זיך. זי וויל איינברענגען פונ'ם עסען אַ גראָשען און אַליין ברענגט זי דעם מאַן זאוים — וויים איך אויף וואָס — הונגערטערם!... איינע, עפּיס אַ שליםמזל, האַנדעלט איין אין מאַרק אַלע מציאות, אייער אַ מציאָה, פּוטער, שמאַלץ אַ מציאָה, גאָט שיקט איהר אַלץ צו. האָט אַ שפּיזאַרנע מיט אַלעם גוטען און האַלט עס אָבער אונטער'ן שלאָס אַזוי...

— אַייערע מיינט איהר? חאַפּט זיך מלכּה־טויבע אַרוים מיט אַ האָרט. ביי אַייערער איז עס אַלץ אונטער'ן שלאָס? — אַ גוטע בעל־הבית'טע, כ'לעבען!

— טפו, אַ גוטע בעל־הבית'טע, כ'לעבען! זאָגט טריינע־סאָסיע איבער יענערס ווערטער מיט אַ ביין געלעכטעריל, אויסשפּייענדיג קדער־ביי. האַלט עס אונטער'ן שלאָס אַזוי לאַנג די אַלע מציאות, ביז די אייער ווערען טוכלע, די פּוטער בעקומט אַ ריח, דער אַיינגעמאַכטס גע־צוקערט און מען וואַרפט עס דערנאָך אַרוים... די אַנדערע, עפּיס אַ שטיק פליש, ליגט איבער שטענדיג אין קיך, מישט זיך צום טעפּיל. וויים איך וואָס? חאָטשע מען בעדאַרף זי דאָרט האָבען ווי אויגענטועהטיג. פאַרקעהרט, דורך איהר מישען זיך ווערט ערשט אַ מישעגינע: דער געבראָטענם צוגעברענט, די יויך אויסגעלאָפען און ם'איז נאָר אַ צעפּוקעניש...

— שונאים, שונאים! אַ צעפּוקעניש די שונאים! — מאַכט מלכּה־טויבע, אונטערלעקענדיג זיך. — עסט אייך, טריינע־סאָסיעניו, נישט אָב אַזוי דאָס האַרץ!

— טפו זאָלען זיי ווערען! — שפּייט טריינע־סאָסיע אוים. וואָס ווייסט איהר, וואָס ווייסט איהר? מלכּה־טויבעניו!... איינע נישט קיין רעכטע! אַלע זענען זיי שלימטזלניצעס, לעדיג־געהערינס, האָבען נישט וואָס צו טאָן און גיבען זיך אוים קלאָמפּערשט פאַר בריות. אַ קאַטאָוועס, אָהן זיי וואָלט די גאַנצע שטוב האָרנעם־קאָרנעם זיך איבערגעקעהרט. טאָמער ווייסט איהר וואָס? — גאָרנישט!... פריהער בין איך געווען אַ נאַר און זיך גענומען צום האַרצען, פלעג פון זיי קייען די ערד. און היינט אָבער האָב איך מיך מישב געווען — אַ־אַ, צו אַייער קאָפּ, צו אַייער לייב און לעבען! איהר ניסטערט, רעדט, בייזערט זיך, שרייט אַייך משוגענערווייז און איך טהו מיר מיינס. ווערט צוזעצט!... וואָס איז, טאָמער ווייסט איהר, עולם־הבא וועל איך האָבען? אַדרבּה, זאָגט, קרוין, סערדצע, און איך אַליין פאַר מי'ר, וואָס איז, וואָס, בעדאַרף נישט

עפּים האָבען?... איהר פאַרשטעהט דאָך מיך, מלכה־טויבעניו, געזונט זאָלט איהר מיר זיין.

— זאָלט איהר מיר געזונט זיין, טריינע־סאָסעניו, יאַט דען, איך פאַרשטעה נישט? איך פאַרשטעה זעהר גוט.

— וואָס, סערדצע, בין איך אפשר נישט גערעכט? וואָס איז, טאָמער ווייסט איהר פון די שכירות, וואָס איהם נעהם, וועל איך מיך אַ שען ביסעל מויערן? און אייביג, האַ, וואָס איז, וועל איך דיענען? ווי זאָגט מען עפּים, אַ מענש איז נישט קיין אייביג געווער. כל־זמן מען לעבט, לעבט מען און מען בעדאַרף זיך זאָרגען פאַר שפּעטער אויך. איך זאָל מיר נישט געווען דראָבען — שאַ, צווישען אונז זאָל עס בלייבען — אַביסיל פון׳ם מעהל, אַביסיל פון׳ם קצב, אַביסיל פון׳ם איינקויפען, וואָלט מאַקי געווען אַ וועהטיג מיינע שונאים. צו וואָס לאָמיר זיך דאָ נאַרען, מלכה־טויבעניו? — נישקשה! איהר פאַרשטעהט? צו דעם וואָס לעבט אייביג האָב איך קיין טענות נישט. נישט צו פאַרזינדיגען. האָב, געדאַנקט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס אָנצוטאָן. — מיין קאַסטען קליידער האָט איהר נאָך נישט געזעהען? קומט, סערדצע, וועל איך אייך ווייזען.

און טריינע־סאָסיל נעהמט זיך ווייזען איהר גוטס, צולעגט איהר קרעמיל: שטיוולעטלעך אויף קנעפּלעך, איין קליידיל, דאָס אַנדערע געניייט נאָך דער לעצטער מאָדע מיט שליאַרקעלעך. אַ זיידענע פעלע־רינקע אויסגענייט מיט גראַנאַטלעך, אַ קאָפּטעלע, אַ שבת׳דיגען בורנאָס מיט קוטאַסען.

זי האַלט זיך פיד־באָקים און שמאָכט. מלכה־טויבע קוקט זיך צו, ווי אַ מבינה, צו איטליכער זאַך, טאַפּט און שאַצט. דאָס פּנימעל לויכט איהר, ווי זי שעפּט פיעל נחת פון טריינע־סאָסלען, וואָס דער אויבער־שטער האָט זי אַזוי געבענשט, מאַכט אָך־אָך! פערוואַרפענדיג מיט די איינעלעך, אַלץ: געלויבט איז השם־יתברך, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען! און ווינשעוועט, ווינשעוועט, פאַרזיכערענדיג ביי איטליכס מאָל טריינע־סאָסלען, אַז ווי דאָס לעבען אַזוי ליעב און מייער איז זי איהר. זי האָט שוין דאָס געזאָגט און זאָגט באַקי:

— אַ פּנים אויף דער גאַנצער וועלט איז דען נאָך דאָ אַזאַ טריינע־סאָסעניו? קיין צער!

ביידע שמעלצען זיך און ווערען ברייטער ווי לענגער פאַר גרויס פערגניגען.

לאָמיר דאָ איבערלאָזען אויף אַ ווײַלע דעם מלך מיט דער מלכּה — דעם מלך בײַם שמש, די מלכּה אין קיך — און זיך נעהמען צום בן־מלך.

אונזער בן־מלך, הערשעלע, איז זיך געלעגען אויסגעצויגען, ווי בײַם טאַטען אין ווײנהויז, אויף אַ באַנק אין קלייזיל. דאָרט איז פאַר איהם געווען נישקשה׳דיג פון אַ אָרט אויף־אָנצושפּאַרען דעם קאָפּ. די באַנק איז געווען צוויי מאָל לאַנג ווי ער, אַזוי אַז ער האָט געקענט אויסשטרעקען די פיס גאַנץ פרײַ און אָנשטאָט אַ קישעלע צו־קאָפּענס האָט איהם זעהר גוט געדיענט דאָס פאָרענטשעלע. מוראָ צו האָבען נעכטיגען דאָרט האָט ער נישט געהאַט וואָס, ווייל ער איז נישט געווען אַליין, מיט איהם האָבען געשלאָפען אין קלייזיל נאָך עטליכע יודען, בטלנים. אומעטיג איז דאָרט אויך נישט געווען, מען האָט געשמועסט, דערצעהלט וואונדערליכע זאַכען, נישט ערגערע פון קאַבצאַנסקער. גלופּסק, נישקשה, געהט אויך גאָרנישט אָב. דאָרט זענען אויך דאָ יודען, אויך די אַלע שענע מעשיות. דאָרט שטעהט אויך פרײַ דער וועג צום הימעל, און מען פערקריכט אויף איהם טאַקי אויך קיין בויבע־ריק... גלופּסק מיט בויבעריק איז ווי איין שטאָדט, אָקעגען אַ גוטע העלפט גלופּסקער יודען זענען בויבעריקער.

דאַכט זיך, גאָר קיין מעשה נישט. אונזערע פאַרשוינען זענען, ברוך־השם, טאַקי געווען פערזאָרגט, נישט פערזינדיגען, אַלסדינג גוט, עס האָט נאָר געפעהלט אַביסעל געזונט

הערשעלע האָט פונ׳ם ערשטען טאָג קומען קיין גלופּסק בעקומען אַ קאַטער, אַביסעל אונטערגעהוסט, דאָס קולכען איז איהם געווען צו־געלעגערט, הייזעריגליך. פונדעסטוועגען איז ער אויפגעשטאַנען צו די ערשטע סליחות און אונטערגעהאַלטען דעם טאַטען. זײַן געליינקיל איז אמת טאַקי געזוען געדריפּעט, זײַן קוויטשעלע געפּיפּט, אויסלאָזענדיג זיך מיט אַ גרילץ, נאָר אָהן סכּנות. איין מאָל, איז אָהן איהם אויך געווען העלפערס, פיעל פונ׳ם עולם האָבען, ווי געוועהנטליך, אָבגעענטפערט, זיך אָבגערופען „בים־באַם!״

אונטערבימקען יענעם זענען דאָ בײַ יודען זעהר פיעל בעלנים, אויב „באַם״ פּאַסט אָדער נײַן — אַלץ איינס, אַבי זיך אַריינגעמישט, אַבי אַ שטימע, לאָז יענער נישט מיינען, ער אַרבייט אַליין... און צווייטענס, איז אַ צוגעלעגערט קול עפּיס טאַקי גאָר ווי געוואונשען צו סליחות, עס פּאַסט צובעקסען מען פּיהלט, אַז ס׳איז סליחות. אין דרויסען איז שטאָק

פינסטער, נאַכט. אומעטום שאַ — די גאַנצע וועלט שלאָפט. נאָר יודען חאַפּען זיך אַראָב פון די געלעגערס, געניצען, קנאַקען אויס די ביינער, דער שלאָף ליגט זיי אויף דער ברוסט, עס טריקענט זיי אין האַלז און זיי שטאַרקען זיך, לויפען פערשמאַכט אין שוהל אַריין, גיסען דאָרט אויס זייער האַרץ פאַר דעם לעבעדיגען גאָט אין הימעל און קלאַגען זיך, נעבעך, פאַר איהם אויף אַ צולעכצט=ברומענדיג=קרעכצענדיג קול, ווי אַ פערוואָגעלט, אומגליקליך דערשלאָגען קינד קלאָגט זיך פאַר דעם פאָטער אויף די צרות, וועלכע ער איז אויסגעשטאַנען, אַרומבלאָנקענדיג זיך אין דער וועלט.

דאָס צולעכצטע, חריפענדיג=פערשמאַכטע קול — אָט דאָס ערשט דיהרט ביים האַרצען, דרינען טאַקי ליגט ערשט דער בריה, דאָס גאַנצע געפיהל פון רחמנות... אַז דאָס שלאָפע קינד, נעבעך, האַפּט זיך אויף פון היץ ביי נאַכט, שטרעקט אויס מיט אַ געבעט די הענטלעך צום פאָטער, קרעכצט, יאָמערט פאַר וועהטאָג אויף אַ טרוקען הייזעריגליך קול, פאַרגעהענדיג זיך אין אַ הוסטעלע — חאַפּט עס אָן ביי דער לעבער נעהמט ער אַרויס די נשמה און שטעכט אין דער זיבעטער ריפּ...

און דער האָהן פון כפרות, איהם אַז מען גיט אין דערמיט נאַכט אַ טראָג פון דער סידעלע — קום צום „בני אדם"! און ער צאַפּעלט, קרעכצט אויף אַ פערדומפּפט קול, רופט זיך דען זיין חריפענדיג קול גישט אָב אין האַרצען? רייסט דען זיין האָרהלען נישט ביי דער נשמה?...

# דאס זעקסטע קאפיטעל.

רבונו של עולם! וואָס ליגט אַזוינס אין דיין האַרטער באַנק אין בית-מדרש, אַז דער וואָס נעכטינט אויף איהר איבער אַ נאַכט מיט דעם קולאַק צוקאָפּענס שטעהט דעם אַנדערען טאָג אויף עפּיס גאָר אַ אַנדער מענש, ווי ניי געבוירען?

שוין יעקב אבינו, אַז ער האָט אין וועג דענסטמאָל ביי זיין אַוועקלאָזען זיך פון דער היים, אונטערגענעכטיגט אין „יענעם אָרט" אויף אַ האַרט געלעגער, צושפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף אַ שטיין — האָט באַלד ביים אויפשטעהן אין דער פריה געשפּירט: אין זה, נישט אַנדערש כּי-אם בית אלהים, דאָ איז אַ בית-המדרש, וזה שער השמים און דאָ איז אַ טויער צום הימעל. יאָ טאַקי צום הימעל. ליגענדיג אויפ'ן האַרטען געלעגער גאָר אין דעם ערשטען בית-מדרש, נאָך אָהן ווענד, אָהן אַ דאַך, אָהן אַ אונטער-אויבען, האָט ער שוין דערזעהען נישט קראַקוי און לעמבערג אַליין, נאָר אויך יענע וועלט — פייערדיגע מלאכים, וואָס האָבען איהם אין די אויגען זיך געדרעהט אַרויף און אַראָב עפּיס אויף אַ הויך לייטעריל פון דער ערד ביז העט-העט אין הימעל אַריין — און יעקב האָט דערפיהלט אין זיך אַ גרויסע פאַרענדערונג...

נאָך אַ מאָל רבונו של עולם! וואָס ליגט אַזוינס אין דעם גלות, אין דעם נע-ונד זיין אין דער פרעמד, וואָס דיינע קינדער ישראל, וועלכע עס האָבען אַזעלכס פון דיר אַ מתנה, זענען דורכדעם אין דער וועלט עפּיס גאָר אַנדערע מיני מענשען, האָבען עפּיס גאָר אַ אַנדער פּנים, אַ אַנדער שטייגער לעבען, אַ אַנדער מזל, אַלץ-מיט-אייגאַנדער עפּיס נישט לייטען גלייך?... אין דער צייט ווען אַנדערע זענען נאָך גאָר יונגלעך,

פריש=לעבעדיג, מאַכען זיך נאַריש און האָבען אין זינען עולם הזה, די וועלט, איז דיינס- אַ יודעלע געועלטערט, געקנייטשט, איינגעהייקערט, פערזאָרגט און דערשלאָגען. דאָס קעפּעלע נאָר עם אַרבייט: טראַכט, טראָגט, פליהט און אין זינען איז איהם נאָר תכלית=זאַכען, אַזוינס וואָס האָט עפּיס אַ חערטה, אַ קיום — עולם הבא, יענע וועלט...

אונזער הערשעלען איז אין די ערשטע פּאָר טעג פונ'ם נע ונד זיין אין דער פרעמד און פון דעם שלאָפען אין קלייזיל אויף דער האַרטער באַנק נישט צו דערקענען געווען, אַזוי האָט ער זיך געענדערט, איבער=געביטען געוואָרען אינגאַנצען. קיין פרעהליבע מינע האָט מען פון איהם נישט געזעהען. ער איז געווען אַלץ עפּיס פערטראַכט, גלייך ווי הימעל און ערד זענען אויף איהם געפאַלען. דאָס וואָרט „תכלית", וועלכס ער האָט פון די עלטערן געהערט צו דער בר=מצוה, איז איהם טיעף אין האַרץ אַריין און איהם געעקבערט, געלעכערט דעם קאָפּ: געוואַלד תכלית! וואָס וועט זיין דער תכלית? מען בעדאַרף טראַכטען, זאָרגען אַרום דער תכלית —

און הערשעלע האָט זיך אַ געשמאַקען נעהם געטאָן צו דער גמרא. דען וואו אַנדערש האָט ער געקענט, נאָך זיין פערשטאַנד דענסטמאָל, געפינען דעם תכלית, ווען נישט אין דער גמרא? אָט דאָ ליגט דאָס גאַנצע גליק פאַר אַ מענשען, דאָס בעסטע, וואָס ער קען נאָר דערגריי=כען דאָ אין דעם לעבען. ביי אַ בלעטיל גמרא מיט תוספות לאָזט זיך שוין אוים אַלע חכמות, און אַז גאָט העלפט נאָך, מען טרעפט=צו דעם מהר"ם=שיף'ם אַ קשיא, אָדער מען פאַרענטפערט דעם מהרשאָ"ם אַ „ויש לישב", איז מען שוין אַ פאַרטיגער, אַ פערזאָרגטער מענש, מען קען שוין גליקליך אָבלעבען זיין וועלט, אין עושר, אין כבוד. אַ קאַטאָוועס עפּיס אַ למדן! מי לנו גדול, ווער איז אין דער גאַנצער וועלט גרעסער, שטאַרקער און האָט די גאַנצע דעה מעהר פון אַ יודען אַ וואויל=לעהרנער, אַ רב און אַ דיין? וועלט האָט דענסטמאָל ביי הערשעלען געהייסען — יודען. ווייטער, גאָרנישט! עס זענען דאָ אפילו עפּיס נאָך אַנדערע אויך, נאָר דאָס זענען גלאַט אַזוי זיך אומות העולם און וואָס געהען זיי וועמען אָן? וואָס קענען זיי, וואָס ווייסען זיי, משטיינס=געזאָגט! אַז אין קיין חדר, ווי יודישע קינדער, געהט מען נישט, דאָס וואָס ביי אונז פאַר=שטעהט מען נישט, היינט וואָס=זשע?...

הערשעלע האָט פון דער שאַפע ספרים אין קלייזיל אַרויסגענומען אַ גמרא „בבא קמא" און זיך געזעצט לערנען „שור שנגח את הפרה",

ווי ראובן׳ס אָקס האָט געשטויסען שמעון׳ס קוה, הויך אויף אַ קול מיט אַ נגון, שטאַרק שאָקלענדיג זיך און וואו מען בעדאַרף דעם קוועטש, אַ מאַך געבענדיג מיט׳ן גראָבען פינגער.

הערשעלעס קעפּיל האָט שטאַרק געאַרבייט, געפלויגען אין דער לופטען. עס האָט זיך פאַר איהם געקייטעלט איין זאַך אין דער אַנדערער און ס׳איז מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסען אַ גאַנצער לייטער, אויף וועלכען עס האָבען זיך גערדעהט אַרויף און אַראָב אַרישא, אַסיפא, אַמציעותאָ אין דער געשטאַלט פון בייזע ווייבער, וואָס קענען צווישען זיך ניט אויס־קומען און אויפ׳ן שפּיץ דער תנא קמא, דער גרויסער פּריץ. הערשעלע וואַרפט זיך אין אַלע זייטען, פערפליהט ווייטליך, עס חאַפּט איהם אַזש אָן אַ שווינדעל, עס פאַרדרעהט זיך איהם דער קאָפּ, אָט־אָט רייסט זיך איבער די לעצטע האָר, אין וועלכער ער האַלט זיך אָן — און פּלוצלים גיט עס מיט איהם אַ טראָג צוריק טאַקי צו ראובן׳ס אָקס און שמעון׳ס קוה. האַ־האַ דאָס קעפּיל איז איהם ווידער אויפ׳ן אָרט, ער צושאָקעלט זיך און לעהרענט מיט חשק...

מען מוז פריהער איבערנעכטיגען אַ היבש ביסעל נעכט אין בית־מדרש אויף דער באַנק הארט ווי אַ שטיין, בכדי צו דערגרייכען דעם סוד פון אַזאַ לייטער, צו פיהלען דעם טעם דערפון און רעכט ווי געהעריג צו פערשטעהן, אַז דאָס אַלסדינג איז נישט גלאַט אַזוי זיך עפּיס זאַכען, אַז ראובן׳ס אָקס און שמעון׳ס קוה זענען נישט מגושם־גראָב, פּשוטע קיה, וואָס נעהם און מעלק זיי אויס. ניין! זיי שטעלען זיך פיר גאָר אַנדערש, עפּיס ווי דער אָקס, דער ווידער, דער צווילינגיל און די בתולה דאָרט אין די צוועלף מזלות...

אונזער הערשעלע האָט געלערענט מיט אַ ברען, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען אַזוי נישט געלערענט און דאָס האָט איהם גע־געבען צו חן און צו לייטזעליגקייט אין די אויגען פון פיעל מענשען אין דעם קלייזיל.

— אַ וואויל יונגעלע, האָט מען געזאָגט, ער בענעהרט לערנען!

ער טאַטע האָט זיך גאָר געשמאָלצען און דערצעהלט דעם זוהנס גרויסע מעלות אין אַ ברייטליכען שמועס מיט מענשען וועגען איהם.

— עט, האָט ער געמאַכט, וואָס ווייסט איהר, וואָס מיינער איז! די קאַבצאַנסקער מלמדים קענען זיך נישט זאַט אָבלויבען זיין גוט קעפּיל, זיין תפיסה. ביי צוועלף יאָהר — וועט איהר גלויבען? — האָט זיך ביי זיי אויסגעלאָזט תורה פאַר איהם. אויף זיינע קשיות איז ביי זיי נישט געווען

קיין תירוצים. דער תירוץ איז געווען אַ צווייַ הייסע פעטש, אַ קניפּ, אַ טראַך אין דער באַק בכיוון טאַקי, פאַרשטעהט איהר מיך, בכדי ער זאָל בייַ זיך זיין געפאַלען, נישט מיינען, אַז ער איז עפּיס, אויך אַ מענש! באמת, מיינע ליעבע יודען, איז טאַקי אַזוי, אַ יונגעל טאָהר נישט האָבען זיין שכל; ווי אַ עלטערער זאָגט, אַזוי בעדאַרף זיין. אַ יונגעל בעדאַרף וויסען, זאָגט אַ עלטערער טאָג, חאָטש עס מעג זיך זיין נאַכט, איז טאָג, גאָר אָהן קשיות. אלא נישט, איז ביטער. היינט פרעגט ער אַזאַ קשיא און מאָרגען וועט ער שוין פרעגען גאָר עט־טע־טע! עס וועט איהם שוין נישט געפעלען, פאַרשטעהט איהר מיך, דאָס, יענס, אַ סך זאַכען... איך זאָג עס אַקעגען דעם, אַז טאַטעס בעדאַרפען עס וויסען. אונזערע עלטערן פאַרצייטען האָבען עס פערשטאַנען בעסער פון די היינטיגע, דעריבער טאַקי איז געווען אַז גוט און וואויל. מילא ווי די מעשה איז, פעטש אַהער, פעטש אַהין, מיינער איז דערווייל אַרויס פונ׳ם חדר און האָט אָנגעהויבען אונטער מיין השגחה צו לערנען בייַ אונז אין בית־מדרש אַליין פאַר זיך. עס פאַרשטעהט זיך, איך ווייז איהם אַ מאָל אונטער. ווי איהר קוקט איהם אָן־אָ, קען ער שוין, אָט־אָ דער שנעק, גאַנץ ביצה, קידושין, כתובות און נדה!...

אַזוי האָט געוועהנטליך דער טאַטע אויסגעלאָזט דעם שמועס מיט אַ שיינענדיג פּנים, אָנווייזענדיג פונדערווייטענס מיט אַ פינגער אויפ׳ן זוהן, און געטראַכט בשעת מעשה בייַ זיך: האַ? אפשר וויל גאָט גאָר אַ שידוך... דערפון זאָל זיך אויספּיקען אַ כלה — טאַ!...

---

# דאס זיעבעטע קאפיטעל

צו דערצעהלען דאָ, ווי לייזער־יאַנקיל ,האָט ראש־השנה שטאַרק געאַרבייט אין דאַוונען, וואָלט געווען אַ שטיקעל אומרעכט אַקעגען דעם איבעריגען עולם פונ׳ם קלייזיל, ווייל דער עולם יודען האָט פון זיין זייט אויך געאַרבייט, געשריגען מיט איהם אינאיינעם. לייזער־יאַנקיל איז אמת טאַקי געווען דער „שליח־צבור", דאָס הייסט, דער דעפּוטאַט, אויס־געקליבען פון קהל, צו דעם רבונו של עולם; נאָר יודישע קינדער אָבער האָבען ליעב אומעטום זיך אַריינצומישען און ווען זייער דעפּוטאַט זאָל אפילו זיין מיט הערנער, אַ אַנטיק אין דער וועלט, דאָך קוים לאָז ער עפענען אַ מויל זיך עפּיס אָנצורופען, פאַלען זיי איהם אַריין אין דער מיט איטליכער מיט זיינס, איטליכער מיט זיין צינגעל אויף זיין שטייגער, טראַכטענדיג אין האַרצען: יענער מעג זיך זיין דאָרט וואָס ער איז, פאַרשטעהע איך נאָך, נישקשה, אַ זאַך אפשר אַזוי גוט ווי ער. יענער מעג זיך הייסען מיין מענש, האָבען פון מיר אַ „כח־הרשאה", פונדעסטוועגען קוקען איהם אין מויל אַריין צזפּיעל, טהאָר מען נישט, מען מוז איהם אַ מאָל ווייזען און אַרויס מיט אַ וואָרט. קלאָמפּערשט הייסט עס, יענער איז דער אַדוואָקאַט, דער שתדלן, מען פערלאָזט זיך אינגאַנצען אויף איהם, פונדעסטוועגען אַליין מוז מען אויך עפּיס טאָן, זיך קלאָגען אויבען, אין סענאַט פאַר דעם אויבערשטען און אָנבעטען הינטען־אַרום אויף די גרויסע שרים פּצפּציה וכדומה דאָס גאַנצע פּעקיל סמראַפּ־טשעס, סעקרעטאַרען מיט זייערע פאַקטוירים אין בית דין של מעלה דאָרט.

און די קינדער ישראל אַרבייטען, לאָזען זיך הערען אויף קולות

ביז דעם זיבעטען הימעל. ס׳איז אַ ליאַרם, אַ געפּילדער, אַ געוואַלד, אַז טאַקי איין גאָט נאָר קען פאַרשטעהן, וואָס זיינע יודעלעך ווילען, וואָס זיי בעטען און שרייען.

דער עולם יודען האָט גוט געשריגען, לייזער-יאַנקיל אָבער האָט זיי אַריבערגעשריגען, פּאָרט טאַקי אויסגעפּיהרט זיינס — אָבגעשפּילט דעם „מלך עליון״ מיט אַ מאַרש לעבעדיג, קנאַקענדיג און הערשעלען איז אויך עטליכע מאָל געראָטען צו טאָן אַ קוויטש, אַזוי אז עס האָט געהילכט.

אָט אַזוי איז אָבגעלאָפען דאָס דאַוונען דעם ערשטען טאָג ראש-השנה. לייזער-יאַנקיל, הייסט עס, איז געווען פון אויבען, ער האָט איינגענומען. דעם אַנדערען טאָג אָבער האָט שוין גובר געווען טאַקי דער עולם. עס האָט זיך גערעשט און גערוישט ביים זאָגען די שטיקלעך פּיוט מיט די תפילות, ווי עס רוישט זיך דער וואַלד בשעת אַ שטורם-ווינד, אויף אַלערליי טרויערדיגע קולות. עס האָבען געשריגען העלזער, געזיפצט, געקרעכצט הערצער, הענד האָבען געפּאַטשט, פינגער גע־קנאַקט און קעפּ האַלב-איבערגעדעקטע און אינגאַנצען ביז דעם בויך איבערגעדעקטע מיט טליתים האָבען זיך געוואָרפען אין אַלע זייטען געשאָקעלט אַרויף און אַראָב.

ענג איז געווען אין קלייזיל, אַ שפּילצען קעפּיל אַהין נישט אַריינצו־וואַרפען. הייס, אַ שרעק! לייזער-יאַנקיל איז אָבגעגאַנגען מיט שווייס און חאַפּענדיג אַ בלאָז פון אַ צוג-ווינטעל האָט ער פערלוירען דאָס קול, איז געבליבען ווי דערוואָרגען, נעבעך. געראַטעוועט האָט איהם נאָר דאָס איינציגע מיטעל, וואָס ער האָט, וואו ס׳איז אויסגעקומען צוזאָגען מיט מויל עפּיס אַ ריהרענדיג שטיקעל, זיך געשמאַק צו-וויינט, געגאָסען טייכען טרעהרען, אָבחאַפּענדיג דערווייל די ווערטער אונטער דער נאָז — און, דאָס איז איטליכען שטאַרק געפעלען.

אויף וויינען איז לייזער-יאַנקיל געווען איין מייסטער אין דער וועלט, ער האָט געוויינט עפּיס מחיה׳דיג-געשמאַק: דאָס האָט איהם פערשאַפט אַ נאָמען אין אונזער ווינקעל און ער האָט געהייסען „דער קאַבצאַנסקער בעל-בכי.״ אַנדערע האָבען איהם דרינען פערגליכען צו דעם בעריהמטען ליטווישען חזן „די קלאָג-מוטער״. יענער, אַזוי שמועסט פון איהם די וועלט, האָט אין זיין צייט געוויינט עפּיס געטליך, בע׳טעם׳ט: אַלץ מאַמע, מאַמע! גאַנץ יודישליך, מיט דעם זיבעטען חן.

הערשעלע האָט אויף דעם טאַטען קוקענדיג זיך אויך צו-וויינט און

יערפון טאַקי בײַ זיך אין האַרצען זעהר הנאה געהאַט. מען בעראַ־
זיסען, וואָס הייסט אַזוינס בײַ אַ יונגעל ווײַנען ראש־השנה און יום־כפור
אין שוהל, אַז אַלע זאָלען זעהן. דערצו טהוען יונגלעך שאַרפע מיטעל —
שמעקען, נעבעך, טאַבאַקע, קנײַפּען זיך שטילערהייט, רייבען די אויגען —
און אונזער הערשעלע איז דאָס מאָל אַזוי גליקליך געווען צו ווײַנען גאָר
אָהן יענע אַלע זאַכען! דעריבער איז איהם עפּיס גוט געווען אויפ׳ן האַר־
צען פון זײַנע טרעהרען, ער האָט געקוקט אויף זיך עפּיס מיט גרויס
דרך־ארץ, זיך אומגעקוקט, אויב מען זעהט, ווי ער ווײַנט און עס געהען
נישט פערלוירען זײַנע טרעהרען, דערבײַ טאַקי אַלע געטאַפּט הינטער־
ווייליכם די באַקען, אויב זיי זענען גוט נאַס.

אַ פּאָר טעג נאָך ראש־השנה איז מלכה־טויבע אַוועקגעפאָהרען אַ
היים, מיטפיהרענדיג מיט זיך גאַנצע זעק פעדערען, וואָס זי האָט אין
עטליכע געהייבענע ערטער אָנגענומען, איבער דעם ווינטער עס אויס־
צופּליקען, אויך פּאָדים אַ היבש פּעקיל אויף זאָקען אויסצואַרבייטען און
דערצו נאָך אַביסעל סחורה אין גלײַכען געלד: זייף, קראָכמעל, ציטץ
אויף קליידלעך מיט רויטע גרויסע קווייטען, עפּיס גאָר אַ מיאוסע מציאה
און די בעריהמטע גלופּסקער שוועבעלעך, וואָס ווערען אויף דעם פייער
אפילו נישט פאַרברענט און מענגען זײַן אַ גוט מיטעל צו לעשען מיט ז־
שרפות.

אַוועקגעפאָהרען איז זי עפּיס בייז, פּעל מיט פעררראַס. זי איז ברוגז
געווען, שטאַרק אָנגעלאָדען אויף טרײַנע־סאָסלען, מיט וועלכער זי האָט
נאָך דעם גרויסען גוט לעבען זיך מיאוס צו־ווערטעלט און פון דער
שטאַרקער ליעבשאַפט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

נײַן מאָס רעד קלעקט פאַר צוויי ווײַבער נישט מעהר ווי אויף אַ
פּאָר טעג. ביז וואַנען ס׳איז נאָך געווען פון וואָס, פון וועמען צו רעדען,
האָט דער צונג געקלאַפּט, געמאָהלען, קוים אָבער האָט זיך אויסגעלאָזט
רעד, האָבען זיי אָנגעהויבען איינע צו דער אַנדערער זיך צוקוקען, איינע
אין דער אַנדערער אויסצוזוכען פעהלער און זיך געבלאָזען.

מלכה־טויבען איז נישט געפעלען דער אַיינגעהער, וואָס קומט
אַלץ צו טרײַנע־סאָסלען, מאַכענדיג מיט איהר קוצעניו־מוצעניו, און נאָך
ווען? אין אַזעלכע טעג, וואָס אַ פיש אין וואַסער ציטערט. הײַנט איז
איהר אויך נישט געפעלען, וואָס דאָס טיכעל אויפ׳ן קאָפּ איז איהר
אַרויפגערוקט, אַזוי אַז עס קוקט אַרויס האָר; וואָס הינטער׳ן קליידיל
רוקט זי אַרונטער עפּיס אַ באַרג מיט שמאַטעס מיט רייפען, בכדי עס

זאָל אויסקומען, מחילה, דיקער, גרעבער. זי האָט איהר מכּח יענס נענעבען אָנצוהערעניש: עפּיס נישט ווי בּיי אַ יודישער טאָכטער, אויך עטליכע מאָל אַליין מיט איהרע כּשר׳ע הענד גענומען און אַראָבּגעלאָזט איהר נידעריגער אויפ׳ן שטערען דאָס טיכעל, אַ טאַפּ געטאָן איהר פון הינטען דאָס קליידיל, געמאַכט דערנאָך פון די בּיידע פאָרענט־צו אויס־געשטרעקטע הענד אַ קיילעכדיגען בּייגעל, געשאָקעלט דערבּיי מיט׳ן קאָפּ, אויסציהענדיג די ליפּעלעך עפּיס מיט אַ משונה זויער קרימעלע, גלייך ווי גערעדט: אָ־אָ, האָסט־דו עס אַ באָטבע, בּעהיט זאָל מען ווערען!

טריינע־סאָסלען ווידער האָט נישט געטויגט צו דער זאַך אַ פרעמד אויג, האָבּען נעבען זיך אַ רביצין. איהר איז אויך גרויס געווען אין די אויגען מלכּה־טויבעס עסען, ווי זי פּאַקט, עסט פאַר צעהן און קען נישט חאַפּען די זעט, עפּיס גאָר אַ היישרעק! אין דעם פּסק, וועלכען זי האָט איינמאָל געהאַפּט פון דער בּעל־הבּית׳טע, האָט זי בּיי זיך בּעשולדיגט מלכּה־טויבען — דאָס האָט זי איהר צוגעשטעלט אַ הינטער־פּיסעלע, דאָס איז טאַקי נאָר איהר מלאָכה.

מלכּה־טויבע האָט טאַקי אַ פּאָר מאָל זיך געשושקעט עפּיס מיט דער בּעל־הבּית׳טע, געגלאָצט מיט די אייגעלעך, מאַכענדיג אַ פערפרומט פּנים׳יל און אַלץ געשפּיגען, געשנייצט די נאָז. און אַז טריינע־סאָסיל איז דערויף אָנגעקומען, איז דער שמועס פּלוצלים איבּערגעהאַקט גע־וואָרען. מלכּה־טויבע האָט, רויט ווערענדיג ווי אַ צוויק, זיך געקראַצט, גערעהט, געמאַכט מיט די אַקסלען און געבּליבּען דערנאָך שטעהן מיט אַ קרומען רוקען, איינגעהויקערט ווי אַ קאַץ, אונטערשפּאַרענדיג די בּאַק מיט אַ פינגער...

הכּלל, די פריהערדיגע בּיידע חברתּות, וואָס זענען געווען דאָס לעבען מיט דער נשמה, האָבּען זיך געבּלאָזען, איינע דער אַנדערער נעגעבּען אָנצוהערעניש מיט שטעכווערטלעך. די — יענער אַ פּיק, יענע — דער אַ פּיק, בּיז זיי זענען לסוף אַרוים מיט די געשליפענע צינגלעך און האָבּען זיך גוט צוקריגט.

און מלכּה־טויבע, שטאַרק אויפגעבּראַכט אויף טריינע־סאָסלען, האָט בּיים אָוועקפאָהרען אויסגעלאָזט איהר כּעס צו דער גאַנצער וועלט און צו איטליכען בּעזונדער: צו דעם בּעל־העגלה, פאַר וואָס אַ צעהן גראָשען מעהר ווי בּיי אַנדערע נעהמט ער, נישקשה, בּיי איהר און זעצען — זאָל איהם אַרויסזעצען די נשמה! — זעצט ער זי אַראָבּ אונטען, צווישען די אַקעגענדיגע פאַרשוינען; צו דעם מעקלער, וואָס האָט בּיי

איהר געטאַנט אַ דרייער פאַר זיין טירחאַ, רופענדיג זי: מוהמע; צו דער קיה, וואָס איז אונטערגעקומען אויף דער גאַס צום וואָגען, גאַנץ היימיש ווי אַ אייגענע, אָהן גרויסע צערעמאָניעס, זיך אריינגעשטעקט די מאָרדע אונטער איהר געזעס און אַרויסגעשלעפּט אַ פול מויל שטרוי, נישט געמיינט, חלילה, עמיצען דערמיט צו בעליידיגען, גאָר גלאַט אַזוי, ווי דער שטיי־נער איהרער איז שטענדיג, חאַפּען אַ לעק פון די וואָגענס; אויך צו דעם יונגען־מאַנטשיק, להבדיל, וואס דרעהענדיג דאָס שטעקעלע, אויף זיין שטייגער, ביים געהן אויף דער גאַס, האָט ער, שטופּענדיג זיך האַרט ביים וואָגען, מיט׳ן סקיפּקעלע איהר דערלאַננגט אַ זעץ אין פּנים, שיער אַ אויג איהר נישט אַרויסגענומען, עס פאַרשטעהט זיך אומגערן, נישט געמיינט, חלילה, קיין שלעכטס. הכלל זי האָט זיך געוואָרפען, אומזיסט־אומנישט אויסגעלאָזט איהר צאָרן צו דעם, צו יענעם און צו גאַנץ גלופּסק, וואָס האָט געמעגט פון איהרעטוועגען איינגעזונקען ווערען, גלייך ווי די אַלע, נעבעך, זענען שולדיג דערין, וואָס טריינע־סאָסיל איז אַ היצליבע, אַ שלאַק פון זיין ליעבען נאָמען:

דער בעל־העגלה האָט זיך גענומען מחילה בעטען זיינע געפּגר׳טע פערד, וואָס ביים מעקלער, דעם בעל־העגלה׳שען שדכן — אַ בריה אויף צו פאַרגרעסערן, ווי געוועהנטליך אַלע אַנדערע שדכנים — הייסען אַזעלכע לייבען, אָדלער, און די נבלות האָבען נאָך אַ צעהנדלינג בייטשען זיך געקוועטשט, מטריח געווען די אַלטע ביינער זיך צו ריהרען פונ׳ם אָרט, אַרויסשטעקענדיג די צינגלעך און אונטערשמייסענדיג זיך מיט די אויסגע־קראָכענע דינע וויידעלעך.

מלכּה־טויבע האָט נאָך דעם צעהנטען מאָל געזעגנען זיך אויסגע־שטרעקט די האַנד פונ׳ם וואָגען און נאָכגעשריגען דעם מאַן איבער דער גאַנצער גאַס הויך אויף אַ קול:

— לייזער־יאַנקיל! למען השם פאַרגעס נישט מכח יענס!... ברענג אַ היים עטליכע פּעקלעך ציקאָריע! לייזער־יאַנקיל, למען־השם, שוויצען! טרינק אויס עטליכע גלעזלעך טרוקענע מאַלינעס! הערשעלע! דעם מאַמענס שטיקעל פּעה ליגט איינגעבונדען מיט דעם חנע־היטעל, געדענק־זשע, שוויצען!...

# דאס אכטע קאַפּיטעל.

נאָכדעם אַז הערשעלע האָט אַרויסבעגלייט די מאַמע, איז ער גאַנגען ווידער אין זיין רוה אַריין, אַהין אין קלייזיל, וואו ער איז שוין געווען אַביסעל היימיש. עס האָבען איהם אַהין געצויגען ווי אַ מאַגנעט צוויי מענשען דאָרט — איינער אַ גרייז־גרויער יוד, ר׳ אברהם מקבל, און דער אַנדערער, משה׳לע, אַ אַרעם בחור׳ל, מיט איהם כּמעט אין איינע יאָהרען.

ר׳ אברהם איז געווען פון די געהייבענע מקבלים, וואָס רעכנען זיך ביי יודען צום קאַפּיטעל כּלי־קודש און שטעהען אויף דער צווייטער שטופע נאָך די דיינים. דער טיטול זייערער איז געוועהנטליך: שענע יודען. דעם גרעסטען טייל טאָג איז ער געזעסען אין קלייזיל איבער אַ ספר און געגעבטיגט האָט ער ביי זיך אין דער היים. ער איז געווען זעהר איינגעזעהען ביי די אַלע בעלי־הבּתּים אין קלייזיל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָבען נאָך בעל־הבית׳לוויז, באַלד נאָך זייער חתונה, איהם דאָ געטראָפען אַזוי דיענען גאָט און זענען מיט איהם דעריבער שטאַרק געוועהנט געוואָרען. אָהן איהם וואָלט, דאַכט זיך, דאָס קלייזיל קיין קלייזיל נישט געווען, עס וואָלט עפּיס געפעהלט. ר׳ אברהם האָט געהאַט איינגאַנג אין פיעל לייטישע הייזער און זיך געריבען אַרום נגידים, צו וועלכע ער פלעגט אַ מאָל אַריינקומען אַ שבת־צונאַכט אויף אַגלעזיל פונש, מאַכען מיט זיי עפּיס אַ שמועס, נעהמענדיג דערביי אַ גוטען ציגאַר־טיטון, און וועלכע עס פלעגען איהם אַמאָל אויסהערען ווענען אַ שידוך.

דער נאָמען שענער יוד האָט איהם באמת טאַקי געפּאַסט. אויף זיין קאַפּאָטע האָט זיך נישט געפונען קיין שפּריינקעלע, שטענדיג ריין,

גאַנץ, אָהן אָ רים, אָהן אַ טרען, אין דער קעשענע אַ נאָז=טיכעל, קיינמאָל נישט געשפּיגען, נישט געשנייצט די נאָז פריי אַקעגען מענשען אין פּנים אַריין און נישט געווישט זי מיט דעם אַרבעל אָדער מיט אַ עק פּאָלע ווי אַנדערע. זיין שוואַרצע, סאַמעטענע יאַרמולקע איז געווען פריש, פיין אָהן פעדערען, נישט פאַרשמאָלצעוועט דיק מיט פעטע מיאוסע פלעקען, אַ עפּוש, פון פערטריקענטע שוויים. דאָס פּנים לויטער מיט אַ מיטעלער באָרד, ריין, ווייס, ווי אויסגעפּאַלענער שניי. די געדיכטע גרויע וואָנצעס נישט אָבגעשאָטען מיט טאַבאַקע פון אַ מיתה=משונה=קאָליר און אויף די ליפּען שטענדיג אַ גוט שמייכעלע.

ר׳ אברהם איז שטענדיג געווען אויפגעריימט מיט אַ פרעהליכער מינע און אַז ער האָט געטאָן אַ מאָל אַ זיפץ, איז דאָס נישט געווען פאַר זאָרג און יסורים, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ יודיש זיפצעלע, ווי דער שטייגער איז ביים עפענען אַ ספר, אָדער מאַכען ברכה, נעהמענדיג אין האַנד אַ גלעזעלע וויין, אויך ביים שטעלען זיך דאַוונען. זיצענדיג אין קלייזיל ביים טיש איבער אַ ספר פלעגט ער געוועהנטליך ליעב האָבען שמועסען מיט מענשען, הערען וואָס דער, וואָס יענער דערצעהלט חדשות און אַליין טאַקי עפּיס אויך דערצעהלען, ביים רעדען פלעגט ער גלעטען מיט דער האַנד דעם שטערען, אויך אונטערהייבען אַ קאַפּעלע די יאַרמולקע, פאָכענדיג פאַמעליכען מיט איהר אויפ׳ן קאָפּ. איהם האָט נישט אויסגע= מאַכט דערוואַקסענע מענשען, אָדער יונגע לייט, בחורים׳לעך, ער האָט גערעדט גערן מיט אלע גלייך. גענומען צום האַרצען איטליכענס אַ זאַך און נישט אַוועקגעמאַכט קיינעם מיט דער האַנד. יונגלעך זענען אויך מענשען. דאָס וואָרט „שקאָץ”, וואָס ער פלעגט עס זאָגען אַמאָל מיט אַ שמייכעלע איינעם אַ יונגען מאַן, האָט עס געהייסען ביי איהם אַ סימן פון ליעבשאַפט, אַ ער האַלט פון יענעם זעהר שטאַרק.

ר׳ אברהם האָט באַלד פונ׳ם ערשטען טאָג זיך צוגעקוקט פון דער= ווייטענס צו הערשעלען, ווי ער פיהרט זיך גוט אויף, און געטראַכט ביי זיך: אַ וואויל קינד אונזער לייזער=יאַנקילס, מען בעדאַרף איהם מקרב זיין.

אַז הערשעלע איז איינמאָל פערטיפט געווען אין דעם לערנען, אונטערשפאַרענדיג דעם קאָפּ מיט ביידע הענד אויפ׳ן שטענדער, האָט ר׳ אברהם פאַרביינגעהענדיג נעבען איהם זיך אָבגעשטעלט, אַריינגעקוקט פון דער זייט צו איהם אין דער גמרא, איהם אַזוי זיך פון=אויבען=אויף אַ אַ פּריוו געטאָן, אַ פרעג געגעבען, וואָס בעוואָהרענט רש״י דאָ מיט זיין

כּלומר? וואָס דער תּנא לאָזט מיך דאָ הערען? און וואו ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש?...

ר' אברהם אַליין האָט נישט געהאַט קיין שפּיצעכדיגען קאָפּ. אויפצוטאָן שאַרפע פּשטלעך, ער איז געווען נאָר אַ בעל-הבית'שער למדן. זיין עיקר לערנען איז געווען מוסר-ספרים, עין-יעקב און מדרש, וואו עס געפינען זיך וואונדערליכע מעשיות, ווערטלעך, משלים, שענע איינפאַלען. אויך האָט ער געזופט „זהר" ווי וואַסער, אָבצופרישען זיך נאָר מיט די ווערטער אַליין, נישט אָבצושטעלען זיך לאַנג איבער אַ האַרב וואָרט, צוטרעפען דעם רעכטען טייטש. צייטענווייז פלעגט איהם פלוצלים עפּיס געבען אַ כּריה — און ער האָט זיך גענומען זופען „זוהר" געשמאַק מיט חשק, די אויגען האָבען איהם געפלאַקערט, דאָס פּנים געפלאַמט, ווי ביי אַ פערליעבטען. דאָס פלעגט זיך מיט איהם מאַכען געוועהנטליך ביי יענע שטעלען דאָרט, וואו גאָט שפּאַצירט אין גן-עדן מיט די צדיקים, די ביימער שמעקען, גיבען פון זיך אַרויס זיסע ריחות פון בשמים; כּתות, כּתות פון מלאכים שפּרינגען קדושה, לויבען, ריהמען, בעשיינען זיין הייליגען נאָמען און זאָגען שירה; וואו די „שכינה" צוגיסט זיך אין הייסע, הייליגע געפיהלען, ביינקט קרעכצט, ברומענדיג ווי אַ טויב פאַר גרויס ליעבשאַפט צו די כּנסת ישראל. אַ מאָל קלאָגט זי, וויינט אויף זיך ווי אויך אויף איהר געליעבט פאָלק, וואָס איז, נעבעך, אַזוי פערוואָגעלט, פערשוואַרצט אין גלות און אַ מאָל טרייסט זי איהם, איהר טייערען זיסען געליבטען, נעהמט אַיין מיט זיסע רעד און גוטע האָפנונגען אויף שפּעטער. נישקשה, זיי וועלען זיך נאָך אָם-ירצה-השם צונויפגעהן — און דענסטמאָל וועט זיין אַזאַ לעבען, וואָס די וועלט האָט עס נאָך נישט געהאַט...

דער זוהר דאָס איז אַ סיני, אַ פייערשפּייענדיגער באַרג פון הייליגער, ריינער ליעבשאַפט, דאָרט זענען זיך משדך די ערד מיט דעם הימעל, מלאכים, שרפים מישען זיך אויס אינאיינעם מיט מענשען און גיבען, קושענדיג זיך, איינער דעם אַנדערען געטליכע געפיהלען; דאָס איז אַ פייערדיגער זייל פון ליעבע, וואָס האָט צום ערשטען מאָל אַ שיין געגעבען פאַר יודישע קינדער אין די מיטעלע יאָהר-הונדערטען, ווען אַרום זיי איז געווען שטאָק-פינסטער, ווען פיינדשאַפט, ווילדע אכזריות, פאַר-בלענדזקייט האָבען זיי אָנגעטאָן געבּרענטע, געבראָטענע לייד און פערגיפטעט זייער לעבען, נעבעך, דאָס — דאָס איז דער ערשטער

יודישער ראָמאַן, דער „שיר השירים“, דער ראָמאַן פון אַלע ראָמאַנען...

ר' אברהם איז אין זיין גראַד געווען, ווי רופט מען עס עפּיס, אַ פּאָעט. עס האָט איהם עפּיס געצויגען צו הגדתות, צו די וואונדערליכע, שענע זאַכען אין דעם זוהר און איז אויף זיין זיין שטייגער געווען פערליעבט. די גמרא אַקעגען איז פאַר איהם געווען אַ טרוקענע זאַך, וואָס דערנעהרט, דעם שכל און קוויקט נישט דאָס האַרץ. ער האָט דעריבער דאָס לעהרנען זי געהאַלטען נאָר פאַר אַ מוז און געלעהרענט אויף אַזוי פיעל נאָר, וויפיעל איהם איז עס נייטיג געווען צום עסק: אין די ניין טעג, אַ שטייגער, צו מאַכען אַ סיום, בכדי די בעלי־הבתים זיינע זאָלען מעגען עסען פליישיגס, ערב פסח אַ סיום פאַר זיינע בעקאַנטע בכורים, זיי זאָלען דעם טאָג נישט פאַסטען, און אַ פּרק משניות אַלע טאָג מיט אַ רבנן־קדיש פאַר אַ מת, וואָס דאַרויף האָבען איהם דאָך די יורשים געדונגען אויף אַ גאַנץ יאָהר. פונדעסטוועגען איז איהם די גמרא געווען הייליג און האָט שטאַרק הנאָה געהאַט, אַז יענע לערנען.

אַז הערשעלע האָט געלערענט, איז עס ביי איהם געווען זעהר אָנגע־לעגט, מהיכא־תיתי שען, גאַנץ פיין און ווען ער האָט פאַרביי־געהענדיג הערשעלען אַ פרעגע־געטאָן, וואָס רש״י בעטאָהרענט מיט דעם כלומר? איז דאָס געווען גלאַט אַ איסרעד, ווייל אַזוי האָט עס איהם געפאַסט, נישט געמיינט גאָר אַריינצולאָזען זיך דאָ מיט איהם טיעפליך אין אַ פּלפּול. אַבי הערשעלע האָט עפּיס געענטפערט, זיך געדרעהט מיט דעם קעפּיל, מאַכענדיג דערביי מיט אַ פינגער, איז עס פאַר איהם שוין געווען גאַנץ גענוג — אַ סימן אַז הערשעלע איז אַ גוט יונגעל, אַ עהרליך קינד — און ער האָט איהם דערפאַר שוין טאַקי ליעב בעקומען.

משה'לע — אַ שוואַרץ־חנ'עוודיגער מיט פרישטשיקלעך אויפ'ן ברייט־פלאַטשיגען פנים, איז געווען אַ שטיק יונגעל, אַ שלאַפּס פון אָרמע עלטערן, עהרליכע ליט, ביי וועלכע ער איז, נעבעך, פון קינדוויז אויף שטאַרק אָבגעקומען אין נויט, אין דחקות און זיך קיינמאָל זאַט נישט אָנגעגעסען. נאָך גאָר קליינערהייט האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ פאַרשטענדיג קינד מיט אַ גוט קעפּיל צום לעהרנען און דאָס איז ביי די עלטערן געווען דער איינציגער טרייסט אין זייער ביטער לעבען. זיי האָבען אָבגעשפאָרט פון די נייטיגסטע בעדערפעניש, פיעל מאָל נישט דערגעסען, נישט דער־

טרונקען, בכדי צו צאָהלען פאַר משה׳לען שכר-לימוד, אַבי זייער משה׳לע זאָל קענען לעהרנען און דערמיט אַליין זענען זיי געווען זאַט, זעהר צופריעדען.

אויב יודען זענען אויך מענשען ווי אַלע אַנדערע אָדער נישט? — דאָס איז אַ גאַנץ אַלטע שאלה, מיט וועלכער די וועלט דולט זיך שוין פון אייביגע יאָהרען און ביז היינט נאָך נישט גע-קומען צו קיין עק. נאָר דאָס אָבער איז אַ גאַנץ קלאָרע, געוויסע זאַך, אַז דער יודישער מאָגען איז עפּיס גאָר אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע מענשען. דען וואו נאָך איז דאָ אַזאַ מאָגען, וואָס זאָל זאַט זיין מיט תורה, מיט לערנען, ווי ביי יודישע קינדער? ביי וועמען נאָך פון די אַלע פעלקער איז אין זייערע ספרים דאָ אַזאַ אויסדרוק, אַזאַ פסוק „ותורתך בתוך מעי” און דיין תורה איז מיר אין מיינע געדערם, ווי ביי אונז יודען? דאָס מעגען יענע דאָרט אין דער וועלט הערען און זיך גוט בעטראַכטען. אַזאַ מאַשינע, אין וועלכער עס אַרבייט אַזאַ געטליכע קראַפט, איז אַ אייביג געוועהר און וועט פון יענעמס אַ בלאָז מיט דעם מויל, פון יענעמס אַ קלאַפּ מיט דער האַנד זיך, נישקשה, נישט אַנידערשטעלען. אַזאַ זייגער, וואָס געהט דורך עלעקטריציטעט — דורך דעם גייסט פונ׳ם חומש׳ל, פון גאָטס הייליג וואָרט, וועט אייביג וויזען די צייט פון טאָג און נאַכט און קלינגען אין דער וועלט.

משה׳לע האָט געלערענט און די אָרמע הונגעריגע עלטער האָבען זיך געקוויקט, גרויס נחת געהאַט. אַז דאָס קינד איז אונטערגעוואַקסען און שוין אין שטאַנד געווען אַליין אַ בלעטיל גמרא איינצובייסען, איז ער אַרויס פונ׳ם חדר און זיך געזעצט לערנען פאַר-זיך דאָ אין קלייזיל. איז איהם אויסגעקומען אַ מאָל אין דעם לערנען קרייטיש, עפּיס אַ האַרבליך שטיקעל, פלעגט ער זיך ווענדען צו יודען לומדים און זיי פלעגען איהם העלפען אַרויף אויפ׳ן וועג. משה׳לע, פון דער נאַטור אַ שעהמעדיגער מיט אַ גוטען ווייכען כאַראַקטער, דערצו נאָך אַ שלאַפער, אַ קרענקליכער, דער-שלאָגען פון דער ביטערער נויט — איז געווען שטענדיג ווי עפּיס פערטראַכט, און זיך געהאַלטען אָבגעזונדערט פון איטליכען אין דער זייט. מען האָט פון איהם נישט געהערט קיינמאָל קיין הויך קול, זיך געזעסען אין אַ ווינקעלע און געלערענט שטיל. אַזוי איז ער אויך געווען צווישען זיינע חברים, בעקאַנטע יונגלעך, קיינעם נישט

בעליידיגט מיט אַ גראָב וואָרט, נישט אָנגערירט קיינמאָל אפילו אַ פליג אויף דער וואַנד.

שווייגען — דאָס איז דער שטייגער זיינער געווען שטענדיג, דערפאַר אָבער האָבען ביי איהם גערעדט די אויגען. אַך רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ אויגען! וואָס זענען דאָס געהען פאַר אַ אויגען! אויף אַ קרענקליך-בלייך פנים פלוצלים אַזעלכע צוויי אויגען! זיי האָבען עפּיס גערירט ביי דער נשמה, אַרויסגענומען אַ מאָל ביי יענעם דאָס האַרץ, עפּיס איז אין זיי געלעגען אַ גאַנצער אָבגרונט, עס האָט זיך אַרויסגעקוקט די מינדסטע בעוועגונג, אַלסדינג וואָס אינ-ווענדיג דאָרט אין איהם געהט פאָר. דער ערגסטער קונדס אפילו, קיים האָט ער געפּיהלט אויף זיך משה'לעס אויגען, איז ער באַלד אָבהענדיג געוואָרען און עס האָט איהם נישט דערלאָזט דאָס האַרץ אָנ-צוריהרען איהם מיט אַ פינגער.

הערשעלע האָט אָנפאַנגס אויף משה'לען זיך געבלאָזען. עס האָט איהם פערדראָסען, פאַר וואָס האַלט ער זיך ווייט פון איהם אין אַווינקעלע, אָנגעהמענדיג עס פון משה'לעס זייט פאַר שטאָלצקייט. הערשעלע אַליין איז ביי זיך אין האַרצען געווען אַ שטיקעל גדלן, נישט געקענט ליידען, אַז איהם זאָל מען נישט בעמערקען. ער איז געוועהנט געווען ביי זיך אין שטעדטיל זיין שטענדיג דער ערשטער און היינט מאַכט איהם עפּיס משה'לע גלאַט אַזוי אַוועק. ניין, האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַנדערש וועל איך מיט איהם נישט בעקאָנט ווערען ביז ער מוז פריהער צו מיר קומען.

אַז אַ פּאָר טעג אָבער איז אַוועקגעגאַנגען און משה'לע איז אַלץ טאַקי נישט געקומען, האָט הערשעלע שוין נישט געקענט מעהר אויס-האַלטען און איז מיט זיין כבוד אַליין צו-געגאַנגען צו משה'לען מיט דער דעה איהם אָנצוזלעהרנען — אַרויסרופען איהם אויף אַ פּאָיעדיניק, מיט אַ הייזעניש אין דער גמרא, אדרבה, לאָז מען זעהן, ווער וועט מען וועט איבערשפּאַרען. די מלחמה צווישען זיי האָט זיך אָנגע-הויבען. איינער דעם אַנדערען האָט פאַרגעבען אַ הייזעניש. הערשעלע האָט זיך געהיצט, זיך געוואָרפען, געדרעהט אהער-אַהין מיט אַלע אברים. משה'לע אַקעגען האָט זיך אויסגעדרעהט, אָבגעשלאָגען די קלאָץ-קשיות רוהיג, געלאַסען, און דער שפּיץ איז געווען — זייזענען געוואָרען חבר.

הערשעלע האָט דערקענט אַז ער האָט אין משה'לען געהאַט אַ גראָבען מעות, און איז צו איהם ווי צוגעקאָכט געוואָרען. וואָס

ווייטער, ווייטער איז די ליעבשאַפט צווישען זיי געוואָרען אַלץ גרעסער, שטאַרקער, ביז זיי האָבען זיך צונויפגענומען און ביידע אינאיינעם געלעהרענט איין מסכתא. ר׳ אברהם האָט זיי דערפאַר ביידען געלויבט אין די אויגען, איטליכען בעזונדער געריפען מיט א שמייכעלע „שקאָץ״ — און די פריינדשאַפט צווישען די אַלע דריי איז געוואָרען שטאַרק.

---

# דאס ניינטע קאפיטעל.

לייזער=יאנקיל האט געטאן דעם ווייבס רצון, געטרונקען ביי נאכט פאר'ן שלאף טרוקענע מאלינעס און געשוויצט. אויף מארגען האט ער נאך אַרומגעבונדען דעם האַלז מיט דעם שטיקעל פעה, וועלכס הערשעלע האט געפונען טאקי דארט ביי איהם אין דעם חעג=מיצעל, און אויך אויסגעזופט אַ פאר לייזע אייער.

נאר דאס אַלסדינג אָבער האט נישט געהאלפען. ער האט זיך, אַ פנים, שטאַרק פאַרקיהלט דעם צווייטען טאג ראש=השנה ביים דאַוונען. די ברוסט איז איהם אַלץ טאקי געווען פאַרלעגט און ביים פריווען דאס קול פלעגט ער פיהלען אַ שטאך אין דער לינקער זייט.

מילא אַ שטאך יאק אַ שטאך, דאס וואלט איהם אַזוי נאך נישט געאַרט, צו שטעכעניש איז שוין אַ יוד געוועהנט און מאַכט זיך נישט וויסענדיג. גוט געאַרט האט איהם אָבער דאס קול — דאס איינציגע מיטעל זיינס צום לעבען, פון וואַנען ער ציהט דאס שטיקעל פרנסה, דערנעהרט, משטיינס=געזאגט, דערמיט ווייב און קינדער. אָט איז שוין באַלד יום=כפור, ווען די „כלי״ איז איהם אַזוי נייטיג, מען בעדאַרף אויף איהר אַזוי פיעל אַרבייטען — און דאָ איז ער נאר הייזעריג. ער האט אַראָבגעלאָזט די נאָז און געהאַט דערפון גרויסע יסורים.

די שמש'טע האט געפיהלט זיין האַרץ, אין פאַר גרויס רחמנות זיך גענומען איהם צו היילען מיט אַלע באַבסקע מיטעל. זי האט איהם געשטעלט אַ גרויסע שפּאַניש=פליג, געמאַכט עפּיס אַ שמירעכטס אויף אַיינצורייבען אונטער'ן לעפעלע, געגעבען איהם טרינקען עפּיס קרייטיכצער אַזוינע, פון איין אַלטער דאָרפס=גויה, אויך ראָסעל פון אוגערקעס,

אונטערגערײכערט איהם מיט פּעדערען, געגעבען איהם שמעקען טאַבאַקע, איבערגעבּרענטע, געמאָהלענע קאַווע, אָבגעשפּראָכען איהם אין=איינוועגס טאַקי אַ עין=הרע אויך און פערבונדען איהם דעם האַלז מיט איהרען אַ גראָבען וואָלענעם זאָק. לײזער=יאַנקיל, נעבעך, האָט´ווי אַ קינד זיך געלאָזט טאָן מיט זיך אַלסדינג, וואָס מען וויל, אַבי עס זאָל איהם זיין דאָס קול.

עס געהט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און גאָרנישט. ערב יום=כפּור אין דער פריה האָט זיך בּײ לײזער=יאַנקלען געוויזען עפּיס אַ קול, אָבער ס'איז געמלאָכה'ט, נישט זיין „כלי״ ווי שטענדיג, עפּיס גאָר אַ מין בּײ=קול, אונטען גרעבּליך און אויבען אַביסעל געפּײפּט.

ער האָט געפּריוווט זאָגען דערמיט די „יעלות״. די שמש'טע האָט אויסגעהערט און שאָקלענדיג דעם קאָפּ, זיך מיט טרעהרען אין די אויגען אָנגערופען:

— געלויבּט איז בּרוך=הוא וברוך שמו! גאָר אַ דערקוויקעניש. כ'לעבען, נאָך בּעסער ווי פריהער.

דעם יום=כפּור האָט לײזער=יאַנקיל ווי ס'איז אָבגעשפּיעלט אויפ'ן נײעם מין בּײ=קולכען, אַלץ הויך, אויף דער דינער סטרונע. בּײ איהם איז אויסגעקומען דעם עולם'ס ווערטיל פאַרקעהרט: „אַז מען קען נישט אַרונטער, מוז מען אַריבּער״. אַבּי גאָט האָט געהאָלפען, ער איז דעם יום=כפּור איבּערגעקומען בּשלום און האָט זיך שוין געקענט בּעגעהן אָהן דעם קול בּיז איבּער אַ יאָהר ימים נוראים, אם=ירצה השם, האָט איהם שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט דאָס. וואָס ער איז הײזעריגליך. בּיז איבּער אַ יאָהר איז נאָך גאָט אַ טאַטע.

נאָר קוים איז איהם אַרוים פּונ'ם זינען דאָס קול, האָט זיך איהם אָבגערופען שטאַרק אין דער זייט דאָס שטעכעניש, אַזוי אַז ער האָט שוין נישט געקענט זיך נישט וויסענדיג מאַכען און זיך גענומען צו=הערען. פריהער האָט ער זיך געטרייסט אַלץ מיט דער האָפנונג, עט, נישקשה! עס וועט פאַרגעהן, ער בּעדאַרף זיך נאָר אַ פּאָר טעג איבּערליגען. די שמש'טע האָט אויך געזאָגט:

— עט, ס'איז גאָרנישט! ס'איז היינט עפּיס אַזאַ אונטערגאַנג.

און דערנאָך ערשט, אַז ער האָט שוין נישט געקענט כאַפּען דעם אָטהעם און געפּאָכט מיט דער נשמה — איז געוואָרען אַ טאַראַראַם, אַ געפּילדער. מען האָט אַראָבגעבּראַכט דעם רופא מיט דעם גאַנצען קליפּערײ געצייג, וואָס האָט איהם געשטעלט בּאַנקעס, געלאָזט צו דער אָדער און

איהם אָבגעצאַפּט אַ היבש ביסעל בלוט. עס האָט איהם אָבער נישט געהאָלפען דער רופא אויך און מען האָט איהם כמעט אַ טויטען אָבגע-פיהרט אויף אַ וועגעלע אין דעם בקור-חולים, וואו ער איז עטליכע וואָכען אָבגעלעגען שטאַרק קראַנק.

דערווייל איז זיך אַזוי אַוועקגעגאַנגען דער סוכות.

אונזער הערשעלע האָט געהאַט, נעבעך, אַ פאַרשטערטען יום-טוב. פונקט אין שמחת תורה איז דעם טאַטען געוואָרען אַזוי שלעכט, אַז מען האָט געמיינט, אָט געהט איהם אויס די נשמה, און דער דאָזיגער טאָג, דער בעסטער, דער פרעהליכסטער פאַר יִדישע קינדער, איז ביי הער-שעלען געווען תשעה-באָב.

דעם גאַנצען טאָג האָט ער פאַר גרויסע צרות אין מויל נישט גע-האַט חוץ אַ שטיקעל לעקעך, וואָס ער האָט בעקומען ביים אויפרופען איהם צו דער תורה אין שוהל „עם כל-הנערים”. נאָר משטיינס-געזאָגט, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ שטיקעל לעקעך! גאָר ניט דאָס, וואָס אַ מאָל. אַ אַנדערס מאָל האָט דאָס איינענע שטיקעל לעקעך געשיינט, גע-לויכטען יום-טוב'דיג, געהאַט דעם זיבעטען חן, עפּיס גאָר אַ אַנדער טעם, אויף איהם איז ווי געשטאַנען אָנגעשריבען „שמחת-תורה!” עפּיס וואָס עס גערעדט ווערטער, געשמעקט מחיה, דערפרעהט דאָס האַרץ, געשפּייזט און דערקוויקט די נשמה — און דאָס מאָל איז עס געווען אַ וואָכענדיגע זאַך — גלאַט אַזוי אַ מין געבעקס, קאָרנמעהל מיט האָניג, וואָס מען קויפט עס אין מאַרק פאַר אַ גראָשען און מאַכט דערויף אַ ברכה „בורא מיני מזונות”...

ביי יודען האָט איבערהויפּט דאָס עסען שבת און יום-טוב עפּיס אָר אַ אַנדער טעם. ס'איז דאָ אין דעם עסען, זאָגען אונזערע אַלטע הייליגע חכמים, אַ מין געווירץ אַ זוינס, וואָס „שבת” הייסט עס ביים נאָמען; אַזאַ געווירץ, וואָס וואַקסט ערגיץ נישט דאָ אויף דער וועלט, וואָס פאַר קיין גין-גאָלד איז עס נישט צו בעקומען אין דעם האַנדעל און קיינעם פון די אַלע פעלקער איז עס נישט בעקאַנט — די הייליגע מלאָכים ברענגען עס פון'ם גן-עדן פרייטאָג איטליכען יודען אין שטוב אַריין, וואו זיי שטעלען זיך, ווי אונזער עולם זאָגט, קאָכען דעם טשאָלענט. פריי פאַר דער גאַנצער וועלט קען מען גאַנץ זיכער זאָגען — אַנדערע מעגען זיך דערוויס לאַכען — אַז דער וואָס האָט אינ'ם גוטען יודישקייט נישט פערזוכט קיין טשאָלענט, האָט אין זיין לעבען קיין גוטס נישט געגעסען און ווייסט נישט, וואָס געקעכטס הייסט אַזוינס...

אַז דיזע טאַטיזן האָט אָנגעהויבן צו געהן בעסער, איז דערשעלען ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. די ערשטע צייט איז ער געוועזן פיל פרייד, אַזוי אַז ער האָט פון קיין אַנדער זאַך נישט געטראַכט, זיך פאַרגעסען גאָר אין זיך אַליין. דערפאַר אָבער שפּעטער אַביסעל איז איהם דאָס טראַכטען צוגעטרעטען מיט אַ מאָל. עס האָט זיך אויף איהם אָנגערוקט אַ שטאַרקע מרה־שחורה און ער האָט בּיי זיך אַלץ געטראַכט אַזוי: אָט באַלד, באַלד וועט מען בעדאַרפען פאָהרען אַ היים, נאָר ווי וואַרפט מען אַוועק דאָ משה׳לען און ר׳ אברהם׳ן, מיט וועלכע ער איז שוין אַזוי געוועהנט און עס ציהט איהם צו זיי אַזוי דאָס האַרץ? הגם דאָס פאָהרען אַ היים איז אַ גוטע זאַך, עס ציהט איהם אַהין טאַקי — זעהן די מאַמע, שוועסטער און ברידער, אויך אַלע אַנדערע בעקאַנטע; נאָר צוריק געשמועסט, וואָס קען פון איהם דער תכלית זיין דאָרט אין דער היים? עס האָט איהם זיך פאָרגעשטעלט דאָס גרויסע עלענד אין דער היים, ווי דאָס גאַנצע הויז־געזינד קומט אָב, נעבעך, ליידט הונגער, קעלט, ווי ער אַליין פלעגט אויסגעהן פיעל מאָל פאַר אַ שטיקעל ברויט. דערמאָנענדיג זיך נאָר אין דעם, איז איהם אַ גרויל איבער׳ן לייב איבערגעגאַנגען. בלייבען־זשע ווידער דאָ — דאָס האָט זיך איהם אויך אין קאָפּ עפּיס נישט געלעגט. וואָס הייסט בלייבען! ביי וועמען בלייבען? גלאַט ווי נעהמט עס אַ יונגעל איינער אַליין אָהן עלטערן און בלייבט! און חען אפילו אַזוי, בלייבען — נו, וואָס... וואָס?...

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט ביי הערשעלען אין קאָפּ און ער איז געוועזן שטאַרק בעטריבט, אוים מענש.

ר׳ אברהם האָט בעמערקט, אַז ער איז עפּיס פונ׳ם פּנים אַראָב און פאַר גרוים רחמנות זיך גענומען אויספרעגען, וואָס מיט איהם איז אַזוינס, פאָרט וואָס איז אַזוינס די מעשה? הערשעלע האָט זיך צו־וויינט און איהם אַרויסגעזאָגט זיין גאַנץ ביטער האַרץ. ר׳ אברהם האָט איהם אַ גלעט געגעבען ביים קעפּעלע און זיך אָנגערופען:

— נו, גוט, גוט! איך וועל מיך שוין בעטראַכטען. עס האָט נאָך צייט, לעת־עתה זיי נאָר נישט קיין נאַרעלע און וויין נישט, שקאָץ!

# דאס צעהנטע קאפיטעל.

דער טאַטע איז אין עטליכע טעג אַרום אַרויס פונ׳ם בקור־חולים. עס האָט געריסען דאָס האַרץ קוקענדיג אויף איהם, אַזוי בלייך, טויט איז זיין פנים געווען. ער איז, נעבעך, אַ שווערע קרענק אויסגע־שטאַנען, כמעט נישט געווען צו דערקענען איהם, אַזוי איז ער פונ׳ם לייב אַראָב, נאָר הויט און ביין.

קיינמאָל אין זיין לעבען האָט הערשעלע אַזוי נישט ליעב געהאַט דעם טאַטען ווי דענסטמאָל, און קיינמאָל אין זיין לעבען ווידער האָט אויך דער טאַטע אַזוי גוט, ליעבהאַרצדיג נישט געקוקט, אַזוי זים־שטיל אויף אַ ווייכער־שוואַכער שטימע נישט גערעדט, ווי אין יענער צייט. עפּיס איז ער אַליין געוואָרען אַ קינד און האָט מיט זיין בליק, מיט זיין שטיל־שוואַך לשון אַרויסגענומען אַ שטיק געזונט. עפּיס איז דרינען געלעגען אַ קלאָגען־זיך שטיל אָהן ווערטער אויף די וועהטאָגען זיינע אין דעם וויבטען לעבען און אַ געבעט:

— געוואַלד, נענוג! נישטאָ שוין מעהר קיין כח אויסצוהאַלטען...

מען האָט בעשיינפערליך אַרויסגעזעהען, אַז חוץ הערשעלע זאָל זיך נישט געווען שעהמען, וואָלט ער דענסטמאָל אַלע גלידער דעם טאַטען אויסגעקושט. ער האָט זיך אָבער געשעהמט, ווייל קושען זיך איז ביי יודען נישט קיין איינפיהר. ווי נעהמט מען עס עפּיס גלאַט אַזוי און מען קושט! בפרט אַ קינד אַ טאַטען!...

׳ אברהם האָט אַוועקגענומען דעם טאַטען אין אַ ווינקעל און מיט איהם דאָרט אַ היבשע צייט געשמועסט. באַלד דערויף האָט מען צוגע־

רופען אַהין אויך הערשעלען און דער טאַטע האָט זיך גװענדעט צו איהם מיט די ווערטער:

— מיר שמועסען דאָ מיט ר׳ אברהם׳ן, אַז אויב דו ווילסט, הערשעלע, מעגסט־דו דיר דאָ בלייבען.

הערשעלע האָט זיך צו־וויינט, געקוקט אויפ׳ן טאַטען מיט גרויס ליעבשאַפט און איז נישט אין שטאַנד געווען אַרויסצוברענגען אַ וואָרט, אַזוי האָט איהם פאַרקלעהמט ביים האַרצען, און אַז דער טאַטע איז מיט אַ געבעט צוגעשטאַנען צו איהם, ער זאָל רעדען דיינע ווער־טער, האָט ער געענטפערט גאַנץ קורץ:

— ניין! — אָהן דיר, טאַטע, קען איך נישט זיין...

— אַך, הערשעלע! מאַכט דער טאַטע מיט אַ זיפץ טיעף פונ׳ם האַרצען. — נישט איביג, נאַרעלע, איז אַ קינד נעבען אַ טאַטען. וואָס קען מען טאָן? איך פיהל, אוי, אַז די כחות געהען מיר ביסלעכווייז אוים. געענוג קריעה געריסען אין מיין לעבען. וויין נישט, הערשעלע, וואָס קען מען טאָן? פריהער אָדער שפּעטער — מען מוז זיך שיידען...

— טאַטע, טאַטע! וויינט הערשעלע מיט אַ געבעט, אַ היים, טאַטע, אַ היים!

— אַ היים! האָניג ווערסט־דו דאָרט לעקען, אין דער היים... זיפצט דער טאַטע און ווענדט זיך צו ר׳ אברהם׳ן, שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ: זאָגט איהם חאָטש, ר׳ אברהם.

— זיי נישט קיין עקשן, פע! — הויבט אָן מיט גוטען ר׳ אברהם, אָהן דיר איז אויך דאָ גענוג אין דער היים. דער טאַטע — דו זעהסט נישט? — האָט מעהר קיין כח ניט צו האָרעווען. פונ׳ם ביסעל געלד, וועלכס ער האָט דאָ פאַרדינט, איז ווייניג געבליבען. אַ קרענק קאָסט, עס געהט אַ לאַנגער ווינטער נאָך מיט איין עבור, אַ רחמנות, נעבעך, אויף די איבריגע קינדער. דו אַליין ווערסט דאַרבען און זיי נאָך שאַטען. דעם לעצטען ביסען, משטיינס־געזאָגט, זיי פונ׳ם מויל אויסרייסען.

פון ר׳ אברהם׳ס דאָזיגע ווערטער איז הערשעלען דאָס האַרץ מיט בלוט פאַרלאָפען און ער האָט געגאָסען מיט הייסע טרעהרען.

— דאַנק ר׳ אברהם׳ן זאָגט דער טאַטע, דאַנק זיי פאַר זייער גוטסקייט, צו זאָרגען זיך דאָ פאַר דיר און צו האָבען אויף דיר

השגחה. גנה, מיין קינד, אין רעכטען וועג און פאָלג ר' אברהם'ן ווי א טאַטען. זיי מיינען — דו הערסט? — דיין תכלית. גאָט זאָל זיי נאָר דערלענגערן די יאָהרען.

— אַ־נו, שקאָץ! — מאַכט ר' אברהם, אַ קלאַפּ געבענדיג פּאַ־מעליכען הערשעלען אויף דעם אַקסעל, מיט אַ זיס שמייכעלע. — אַזוי, אַזוי! ווייש דיר אויס די אויגען און גנה דיר, גנה אַצינד צו דיין חבר דאָרט, דעם שקאָץ...

פריה האָט אין יענעם יאָהר זיך געשטעלט דער ווינטער. פּלוצלים, איידער דער עולם האָט זיך אַרומגעקוקט האָט פון צפון־זייט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט און זיך אָנגערוקט אַ בייזע, פינסטערע חמאַרע — דעם ווינטערס צוויי קאָזאַקען — לויפענדיג פּאַר־אויס מיט אַ שטורם, אַ פייפען: „ציטערט, לעבעדיגע בעשעפעניש! אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער, און וועט אייך אָנרייבען אַ רויטע נאָז“... די פעלדער ליגען שוין בעגראָבען אין דעם ווייסען קיטעל פון שניי. די בוימער דאָרט שטעהען אָבגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָב־געלאָזען די קעפּ און די צווייגען געפּענטעט מיט קייטען פון פליטער־לעך, פרענטעס אייז. פון פייגעל און וואַלד־חיה'לעך איז נישטאָ קיין שפּור, אַלע ווי אויסגעשטאָרבען, די ליגען בעהאַלטען טיעף אין די לעכער, יענע האָבען בייציייטענס געמאַכט אַ פּליטה — אַוועק וואָהין די אויגען טראָגען, און אומעטום איז שאַ, שטיל. נאָר וואָראָנעס דרעהען זיך ערטערווייז אַרום אין דער לופט, עפּיס האָבען זיי געשעפ־טען: חתונות אָדער גלאַט אַזוי אַסיפות וועגען קהל'שע זאַכען — און ווייסט זיי דער גוטער יאָר וואָס זיי קראַקען דאָרט, קרעכצען, רייסען זיך אויף די העלזער...

וויַיט אַרום און אַרום הערשט שוין אין דער וועלט דער ווינ־טער, נאָר די יודישע שטאָדט, גלופּסק, זי אַליין וויל זיך איהם נאָך נישט אונטערגעבען. ער פיהרט מיט איהר אַ שטאַרקע מלחמה. ער שיקט אָן אויף איהר אַ פרעסטיל, און די קאַליזשעס איהרע אין די גאַסען נעהמט נישט קיין קייל, בלייבען טאַקי דאָס, וואָס פריהער; ער רעגענט אויף איהר מיט גרייפּלעך־שניי, און אומזיסט זיין מיה, בלאָטע!... די גלופּסקער יודעלעך גיבען זיך אַ שאָט ווי די מורעש־קעס, טרעטען עס מיט פיס און מאַכען דערויס אַ קאַשע, אַ שיטערע, אַ גרוי־שוואַרצליכע בלאָטע; ער שטעלט זיין ווייס שנייען פענדיל אויף דעכלעך, צום בעוויז, אַז ער איז פון אויבען — קומען הונגעריגע קיה,

נאַנצע מחנות ציגען און שליידערען עס אַראָב ביים אַרויסשלעפּען הויפענווייז שטרוי אויפצופּרעסען, אָדער יודען, יודענעס קומען מיט טעפּ, מיט צעבּרעס, שטאָפּען עס אָן פול מיט דעם דאָזיגען שניי, צו מאַכען דערפון וואַסער אויף קאָכען. אויך איז דאָ אַקעגען דעם נאָך אַ מיטעל — שרפות. ביי יודישע קינדער נעהמט זיך דענסטמאָל גראָד אָן די קוימענס און גלופּסק נעצט... גלופּסק שטעלט געוועהנטליך דעם ווינטער אַרויס אַ פייערדיגען צונג — ער, דער ווינטער, קנאַקט, בלאָזט, שטורמט, און יודעלעך זענען איהם מבטל! געהען זיך נאַקעט, באָרפּיס, גלייך ווי נישט זיי מיינט מען. אָדער ווי זיי טהוען איהם אויף צו להכעיס

און כשעת דער דאָזיגער מלחמה פונ׳ם ווינטער אין גלופּסק שטעהט דאָרט נעבען דער קאַבּצאַנסקער אכסניא אַ יאַזדע מיט דריי דאַרע מירידענדיגע, קרומרוקענדיגע, קאָלטונעוואַטע, לאַנג=האַלזדיגע און קורצווידעלדיגע פערד, מחילה, וואָס האָבען עס בעדאַרפט פאַר זייערע זינד זיך מטריח זיין שלעפּען קיין קאַבּצאַנסק איהרע אַ פּאָר מנינים יודען און צווישען זיי אויך אונזער לייזער=יאַנקלען. דער מעקלער באָברעט זיך עפּיס אַרום דעם וואָגען, שאַרט צונויף מיט דער ביטש די שירים — עטליכע בלעטלעך היי און פאַרקרימענדיג זיך מיט איין אייגעל אויף איינעם פון די פערד, דערלאַנגט ער איהם אַ טראַך אין דער מאָרדע, גלאַט אַזוי זיך, שילטענדיג דערביי:

— אַ=אַ, פּגר׳ן זאָלסט=די, פּגירה איינע! ווי ער קען עס אַביסעל נישט איינשטעהן אויף די פיס... פליהען גלוסט זיך איהם, דעם אָדלער. דעם שענעם. אַ, פליהען זאָלסט=דו צו אַלדי שוואַרצע יאָהר!

לייזער=יאַנקיל איז, אָנגעטאָן אין זיינע וועג=קליידער און אויפ׳ן קאָפּ אָנגערוקט דאָס מיצעל, גיך אין איילעניש צוגעקומען צום וואָגען. הערשעלע מיט אַ פּעקיל נאָך איהם, און איבערגעבענדיג עס דעם מעקלער צו די הענד מיט אַ געבעט, ער זאָל מאַכען אַ גוט געזעס, זענען זיי ביידע אַריינגעגאַנגען דערווייל אין דער אכסניא.

רייזע, ווי דער שטייגער איהרער מיט אַ פאַרשטעקט פאַרטוך און מיט אַ פּאָלאָניק אין דער האַנד, איז שטאַרק בעשעפטיגט געווען מיט דעם בעל=העגלה און די פאַרשוינען אַרום איהר, מיט וועלכע זי האָט זיך אָבגערעכענט, מאַכענדיג דערביי אויף אַ בייזער צו דער, צו

יענעם אַלץ: העו אַביסעל! וואָס זאָגסט=דו, איך בעט דיר צו זיין טאַטען? אַז זי האָט זיך שוין מיט איטליכען אָבגעפאַרטיגט און דערזעהן אין דער זייט אונזערע ביידע פאַרשוינען, דעם טאַטען מיט דעם זוהן, האָט זי זיך אויף זיי אַרויפגעלאָזט מיט איהר שרייענדיג לשון, אַ פאָהר געבענדיג מיט דער נאָז איבער דעם גאַנצען אַרבעל.

— אָט האָסט=דו איהם ווייטער, דעם שענעם בחור׳ל! וואָס? געקומען פאָהרען? נאַקעט, באָרפיס, העו אַביסעל! אין אַזא קעלט זאָל מען אַזוי פאָהרען! וואָס זאָגסט=דו, איך בעט דיך, צו זיין איצט דאָ, אַ שענער טאַטע, כ׳לעבען! אַליין, העו אַביסעל, איז ער אין אַ מיצעל, אַרומגעבונדען, נישקשה, און דאָס קינד זומערדיג! וואָס זאָגסט=דו פאָרט, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען?

— מיין זוהן פאָהרט נישט, ענטפערט דער טאַטע.

— גאָר נייעס! אַליין פאָהרט מען און מען לאָזט איבער אַ קינד הפקר, העו אַביסעל! נאַקעט מיט אַ הויל האַרץ אין דרויסען. וואָס זאָגסט=דו צו זיין טאַטען? מען בעדאַרף האָבען טאַקי אַ האַרץ פון אַ טאָטער! — אַזוי לאָזט רייזע אוים דעם שמועס, בעטראַכטענדיג הערשעלען פון אויבען ביז אַראָב און געהט זיך אַוועק.

דער בעל=העגלה הויבט אָן אונטערטרייבען דעם עולם — היידאַ, פאָהרען! די פאַרשוינען שטופען זיך אין איילעניש אַרוים אויף דער גאַס, צו פערחאַפּען געשווינד ערטער אין דעם וואָגען. איטליכער וואַרפט זיך אַהין אַריין אויף קידוש השם מיט הענד און מיט פיס. ס׳איז אַ שטופעניש, אַ קוועטשעניש, אַ איינגשאַפּט. אַ דערשטיקעניש.

לייזער=יאַנקיל, נעבעך, זיצט, ווי ס׳איז אויף אַ שפּיץ קלימעקיל, אין איינע צרות און נעהמט אָן פאַר ליעב איטליכען שטופּ, וואָס ער בעקומט אין די זייטען. ער געזעגענט זיך מיט הערשעלען זעהר טרויעריג אויף אַ וויינענדיג=ציטערדיג קול.

הערשעלע קוקט דאָס לעצטע מאָל גוט אַריין אין דעם טאַטענס בלייך פנים און בעוואַשט זיך מיט בלוטיגע טרעהרען, נישט אין שטאַנד צו זיין אַרויסברייינגען עפּיס אַ וואָרט און נישט צו זעהן, ווי דער וואָגען האָט זיך גערירט פונ׳ם אָרט.

— האַ, וואָס איז דאָ צו=וויינען! — מאַכט רייזע, אַרויסלויפענדיג צו הערשעלען אויף דער גאַס, נאָכדעם אַז די יאַזדע איז אַוועקגעפאָהרען. — אַז אַ טאַטע פאָהרט אַוועק, העו אַביסעל, נו איז וואָס! חלילה, נישט געשטאָרבען. נאַ, בעסער — נעהמט זי און שטופּט איהם

אַריין אין דער האַנד אַ אַלט לייבעל — נעהם און טראָג געזונט. נישט געוויינט. קום, אפשר ווילסט-דו עסען?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין אַביסעל געטרייסט פון רייזעס ווערטער.

— נאַ דיר ניין! — רופט זיך רייזע אָן. הען אַביסעל, מען זאָל זאָגען ניין! פאַר וואָס איז עסען ניין? נו, געה-זשע דיר געזונטער-הייט, אַז ניין. נאָר טאָמער וועסט-דו וועלען, געדענק-זשע, זאָלסט-דו קומען!



# דאס עלפטע קאפיטעל.

לעתיד לבוא, העט־העט שפעטער, אם ירצה־השם — אזוי שטעהט געשריבען אין אונזערע הייליגע ספרים — נאכדעם אז מען וועט אויפשטעהן תחית־המתים און גאט וועט משפט'ן די וועלט, דענסטמאל וועלען אלע מענשען זיין אויסגעשטעלט אויף א גרויסען פלאץ, איינגעטיילט אין צוויי טייל: אויף איין זייט די רשעים, אויף דער אנדערער זייט די צדיקים און צווישען זיי אין דער מיט דער יצר־הרע. יענע, די רשעים, וועט דער יצר־הרע זיך אויסדאכטען גאנץ דין ווי א האר. די אנדערע אקעגען — גרויס ווי א בארג, און אלע מענשען פון ביידע זייטען וועלען, קוקענדיג אויף איהם, שרעקליך וויינען, די רשעים יאמערן, שרייען:

— געוואלד, אזא דינע האר אייפ'ן גלייכען וועג איז אונז שווער געווען איבערצוגעהן און מיר זענען פערקראכען מיט קרומע גענג צו אלדי שווארצע יאהר!

אקעגען־זשע די צדיקים קלאגען, גיסען טרעהרען:

— רבונו של עולם, מיר פארשטעהען נישט, ווי עס האט זיך צו אונז גענומען א אייזערנער כח אזא שרעקליכען, הויכען בארג איבערצוגעהן, אזוי פיעל פיין און יסורים אין אונזער לעבען אויסצושטעהן!...

די דאזיגע וואונדערליך אויסגעמאלטע קארטינקע, קען דיענען זעהר גוט פאר א הקדמה צו דער ערצעהלונג, וויפיעל יסורים, וועהטאגען הערשעלע איז אין זיין לעבען, נעבעך, אויסגעשטאנען. דערמאנענדיג זיך אצונד אין די בעסערע יאהרען, וויפיעל בערג צרות, אלע מיני פורעניות און לייד, ער האט בעדארפט איבערגעהן ביז ער איז לסוף

אַרוים אויף אַ וועג, חיינט אין איהם דאָס האַרץ און ער וואונדערט זיך, ווי אַזאַ שנעק, אַ ווערמיל, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, זאָל געווען קענען אַזוינס איבערטראָגען, נישט ווערען צוטרעטען אין דער וועלט אונטער די פיס! ער ווינט אויף זיך ווי אויך אויף פיעל אַזעלכע זיין גלייכען ביי אונז יודען, וואָס זיי איז בעשעהרט פון קינדרווייז אָן צו ראַנגלען זיך מיט אַלערליי אָנשיקענישען, אויסצוקריכען אַלע לעבער, צודראַפּען זיך אויף די גלייכע ווענט און צו פיהלען דעם ביטערען טעם פונ׳ם טויט, בכדי צו דערגרייכען יענע שטופע, וועלכע זיי שוועבט פונדערווייטענס פאַר די אויגען.

אומגליקליכע יודישע קינדער! אומגליקליכע אפילו שוין כלומר׳שט אין דעם גליק. נעהמט יענע, אַ שטייגער, וואָס שטעהען שוין אויף אַ שטופע, האָבען אַ פּנים און לעבען. נאָר איז דאָס שטעהן זייערס אייזען־פעסט, וואָס שטעהן הייסט, מיט ביידע פיס, אַז עס זאָל נישט מעגליך זיין פון אַ מינדרכשען בלאָז אומצופאַלען? איז דאָס פּנים זייערס אין דער וועלט ליטיש פיין, אַ מענשליכס? איז דאָס לעבען זייערס דאָרט אינ־גאַנצען אַ גליקליכס ווי עס געהער צו זיין? — איז דען כדאי פאַר אַזאַ גליק, משטיינס־געזאָגט, אָנצולײדען זיך אַזוי פיעל אומגליק; פאַר אַזאַ פּנים כלומר׳שט אַזוי קריכען אוים דער הויט, און פאַר אַזאַ לעבען, אויף שונאים געזאָגט געוואָרען, אַזוי אויסגעהן, צעהן מאָל אין טאָג שטאַרבען פאַר הונגער?...

יאָ, צו יענער קאַרטינקע פעהלט נאָך אַ סך. די רשעים טאַקי זענען דאָ, די צדיקים דאָ, דער באַרג צרות אויך דאָ, נאָך דער תחית־המתים אָבער איז געמלאכה׳ט, און זעהר פיעל ליגען נאָך גאָר טויט, זיין איילען טיעף בעגראָבען אין דער ערד, גאָט און זיין משפט איז נאָך אויך נישטאָ.

ר׳ אברהם האָט אין זינען געהאַט הערשעלען, געטאָן פאַר איהם וואָס נאָר מעגליך. ער האָט איהם בעשטעלט שבת ביי איינעם פון זיינע בעקאַנטע בעלי־הבתים און אין מיטען דער וואָך פלעגט איהם אויף ר׳ אברהם׳ס בקשה נעהמען אויף אַ וואַרמעס אָדער אויף אַ וועטשערע, אַ מאָל דער, אַ מאָל יענער פון די, וואָס דאַווענען אין קלייזיל.

אָט אויף אַזאַ שטייגער האָט הערשעלע, נעבעך, ווי־ס׳איז איבער־געלעבט אַ טאָג, האַלב געגעסען, האַלב געפאַסט, געמאַכט מיט די ליפען, און איהם איז דענסטמאָל שוין הויסגעקומען גוט צו פיהלען דעם טעם, פון וואַנען נעהמט זיך עס, אַז „ויאכלו“ — אַזאַ פשוט, בעקאַנט

װאָרט דאַכט זיך ווי „ויאכלו״ — זאָל בײַ אונז יודען גאָר דער טײַטש זײַן „און זיי האָבען געטאָן טהון גלײַך ווי געגעסען״.

יאָ, פיעל אָרמינקע אַזעלכע בײַ אונז קומט אוים דעם דאָזיגען טעם, נעבעך, צו פיהלען. אַז דאָס האַרץ חלש׳ט, מען װאָלט שוין געוואָלט דערלעבען עפּיס אין מויל אַרײַן צו נעהמען, הויבט זיך געוועהנטליך אָן אָט דער לאַנגער מזמור: וואַשט זיך... וואַרט אַביסעל, מיט דער קוואָרט טאָהר מען נישט... לאָז מען געבען אַ אַנדערע... נו, דאָרט, זייט מוחל, דאָרט זוכט דעם האַנטוך. זאָגט שאו ידיכם. זעצט זיך. מאַכט המוציא. באַלד, באַלד, וואַרט אַביסעל, אָט װעט מען געבען זאַלץ. שטעקט אַרײַן דעם לעפעל. חאַפּט אַ שטיקעל פלייש. מים אחרונים. מכבד מיט מזומן. בענש! — „רבותי מיר װעלען בענשען!״ דאָס הייסט אויף דעם מאָגענס לשון: „רבותי מיר ווילען עסען!״

דאָס איז נאָך גאָלד, עפּטערס פלעגט זיך מאַכען, אַז „ויאכלו״ האָט בײַ הערשעלען גאָר קיין טײַטש נישט געהאַט, פּשוט טאַקי גאָרנישט — און נישט איינמאָל, לעגענדיג זיך אַזוי, נעבעך, שלאָפען, האָבען זיך איהם בײַ נאַכט־געחלומט בעטלער. גענוג איז איהם אָבגעפאַלען דאָס פלייש פאַר צרות פונ׳ם עסען, האָט איהם נאָך וועה געטאָן אויך די נשמה — ער האָט די ערשטע צייט שטאַרק געבענקט אַ היים. אין דער היים האָט ער דאָך, אמת טאַקי, אויך נישט געלעקט קיין האָניג, נאָר פאָרט אַ גרויסער חילוק. דאָרט איז איהם געווען עפּיס וואַרם, גרינגער אויף דער נשמה, ווי אַ פייגעלע אין נעסט, אונטער דער מאַמעס פליגעלעך. דאָרט איז ער געווען אַ אייגענער, אַלסדינג אַרום איהם, אין דער היים, אין שטאָדט, זענען איהם געווען אייגענע זיינע, זיי האָבען זיך פערשטאַנען: אפילו די בהמות דאָרט, די הייזער, די לופט, וואָס ער האָט געאָטהעמט, די ערטער, וואו ער האָט געשפּאַצירט, זיך געשפּיעלט מיט זיינע חברים, האָבען עפּיס גערעדט צום האַרצען און זיך מיט איהם אָנגעהערט — און דאָ איז ער עלענד, פרעמד, עס קלעפּט זיך עפּיס נישט, אַלסדינג גאָר נישט דאָס, עפּיס גאָר אַנדערש. די זון, די לבנה און די שטערען קוקען דאָ עפּיס נישט אַזוי, ווי אַ מאָל בײַ זיך אין שטעדטיל, נישט אַזוי פריינדליך, גוט ווי פריהער און ער האָט אַ פּנים, ווי בײַם בעגעגענען זיך מיט דער ב׳ם משפּחה נאָכ׳ן גט, שוין נישט מעהר קיין אייגענע, נאָר גלאַט אַלטע בעקאַנטע, געוועזענע קרובים. אַזאַ געפיהל ווי בענקען, וואָס צופּט, נאָגט טיעף אין האַרצען, לאָזט זיך נישט איבערגעבען מיט ווערטער,

דאָס פאַרשטעהט נאָר דער, וואָס איז געפּריווט געוואָרען צו פערזוכען אַמאָל אין לעבען דעם טעם פון עלענד, צו־זיין פּלוצלים אָבגעריסען פון זיינע ליעבע און בלייבען אַליין פאַר זיך. אַ קאַטאָוועס עפּיס! איין קליין פינטעלע, אַ ברויזען, אין אַזאַ גרויסער, גרויסער וועלט.

עס ציהט זיך גאָטס גרויסע וועלט אין דער לענג, אין דער ברייט אָהן אַ סוף, אָהן אַ עק. אין דער מיט וועלט, אויף דער קיילעכדיגער ערד, איז דאָ אַ קליין פלעקעלע, ווי אַ פּליג האָט איבערגעלאָזט — דאָס איז גלופּסק. אין דעם דאָזיגען פלעקעלע איז דאָ אַ פינטעלע — אַ קלייזיל. אין דעם פינטעלע איז דאָ נאָך אַ ברעקיל פינטעלע — אַ באַנק. און אין דעם ברעקיל פינטעלע ליגט נאָך אַ פּיצינקעלע פינטעלע — אַ מין בעשעפעניש אַזוינס, וואָס הייסט הערשעלע. דאָס פּיצינקעלע בעשעפעניש ליגט ווי אַ שפּין פונקט אין דער מיט פון'ם גרויסען ראָד שפּינוועבס. פון איהם ציהען זיך אַרום און אַרום אין אַלע זייטען לאַנגע דינע פעדימלעך, פול און אָנגעזעצט, האַרט איינס ביים אַנדערען, מיט עפּיס לופטיגע מיני פינטעלעך, אַזעלכע, גאָר גיט פאַר דעם אויג, וואָס הייסען ביי די פילוסופין „אַטהאָמען", און געהען העט־העט וויט צו די שטערען אין הימעל, צו אַלסדינג אין דער וועלט אַרום, און, עס פאַרשטעהט זיך, קיין קאַבצאַנסק אויך. אויף די דאָזיגע לופטיגע פעדעמלעך קלעטערט הערשעלעס נשמה, קאַראַבקעט זיך מיט אַלע זיינע געדאַנקען אַ הין, אַ הין — אַ היים. זי קאַראַבקעט זיך ווי די עלעקטריציטעט אין דעם טעלעגראַפישען דראָט, אָנריהרענדיג מיט איהרע ברענענדיגע געפיהלען איין טיילכיל פון'ם לאַנגען, לופטיגען פעדימיל, דאָס טיילכיל גיט פון זיך איבער דעם ברען דעם ווייטערדיגען טיילכיל און אַזוי פליהט עס שרעקליך געשווינד ווייטער ווייטער, ביז עס טרעפט ווי אַ בליץ אין די הערצער פון זיינע עלטערן, זיי דערפיהלען באַלד הערשעלעס האַרץ און טהוען אַ שלוקערץ. הערשעלע, זאָגען זיי, דערמאָנט אונז. עס שטעלט זיך זיי פיר זיין לאַגע, איינער אַליין, נעבעך, אין דער פרעמד — און געהען אוים פאַר רחמנות. נאָך וואָס קענען אַזעלכע געפאַלענע, נעבעך, טאָן, אַז זיי אַליין איז שלעכט און קומען שרעקליך אָב? די מאַמע אַרבייט, נעהמט זיך די אויגען אַרויס ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט דעם פעדערען־פליקען, און פון דער גאַנצער אַרבייט איז, משטיינס־געזאָגט, קיין וואַסער אייף קאַשע אפילו נישטאָ. דער טאַטע, נעבעך, האָט, זינט אַ היים קומענדיג, נישט אויפגעהערט צו קרענקען. ער צאַנקט, געהט אוים ווי אַ ליכט, ער קען נישט צוזעהן

דאָס גרויסע עלענד אין שטוב, דעם צער פון די הונגעריגע, דערשלאָ־
גענע קינדער. דאָס ביטערע אָרעמקייט איז איהם שוין שווער איבערצו־
טראָגען, געצוג שוין זיך אָנגעליטען, נישטאָ שוין מעהר קיין כח — אָפּ־
אָפּ טריקענט שוין אוים דער לעצטער טראָפּען זאַפט פון זיין וויסט, גע־
בראָכען לעבען. די עלטערן זיפצען, אָכצען, קרעכצען, פירשטעלענדיג
זיך דאָס עלענדע, פערהאָגעלטע קינד, צו וועלכען עס ציהט זיי אַזוי
דאָס האַרץ — און זייער ביטער געמיטה טעלעגראַפירט זיך, דורך די
אייגענע לופטיגע פעדימלעך טאַקי, אין הערשעלעס האַרצען צוריק. עס
סוד'עט זיך אַ האַרץ מיט אַ האַרץ — שושקעט זיך אַ נשמה מיט אַ נשמה,
גיסען זיך איינער פאַר דער אַנדערער אוים און שמועסען זיך איבער שטיל
אָהן ווערטער... עס דאַכט זיך הערשעלען, דער טאַטע ליגט, נעבעך,
שלאָף, פערשמאַכט, קוקט עפּים מיט אַ געבעט ווי ביים צושיידען זיך.
עס שוועבט איהם פאַר די אויגען דעם טאַטענס בלייך פּנים, יענע גוטע,
זיסע מינע זיינע בשעת געזעגענען זיך מיט איהם — און הערשעלע איז
צוקאָכט, ער וויינט שטילערהייט ביי נאַכט אויף זיין האַרט געלעגער,
איבערטראַכטענדיג אַ שרעק... אָט דאָס איז עס, וואָס געוועהנטליך
הייסט דאָס ביים עולם: „דאָס האַרץ זאָגט."

יאָ, דאָס האַרץ האָט הערשעלען געזאָגט און אַ היבשע צייט איהם
נישט אויפגעהערט צו זאָגען, ביז ער האָט איינמאָל פון דער היים בע־
קומען די וויסטע בשורה: „הערשעלע, זאָג קדיש נאָכ'ן טאַטען; דו ביסט
אַ יתום!"

# דאס דריטע בוך.

## דאס ערשטע קאפּיטעל.

דאָס בּיינקען אַ היים, דאָס האַרצוועהטאָג פונ'ם פאָטער'ס טויט, די גרויסע יסורים דערפון, ווי אַזוי די מוטער מיט די קינדער קומען עס, נעבּעך, אָב אין דער היים און דאָס איינענע פעקיל צרות: נויט, עלענד, פערוואָגלונג דאָ אין דער פרעמד — דאָס אַלסדינג אינאיינעם האָט מיט דער צייט אויף הערשעלען געווירקט, אַריינצולאָזען זיך, ווי אַ שילדקרעטיל, אינוועניג אין זיך, אַלץ טראַכטען און פערטיפט זיין אין זיינע געדאַנקען. זיין לעבען איז געווען טראַכטען. דאָרט טיעף אינוועניג אין זיך, איז פאַר איהם געווען אַ וועלט, וואו די נשמה זיינע האָט אויסגעשפּרייט די פליגעלעך און געפלויגען פריי העט וויים־וויים. אונזער פראַקטישע ווירקליכע וועלט איז פאַר איהם געווען אַ שטייגעלע, וואו די נויט האָט איהם געהאַלטען געפאַנגען, איהם נישט געלאָזט אויפהייבּען דעם קאָפּ, בּעווייזענדיג איהם אויף איטליכען טריט זיין שלאַפקייט, זיין קליינקייט; וואו ער האָט פאַר זיך געזעהען נאָר צרות, צרות און צרות. ער האָט אָנגעהויבּען צו בּעשאַפען בּיי זיך אינוועניג אין האַרצען אַ וואונדערליכע וועלט, אַ גן־עדן, וואו עס בּליהט, עס שמעקט, עס פליסט מילך און האָניג; וואו עס איז אָפען דער הימעל, קעפּלעך פון מלאָכים קוקען אַרויס, ווינקען מיט גוטע, פריינדליכע פּנימער און זינגען זיסע לידער פון האָפנונג, טרייסט, ליעבּ־שאַפט, רחמנות. עס ווערט עפּיס גרינג אויפ'ן האַרצען און עס לעבּט זיך אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, מחיה

אַלס מאַטעריאַל אויף צו בויען די דאָזיגע וואונדערליכע וועלט האָבען איהם געדינט אַלטע מעשיות, וועלכע ער האָט זיך אָנגעהערט אַ מאָל, נאָך אין קאַבצאַנסק, אויך נייע פון אַצינד. די גמרא פון איהרע טרוי־קענע, ערנסטע זאַכען, האָט הערשעלען שוין נישט צופריעדען געשטעלט, נאָך אָנגעמאַכט אויף איהם גאָר עפּיס אַ מרה־שחורה. ער האָט זי געלערענט נאָר פון יוצא וועגען, ווייל לערנען האָט ער ג׳נ־מוזט, ווייל אַנדערש וואָלט ער דאָך מיאוס אַראָבגעפאַלען בּיי די קלויז־בעלי־הבּתים און מען וואָלט איהם מעהר נישט געגעבען קיין וואַרמעס; אויך וויל משה׳לע דער חבר זיינער פלעגט איהם אונטערטרייבען, אַלץ: לערנען, לערנען! בּיים נעהמען זיך צו דער גמרא איז איהם געוועזען עפּיס נישט גוט, פריקרע. ער האָט בעדאַרפט זיך אָנטאָן אַ כּח, פריהער זיך צו־וויגען, צו־שאָקלען, בּכדי צו מאַכען זיך אַ חשק און ס׳איז איהם געוועזען צום האַרצען ווי בּיים אַריינקריכען אין אַ קאַלט בּיטעל. געמאַכטער חשק אָבער איז אַ פּייערוווערק, עס טהוט אַ פליה מיט אַ פלאַם און ווערט בּאַלד טאַקע פערלאָשען.

נאָך עטליכע מאָל אונטערשוקען זיך אין דעם „ים־התלמוד" האָט הערשעלע שוין געשפּירט אַ קעלט און זיך געאיילט אַרויס, אָבצו־וואַרמען די נשמה. איין אָרט אויף אָנצו־וואַרמען זיך איז פאַר איהם געוועזען הגדהות, מעשיות אין הייליגע מוסר־ספרים, מיט וועלכע ער פלעגט זיך קוויקען, אַוועקשטעלענדיג אזיף אַ ווײַלע אין דער זייט ראובן׳ס אָקס און שמעון׳ס קוה מיט דעם בּטחון: נישקשה, דער גוטער יאָהר וועט זיי נישט נעהמען!...

הערשעלע האָט געלייענט זעהר שענע מעשיות מיט רבּי מאיר בּעל־הנס, מיט רבּי יהושע בּן־לוי, ווי אליהו הנביא האָט איהם איינמאָל מיטגענומען וואַנדערווען בּקומפּאַניע אויף דער וועלט, נאָר בּתנאַי, הערען, זעהן און שווייגען. מעשיות מיט רבּי חנינא בּן־דוסא — אַ בּיטערער אביון, ווי עפּיס אַ האַנד פון׳ם הימעל האָט איהם געגעבען אַ גילדען פיסעל פון אַ גילדענעם טיש; אויך מיט רבּי שמעון בּן־חלפתּא, ווי איינמאָל, אַז ער האָט נישט געהאַט אויף שבּת, האָט מען איהם פון׳ם הימעל דערלאַנגט אַ טייערען בּריליאַנט; ווי רבּי שמעון בּן־יוחאי האָט איינמאָל אַרויסגעפיהרט זיינע תּלמידים אין עפּיס אַ גרויסען טאָל און געזאָגט: טאָל, טאָל, פיל זיך אָן מיט רענדלעך! און ער האָט זיך אָנגעפילט טאַקי בּאַלד; ווי רבּי ישמעאל בּן־אלישע האָט אַראָבגעבּראַכט פון׳ם הימעל דעם „שר־התּורה" — יופיאל המלאך,

אינגאַנצען פלאַם־פּייער מיט אַ שיינענדיג פּנים ווי אַ בליץ, און ווי אליהו הנביא האָט רבה בר רב חנינא — אַ גרויסען אביון, געגעבען טייערע שמעקענדיגע גן־עדן־בלעטלעך, וועלכע יענער האָט פערקויפט עפּיס פאַר צוועלף טויזענט גילדענע רענדלעך!

משה'ילע איז זעהר נישט צופרידען געווען פון הערשעלעס פער־טיפען זיך אין אַזעלכע זאַכען, אָבּרייסענדיג זיך דערווייל פונ'ם לערנען. און זיצענדיג ביידע אין קלייזיל ביי אָפענע ספרים אויף די שטענדערס, פלעגט צווישען די צווי חברים עפּטערס פירגעהן אַזאַ שמיעס:

— „הערשעלע, געוואַלד, הערשעלע! טאָמער וואָלט שוין גענוג געווען זיך צו פערטיפען אַזוי?"

— „האַ, וואָס, משה'לע?"

— „לערנען, הערשעלע!"

— „איך קוק דאָך אַריין אין אַ ספר, משה'לע!"

— „וואָס טויג מיר אין אַ ספר, קוק בעסער אַריין אין דער גמרא. נו, הערשעלע, הויב אָן: תנו רבנן, האָבּען די רבנן גע־לערענט" . . .

— „אַי־אַי, אַ גליק! אַזאַ גליק!"

— „וואָס הייסט?!" — מאַכט משה'לע, אויסשטעלענדיג אויף הערשעלען אַ פּאָר אויגען."

— „נו זאָג שוין, געוואַלד, וואָס טהוט מען דאָ מיט דעם תוספות? — האַרבליך!"

— „אָך גוט, זעהר גוט!"

— „זאָג־זשע, אויב ס'איז גוט!" מאַכט משה'לע לעבעדיג, גאַנץ זיכער ביי זיך, אַז דער תוספות קומט ביי הערשעלען אויס גוט.

— „דו פאַרשטעהסט, משה'לע, ווי גוט רב יוסף'ן האָט געמוזט זיין אויפ'ן האַרצען, אַז ביים אויפשניידען פרייטאָג דעם פיש, געפינט ער, קבצן, אין בויך אַ טייערען דימאַנט, וועלכען גאָט האָט איהם צו־געשיקט!"

— „עט!" — גיט משה'לע אַ מאַך מיט די אַקסלען און קראַצט זיך פאַר פערדראָס. — „אָבער תוספות! וואָס וויל דאָ תוספות האָבען פון רש"י?"

אָט אַזאַ שטייגער שמועס פלעגט פירגעהן צווישען די ביידע חברים געוועהנטליך אין דער וואָכען. משה'לע האָט, קראַצענדיג זיך, אַלץ אונטערגעטריבען, און הערשעלע האָט אַלץ זיך אָבגעבעטען. דערפאַר

איז שבת־צו־נאַכט פאַר הערשעלען געווען אַ לעבען. דענסטמאָל איז איהם געשטאַנען פריי צו פערטיפען זיך אין וואונדערליכע זאַכען, וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט. משה׳לע פלעגט דענסטמאָל געוועהנטליך פאַרבייגען דאָס לערנען און איהם נישט עקבערן דעם קאָפּ מיט דער גמרא. היינט איז די דאָזיגע נאַכט אַליין טאַקי עפּיס אַזעלכע, וואָס איז מסוגל צו טראַכ־טען, צו פערפליהען אין הימעל אַריין. זי האָט אין זיך עפּיס אַזעלכס, וואָס צושרויפּט דעם יודען, מאַכט אויף איהם אַ זיס־טרויערדיגע מרה־שחורה און דרעהט, דרעהט איהם אינוועניג אין דער נשמה. עפּיס איז ער צודרעהט, אומרוהיג און פערטראַכט.

„ווילט איהר דעם שבת־צו־נאַכט פאַרשטעהן, מוזט איהר צו דעם יודען אין הויז געהן!"

# דאס צווייטע קאפּיטעל

קומט=זשע, זייט מוחל, אַהער אויף אַ ווײַלע, צו משה׳לעס
פאָטער!

משה׳לעס טאַטע — שמואל׳יק, איז אַ טאַנהעטניק. אַ גאַנצען טאָג
פון פריה ביז אין דער נאַכט לויפט ער אַרום מיט אַלטע זאַכען, שלאָגט אָב
די טירען צו קויפען און צו פערקויפען זיין סחורה. ער איז געקרוממט,
געבויגען מיט אַ בלייך פּנים, געקנייטשט, געעלטערט פאַר זאָרג און צרות.
אָנגלויפענדיג זיך ווי אַ הונט, קומט ער מיעד, צעבראָכען אין זיין וויסט
שטיבעל — אַ קאַנורע, מיט עטליכע גראָשען פערדינסט, און אַ מאָל גאָר
מיט אַ לעדיגע קעשענע, האַפּט אָב עפּיס, וואַרמעס מיט וועטשערע אינ=
איינעם, און טהוט זיך אַ וואָרף שלאָפען. ער ליגט, נעבעך, ווי אַ דער=
הרג׳טער, פיהלט אין זיך נישט קיין גאַנץ אבר. גאַנץ פריה שטעהט
דער טויטער אויף, משטיינס=געזאָגט, תחית=המתים און ווייטער לויפען,
ווייטער אַרומיאָגען זיך. אַזוי פערברייגנגט ער זיין הינטיש לעבען די
גאַנצע וואָך.

פרייטאָג צו=נאַכט בעקומט די קאַנורע עפּיס גאָר אַ אַנדער פּנים —
אויסגעשמירט, אויסגעוואַשען ריין אין איטליכם ווינקעלע. דער טיש גע=
דעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, אויף איהם דריי מעשענע, אויסגעשייערטע
לייכטער מיט די בענש=ליכט, און צוויי שענע קוילעטשען, אָבגעשמירט
מיט געלכען פון אַ איי, שיינען פונדערווייטענס, פאַרנעהמין די אויגען.
און שטוב הערשט עפּיס אַ זיס רוהיגקייט, עס שמעקט אַ ריח פון צוגע=
דעמפּפטע שפּייזען, וואָס שטעהען אויפ׳ן פריפּעטשיק איבערגעדעקט מיט
אַ קישען. די מאַמע, אַ גאַנצע וואָך פערשמירט, ׳ פערפינסטערט, לויכט

אין דער שבת׳דיגען שלייער, עס רוהט אויף איהר די שכינה. די באָר־פיסע מיידעלעך, פּאַרקעמט, אויסגעצוואָגען, האַלטען זיך אינאייגעם אין אַ ווינקעלע און מען זעהט אָן אין זייער פּנים, ווי זיי וואַרטען, קוקען אויף עפּיס אַרוים מיט אַ פרעהליך הארץ. — שאַ, עס הערט זיך טריט... מען געהט... די טיר עפענט זיך אויף.

— גוט שבת! זאָגט שמואל׳יק קומענדיג פון דער שוהל און קוקט פריינדליך מיט אַ שיינענדיג פּנים אויפ׳ן ווייב. אויף די קינדער.

— גוט שבת! זאָגט משה׳לע הויך אויף אַ קול, אַריינלויפענדיג געשווינד ווי מיט אַ גוטער בשורה.

און דער טאַטע מיט דעם זוהן הויבען אָן ביידע, אַרומגעהענדיג איבער׳ן שטוב, צו זאָגען אויף אַ נגון „שלום עליכם״! דאָס נעדהמט מען אַזוי אויף די הייליגע מלאכים, געשיקט פון דעם אויבערשטען, פון׳ם מלך איבער אַלע מלכים, הקדוש־ברוך הוא, וואָס האָבען זיי בעלייט פון דער שוהל אַ היים. דער טאַנדעטניק איז שוין נישט מעהר קיין הונט, ער איז אַ פּרינץ, עפּיס האָט ער בעקומען אַ נייע נשמה, אַ נייע הויט. ער מאַכט קידוש, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, דאָס ווייב די פּרינ־צעסין און די קינדער אַרום איהם, מען שטופּט דעם גאָפּעל, דעם לעפעל און מען חאַפּט אַ שטיקעל פיש, אַ לאָקש, אַ ביינדיל, אַביסעל צימעס — אַזעלכע מאכלים, וואָס מען האָט עס אַ גאַנצע וואָך אין די אויגען נישט געזעהן. איטליכס פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטענדיג זיך, קיין ברעקיל זאָל, חלילה, נישט אַראָפּפאַלען, עפּיס מיט אַ גוט ערענסט פּנימיל, וואָס וועקט אויף אין האַרצען געפיהלען פון רחמנות. עפּיס גאָר ווי אַ וועוועריקיל, וואָס זיצט זיך אויף אַ ביימיל און קנאַקט עפּיס אַזוי שען, אַזוי ערענסט אַ ניסיל...

שמואל׳יק שטעלט די „כלי״ צו די זמירות און שפּיעלט אָב טשאַ־קענדיג אַ „מה ידידות״:

„ווי ליעב די רוהה איז דיינע,
פּרינצעסין שבת פיינע!
מיר לויפען דיר אַקעגען אַלע,
מיר בעטען: קום, געקרוינטע כלה!...
פון אַלע מלאכות איז איין עק,
די אַרבייט לעגט מען איצט אַוועק,
זיך תענוג אָנצוטאָן ביים טיש,
מיט היהנער, חלה, פליישׁ און פיש״.

סמבטיון דער טײַך, וואָס לויפט, רוהט נישט די גאַנצע וואָך, בלײַבט שבת פלוצלים שטעהן, „עס הערען=אויף די קולות, געוואַלדען, ווען הויך דער יוד זינגט די זמירות זײַנע. דער שרעקליכער טײַך שטערט איהם נישט אין דעם שטײַגער זינגען, עס שווײַגען די בייזע הוואַליעס, אוים רעש — שאַ, ס׳איז רוה!“...

אַזוי פרײַעט זיך אַ מעת=לעת דאָס האַרץ, „אַ פרײַד, אַ שמחה אויף די אַלע יודען, זײַ זענען פרײַ פון זאָרג און שטאַרק צופריעדען“.

אויפ׳ן אַנדערען טאָג פאַר=נאַכט, נאָך שלש=סעודות, זיצט אונזער שמואל׳יק אַראָבגעלאָזט די נאָז אין שוהל. ס׳איז טונקעל. יודען ברומען, זאָגען אויף אַ קרעכצענדיג קול דאָס קאַפּיטעל תהלים „אשרי תמימי דרך“, וואָס דערמאָנט אין דעם, אַז די פּרינצעסין=שבת קלײַבט זיך אין וועג אַרײַן. עס הערשט עפּיס אַ אומעטיגקײַט און עס שמעקט מיט ראָסעל פון אוגערקעס. די זון איז שוין פערגאַנגען, פײַער=רויטע וואָלקענס שרפה׳= נען בײַם עק הימעל און עס שטעלט זיך יודען פיר דער ברענענדיגער גיהנום. עס קלינגט זײַ אין די אויערען דאָס שרעקליכע בעפעהל: „ישובו רשעים לשאולה!“ — די רשעים אויף יענער וועלט, וועלכע מען האָט געלאָזט שבת צורוה, זיך קויקלען דאָרט פרײַ אויף בערג פון שניי, טרײַבט מען עס אַצינד ווידער אין חדר אַרײַן: געהט זיך פּרעגלען אַהין אין גיהנום! און מלאכי=חבלה דרעהען זיך עפּיס פאַר די אויגען. אַך, דער גיהנום! דער יוד, נעבעך, זעהט פאַר זיך דעם גיהנום.

אין דער הײם בײַ זיך זיצט אויף דער מילכדיגער באַנק דאָס ווײַב, פאַרלעגט די הענד און די פיס אונטער זיך. ס׳איז פינסטער. אַ ליכטי= גער פאַס פון דער לבנה שײַנט אַרײַן דורך אַ פענסטעריל, אָבשלאָגענדיג זיך אַקעגען אויף דער וואַנד, אויף דער סטעליע, און שאָטענס פון משונה׳= דיגע געשטאַלטען טאַנצען, שפּרינגען, מאַכען אָן עפּיס אַ מורא אויף די אַלע קינדער, וואָס שטיקען זיך צונויף אינאײנעם, ווי די דערשראָקענע שעפעלעך, מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ, אײנס מיט דעם אַנדערען נישט צו רעדען קײן וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילצען גרילצען זיך אײנע מיט דער אַנדערער איבער אין די שפּעלטלעך ערגיץ אין אַ ווינקעל. דאָס ווײַב זיצט פערטראַכט, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ און נעהמט זיך דערנאָך זאָגען מיט אַ געניץ: „גאָט פון אברהם... אַז דער ליעבער שבת קודש געהט אַהין“... אויף אַ טרויער=זינגענדיג קול. — אײן עק, הײסט עס, אַ סוף. מען רײַבט, רײַבט מיט קונצען עפּיס אַ מין שוועבעלע, אַ צחײַטס, אַ דר׳סס, ביז עס ווײַזט זיך מיט אַ בײַזער אין אַ רויך, אַ געשטאַנק אַ בלוי=

רויטליך פּייריל, בײ וועלכען מען צינדט נאָך פּיעל מיה אָן אַ חלב'דיג גראָשען ליכטיל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטליכער און פּיהלט, ווי עס רייסט זיך איהם עפּים אָב אינוועניג אין האַרצען.

— אַ גוטע וואָך! — זאָגט שמואל'יק, אויף אַ פּערדומפּפען קול בײם אַריינקומען אין שטוב ווי אַ קעצעלע. ער דרעהט זיך אַרום ווי אַ נעכטיגער, די אויגען זיינע וואַרפען זיך עפּים, דאָס פּנים בלייך, אויס־געצויגען, און מען זעהט, ווי אין איהם געהט פיר עפּים אַ פאַרענדערונג.

דאָס הויבט זיך אין איהם אָן דאָס איבערקעהרעניש פון אַ פרינץ ווידער אין אַ הונט. עס שטעלט זיך פאָר שמואל'יקען די וואָך מיט דעם הינטישען לעבען: מיט דעם אַרומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרעהע־ניש, מיט די חרפּות, בזיונות און דעם זוכעניש דאָס דאַר שטיקעל ברויט — און עס בעשלאָגען איהם אַנגסטען. נאָר דער פרינץ חיל זיך אָבער אַזוי גיך נישט אונטערגעבען, ער ראַנגעלט זיך, לאָזט זיך נישט נעהמען אין גיהנום אַריין, פלוצלים אין אַ הונט פערוואָרפען צו ווערען! ער צאַפּעלט, ער זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטען — טאָמער איז נאָך פאָרט דאָ עפּים אַ האָפנונג, גאָט קען נאָך רחמנות האָבען — און די האָפנונג גיט איהם אַ שיין אין דער ברענענדיגער הבדלה. פרום מיט פערגלאָצטע אויגען נעהמט ער זיך מאַכען הבדלה: „הנה אל ישועתי״— אָט איז ער, דער גאָט פון מיין הילף, „אבטח ולא אפחד״ — איך בין פערזיכערט און שרעק מיך נישט!... ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בשמים, ער טרינקט פון כוס און שמירט דערפון די קעשענעס — אַ סגולה צו אַ גוטער, מזל'דיגער וואָך. און די האָפנונג שיינט איהם אויך אין די שבת־צונאַכטיגע זמירות. ער הויבט אָן אויף אַ זים־טרויערדיגען נגון אונטערצוזינגען המבדיל״...

און די האָפנונג שיינט איהם נאָך מעהר אין דעם „איש חסיד״. עס צופלאַקערען זיך איהם די אויגען. עס פערפאַרבט איהם זיך אַביסעל רויטליך דאָס פּנים, ער קוקט אויפ'ן ווייב, און אויף די קינדער און מיט בטחון אויף גאָט ברומקעט ער בעהאַרצט דאָס וואונדער־שענע מעשה'לע מיט דעם חסיד.

— אַך, גאָטעניו! — לאָזט שמואל'יק אוים דעם „איש חסיד״ מיט פערגלאָצטע אויגען און פאַרגעהט זיך, ברומקענדיג אונטער זיך אַ וויינענ־דיג־יודיש שטיינעריל אויף דער דינער סטרונע — אַך. טהו עפּים אַ נס און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, וועה איז מיר!...

— גוטע וואָך! — זאָגט משה׳לע אַריינקומענדיג אין שטוב און מיט איהם קומט געוועהנטליך שבת־צו־נאַכט אויך הערשעלע אויף מלוה־מלכה. זיי זאָגען ביידע די זמירות — פון ויתן לך״, וואו יודען ווערט צוגעזאָגט אַלדאָס־גוטס פון פייגעל־מילך: אַ געראָטעניש אין תבואה, טשערעדעס בהמות און שאָף, די ברכה אין דער דייזשע, אין דער ספּי־שאַרנע, אין דעם האַנדעל, עושר אויך כבוד און נאָך גרויסע גליקען — ביז נאָך די „אליהו׳ס״.

אויפ׳ן פּריפּעטשיק ברענט אַ פּייעריל, די מאַמע פּאָרעט זיך עפּיס נעבען אויווען, דאָס הויזגעזינד זיצט נישט ווייט ביי אַ טיש, איטליכער מיט עפּיס אַ שטיקעל אַרבייט, און איינער פון די ביידע חברים, אַ מאָל דער, אַמאָל יענער, לייענט זיי פיר דעם ספר הישר, די מעשה דאָרט, ווי די ברידער פערקויפען יוסף׳ן וכדומה נאָך אַזעלכע שענע מעשיות פון הייליגע ספרים. דערביי שפּינט זיך אַ שמועס, איטליכער וואַרפט אַריין אַ וואָרט, מען פערפליהט ווייטליך, מען איז עפּיס נישט אויף דעם עולם — און דערווייל ווערט פאַרטיג דער באָרשטש, מיט וועלכען מען בעלייט שבת המלכה. אין שטוב זעהט טאַקי אויס ווי אויפ׳ן האַרצען: האַלב שבת׳־דיג, האַלב וואָכעדיג, האַלב זיסליך, האַלב זויער, אַזוי ווי ביים לעצטען וואַרמעס, ווען מען ריכט אויס אַ טייערען גאַסט אין וועג אַריין — מען זופט און מען טרייסט זיך, זיך אין גיכען ווידער צו זעהען...

אָט די אַלע יענע וואונדערליכע מעשיות, ווי עס געשעהען גרויסע נסים מיט מענשען אין דער וועלט און ווי אליהו־הנביא בעגליקט אַ מאָל גויטבעדערפטיגע, אָרעמינקע, נעבעך, האָבען הערשעלען געטרייסט, פערזיסט זיין ביטער לעבען. די אַלטגעבאַקענע מעשה מיט ר׳ שמעלקי׳ן איז ביי איהם אַצינד אויפגעפרישט געוואָרען. ער האָט געגלויבט אין איהר הייליג און געטראַכט, [אַז אליהו־הנביא האָט אַ מאָל ר׳ שמעלקי׳ן געהאָלפען, קען דאָך זעהר גוט מעגליך זיין, ער זאָל איהם אויך העל־פען. פאַר וואָס דען נישט? — מען בעדאַרף נאָר נישט פערלירען די האָפנונג, בעטען גאָט, דאַוונען פונ׳ם גאַנצען האַרצען.

ביי הערשעלען הויבט זיך אָן יענע געוויסע צייט אין דעם מענשענס לעבען — די וועסנע־צייט פון דער אמונה, ווען עס שפּראָצען פרישע בלעטלעך פונ׳ם גלויבען, ווען עס בליהט די האָפנונג, עס עפענט זיך אַ קוואַל געפיהלען פון ליעבשאַפט, דער כח־המדמה צושפּילט זיך, פליהט אין הימעל און קיין זאַך איז פאַר איהם נישט צו־שווער, נישט אוממעג־ליך. עפּיס גלויבט זיך, האָפט זיך, טיעף פונ׳ם האַרצען גיסען זיך הייסע

תפילות צו גאָט און עס וויינט זיך שטילערהייט, אַמאָל בײַ נאַכט אויפ'ן געלעגער, עפּיס אַזוי געשמאַק, אַזוי געשמאַק...

עס פאַרשטעהט זיך, נישט בײַ איטליכען איז די דאָזיגע וועסנע-צײַט גלײַך, בײַ אַ טייל מענשען געהט זיך איבער קאַלט מיט פוילע ווינ-טען, נישט איבערצולאָזען פון זיך אין דעם לעבען עפּיס אַ זכר. אַזעלכע ווי בײַ הערשעלען אָבער טרעפט זיך נאָר בײַ איינעם פון טויזענטער — בײַ מענשען מיט גייסט, די „אתה-בחרתניקעס" אַליין...

און אונזער הערשעלע נעהמט זיך אַצינד געשמאַק צום דאַווגען מיט אַ ברען. ער דאַווענט ווי אַ יוד דרײַ מאָל אין טאָג מיט דעם עולם, און דאַווענט, בעט אויך שטיל פאַר זיך אַליין, ווען נאָר עס קומט איהם אָן דער חשק. די צייט געהט זיך דערווייל איהר גאַנג, עס ווערט טאָג און נאַכט, ווי דער שטייגער איז, טאָג און נאַכט ווערט אויך בײַ הערשעלען אין דער נשמה, געפיהלען פון האָפנונג און מרה-שחורה בײַטען זיך אין איהם כסדר איינע נאָך די אַנדער

# דאס דריטע קאפיטעל

די לבנה, ברכו און קדושה זענען טאַקי עפּיס גאָר ווי אַ מאַגנעט, וואָס ציהען־צו פונדערוויטענס יודען און שטעלען זיי אָב, זיי מעגען זיך ווי קיין צייט נישט האָבען און לויפען גאָר אָהן אַ נשמה. איהר געהט אַייך אין גלופּסק, אַ שטייגער, אָוועגט־צייט אויף דער גאַס, שטאַרק פערטראָגען אין עסק, פּלוצלים קומט אַייך פון דער זייט גאַס צו די אויערען עפּיס אַ מין „שלום עליכם! באַלד טאַקי געפינט איהר זיך צווישען אַ רעדיל יודען, ענטפערט איטליכען אויף אַ זינגענדיג קול „עליכם־שלום"! שאָקעלט אַייך און שפּרינגט מיט אַלע אינאיינעם אַקעגען דער לבנה. — אין אַיילעניש, אין לויפעניש אַ מאָל פאַרבייַ אַ קלייזיל, אַ שטיבעל, הערט איהר פּלוצלים אַ פּויקען מיט פינגער אין די פענסטער — גיכער ר' יוד, גיכער! איידער נאָך איהר בעטראַכט זיך, שטעהט איהר שוין מיט ביידע פיס אינוועניג דאָרט ביי דער טיר און מאַכט אָנגעבויגען „ברכו", אָדער איהר שפּרינגט „קדוש" מיט דעם גאַנצען עולם יודען דאָרט׳

דענסטמאָל זייט איהר נישט אַייערער, איהר האָט איבער אַייך אַליין קיין שליטה נישט, גלייך ווי מען וואָלט אַייך אָבגעטאָן אַ כישוף. דעםגלייכען טרעפט זיך מיט אַייך אַ מאָל, ווען איהר שטעהט פריהמאָרגענס אין קלויז, עס שפּאַרט אַייך אונטער׳ן לעפעלע און איהר האָט בדעה עפּיס צו טאָן, פּלוצלים שאַרט זיך, ווי אַ קעצעלע, צו עפּיס אַ יוד, שוין נאָך נקיות, שטעלט זיך פון אַייער כבוד וועגען נעבען אַייך און, רייַבענדיג די הענד אַיינגעהויקערט, שען, פיין, מיט אַ פרום פּנים׳ל הויבט ער אָן זיס־מחיה די ברכות: אשר נתן לשכוי בינה, וואָס האָט דעם

האָהן גענעבען פערשטאַנר, להבחין בין יום ובין לילה, אונטערצוי־שיידען צווישען טאָג און נאַכט. איהר, [אין ברירה, ענטפערט „ברוך־שמו, אמן!״ קנייטשענדיג זיך מיט אַ ערנסט־זויער מינעלע. ער טהוט אייך אַ טובה, שיט מיט ברכות, איינע נאָך דער אַנדערער, און איהר אַלץ: „אמן, ברוך־שמו, אמן!״ שטעהט עפּיס ווי צוגעקאָוועט, נישט צו ריהרען זיך פונ׳ם אָרט, גלייך ווי מען וואָלט אייך, מחילה, געמאָלקען... קוים אָבער האָט איהר אָבגע׳שלום־עליכם׳ט, אָבגעברכו׳ט, אָבגע־קדוש׳ט, אָבגעסילקט אייערע אמן׳ס, גיט איהר אַ מאַך מיט די אַקס־לען, טהוט זיך אַ קראַץ, שפּייט אויס, גאַנץ פיין — און געהט אייך ווידער אייער וועגס.

אויף אונזער ר׳ אברהם׳ס פּויקען אין פענסטער צו מנחה, האָבען זיך אַריינגעהאַפּט ראַפּטאָם עטליכע יודען, וואָס זענען געגאַנגען פאַרביי דעם קלייזיל. זיי האָבען אין איילעניש געחאַפּט אַ גאָטס וואָרט, געשפּרונ־גען „קדוש״ פערסאָפּעט, גאָר אין איין אָטהעם — און באַלד דערנאָך טאַקי זיך צולאָפען. איינער נאָר איז איבערגעבליבען. ער האָט עפּיס אַ ווייַלע זיך געדרעהט, אַרומגעקוקט און פון גאַנצען בענעהמען זיך זיינעם האָט מען אַרויסגעזעהען, אַז ער איז אַ פרעמדער, נישט קיין היגער. די לאַנגע גלאַנצענדיגע נאָז זיינע האָט געזאָגט, אַז ערשט היינט, נעכטען, איז זי פונ׳ם וועג, וואו דער ווינט האָט זי שטאַרק געפּייניגט, זי געשטשיפּעט און מיאוס איהר אָנגעפּייפּט. די צוויי, גרויע, קאַצענע אויגען זיינע האָבען זיך געוואַרפען, נישט צו קוקען גלייך אין איין זייט, ווי זיי וואָלטען געווען ברוגז — איינע האָט געקוקט קיין דרום און די אַנדערע קיין צפון־זייט.

ר׳ אברהם האָט, ווינקענדיג מיט דער האַנד, צוגערופען דעם פאַרשוין און איהם אָנגעוויזען אַ אָרט נעבען זיך. ביים דאַוונען האָט דער פאַרשוין זיך געשאָקעלט מיט חן, גאַנץ יודישליך, און פונ׳ם שאָקלען זיך זיינעם האָט אויסגעזעהען, אַז ער איז אַ טאַטענס אַ קינד, נישט קיין פּראָסט מענשיל.

— אַ־פּנים, נישט קיין היגער? האַ? — האָט ר׳ אברהם נאָך דעם דאַוונען זיך געווענדעט צום פאַרשוין, אָנקוקענדיג איהם מיט אַ פריינד־ליכער מינע.

— וואָס־דען? — גיט דער פאַרשוין, ווי דער שטייגער איז, אַ „פרעגענדיגען ענטפער״ אויף עפּיס אַ מין קרעכצענדיג־חסידיש חאָר־חעלע, שנייצענדיג דערביי גאַנץ ברייטליך די גלאַנצענדיגע נאָז,

וואָס האָט זיך צוגאָסען אין שטיינער און גענאָסען בייז אויף אַ הילך.

— אָ, אויב אַזוי, שלום-עליכם! — פּאָהדט ר׳ אברהם אַריין צום פּאַרשוין מיט דער האַנד. פון וואַנען זאָל עס, האַ, אַ יוד זיין?

— האַפּ־סי! האַפּ־צי! — ענטפערט אָב גיסענדיג די נאָז פאַר איהר בעל־הבית.

— פון יהופּיץ אפשר? עפּיס אַזוי זעהט עס מיר אויס, — מאַכט זיך ר׳ אברהם זיין השערה דערווייל, איידער די נאָז וועט זיך בערו־היגען, און איז זי מכבד אַגב מיט אַ שמעק טאַבאַקע.

— ווען שטעלט מען זיך ביי אייך דאָ, מאָרגען פריה, דאַוו־נען? — פרעגט דער פּאַרשוין, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט דער נאָז.

— ווען? פרעגט איהר — ענטפערט ר׳ אברהם — ווי געוועהנטליך. וואָס איז?

— יאָהרצייט האָב איך, פאַרשטעהט איהר מיך. דעם זעקסטען טאָג אין תמוז האָב איך יאָהרצייט נאָך אַ טאַטען — מאַכט דער פּאַרשוין מיט אַ זיפּצעלע.

אַזוי, יאָהרצייט? — זאָגט ר׳ אברהם, אַ נעהם געבענדיג זיך ביי דער באָרד. זעהר אָנגעלעגט, כ׳לעבען. קומט־זשע, זייט מוחל, מאָרגען אין דער געוועהנטליכער צייט.

דער פּאַרשוין איז נאָך אַביסעל געזעסען, שמיעסענדיג מיט ר׳ אברהם׳ן און די אויגען האָבען זיך איהם דערווייל געוואָרפען אין איט־ליכם ווינקעלע, ביים אויפהייבען זיך פונ׳ם ביינקעל האָט ער זיך מיט אַ קרימעלע געקראַצט אין די פּאה, גלייך ווי דאָס אַרויסגעהן פון מקום־קדוש איז איהם שווער

„דאַכט זיך האַ?... נישקשה׳דיג פון אַ יורען“... מאַכט ר׳ אברהם שטיל פאַר זיך, אויפהייבענדיג זיך פון זיין אָרט, נאָכדעם אַז דער פּאַר־שוין איז אַוועקגעגאַנגען. און ווענדענדיג זיך צו משה׳לען, וואָס האָט גע־רעדט מיט הערשעלען אין אַ ווינקעל, רופט ער זיך אָן הויך׃

— אַ היים, שקאָץ! קום, צייט זיך אויסצורוהען פאַר אַ גאַנצען טאָג און שלאָפען. — און דו, שקאָץ, זאָגט ער צו הערשעלען, לעג זיך דאָ אויך שלאָפען. הונגעריג ביסט־דו נישט, האַ?

— ניין! ענטפערט הערשעלע מיט דעם מויל און אין האַרצען ביי זיך טראַכט ער: אוי, עסען!... אוי וואָלט איך עפּיס געגעסען!...

ר׳ אברהם אָבער איז געשטאַנען, נישט צו ריהרען זיך פון דעם

אָרט. ער האָט בעשולדיגט אַליין זיך אין האַרצען, וואָס פאַרדרעהענדיג זיך מיט דעם יודען, איז איהם דערוויייל גאָר פונ׳ם זינען אַרויס, צו בע-טען איינעם פון די בעלי-הבתים — נעהמען הערשעלען אויף וועטשערע. הערשעלעס ענטפער „ניין!״ דאָס הייסט, נישט הונגעריג, האָט ער אָנגע-נומען גלאַט אַזוי פאַר אַ זאָג, אויס אײדעלקייט נאָר, וויסענדיג זעהר גוט, אַז פון איין מאָל אין טאָג עסען, און נאָך וואָס פאַר אַ עסען, משמיינס-געזאָגט — טרוקען ברויט מיט אַ קנאָבעל, קען אַ מענש נישט זאַט זיין, בפרט נאָך אַ יונג קינד, ביי וועלכען דער אַפּעטיט איז גרויס. ער איז געשטאַנען עפּיס צודרעהט, נישט אַהין, נישט אַהער, און אַ קוק געבענ-דיג אויף משה׳לען איהם, צומישט עפּיס, אַ פרעג געטאָן:

— נו, ביז ווי לאַנג וועסט-דו שטעהען?... געגוג גערעדט!

— ר׳ אברהם, זאָגט משה׳לע, ער איז געבליבען אָהן וועטשערע, הערשעלע!... איך בעט איהם דאָ, קום מיט מיר אַ היים עפּיס עסען, וואָס איז? נישקשה — און ער וויל נישט!

— וואָס, וואָס? — מאַכט ר׳ אברהם שטאַרק צוקאָכט, עפּיס גאָר אָהן ווערטער.

— בעט איך איהם: נו, וועל איך דיר ברייננען עפּיס פון דער היים אַהער, וויל ער אויך נישט! — כ׳לעבען, נאַרעלע, ווענדט זיך משה׳-לע מיט אַ געבעט צו הערשעלען, וואָס האָסט-דו מורא? עס וועט, נישקשה, פאַר מיר אויך גענוג זיין. נו, יאָ?

הערשעלע שאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף ניין, נישט אַרויסצובריינ-גען פונ׳ם מויל קיין וואָרט. אין האַרצען קאָכט איהם ווי אין אַ קעסעל און די פאַרב שטעהט איהם אין פּנים.

ר׳ אברהם זוכט דערוויייל ביי זיך אין קעשענע, בעקומט פון דאָרט אַ האַרטען דרייער, וועלכען ער שטופּט הערשעלען אין דער האַנד, בע-טענדיג איהם פונ׳ם גאַנצען האַרצען:

— נעהם, נישקשה!... וועסט דערפאַר עפּיס דיר קויפען.

הערשעלע נעהמט דעם דרייער און בעוואַשט זיך מיט טרעהרען...

# דאס פערטע קאפיטעל

אויף מאָרגען איז דער פאַרשוין געקומען דאַהנען אַקוראַט אין דער „געוועהנטליכער צייט" און איז ווידער טאַקי געזעסען נעבען ר' אברהם'ן. די נאָז האָט איהם אַלץ טאַקי געגלאַנצט, נאָר שוין נישט אַזוי געניסט מיט אַזאַ בייזער ווי נעכטען.

צו דער תורה האָט מען איהם אויפגערופען (דאָנערשטאָג איז געווען דענסטמאָל) יעמוד ר' שניאור זאב וואָלף ב"ר שרגאַ-פייבוש!

ר' אברהם האָט נאָכ'ן דאַוונען געלערענט אַ פּרק משניות און איהם מכבד געווען זאָגען אַ רבנן-קדיש. געזאָגט האָט ער בנעימות'דיג, גרייזלענדיג דערביי אַ פּאָה, מיט צוגעמאַכטע אייגעלעך, געשאָקעלט דאָס קעפּעלע גאַנץ לייטיש, און יענע מיני יודען, וואָס פערבלייבען געוועהנט-ליך אויף אַ שעה נאָכ'ן דאַוונען איבער דעם דרויב, שטיקלעך יהי רצון'ס און דעם „חוק'ל", האָבען איהם געשיינקט אמן'ס פונ'ם גאַנצען האַרצען מיט דער כונה — יאָהרצייט-בראַנפען. די דאָזיגע כונה איז זיי געלעגען אין די ליפּעלעך, אין די גערגעלעך, ווי זיי האָבען זיך בעלעקט און גע-שלונגען די סלינקע. נישט דעריבער ווייל זיי זאָלען אַזוי להוט זיין נאָך אַ ביסעל משקה, חלילה! שכּרות איז ביי זיי די גרעסטע עבירה; נאָר דעריבער, וואָס אין דעם יאָהרצייט-בראַנפען ליגט עפּיס אַ בעזונדער מין יצר-הרע, עס האָט עפּיס אַ אַנדער טעם — אַ כּפּרה שאַמפּאַניער, דער בעסטער „נסך"! דער שמש האָט טאַקי באַלד געבראַכט אַ קוואָרט בראַנפען — שליש מיט קיכלעך, אייערבייגעל צום פערבייסען און מען האָט זיך גענומען מאַכען לחיים.

— לחיים, ר׳ שניאור=וואָלף! בעבעט איינער, השם=יתברך זאָל געבען... בפשטות טאַקי, האַ, — פרנסה... פרנסה זיינע יודעלעך, אַך=אָך — חאָ!

— לחיים ר׳, ר׳... האַ? שניאור! אָט וואָס, ר׳ שניאור! — קוועטשט זיך נאָך איינער אויס עפּיס צו זאָגען, נאָכדעם ווי ער האָט פריהער אָבגעזופּט אַביסיל פון׳ם קעלישיקיל און זיך בעלעקט. פרנסה, מהיכאָ=תיתי! ווי אַרום? בע... דערויף איז ער דאָך אַ רבונו של עולם, האַ!... אַזוי צי אַזוי — חיים איך? — אָט לאָז ער איך העל=פען... האָט איהר עפּיס דאָ, האַ, אַ נעשעפּטיל?... וואָס?... — לאָזט ער אויס חכמה׳דיג, אַ טאַפּ צו געבען דערווייל אין וואָגען.

— ע=עס!... מאַכס שניאור עפּיס אָהן ווערטער.

— אַהער, שקאָץ! — רופט ר׳ אברהם צו הערשעלען, וואָס איז אין אַ ווינקעלע געזעסען מיט משה׳לען איבער דער גמרא — נאַ! איין אייערבייגעל דיר מיט אַביסיל בראַנפען און דעם אַנדערען גיב דאָרט יענעם שקאָץ, דיין חבר.

דעם פאַרשוינס אייגעלעך האָבען זיך אין איין צייט געוואָרפען אויף הערשעלען דאָ, און אויף משה׳לען דאָרט אין ווינקעלע.

אַז דער עולם איז זיך צוגאַנגען, האָט דער פאַרשוין זיך אַריינגע=לאָזט מיט ר׳ אברהם׳ן אין אַ שמיעס מכח יודען, קרעכצענדיג שטאַרק מקנא געווען יענע, וואָס קענען זיצען אין בית=מדרש על התורה ועל העבודה און אַגב טאַקי אַ טאַפּ געבענדיג מיט אַ פרעג:

— ווער זענען עס ביי אייך יענע צוויי בחורים׳לעך דאָרט, וואָס זיצען איבער דער גמרא? גאַנץ פיינע קינדער.

— אַ מבין, כ׳לעבען! — ענטפערט ר׳ אברהם מיט אַ שטאָלץ שמייכעלע, ווי אַ פאָטער בשעת מען לויבט איהם זיינע קינדער. — איינער איז אַ היגער טאַקי און איינער, וועלכען איך האָב פריהער צו=גערופען, איז, נעבעך, אַ גר, פון אַ שטעדטיל, אַ יתום. האַלט זיך דאָ אויף. אַ צאַצקע!

— מען זעהט עס איהם אַרויס באַלד טאַקי אין פּנים, — מאַכט דער פאַרשוין, אַ קוק געבענדיג אין הערשעלעס זייט, — אַ שאָד, כ׳לעבען, ער מוז דאָ, נעבעך, אָבקומען.

— אַוודאַי, אַוודאַי! — זיפצט ר׳ אברהם. אַ אָרעם קינד, אַ עלענד יתום׳ל, נעבעך.

— ווייסט איהר וואָס! — רופט זיך אָן דער פאַרשויז, נאָכדעם

אַז ער האָט אַביסעל געטראַכט, און די גרויע אויגען האָבען זיך איהם צופלאַקערט — ווייסט איהר, וואָס מיר איז דאָ פאַר איהם איינגעפאַלען?

— אַ קשיא אויף אַ מעשה! — מאַכט ר׳ אברהם מיט אַ גוט שמייכעלע, פאָכענדיג אויפ׳ן קאָפּ מיט דער יאַרמולקע. — אפשר אַ שידוך, האַ?

— כמו ווי אַ שידוך, — מאַכט מיט אַ ערענסט פּנים׳ל דער פאַרשוין, — שפּעטער, מיט דער צייט, קען טאַקי זיין, אם ירצה השם, אַ שידוך. ס׳איז דאָ אויך אַ בתולה, פאַרשטעהט איהר מיך. די מעשה דערפון איז אַזוי... לאָזט זיך נאָר דיענען.

— זאָגט, אדרבה, זאָגט, מהיכא־תיתי.

— בקיצור, צו וואָס דאָ אַ ים בּרייען, צושאָקעלט זיך דער פאַרשוין, די מעשה אָט, איז אַזוי: מיט מיר איז דאָ מיינער אַ שותּף, אַ גאַנץ פיינער בעל־הבית, ווי איך זאָג אייך, גאָר נישקשה׳דיג. האָט דער שותּף מיינער, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ יונגעלע און וויל זעהר, דאָס יונגעלע זאָל קענען לערנען. ביי אונז דאָרט די חדרים זענען, ווי זאָל איך אייך זאָגען, עט... דער בראָדער מלמד איז אַ בהמה, דער ליטוואַק — אַ צלם־קאָפּ און די איבעריגע — טפו!... מיין איך, אַז אַייער יתום׳ל זאָל עס, אַ־פּנים, פאַר מיין שותּף׳ס יונגעל זיין... איהר פאַרשטעהט?

— איך פאַרשטעה. איהר מיינט, מיינער זאָל לערנען מיט דעם יונגעלע.

— מ־מהו! — מאַכט דער פאַרשוין, בלינצענדיג מיט די אייגעלעך — אָט דאָס מיינט דער פּסוק. עס וועט איהם זיין גאַנץ גוט. ער וועט האָבען קעסט, זיין בעשוכט און בעקליידט. וועט ער נאָר קיין שוטה נישט זיין, קען ווערען אַ שידוך אויך. פאַר וואָס נישט? אַ בתולה איז דאָ... צוקייעט עס נאָר.

— דאַכט זיך אין פלוג, האַ? נישקשה! — זאָגט ר׳ אברהם און רייבּט דעם שטערן.

- וויל איך, — דערקלערט עס גאַנץ קלאָר דער פאַרשוין, — וויל איך, פאַרשטעהט איהר מיך, גאָר פּשוט טאָן אַ מצוה. פערזאָרגען אַ יתום. מסתּמא איז דאָך אַזוי באַשעהרט. — נו, האָט איהר עס צוקייעט?

— נישט שלעכט, ענטפערט ר׳ אברהם, נאָר...

— וואָס נאָר? !—טהוט זיך דער פאַרשויז אַ חאַפּ.—נישט שלעכט,

זאָגט איהר; ניין — גאַניץ גוט! אָט דאָס איז דאָך די מעשה מיט אַ יודען, האָט קיין פּאַראיבעל נישט! וואָס, נאָר? נאָר? נאָר, וועל איך זאָגען, מען מוז דעם שותּף מיינעם וויזען פריהער דאָס בחור׳ל, לאָז ער איהם נאָר געפעלען. אָט וואָס! ווילט איהר האָבען אַ חלק אין דער מצוה, האַיעט־זשע נישט און לאָזט, זייט מוחל, דעם פּאַרשוין מיט מיר געהן צו מיין שותּף. באַלד טאַקי נישטאָ קיין צייט

— טאַ! — מאַכט ר׳ אברהם אויפגעהייבענדיג זיך פונ׳ם בּיינקעל. אָט געה איך מיט מיינעם איבערשמיעסען.

אין דעם פּנים פון ר׳ אברהם׳ן און פון הערשעלען איז געווען צו דערקענען, אַז ביידע קוויינקלען זיך עפּיס אין האַרצען, חאָטש ר׳ אברהם האָט די זאַך אַנידערגעשטעלט גלאַטיג, און הערשעלע האָט קוקענדיג איהם אין די אויגען, צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ אויף יאָ.

דער פּאַרשוין האָט על פּונדערווייטענס זעהר גוט בעמערקט, נאָר ער האָט געמאַכט אַ מינע ווי פּאַר איהם איז אַלץ איינס. און אויפהייבענדיג זיך פונ׳ם אָרט רופט ער זיך אָן מיט אַ קנייטשעלע:

— נישטאָ קיין צייט! וויל ער, זאָל ער באַלד מיט מיר געהן... ווי איהר ווילט אַייך

— נאָך אַ רגע׳לע, איין רגע׳לע! בעט ר׳ אברהם און טרייבט אונטער הערשעלען, וואָס האָט, צוקומענדיג צו משה׳לען, זיך געבאָברעט עפּיס מיט איהם דאָרט אין דעם שטענדער. — געה שוין, געה, הערשעלע! דער יוד האָט נישט קיין צייט. געה אין קום גיך צוריק מיט אַ ענטפער. איך וועל דאָ וואַרטען.

— איך וועל מיך נישט זאַמען. זאָגט הערשעלע און געהט אַרויס אינאיינעם מיט דעם פּאַרשוין.

---

# דאָס פינפטע קאַפּיטעל

ר׳ אברהם האָט באַלד נאָך הערשעלעס אַוועקגעהן זיך גענומען זאָגען זוהר מיט אַ ברען אויף א נגון, די אויגען האָבען איהם געפלאַ־קערט, דאָס פנים האָט זיך איהם פערפאַרבט — ער האָט געזופט זיהר מיט אַ פּעטיט און מען האָט בעשיינפערליך געזעהען, ווי עס קומט איהם צו דערפון חיות, אַ סך מעהר ווי אַ אַנדערען פון אַ גלעזיל קאָפע מיט פוטערגעבעקסלעך צום פריהשטיק. ר׳ אברהם׳ס פריהשטיק איז אַלע טאָג בעשטאַנען פון אַ טרוקען שטיקעל משניות, עטליכע געשמאַקע הגדתות, מיט אַ זופ זוהר פערביסען — און איז דערמיט זאַט געווען ביז מאַרסעם. אַ היבשע צייט איז ער אַזוי פערטיפט געווען אין דעם זאָגען, געפלויגען הויך, עפּיס אין אַנדערע וועלטען. דערנאָך האָט זיך איהם עפּיס גע־ענדערט דאָס קול, אַלץ נידעריגער, נידעריגער, ווי ער איז פונ׳ם זיבעטען הימעל אַראָב אויף דער ערד. ער האָט געטאָן אַ זיפץ, געגלעט די באָרד, דעם שטערען, געקוקט, זיצענדיג אויף זיין אָרט, אין דעם אָפענעם פענסטער גלייך איהם אַקעגען און זיך פערטראַכט.

אין דרויסען האָבען זיך געטראָגען שוועלבעלעך, געשוועבט אין דער לופטען פלינק־געשווינד, אַרויף און אַראָב, צופליהענדיג איינס נאָכ׳ן אַנדערען מיט אַ סווישטש — „ציק־טשיק" צו די נעסטען איבער די פענסטער און אונטער׳ן געזימס פונ׳ם קלייזיל

„גם־צפור מצאָה בית" אויך דאָס פייגעלע געפינט איהר הייזיל — קומט ר׳ אברהם׳ן אויפ׳ן געדאַנק דער געהויסער פסוק אין תהלים — „ודרור קן להּ" און דאָס שוועלבעלע זיין נעסט, „אשר שתה את אפרוחיה"

וואָס פריטולעט די יונגע פייגעלעך „את מזבחותיך ה׳ צבאות" ביי דיין מקום־קדוש, האַרצעדיגער פאָטער, גאָטעניו!...

ער גיט אַ בליק אויף משה׳לען, דערמאָנט זיך אויך אין הערשעלען און טראַכט ביי זיך: יודישע קינדערלעך! — פון אָרמע עלטערן פייגעלעך, פריטולעטע, נעבעך, אין קלייזעלעך...

— וואָס בעטייט עס? — ווענדעט ער זיך פונדערוויטענס מיט אַ פרעגע צו משה׳לען, וואָס איז געזעסען שטיל אין ווינקעלע, אָנגעשפּאַרענ־דיג דאָס קעפּעלע אויף דער גמרא—וואָס בעטייט עס, וואָס ער איז נאָך נישטאָ?

— ווייס איך? — ענטפערט משה׳לע גאַנץ קורץ, עפּיס אויף אַ אומעטיג קול.

— אָ־וואַ, אַ מעשה, אַ מעשה! — ברומלעט ר׳ אברהם. — מיר איז גאָר אַרויס פון׳ם זינען צו פרעגען, אויף וועלכער אכסניא שטעהט אָט דער דאָזיגער, ווי הייסט ער עפּיס? שניאור־וואָלף, דאַכט זיך, האַ?

— דאַכט זיך אַזוי, ענטפערט משה׳לע געצעהלטע ווערטער עפּיס דורך די ציינער.

— האַ, פון וואָס פאַר אַ שטאָדט, האָט ער געזאָגט, איז ער — אָט דער שניאור וואָלף? איך געדענק נישט, אָסור, וואָס ער האָט גע־זאָגט...

ר׳ אברהם׳ס דאָזיגע ווערטער זענען געבליבען אָהן אַ ענטפער.

ער האָט זיך גענומען אַריינקוקען אין אַ ספר, נאָר דער געדאַנק, פאַר וואָס זאָמט זיך אַזוי הערשעלע, האָט איהם געפּיקט אין קאָפּ, אַזוי אַז ער איז נישט אין שטאַנד געווען צו פערשטעהן קיין וואָרט — געקוקט טאַקי נאָר ווי אַ האָהן אין בני־אָדם. עס האָט איהם אָנגעהויבען אין דעם פאַרשוין עפּיס קשה צו ווערען, זיך עפּיס נישט צו שיקען. באַלד ביים ערשטען שלום־עליכם איז איהם אפילו דער שניאור־וואָלף עפּיס נישט געווען צום האַרצען — עפּיס וואַרפען זיך זיינע אויגען, קוקען יענעם נישט גלייך אין פּנים אַריין, נאָך ר׳ אברהם׳ס גוטסקייט און פרומקייט האָבען עס נישט דערלאָזט גלאַט אַזוי פון אַ יודען עפּיס שלעכטס צו טראַכטען. מילא וואָס... גאָרנישט... אַ יודיש קינד. — אַצינד אָבער, אַז ער איז דאָ געווען אומרוהיג, האָט דאָס האַרץ זיינס אָנגעהויבען פריי זיך אַרויסצוזאָגען אַקעגען דעם פאַרשוין, און ער איז שטאַרק נישט צופרידען געווען מיט זיך אליין, מיט דעם גאַנצען עסק,

עפּיס אַזוי אין חאַפּעניש ! סמייטש, ער ווייסט דאָך אפילו נישט רעכט גוט, פון וואַנען דער פאַרשוין איז !... עס האָט איהם עפּיס אונטער־געטראָגען פונ׳ם ביינקיל, נישט געקענט מעהר אײַנזיצען אויף זיין אָרט. ער איז צוגעגאַנגען צו דעם אָפענעם פענסטער און געקוקט, אַרויסגע־קוקט אין דרויסען.

פאַר זיינע אויגען איז פירגעגאַנגען אַ ריהרענדיגע סצענע. אין אַ שוועלבעלעס אַ נעסט, אונטער׳ן געזימס, האָט זיך פערקליבען עפּיס אַ גזלן — אַ וואָראָבײטשיקיל און זיך צולעגט דאָרט מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך ווי ביים מאַטען אין ווײנהויז. אונטער דעם שוועלבעלשען עולם ווערט אַ בהלה, אַ צונויפפּליהעניש פון אַלע זייטען. דאָס פּאָרעל בע׳גזל׳טע שוועלבעלעך פליהען, פלאַטערען דערשראָקען אַהין־אַהער, סווישטשען געוואַלד, מאַכען זיך האַרץ און פּרוּווען זיך נאָהענט צוקומען צו זייער נעסט. דער וואָראָבײטשיקיל אָבער שמעקט אַרוים, שטאַרק אָנגעלאָדען, דאָס קעפּיל, עפענט אַ מויל און פּיק, פּיק...

עס טהוט ר׳ אברהם׳ן עפּיס אַ צופּ ביי דעם האַרצען, ער טרעט אָב פונ׳ם פענסטער, אַ מאַך געבענדיג מיט דער האַנד ווי אָבצוטרייבען פון זיך עפּיס אַזוינס, וואָס בעאומרוהיגט איהם שטאַרק, און נעהמט זיך געהן הין־און־צוריק איבער דעם קלייזיל. דאָס קעפּיל פונ׳ם וואָראָבײ־טשיקיל אָבער שוועבט איהם פאַר די אויגען, ער קוקט פערטראַכט אין משה׳לעס זייט, שטעלט זיך אָב פאַרבײגעהענדיג נעבען זיין שטענדער אין נאָך עטליכע מינוט שווייגען טהוט ער איהם אַ זאָג:

— טאָמער, משה׳לע, וואָלסט דו אַ שפּרונג געטאָן זעהן, וואו איז ער ערגיץ דאָרט, דער שקאָץ הא? שוין באַלד דריי אַ זייגער. לויף אַהין אין די אכסניות. ווען נישט אין דער, איז אין יענער, אין איינער ערגיץ וועסט־דו איהם דאָך טרעפען.

— אַליין האָב איך שוין אויך דאָס אייגענע געטראַכט, — ענטפערט משה׳לע, צומאַכענדיג די גמרא און לאָזט זיך באַלד טאַקי געהן.

משה׳לען איז אין דעם טאָג געווען שטאַרק אָנגעזאַלצען אויף׳ן האַרצען דערפון, וואָס פלוצלים האָט זיך דאָ געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל זיך בעדאַרפען שיידען מיט הערשעלען, מיט וועלכען ער האָט געלעבט ווי ברידער, געלערענט און פערבראַכט טעג און נעכט אין ליידען, אין פריידען, מיט איהם אינאיינעם. נאָך אַזאַ ליעבען חבר געקניפּט און גע־בונדען, איבערצובלייבען פלוצלים אַליין — דאָס איז איהם געווען שווע־

רער פונ׳ם טויט. ס׳איז אינוועניג אין איהם פירגאַנגען אַ שפּאַרעניש, אַ שאַרפער פלפול צווישען די געפיהלען. דאָס געפיהל פון ליעבשאַפט צו הערשעלען האָט געשריגען: אַ רחמנות; ער ליידעט דאָ, נעבעך, קומט דאָ אַזוי אָב, לאָז ער אַהין פאָהרען! טאָמער וועט ער אויף דער שטעלע דאָרט זיך אויסגלייכען די ביינער. אַ קעגען־זשע יענס געפיהל פון ליעבשאַפט צו זיך אַליין האָט געטענה׳ט: אויף מיר, נישקשה, איז אויך אַ רחמנות! דאָ מיט איהם אינאיינעם איז מיר בעסער, היימליכער, אייגענעהמער דאָס לעבען... און נאָך עפּיס אַ מין געפיהל — אַ „וצדקתך״ האָט זיך אַריינגעלעגט אין אַ פשרה מיט גנבה׳שע תנועה׳לעך: אויף ביידע אַ רחמנות! איהם איז טאַקי אַ יושר שוין אַביסעל אויפגעריכט צו ווערען, נאָר גאָט דער גוטער, אויב ער וויל, וועט איהם דאָך דאָ אויפ׳ן אָרט אויך קענען עפּיס צושיקען

הערשעלעס זאַמען זיך אָבער האָט אינגאַנצען אַ עק געמאַכט פונ׳ם דאָזיגען פלפול, אַצינד איז משה׳לען נאָר דאָס געלעגען אין זינען: וואו איז הערשעלע? ר׳ אברהם׳ס נישט־רוהיג־זיין עפּיס האָט איהם נאָך מעהר צודרעהט, ער איז געווען בעטריבט און נישט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטען.

אויף עטליכע אכסניות איז משה׳לע געווען און אומזיסט: אַזאַ פּאַרשוין, וועלכען ער האָט געזוכט, האָט מען דאָרט נישט געזעהען, נישט געהערט. האַלטענדיג אין געהן אויף די איבעריגע אכסניות, איז איהם ווי אַ קויל אין האַרצען אַריין פלוצלים אַ געדאַנק — האַ, צום טייך! הערשעלע האָט זעהר ליעב צו באָדען זיך, צו שווימען, איבערצומאַכען אין וואַסער אַלע קונצען, אפשר האָט ער ביים וועג געהענדיג זיך אַראָבגעכאַפּט באָדען און... ווייטער, מיט וואָס אַזעלכס שמעקט, האָט משה׳לע קיין האַרץ נישט געהאַט דייטליך צו טראַכטען, ער איז נאָר געוואָרען בלייך און גאָר אָהן אַ נשמה געלאָפען אַהין, צו יענע ערטער, וואו געוועהנטליך מען באָדט זיך. נאָר אומזיסט זיין מיה, הערשעלע איז נישטאָ! נישט ווילענדיג האָט איהם זיך געדאַכט, שוין גאַנץ קלאָר, מיט איטליכס פּיצעלע בעזונדער: הערשעלע איז ביים אונטערטוקען זיך אַיינגעזונקען געוואָרען אין דער זומפּיגער בלאָטע. ראַקעס האָבען זיך אין זיין לייב שוין אַיינגעגעסען, נאָגען איהם דעם מאַרך פון די ביינער. דער טייך נעהמט דאָך אַלע זומער צו אַ זיבען מענשען. ווער ווייסט וואָס פון משה׳לען וואָלט פאַר אַ ביטערע יסורים און אַנגסטען געוואָרען, ווען עס זאָל איהם באַלד, ווי אַ בליץ, נישט אַ זעץ טאָן אַ אַנדער געדאַנק — ס׳איז

דאָך עפּים אויף דער וועלט דאָ אַ קאַבצאַנסקער אכסניא! מעגליך, טאַקי מעגליך, אַז הערשעלע איז אַריין אַהין זיך צו זעהן מיט פרישע קאַבּצאַנסקער פּאַרשוינען, אָבצונעהמען אַ גרוס, אָדער אַ בּריעף פון דער היים. משה׳לע האָט אין דעם נעדאַנק זיך אָנגעחאַפּט מיט בּיידע הענד, זיך שטאַרק געוואונדערט, פאַר וואָס איז דאָס איהם פריהער נאָך נישט אַיינגעפאַלען, און געשטאַרקט פון דער גוטער האָפנונג האָט ער זיך געלאָזט געהן צו דער קאַבצאַנסקער אכסניא.

די אכסניא פון דרויסען איז בעלאַגערט געווען פון בעלי־העגלות, וואָס זענען געשטאַנען, נעזעסען אויף פריזבעס מיט בּיימשען אין די הענד, שטאַרק בּייז, האָבען זיך געקראַצט אין די פאות, געשפּיגען און גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין געפלוכט, געשאָלטען; אויך פון מעקלערס, וואָס האָבען זיך גערונגען מיט פּאַרשוינען, אויף זייער לשון — מוהטעס, פּעטערס, אָנווייזענדיג זיי פונדערוויטענס בּיידלעך, און צוגעזאָגט איטליכען אַ טייער פּאָהרעכטס, גיך, געשווינד, גערייטיג, ווי די שררות.

בּיי משה׳לעס צוקומען זענען איהם, ווי די הייטרעקן, בעפאַלען מעקלערס, איהם געצויגען, געריסען:

— אַהער, יונגער מאַן! וואָהין פּאָהרען? אָט שטעהט אַ בּיידיל, גרייט, בּאַלד טאַקי פּאָהרען! —

משה׳לע האָט זיך קוים [אַ לעבעדיגער פון זייערע הענד אויסגעדרעהט און זיך אַריינגעחאַפּט אין שטוב אַריין. דאָרט איז ער דורכגעגאַנגען צווישען אַלע פּאַרשוינען, געזוכט מיט די אויגען אין איטליכס ווינקעלע — און הערשעלע איז נישטאָ! עס ווערט איהם נישט גוט, בּיטער און פינסטער אויף דעם האַרצען. נאָר ס׳איז נאָך דאָ אַ שטיקעל האָפנונג. ער פּריווט זיך דורך דער הינטער־טיר אַרויס אין הויף אַריין. שטופּענדיג זיך צווישען די בּיידלעך און וועגעלעך, צווישען מענשען, פערד, להבדיל, אויסגעמישט אינאיינעם און חאַפּענדיג הינטערווייליכס אַ שמיץ אין פּנים פון פערדישע ווידלען, דערזעהט ער אין דער זייט דאָרט אַ בּעקאַנט פּנים — און עס גיט איהם אַ קלאַפּ אין האַרצען פאַר פרייד אויף אַזאַ מציאה. אונזער שניאור־וואָלף שטעהט עס דאָרט מיט עמיצען נעבען אַ געשפּאַנט וועגעלע, האַלטענדיג די נאָז אַראָבגעלאָזען און זעהט אויס עפּים ווי אַ אָבגעשמיסענער. משה׳לע טהוט זיך אַ לאָז צו איהם האַסטיג מיט אַ פרעג, גאָר אין אַיין אָטהעם:

— וואו איז הערשעלע?... הערשעלע וואו איז?

— אַ־אַ! טהוט זיך שניאור־וואָלף אַ האַפּ ווי פינ׳ם שלאָף, שאַרף אָנקוקענדיג משה׳לען און נאָך עטליכע מינוט טראַכטען רופט ער זיך אָן, שוין לעבעדיגער אַביסעל:

— אָט באַלד, באַלד! וואַרט נאָך אַביסעל, לאָמיך נאָר אָבפּאַרטיג׳ע זיך דאָ אָט מיט דעם יודען.

שניאור־וואָלף רופט אוועק דעם יודען אין דער זייט, ביידע שטייעסען דאָרט אַ היבשע צייט גאַנץ שטיל צווישען זיך, מעהר אויף דעם ווינק. דער יוד זעצט זיך דערנאָך אַריין אין אַ ברעקעלע, שניאור־וואָלף געזעגענט זיך מיט איהם: — פאָהרט געזונד!

און צוקומענדיג באַלד צו משה׳לען, נעמט ער גאָר פריינטליך מיט אַ זיס שמייכעלע.

— נו, אַצינד קען איך דיר ענטפערן. וואָס האָסט־דו מיך עפּיס געפרעגט, וואָס?

— וואו איז הערשעלע?

— אַ־אַ, דיין חבר מיינסט־דו! — מאַכט דער שניאור־וואָלף ווי ער שטויסט זיך ערשט אָן. — אַזוי־זשע רעד. — דיין הערשעלע איז דאָרט, דאָרט ביי דעם שותף מיינעם. איך שטעה אויף אכסניא דאָ, און ער, דער שותף, פאַרשטעהסט־דו מיך, שטעהט ביי זיינעם אַ מחותן עפּיס. אָט געה איך אַליין באַלד אַהין. קום, אויב דו ווילסט, מיט מיר מאַקי.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז משה׳לע איז זעהר גערן געווען צו געהן און האָט געזאָגט:

— אַך, אַ שעהנעם דאַנק!

שניאור־וואָלף האָט געפיהרט משה׳לען עפּיס געדרעהט דורך שמאָלע געסלעך און הינטערגעסלעך. נאָך אַ שטרעקע וועג גאַנג הויבט משה׳לע אָן ביסליכווייז זיך אָבצושטעלען, קוקענדיג עפּיס אומרוהיג, גלייך ווי געזעדט: ביז וואַנען וועט ער מיך פיהרען??!

„נאַ־נאַ, אַ פאַרקליבען זיך עס אַביסעל! עפּיס אין אַ עק וועלט!״ ברומט שניאור־וואָלף אונטער דער נאָז פאַר זיך, ווי אויך שטאַרק נישט צופרידען. און אַ קוק געבענדיג דערנאָך משה׳לען אין פּנים אַריין, מאַכט ער מיט אַ זיס מינעלע:

— אָט באַלד, באַלד!

— יאָ! — רופט זיך משה׳לע אָן אָנגעברוגז׳ט. — אָט באַלד זוגען מיר שוין אויף יענער זייט שטאָדט. אָט איז שוין טאַקי דער בית־עולם!

— וואָס בין איך שולדיג ? — נעהמט איין שניאור=וואָלף משה׳לען מיט גוטע ריידעלעך. — נישקשה, וואָס קען עס דיך אַרען, נאַרעלע, אַז דו וועסט דערווייל דורכגעהן זיך אַביסיל שפּאַצירען ? אָט קוק אַ גרין ביימעלע, אַ שמעקענדיג גרעזעלע, פייגעלעך סווישטשען—טשיריק-חיריק=טשיק !

משה׳לע טהוט אַ שמייכעל און נעהמט אָן אַ פרעהליך פּנים.

— אָט אַזוי, האָב איך דיר טאַקי ליעב !—רופט זיך אָן שניאור=וואָלף, אונטערחנפה׳נענדיג זיך—וואָס האָסט דו עס אַזוי קיין צייט נישט ? אַלץ לערנען, לערנען ! נאָך אַ מאָל אמר אַביי, ווידער אַמאָל אָמר אַביי, מען בעדאַרף די וועלט אויך אָנקוקען.

שמיעסענדיג אויף אַזאַ שטייגער איז שניאור=וואָלף מיט משה׳לען דערווייל געגאַנגען אַלץ ווייטער, ווייטער ביז העט אויף יענער זייט בית עולם. דאָרט האָט זיך געשלעפּט פּאַמעליך עפּים אַ פוהריל, אַ יודליק איז דערויף געזעסען, געהאַלטען אין די הענד שלאַף די לייצען, ילאַט נאָר פון יוצא וועגען, פאַרלאָזענדיג זיך אויף דעם פערדעלם יושו : לאָז עס זיך, עט, געהן, ווי זיין גוטער ווילען איז. שניאור=וואָלף האָט זיך איבערגעווינקען מיט דעם יודיל און איידער משה׳לע האָט ז ט געהאַט זיך אַרומצוקוקען, טהוט ער איהם אַ חאַפּ, וואַרפט איהם אַריי אין וואָגען און שפּרינגט אין דער הייסער רגע אויף טאַקי אַריין אַהין. דאָס יודיל טהוט אַ שמיץ דאָס פערדיל און אַוועק, אַוועק...

---

## דאס וועקסטע קאפיטעל.

ר׳ אברהם געהט דערווייל אין איינע צרות הין-און צוריק איבער דעם קלייזיל שטארק אומרוהיג, רייבט מיט דער האנד דעם שטערען און רעדט אלץ צו זיך אליין פערוואונדערט: רבונו של עולם, וואס טהוט זיך דא אזוינס! וואו זענען עס די קינדער?! יענער איז נישטא, דער — זיימט זיך עפּיס אויך צו לאנג. א שענער אוועקגאנג אביסיל! מילא דער יאק דער, גארנישט! אבער יענער, וואו איז יענער?! ס׳איז עפּיס נישט גלאטיג. ער בלייבט שטעהן נעבען פענסטער און נעהמט זיך ארויס די אויגען קוקענדיג אין דרויסען, נאר אומזיסט אבער דאס קוקען, מען הערט נישט, מען זעהט נישט. ער טהוט זיך געשווינד אהן, נעהמט אין דער האנד דעם שטעקען און געהט ארויס מיט דער דעה אליין עפּיס צו טאן, געוואהר צו ווערען, וואס איז די מעשה.

אויף דער גאס קומט איהם אקעגען איינער, זיינער א גוטער בע-קאנטער, א יונגער מאן פון א יאהר דרייסיג, לייטיש געקליידעט, עפּיס האלב-דייטש, האלב-יודיש, מיט א שווארץ בערדעלע און מיט א קלוג, זיס פּנים. דער יונגער מאן קוקט אן פערוואונדערט ר׳ אברהם׳ן, ווי ער יאגט אהן א נשמה, און שטעלט איהם אב מיט א פרעג;

— וואס יאגט איהר עס עפּיס אזוי? וואהין איז? ר׳ אברהם! אן עסק יפים, וואס?

— עפּיס א שטיקעל עגמת-נפש — ענטפערט ר׳ אברהם, האפענדיג דעם אטהעם. — גוט, כ׳לעבען, וואס איהר זייט מיר געקומען אקעגען. איך האב מיר דערמאנט, ס׳איז דא מיט אייך צו רעדען וועגען עפּיס א ענין. נאר נישט אצינד, נישט אצינד, ר׳ רפאל.

— אַ ודאי ווענען אַ שדוך! — טהוט מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג רפאל. — האָט איהר געהערט בעסער נייעס, ר׳ אברהם? אײער גדליה ווינטהאַפּער האָט אָנגעזעצט!

— אָהאַ, אָ-וואַ! — מאַכט פערוואונדערט ר׳ אברהם. — עפּיס אַזוי פּלוצלים, אומגעריכט! און ווי שטעהט מעלתו מיט איהם?

נישקשה! — זאָגט רפאל, אַ דרעה געבענדיג מיט דער נאָז. — איך האָב מיר לאַנג דערויף געריכט. זײנע װעקסלען מיר פאַר דער סחורה האָב איך באַלד טאַקי סקאָנטירט, װעניגער מיט עטליכע פּראָצענט — אָהן סכנות! מײנע לאָדזער פאַבריקאַנטען, נישקשה, װעלען דערפאַר אויף מיר נישט ברוגז זײן אַצינד. וואָס-ושע פאָרט, ר׳ אברהם, איז די מעשה, וואָס איהר זײט עפּיס צוטראָגען אַזוי? חײסט איהר וואָס? קוטט, כ׳לעבען, אַצינד צו מיר, װעלען מיר רעדען בײ אַ גלעזיל פונש. עפּיס בין איך הײנט זעהר גוט אויפגעלעגט.

— האַ?... גוט! — מאַכט ר׳ אברהם, אַ חאַפּ געבענדיג זיך, ווי ער איז אויף עפּיס געפאַלען נאָך אַ פּאָר מינוט טראַכטען. — גוט, איך װעל אײך אונטערפיהרען ביז צו אײער שטיבעל אויפ׳ן הויף און אַליין װעל איך דאָרט אַרײנגעהן אויף דער קאַבצאַנסקער אכסניא עפּיס ווענע אַ זאַך, קוים ענדיגט זיך גוט, בין איך די רגע בײ אײך. קוטט!

ר׳ אברהם לאָזט זיך געהן װײטער גיך, רפאל געהט איהם קוים נאָך און קען נישט פאַרשטעהן, וואָס די אײלעניש ר׳ אברהם׳ס זאָל בע-טײטען אַזוינס.

— געדענקט-ושע ר׳ אברהם! — רופט זיך אָן רפאל בײם צושײדען זיך אויפ׳ן הויף פון דער אכסניא. — ווי באַלד איהר װעט זיך אָבפּאַרטי-גען דאָ, זאָלט איהר אַרײנקומען גלײך צו מיר.

— אַ, גאָט העלף, רײזעניו! — זאָגט ר׳ אברהם אויף אַ נגון, אַרײנקומענדיג ברײטליך צו רײזען, און איהר בעזונדער אַלקיריל, בשעת זי האָט ערשט אָהעקגעלעגט דאָס פלײש זאַלצען איבער אַ װײקשעפּטיל און זיך גענומען צו די פיש, צו אַ געזונטען קאַרפּ מיט אַ גרויסען העכט אויף שבת.

— אָ, אַ גאַסט, כ׳לעבען! — מאַכט רײזע, אָברײסענדיג זיך פון דער אַרבײט און אַ פאָהר געבענדיג מיט דער נאָז איבער דעם אַרבעל. — אַ לאַנגע צײט, העון-אַביסיל, האָט מען אײך נישט געזעהען, ר׳ אברהם! האַ, רעכט עפּיס אַזוי? נו, זעצט זיך, זײט מוחל!

צווישען רײזען און ר׳ אברהם׳ן איז געװען פון גאַנץ לאַנג אַ גוטע

בעקאַנטשאַפט. איהר מאַן, עליו השלום, האָט ביים לעבען געדאַווענט אין דעם קלייזיל, וואו ר׳ אברהם, און זיך מיט איהם זעהר גוט פער־האַלטען. רייזע האָט נאָך ביז אַצינד אונטער ימים־נוראים געדאַווענט אין דער ווייבערשער שוהל דאָרט, אויף איהר שטאָט, און מיט די יאָהר־צייטען נאָך דעם מאַן, נאָך איהר טאַטען און מאַמען זיך שטענדיג פער־לאָזט אויף ר׳ אברהם׳ן, וואָס ער פלעגט עס אַקוראַט אָבהיטען. ער פלעגט שוין געדענקען די טעג, אין זינען האָבען די ליכט, די פרקים משניות, אויך בעשטעלען אַ מנין יודען אויף דעם הייליגען אָרט און דערנאָך מיט איהר זיך אָברעכנען. אויסער דעם פלעגט ר׳ אברהם אָפט קומען צו איהר אין הויז, אַ מאָל נאָך אַ נדבה אויף עפּיס אַ מצוה־זאַך, אַ מאָל צו זעהען זיך מיט אַ בעקאַנטען אורח, וואָס איז פערפאַה־רען צו איהר אויף אכסניא און אַ מאָל גלאַט אַזוי געוואָהר ווערען, וואָס הערט זיך. רייזע האָט איהם אויפגענומען שטענדיג מיט כבוד, איז זעהר גערן געווען זיך אַריינצולאָזען מיט איהם אין אַ שמיעס וועגען יודישקייט, וועגען דעם שטייגער לעבען פריהער אין יענע צייטען און קרעכצען: היינט איז נישט דאָס, וואָס אַ מאָל!

— יאָ, גערעכט, כ׳לעבען, נישט געזעהען זיך טאַקי אַ היבשע צייט. עס האָט זיך עפּיס נישט געמאַכט. היינט בין איך געקומען... דרעהט זיך ר׳ אברהם עפּיס און זעצט זיך אַנידער אויף אַ ביינקיל.

— אַ בער אין וואַלד האָט געמוזט פגר׳ן! שפּאַסט אויף איהר שרייענדיג קול רייזע.

— היינט בין איך געקומען, הויבט ר׳ אברהם אָן דעם שמועס, אָט וואָס: זאָגט ער, רייזעניו, האָט איהר נישט געזעהען היינט ביי אייך דאָס קאַבצאַנסקער בחור׳ל? איהר ווייסט דאָך, ווען איך מיין, יענס בחור׳ל, אונזער בעל־תפלה׳ס, עליו השלום. אין דער פריה איז ער אויף אַ שעה אַוועקגעגאַנגען און נאָך נישטאָ!

— אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגען! טהוט רייזע אַ גע־שריי און פערוואַרפט מיט דעם קאָפּ.

— וואָס איז, האַ? ! טהוט זיך ר׳ אברהם אַ חאַפּ דערשראָקען, אויפשפּרינגענדיג פונ׳ם ביינקיל.

— אַ עק פון זיין לעבען, פערוויסט — זיינע יונגע יאָהרען! מרווי ערט רייזע ווי צו קינות. דאָס האַרץ, אַ וועהטיג איז מיר׳ן מיר, האָט טאַקי געזאָגט, אַז ס׳איז עפּיס נישט גלאַט. אַצינד איז שויקלאָר ווי

דער טאָג—ער איז געקוילעט, נעבעך. אַ׳ געקוילעט זאָלען זיי ווערען אָהן אַ מעסער!

—גאָט איז מיט אייך, רייזע! ווער? וואָס?—בעט ר׳ אברהם און איז טויט מיט אַלע אברים.

— נאָט אייך אַ וואַרעניק, העין אַביסיל! צולאָזט זיך רייזע אויף איהר קול. פלוצלים גאָר זיצט ער דאָ צווישען צוויי אומבעקאַנטע יודען, דער רוח ווייסט זייער טאַטען, ווער זיי זענען, און עסט אַ וואַרעניק! וואָס זענען זיי מיט איהם פאַר אַ שמעלקעס, זיי זאָלען איהם דעם ביסען פונ׳ם מויל אַוועקגעבען! נישט עפּיס אַזעלכע מילדע. מיט מיר, נישקשה, האָבען זיי זיך גוט געדוננען פאַר דעם וואַרמעס, האָבען נאָך אין אַ טאָרבעלע פאַרנומען די איבערגעבליבענע שטיקלעך ברויט פונ׳ם טיש.— מיר איז עס באַלד עפּיס נישט געפעלען.

— נו, נו! טרייבט אונטער ר׳ אברהם.

— נו, מאַכט רייזע, איבערגעהענדיג פון דער דינער אויף דער גראָבער סטרונע, מילא איז מיר נישט געפעלען. וואָס־זשע איז? דאָס ערשטע מאָל, העין־אַביסיל, מאַכט זיך מיר אַזוינס, וואָס מיר איז נישט געפעלען? — פונדעסטוועגען האָט עס מיך פאָרט עפּיס געמאָנטעט, אַריינצושטעקען, ווי מען זאָגט, די נאָז, טאָמער וועל איך עפּיס אָנשמעקען. עפּיס ווי שטעהט דאָרט, ר׳ אברהם, אַ יודענע האָט ליעב...

— גיכער, סערדצע, איך בעט אייך. צאַפּעלט ר׳ אברהם הערען ווייטער, דעם שפּיץ.

— וואָס דען? אַ יודענע איז אַ יודענע. לאָזט רייזע נאָך אויף טאָן נידריגער אַראָב די געמבע. בין איך ציקאַווע געווען שמעקען בײַם דערלאַנגען יענע פאַרשוינען צום טיש, חאַפּען פאַרבײַגעהענדיג אַ לעק פון זייער שמועס. עפּיס איז מיר דאָס שושקען־זיך זייערס און דאָס מינעלע, וועלכע זיי האָבען דערבײַ געמאַכט, איבערווינקענדיג זיך מיט גנבה׳שע אויגען, גאָר טאַקי נישט געפעלען. אַ פאָר ווערטער, וואָס איך האָב געחאַפּט, זענען מיר שטאַרק אין נאָז אַריין, און דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: חאַפּערס! נישט אַנדערש זיי זענען אויסען דאָס יתומ׳ל אין געוואַנט אַריינשטעקען מיט אַ אָנשטעל. אָט וואָס דער וואַרעניק בעטײַט... איך האָב געזוכט דאָס בחור׳ל, גראָד איז ער מיר אין דער הייסער רגע צו די אויגען נישט געקומען. דערווייל בין איך דאָך אַ יודענע. מה אָנו,

מה חיינו", משטיינס־געזאָגט, אַ קאַצען מוח, און איין אויער אַריין — פונ'ם אנדערען אַרויס. אַ קאַטאָוועס, העט אַביסיל, שטענדיג האָט מען דאָס לויפעניש. אַצינד ווייזט זיך עס גאַנץ קלאָר אַרויס. — חאַפּט זיך פּלוצ־לים רייזע אַרויף הויך אויפ'ן ביי־קולכען — געחאַפּט האָבען זיי איהם, אודאי, פערחאַפּט זאָלען זיי ווערען. אַ ביטער רחמנות, וועה איז מיר אַזאַ וואויל קינד! — אוי, אַ דונער איז מיר, ר' אברהם! וואָס איז מיט אייך? לאָזט זיך נישט אָב!

אַ קאַלטער שוויס האָט בעשלאָגען ר' אברהם'ן, טרעהרען, ווי די באָבען, זענען איהם געשטאַנען אין די אויגען, אַלע גלידער האָבען איהם געציטערט און ער האָט קיים זיך געהאַלטען אויף די פיס.

— איך בין שולדיג, אייקעט ער אָנחאַפּענדיג זיך ביי'ם קאָפּ. אי־אַי־אַי, וואָס האָב איך געטאָן! ביים ערשטען בעגעגעניש מיט אַ מענשען, נישט רעכט צו וויסען, ווער ער איז, פון וואַנען ער איז, נעהם איך און גיב איבער אין זיינע הענד אַריין דאָס עלענטע יתום'ל, נעבעך, אַי־אַי!!

— וואָס זייט איהר שולדיג? נעהמט רייזע אַיין ר' אברהם'ן מיט גוטע רייד. מסתמא איז דאָך זיין פינסטער מזל אַזוי. אַזוי, מסתמא איז אויף איהם אָנגעחתמ'ט געוואָרען. ווי זאָגט מען עס? עס פאַלט נישט די שפּין ביז עס ליגט נישט עפּיס דרין.

— הרג'ענען בין איך ווערטה זאָל מען מיך, אַלטען נאַר — הערט נישט אויף ר' אברהם צו אָבצען, צו קרעכצען — אויף מיר האָט עס לייזער־יאַנקיל, עליו־השלום, איבערגעלאָזט זיין קינד און געשטאָרבען מיט דער האָפנונג, אַז איך וועל עס דאָ אויף איהם האָבען די השגחה ווי אַ טאַטע. — יאָ, אַ שענע השגחה! אַ גוטער באַטע!...

— ני, וואָס זאָל מען טאָן? העןאַביסיל, זעצט זיך, ר' אברהם! בעט רייזע מיט טרעהרען אין די אויגען, אונטערררוקענדיג איהם דאָס ביינקיל

— וואו איז מיין קינד? וועט דער טאַטע דאָרט שרייען, נישט איינליגענדיג רוהיג אין קבר. אַזוי האָט איהר עס געהאַלטען וואָרט... און וואָס וועל איך ענטפערן דער מאַמע, דער וויסטער אלמנה? אַז זי וועט קומען וויינען איבער מיין קאָפּ... רעדט, זאָרגט ר' אברהם

מיט אַ געבראָכען האַרץ, טהוט זיך אַ וואָרף אויפ׳ן ביינקיל, פאַרדעקט מיט ביידע הענד דאָס פּנים און בלייבט זיצען שטיל, שטום ווי די וואַנד.

— העןאַביסיל! הויבט אָן רייזע מיט אַ מוסר, שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ נאָך עטליכע מינוט שטיל־שווייגען און פון די אויגען קאַפּען איהר טרעהרען. ווי טהאָר מען, העןאַביסיל, זיך אַזוי נעהמען צום האַרצען! און נאָך אַ מאַנסביל, אַ יוד, אַ למדן, ווייסט, וואָס שטעהט געשריבען דאָרט אין הייליגע ספרים! היינט וואָס זאָל מען שוין זאָגען אויף אַ יו־דענע? מה נאמר, מה נדבר, עט, כ׳לעבען, ווי איך בין אַ יודישע טאָכטער! האַ! וואָס איז עס דאָרטען פאַר אַ וואָרף? — טהוט זי זיך פּלוצ־לים אַ חאַפּ, דערהערענדיג אַ שטאַרקען קלאַפּ אויף יענער זייט אַלקיר, ווי עפּיס איז אומגעפאַלען. — טפו, זאָל עס ווערען, נאָר עס ברעכט, עס וואַרפט! נישט אויסצוהאַלטען, וואָס דאָ טהוט זיך אַ טאָג איבער!...

רייזע לויפט געשווינד אַרויס פונ׳ם אַלקיריל און שלאָגט זיך אָן נישט ווייט דערפון, אין אַ טונקעל ווינקעלע, אין עמיצען עפּיס, וואָס האָט, באָברענדיג זיך דאָרט אויף דער ערד מיט זאַכען, אומגעוואָרפען אַ ביינקיל מיט קווערטלעך און קופּערוואַרג.

— וואָס זאָגסט־דו, איך בעט דיך, צו זיין טאטען? — לאָזט זיך הערען רייזעס קול דאָרט, הויך אויף אַ בייזער, — וואָהין ער האָט זיך עס, העןאַביסעל, פאַרקליבען מיט די קלימקעס! גאָר נישט געפונען, כ׳לעבען, קיין אַנדער אָרט! ווער איז?

קיין צייט נישט צו האָבען וואַרטען אויף אַ ענטפער, בייגט זיך רייזע איין מיט איהר כבוד אַליין, צו זעהען, ווער איז, באָברעט זיך דאָ. זי קוקט דעם פאַרשוין אין פּנים אַריין און לאָזט אַרויס אַ געשריי נישט מיט איהר קול:

— ר׳ אַברהם! גיכער, ר׳ אברהם!

ר׳ אברהם חאַפּט זיך אויף ווי פונ׳ם שלאָף און פליהט מיט איטפּעט אַרויס פונ׳ם אַלקיריל.

— ער איז דאָ! שרייט רייזע גיך אין איין אָטהעם, טייטענדיג מיט אַלע פינף פינגער. אָט, איז ער, אָט, ער!...

— הערשעלע! מאַכט ר׳ אברהם אויף אַ דומפּף־ציטערדיג קול, אַרויסשפּרינגענדיג פוז די כלים פאַר גרויס וואונדער

הערשעלע איז געשטאַנען אַראָבגעלאָזען די נאָז, ווי איינער וואָס האָט זיך פערזינדיגט און פיהלט, אַז אָט האַפט ער אַ פסק

— גמל בעדאַרפסט־דו בענשען, שען בחור׳ל וואָס דו ביסט טרוקען אַרויס, — רופט רייזע זיך אָן.

— וואָס בין איך שולדיג? אומגערן האָב איך עס דאָך אומגע־וואָרפען. פאַרענטפערט זיך הערשעלע.

— ניין, נישט דאָס, — פאַלט אַריין אין די רעד ר׳ אברהם, — דו ביסט טרוקען אַרויס, מיינט רייזע, פון די יודענס הענד. — וואָס קוקסט־דו עס עפּיס אויף מיר אַזוי פערוואונדערט, הערשעלע?

— איך פאַרשטעה נישט, וואָס איהר זאָגט! ענטפערט הערשעלע, מאַכענדיג מיט די אַקסלען און נעהמט זיך צונויפקלייבען דאָס אַראָבגע־פאַלענע קופערנע געפעס.

— איהר הערט? — ווענדעט זיך ר׳ אברהם אין דער זייט צו רייזען, — ער פאַרשטעהט נישט, וואָס מען רעדט! אומזיסט־אומ־נישט, האָב איך מורא, חושד געווען יודען. גאָט זאָל אונז נישט שטראָפען.

—עט, וואָס דאַכט זיך אייך!—זאָגט רייזע מיט אַ שמייכעלע—וואָס דען־זשע בעטייט דער וואַרעניק? האָט זיך יענע פאָר ווערטער, וואָס איך האָב געחאַפּט, מיר נאָר געחלומט?... אַ־נו, גיט איהם נאָר, זייט מוחל, אַ פרעגע, וואו איז ער עס בּיז אַ צינד פערפאַלען געוואָרען?

—זאָג נאָר, שקאָץ!—מאַכט ר׳ אברהם.—וואו ביסט-דו עס פערפאַלען געוואָרען ביז אַ צינד?

— וואָס האָסט-דו עס זיך צו באָברען דאָ מיט זאַלען? מיט וועמענס זאַלען?—פרעגט רייזע צוויי קשיות מיט אַמאָל און בייגט זיך אָן אַ קוק טאָן צו אַ פעקעלע מיט זאַבען.

הערשעלע שטעהט צודולט, האַלט אַראָפּגעלאָזען די אויגען און ענטפערט נישט קיין וואָרט.

—איהר זעהט עפּיס שענס! צולאָזט זיך אויף איהר קול רייזע. האַלטענדיג אין דער האַנד אַ קליידיל, וועלכע זי האָט געפונען צווישען די זאַלען,—וואָס זאָגסט־דו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטען? אַ־נו, שען בחור׳ל, וואָס בעטייט דאָס קליידיל, אַ מיידעלש קליידיל?

—וואָס, וואָס! מאַכט פערוואונדערט ר׳ אברהם.

הערשעלע ווערט אָנגעצונדען, רויט חי פייער און קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט, אַזוי פאַרקלעהמט האָט איהם דאָס הארץ.

— דערווייל, ר׳ אברהם שטעהט איהר דאָ אויף די פיס, רופט זיך רייזע אָן. אָט געהט בעסער מיט איהם אַריין אין אַלקיריל, וועט איהר מאַכען ברכה. דאָס בחור׳ל וועט אויך עפּיס עסען. ער איז דאָך אַודאי הונגעריג, העןאַביסעל! ער וועט עסען און מיר וועלען דערווייל פון איהם געוואָהר ווערען אַלסדינג.



# דאָס זיבעטע קאַפּיטעל.

די מעשה מיט הערשעלען איז אַזוי:

שניאור-וואָלף האָט געפיהרט הערשעלען פונ'ם קלייזעל גלייך אויף דער קאַבצאַנסקער אַכסניא, וואו ער איז גראָד געשטאַנען. געווענ קאָכט זיך דאָך אויף דער דאָזיגער אכסניא אַלע טאָג פון זעהר פיעל פאַרשוינען, וואָס קומען און פאָהרען אַוועק,—איז דאָס קאָלעניש דאָרט דאָנערשטאָג נאָך גרעסער. דאָנערשטאָג הויבען געוועהנטליך יודען אָן שוין קיין צייט נישט צו האָבען און די, וואָס האַלטען אין פאָהרען, איילען זיך אויף שבת, אוים מורא, דער שטן זאָל, חלילה, נישט מקטרג זיין: עס זאָל אין דער מיט וועג נישט ברעכען אַ אַקס, דער וואָגען זאָל זיך נישט איבערקעהרען מיט אַלע פאַרשווינדלעך, נישט איינגעזונקען ווערען איבער די רעדער אין אַ בלאָטע, אָדער לא יעלה ולא יבוא, די פערד זאָלען נישט צושטעהען און מען זאָל, בעהיט גאָט, פאַרשפּעטיגען: איינער — דעם ראָסעל-פליויש, דער אַנדערער — דעם מרחץ אָדער, די בייזע שעה זאָל נישט זיין—און מען זאָל גאָר אַריינ-פאָהרען מיט דעם דישעל אין דער שיסעל לאָקשען. אין דער גרויסער בהלה דאָרט, פון מענשען, דענסטמאָל, ווען איטליכער איז פערטראָגען מיט זיך, נישט אין זינען צו האָבען יענעם—איז ביים עק טיש, אין אַ ווינקעל, געזעסען עפּיס אַ יודיל מיט אַ רויטער באָרד און שטאַרק געשוויצט איבער אַ שיסעל מיט וואַרעניקעס, פון וועלכער עס האָט גע-זעצט אַ פּאַרע ווי אַ רויך. ער האָט געגעסען מיט בונה, גוט געקייעט, נישט געאיילט, ווי אַ גרויסער מייסטער אין רער אכילה. קוקענדיג בשעת מעשה אויף איהם האָט מען בעקומען אַ אייזערנעם אַפּעטיט, חאָטש ער

איז שוין פון אַ צייט פערפאַלען געוואָרען און עס האָבען דערצו נישט געהאָלפען קיין דאָקטוירים. וואָס רופאים, וואָס דאָקטוירים! איין מיטעל צום אַפעטיט איז אַ בריה, אַ פרעסער — קוקען אויף איהם ווי ער רייבט מיט אַ לשם-יחוד..

שניאור-וואָלף איז צוגעקומען אַליין צו דעם יודעל און מיט איהם שטילערהייט עפּיס געשמיעסט. דאָס יודיל האָט זיך פערטראַכט, אַנידער-געלעגט אויף אַ ווילע דעם לעפעל, קייענדיג זעהר פּאַמעליך, קוים-קוים צו מאַכען מיט די ליפען, און מען האָט אין זיין שיינענדיג פּנים'ל, אין זיין שמייכעלע, דערקענט, אַז עס טהוט איהם עפּיס שטאַרק הנאָה.

הערשעלע איז זיך דערווייל געשטאַנען אין דעם אַנדערען עק שטוב און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זיין. שפּעטער אַביסיל האָט שניאור-וואָלף מיט אַ ווינק איהם צוגערופען צו זיך און פאָרגעשטעלט פאַר דעם יודיל, וואָס האָט איהם געבעטען זיצען נעבען זיך, מאַכענדיג גאָר פריינטליך:

— מיר ביסט-דו אויפ'ן אָנבליק געפעלען. איך פערהאָף, אַז דעם שוואָגער מיינעם, וואָס זוכט אַ גוט בחור'ל פאַר זיין יונגעל, וועסט-דו אויך געפעלען. נאָר מיין שוואָגער שטעהט אַכסניא וייטליך פון דאַנען. ער איז אַ גאַנץ איידעל, אָבגעהיט מענשעל און בעדאַרף האָבען צו זיין געזונט אַ גערטענדיל, אַביסעל פרישע לופט. נאָך דעם עסען פאָהרען מיר אַהין, דיך טאַקי אויך מיטנעהמען, לאָז ער דיך נאָר אָנ-קוקען, נישקשה. דאָס איבעריגע — איז שוין אונזער זאַך. עס וועט זיין רעכט!... דערווייל קום עסען!

— עסט געזונט! — ענטפערט הערשעלע, ווי דער שטייגער איז, אַז מען בעט עסען.

— ניין! — זאָגט דאָס יודיל — טאַקי אין רעכטען אמת קום עסען. — זאָגט, זייט מוחל, ווענדט ער זיך צו שניאור-וואָלפ'ן, זאָגט דער בעל-הבית'טע, זי זאָל אייך ביידען געבען עסען

— אַ שענעם דאַנק! איך בין נישט הונגעריג — בעדאַנקט הער-שעלע, אוים דרך-ארץ נאָר, הגם עס וואָלט גאָר נישט געשאַדט טאַקי, אין מויל אַריין צו נעהמען עפּיס.

— נעהם-זשע חאָטש וואָס-ס'איז — בעט דאָס יודיל און שטופּט מיט געוואַלד הערשעלען אין דער האַנד אַריין אַ גרויסען, אַ שוואַרצען, אינוועניג מיט קעז אנגעפּילטען וואַרעניק.

— בעד־הבית׳שע, בעל־הבית׳טע! — רופט צו שניאור־וואָלף רייזען, וואָס איז דורכגעלאָפען פאַרביי מיט דעם פּאָלאָניק אין דער האַנד, מיט געשריי און געפּילדער.

„וואָס זאָגסט־דו, איך בעט דיך צו זיין טאַטען?!" לאָזט זי צוקומענדיג אויס איהרען עפּיס אַ שמועס מיט אַ פאַרשוין דאָרט, צווישען דעם עולם.

— נישטאָ עפּיס צו עסען, בעל־הבית׳טע? פרעגט שניאור־וואָלף.

— וואָס צו עסען, עפּיס? — חזר׳ט רייזע איבער יענעמס ווערטער, מאַכענדיג אַ שלשלת — וואָס הייסט עפּיס? וואַרמעס ווערט שפּעטער אַביסעל זיין.

— איך בין דאָך אָבער טויט הונגעריג, אַ געוואַלד!

— העך־אַביסעל! זאָל איך מיך צערייסען, פון מיר מאַכען עסען! וועל איך דערוויל מאַכען אַייך אַ רעטיך. — ענטפערט אָב רייזע, וואַרפענדיג אַ בליק אויף די ביידע יורען, אויך אויף הערשעלען, וואָס האָט, זיצענדיג בקומפּאַניע, מיט דרך־ארץ געגעסען אַ וואַרעניק. זי האָט עפּיס פאַרדרעהט מיט דער נאָז און איז אַוועקגעגאַנגען אין איהר רוה אַריין.

אַז שניאור־וואָלף האָט, כפי־המדובר, דערהאַלטען פון רייזען דעם אויפגאָב אויפ׳ן וואַרמעס — אַ רעטיך, צו וועלכען ער האָט זיך גענומען מיט גרויס חשק, שטאַרק פערטיפענדיג זיך אין טעלער, האָט די פּאָליטיקע הערשעלעם מתחייב געווען, זיך צו דערווייטערן דערוויל ערגיץ אין דער זייט, ווייל ס׳איז קיין דרך־ארץ נישט יענעם קוקען אין די אויגען אַריין בשעת ער עסט.

די מיר פּונ׳ם שטוב האָט אַ רגע זיך נישט צוגעמאַכט — דער אַריין, יענער אַרויס. האַפּענדיג, אַזוי ווי ער שטעהט זיך דאָ אַזוי, אַ שטופּ פון הינטען, קוקט ער זיך אום אין דערזעהט צווישען פרישע אַריינקומענדיגע פאַרשוינען — ווענען מיינט איהר? — ביילען! עס האָט איהם אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצען, עפּיס ווי אַ וואַרמער שטראָם איז איהם איבער דעם גאַנצען לייב דורכגעלאָפען און ס׳איז איהם געווען אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, גלייך ווי ער וואָלט דערזעהען אַ שוועסטער, די מאַמען, אַלע זיינע ליעבע, נאָך וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געבינקט. עס האָט איהם מיט אַ מאָל אַ שיין געטאָן פאַר די אויגען זיין שטעדטיל, זיין היים און זיך אין דער דאַזיגער מינוט געפיהלט נישט

עלענד. פאַר גרוים פרייד איז ער געוואָרען צומישט, אַזוי אַז ער האָט גערוקט ביילען די האַנד ביים צולויפען צו איהר, גאָר פאַרגעסען, אַז זי איז אַ מיידיל, א אשה און עם קומט איהר נישט קיין שלום־עליכם.

ביילע האָט מיט א שטיל געלעכטעריל אָבגעשטויסען פאַמעליכען פון זיך זיין האַנד, אָנצוהערעניש געבענדיג איהם דערמיט זיין גראָבען טעות.

הערשעלע איז געוואָרען רויט ווי אַ צוויק, האָט זיך אַרומגעקוקט פאַרשעמט אין אַלע זייטען, אויב מענשען האָבען נישט בעמערקט זיין ווילדען טעות, און עפּיס געבּרומבעלט גלאַט אַזוי, גאָר אָהן ווערטער.

— איך האָב געבראַכט דיר אַ מתּנה, פון דעם היים, נאַ דיר אָט דאָס־אָ! — רופט זיך אָן ביילע, געבענדיג הערשעלען אַ פּעקעלע.—דאָס שיקט דיין מאַמע דיר און לאָזט דיר גריסען.

אין דעם פּעקעלע איז געלעגען אַ פּאָר אַלטע אונטערגעאַרבייטע זאָקען, איין אַלט אויסגעלאַטעט העמד, איינגעוויקעלט אין אַ קאַפּאָטקעלע, איבערגענייט אויף דער לינקער זייט פון׳ם טאַטענס אַלטער וואָכעדיגער קאַפּאָטע מיט אַ פּאַלבאָן.

הערשעלע האָט זיך געשמאָלצען אין דעם העמד, אין די זאָקען, האָבען געהאַט ביי איהם דעם זיבעטען חן, עפּיס איהם דערצעהלט, גע„רעדט ווערטער. איטליכע לאַטע איז געווען אַ מגילה, אַ גאַנצע געשיכטע, ווער עס האָט זיי געלעגט, ווי אַזוי און מיט וואָס פּאַר אַ האַרץ מען האָט זיי געלעגט. ער האָט אויך בעטראַכט דאָס קאַפּאָטקעלע — און טרעה־רען זענען איהם געשטאַנען אין די אויגען. עס האָט איהם געשוועבּט פאַר זיינע אויגען דעם טאַטענס בלייך פּנים, געקלונגען אין די אויערען זיין שטיל־שוואַך לשון, זיין זיפצען ביים געזעגענען זיך מיט איהם: „פריי־הער־שפּעטער, הערשעלע, מען מוז זיך שיידען!״ — בעטראַכטענדיג דאָס קאַפּאָטקעלע האָט איהם זיך געהערט עפּיס ווי אַ גרוס פון יענער וועלט, אַ וועה־געשריגען פון׳ם טאַטען: „אָך, האָב איך עס מיר געפּלאָגט דאָס גאַנצע לעבען — און אָט האָסט־דו דיר אַצינד דעם גאַנצען סך־הכּל: מיין נשמה האָט גענומען גאָט, מיין לייב — די ערד און די אַלטע קאַפּאָטקע, מיין גאַנצע פאַרמעגעי נעהם דו, זוהנעניו, און טראָג געזונט״!...

ביילע האָט דערצעהלט הערשעלען, אַז איהרע אָרמע עלטערן האָבען זי געשיקט אַהער, קיין גלופּסק, זיך צו שטעלען ערגיץ אויף אַיין

אָרט. און אַזוי ווי זי איז דאָ ווילד־פרעמד, האָט זי איהם געפרעגט, טאָמער ווייסט ער, וואו איז דאָ ערגיץ די „זאָרג־באַנק״ — דאָס אָרט וואו די דיענסטען, מעקלערינס קומען זיך צונויף, אַזוי האָט זי געהערט זאָגען, און אויב זיין גוטער ווילען איז, זאָל ער אַליין טאָקי מוחל זיין זי אַהין אָבצופיהרען.

פאַר גרויס פרייד דורכצוגעהן זיך דאָ מיט ביילען און וואָס דער־וויל וועט ער טאָקי קענען אויספרעגען זי אויף איטליכען בעזונדער אין דער היים, איז איהם גאָר אַרויס פונ׳ם זינען שניאור־וואָלף מיט זיין שותף, מיט דער גאַנצער שטעלע.

שניאור־וואָלף און דאָס יודיל, וואָס זאָלען זיי דאָ רעדען? דאָס בחור׳ל — וואָס דען זאָל ער טאָן? — דרעהט זיך אַרום אין שטוב צווישען דעם עולם, זיי האָבען אַ פּאָר מאָל אויך אַכטונג געגעבען. נישקשה, ער וועט וואַרטען, ער בעדאַרף דאָך זייער טובה!

און בשעת שניאור־וואָלף איז דאָ געזוען אַזוי פערטאָן איי דעם רעטיך און דאָס יודיל האָט זיך געגרונטעוועט אין דער שיסעל מיט וואַרעניקעס, אין דער גוטער האָפנונג, אַז באַלד וועט די בעל־הבית׳טע צוטראָגען נאָך עפּיס — זענען אונזערע ביידע קאַבצאַנסקער יונגע פאַר־שוינען, ווי אַ פּאָר טויבען, אַרויסגעפלויגען פון דער אכסניא און זיך גע־שפּאַצירט איבער גלופּסק.

ביידע האָבען זיך געפיהלט עפּיס גוט, ביידען האָט עפּיס הנאה געטאָן. די דערמאָנונגען פון דער היים האָבען זיי אונטערגעבען פייער, געעפענט אַ מויל צו רעדען. דאָס שעהמען זיך זייערס אַמאָל אין קאַב־צאַנסק איז דאָ, אין דער פרעמד, פערשוואונדען ווי אַרויך. הערשעלע האָט זיך זאָט נישט געקענט אָנרעדען, אויסגעפרעגט אויף איטליכס פּיצעלע אין דער היים, אין דעם גאַנצען שטעדטיל, אויסמישענדיג אַלס־דינג אינאיינעם, נישט פאַרגעסען אַפילו שעפּסיל דעם מלמד׳ס ציג, זומל דעם שיינקערס ניי איידעמיל, נח־אליהו דעם וואַסערפיהרערס לאָשאַקיל און אַנשיל דעם האָרבאַטענס קעלביל. מילא די אַלע בעשעפעניש זענען דאָך פאָרט לעבעדיגע נפשות און האָבען מיט הערשעלעס נשמה עפּיס וואָס־ס׳איז חאָטש אַ שטיקעל שייכות; אָבער וואָס פאָרט האָט זיך מיט איהם אָנגעגעהרט חיים דעם געשטופּעלטענס שטרויענער דאַך, לייבצע־טעמצעס פּליטה וכדומה אַזעלכע טויטע, נישט קיין לעבעדיגע זאַכען, מיט וועלכע ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט און ס׳איז איהם צוגע־קומען אַ שטיק געזונט, אַז ביילע האָט איהם פון דעם אַלסדינג דער־

צעהלט? מען בעדאַרף אָבער עלענד זיין אין דער פרעמד און אויך גוט זיך צוקוקען, צוהערען צו זיך, בכדי צו פיהלען דעם טעם דערפון און ענטפערן אויף דער דאָזיגער קשיא. — ס'איז, כ'לעבען, רעכט! אין דעם מענשענס נשמה שפיגעלט זיך אָב אַ גאַנצע וועלט. דער ים געפיהלען אין הארצען נעהמט זיך פון מויזענטער קוואַלען אינוועניגסטע אין איהם און אויסוועניגסטע חוץ איהם...

די זאָרג-באַנק, וואו אונזערע יונגע פאַרשוינען זענען געגאַנגען, האָט זיך איינגאַנצען ווי זי איז ענטפלעקט פאַר זייערע אויגען, געוויזען וואָס זי אַזוינס בעטייט און מיט אַ מאָל בּיי זיי צוגענומען דעם חשק צום רעדען. עס האָט זיך אַ וויז געטאָן אַ אויסמישעניש פון אַלערליי צורות און געשטאַלטען: פאָנפעוואַטע, צוגעפּלאַטשטע און געשוואָלענע נעז, וואַרגעס, לעפצען, בעפרישטשעטע, שווייסיג-גלאַנצענדיגע שטערענס און שענע חנ'עוודיגע פּנימער, געעלטערט, געקנייטשט פאַר דער צייט; אַ קאַשע פון אָבגעריסענע, אָבגעשליסענע און פון משונה-ווילדע מאָדניצעס, משטיינס-געזאָגט: שמאַטעס, לאַטעס, צוהאַקטע עפּיס, נאַקעט לייב, הוילע, פון צופאַלענע שיך אַרויסקוקענדיגע פינגער, אינאיינעם מיט אָבגעבלאַקעוועטע, אָבגעפּאָהרענע, כלומר'שט נאָך דער מאָדע גענייטע קליידלעך. ווילדע קרינאָלינעס, מגושם'דיגע שטיוועלעטלעך אויף הויכע, אויסגעקרימטע קנעפּעלעך; אַ דור הפלגה פון פערמישטע לשונות און געמבעס: גראָבע, דינע, קוויטשעדיגע, הייזערדיגע, האָרחלענדיגע און זינגענדיגע קולות. —

דאָס איז די גאַנצע אָרעמינקע קאָמאַנדע פון מיידלעך, ווייבלעך, יונגענמען מיט ברעקלעך קינדער און שלימזול'דיגע, אָבגעקומענע בעלי-הבית'טעס, געטריבען פון דער ביטערער נויט אַהער אויף דעם יריד, צו פערהאַנדלען זיך פאַר קעכינס, דיענסטען, ניאַנקעס און אַמען אין נגידישע בעל-הבתישע הייזער.

עס איז אַ גערייִדעריי, אַ געפּלוידעריי: געשליפענע צינגלעך קלאַפּען, מיילער אויף שרויפען מאָהלען, ווערטלען זיך, שפּעטען, בערעדען, אָבגעקומענע בעלי-הבית'טעס אָכצען, קרעכצען, ווישען די נאָז און רייבען די אויגען. מעקלערינס אין שאַלען, אין יופּעס אויף איין אַרבעל, דרעהען זיך אַרום ווי די מלאכי-חבלות. איינע חאַפּט, ווי פון דער שטייג עופות, אַרויס אַ ווייבעל, אַ מיידעל און פיהרט זי ערגיץ אַוועק. די צווייטע קומט צולויפען בייז ווי אַ רוח עפּיס מיט'עמיצען שטאַרק נישט צופריעדען. און די דריטע טענה'ט, רעדט צוקער-זיס מיט בעלי-הבית'טעס טאַקי אויפ'ן אָרט,

אָבלויבענדיג אין טאָג אַריין איהר סחורה: די איז אַ בריה אויף חלה־באַקען, די האָט גילדענע הענד צום שייערען מעש, קופּערוואַרג גאָר אַנטיק און יענע איז איין קעכנע אין דער וועלט, איהרע מאכלים מעג דער מלכות עסען; נאָך קיינמאָל — אַז קיין צער — אין דעם ברויט נישט געווען ביי לייטען, אַליין ביי זיך געווען אַ בעל־הבית׳טע — אַ קאַטאָוועס נחום׳צע דעם בטלן׳ס אַ ווייב!

אונזערע פּאַרשוינען זענען געבליבען פערגאַפּט און אַ היבשע צייט געשטאַנען שטום מיט אַ פאַרקלעהמט האַרץ, ווי די שעפּעלעך, אויף דעם דאָזיגען מאַרק.

הערשעלע האָט דערנאָך זיך אפילו אַ חאַפּ געטאָן. ס׳איז קיין דרך־ארץ נישט, וואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען און לאָזט שניאור־וואָלף׳ן אויף זיך וואַרטען אַזוי לאַנג; נאָר דאָס האַרץ אָבער האָט איהם נישט געלאָזט אָבּרייסען זיך פון ביילע׳ן, צו וועלכער עס האָט איהם עפּיס געצויגען, געזוכט ביי זיך דערויף אַ תירוץ כלומר׳שט — זי איז דאָך פון זיין שטאָדט, אַ נאָהענטע שכנה, דאָ נאָך גאָר פרעמד, איז דאָך זיין שולדיגקייט, בּאַלד אין דער ערשטער שעה זי נישט אַוועק־צו־וואַרפען. איהם איז אַרויף אַ געדאַנק, מעגליך שניאור־וואָלף וועט דערווייל מיט פערדראָס אַוועקפאָהרען, פערלירט ער דאָך אַ שטעלע, נאָר—הערט אַ וואונדער! — דאָס האָט איהם גאָר עפּיס נישט אַזוי געאַרט. פאַרקעהרט, יאָ, לאָ! זיך טאַקי זיין אַזוי. עס האָט זיך איהם עפּיס שטאַרק נישט געגלוסט, אַ גראָד אין דער צייט ווען ביילע איז געקומען זאָל ער בעדאַרפען אַוועק־פאָהרען. עס האָט איהם טאַקי זיך נישט געגלוסט און פאָרט נישט גע־וואָלט מודה זיך זיין, וואָס ביי איהם דאָרט טיף אין האַרצען געהט פיר, ער האָט געזוכט ביי זיך אַנדערע טעמים, זיך גערעהט מיט הסברות און איז לסוף, ווי דער שטייגער פון מענשען איז אַ מאָל אין געוויסע זאַכען, געפאַלען אויף אַ שווינדעל, אַריינצולעגען שמד־שטיק אין דער יראה אַריין — אָט דאָס אינגאַנצען איז פון גאָט! ממה־נפשך, איז בע־שעהרט, וועט ער, נישקשה, די שטעלע נישט פערזאַמען; אלא נישט, האָט דאָך עס טאַקי גאָט אַזוי געמאַכט, עס זאָל זיך איהם גלוסטען דאָ שיהות צו מאַכען... און יענער זאָל דערווייל אַוועקפאָהרען. —

אַבי גאָט איז שוין דאָ אין מיטען, האָט הערשעלע זיך נישט גע־איילט און איז מיט אַ גרינג האַרץ געבליבען נעבען ביילען וואַרטען ביז ער וועט נישט זעהען, וואָס מיט איהר וועט זיך דאָ מאַכען.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען און ס׳איז געוואָרען שפּעטליך.

איינע, עפּיס אַ מעקלערין אַ־פּנים, האָט פונדערוויטענס אַלץ בעטראַכט ביילען, זי איז איהר, אַ־פּנים, זעהר געפעלען, ווי עס האָט זיך טאַקי אַרויסגעוויזען שפּעטער אין די גוטע, זיסע ריידעלעך, מיט וועלכע זי האָט צוקומענדיג זיך געווענדעט צו ביילען, אַז זי האָט פאַר איהר זעהר אַ גוט אָרט, וואו מען קען זיך אויסגלייכען די ביינער, עסען, טרינקען וויט ביז איבער דעם האַלז, אַבי נאָר זי וועט קיין שלימזול'ניצע נישט זיין.

ביילע איז באַלד טאַקי מיט דער יודענע געגאַנגען, געבעטען פאַר דעם אַוועקגאַנג הערשעלען, ער זאָל אַזוי גוט זיין געוואָהר ווערען אויף דער אכסניא צו איהרע זאַכען, וועלכע זי האָט דערווייל אין אַ ווינקעלע דאָרט איבערגעלאָזט.

הערשעלע, עס פאַרשטעהט זיך, איז נישט פויל געווען צו טאָן איהר ווילען און בשעת ער האָט אין אַ ווינקעל דאָרט, נעבען אַלקיריל, זיך געבאָברעט איבער די זאַכען, אומוואַרפענדיג דערביי דאָס ביינקיל מיט דעם קופערוואַרג, איז רייזע אַרוים מיט אַ געפּילדער און האָט איהם דערטאַפּט.

---

# דאם אכטע קאפיטעל

רפאל האָט דערווייל צונעגרייט בײַ זיך אַ סדר מיט פונש און מיט פּערבײַסען, אַלסדינג ווי געהעריג, נאָר געוואַרט, די טיר זאָל זיך עפּע־נען און זאָגען: ברוך־הבאָ, ר׳ אברהם! ער האָט געמעגט טאַקי היינט אָבריכטען דעם סדר, אַז גאָט האָט מיט גרויסע נסים איהם אויסגעלייזט פון גדליה ווינטהאַפער, פון וועלכען עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, וואו היבּש מענשען זענען, ווי די מצריים אַמאָל, אַריין איבער די אויע־רען, דערטרונקען געוואָרען מיט זייער פאַרמעגען — און ער איז האָפער־ליך פון איהם טרוקען אַרויס.

רפאל האָט געשטאַמט פון אַ שטעדטיל ערגיץ אין פּוילען. ערשט אַ קענען אַ פינף־זעקס יאָהר, אַז ער האָט זיך בּעזעצט אין גלופּסק און געהאַט דאָ אין קאָמיסיע סחורה פון די גרויסע לאָדזער פאַבריקאַנטען.

גלופּסק איז פון לאַנג־אָן בּעקאַנט פאַר אַ גוטען האַנדעל־פּונקט, אויף וועלכען אַ סך פאַבריקאַנטען פון דער וועלט האָבּען אַ אויג, אָבּ־צוזעצען דאָ זייערע מיני סחורות. נישט דעריבּער ווייל גלופּסק האָט אַ פּאָרט, אָדער אַ בּערזע מיט בּעריהמטע קאַנטאָרען, ניין! אויף איהר פיאַטאָגנילעווקע זענען נישט קיין אָקרענטען. זומער אין די גרויסע היצען איז אין איהר, חוץ פאַר די שטאָדט־חזירים, נישטאָ קיין אָרט, וואו זיך צו בּאָדען. און ווי געוועהנטליך קלעקט נישט דאָס בּיסיל וואַסער אויף צו לעשען די שרפות. איינמאָל האָט זיך שוין אפילו געטראָפען, אַז אויפשטעהענדיג אין אַ שענעם פריהמאָרגען האָט דער גלופּסקער עולם פונ׳ם גאַנצען טייך קיין סימן אפילו נישט געפונען — ער האָט אָנגעזעצט

און יבש... בײַ נאַכט, אָהן אַ זײַ־געזונט, עוקר געװען, װי אין דער ערד אַרײַן! עס האָט דענסטמאָל געקלונגען דערמיט די װעלט, פאַר חידושים זיך געפּויקט אין די גאַזעטען: נישטאָ קײן פּיאַטאָגנילעװוקע! פּיאַטאָגני־לעװוקע איז אַנטלאָפען!.. אין אַ קורצער צײַט נאָך דעם אַנטרינען, האָט זי, װי דער שטײַגער איז פון אַלע אַנדערע אָנזעצערס, װידער זיך געװוי־זען און אויף דאָס־נײַ בעקומען בײַ די בעלי־הבתים קרעדיט — שמעקענ־דיגע פרישע פּאָמײַניצעס מיט אַלעם גוטען... פון קײן בערזע װײסט גלופּסק אויך נישט װאָס צו זאָגען, יודען פערזאַמלען זיך קופּקעסװײַז אויף דער גאַס, אויף די גאַניקעס דאָרט, און אַנשטאָט קאָנטאָרען איז מען זעהר גוט יוצא מיט בעלי־הלואות, װאָכערניקעס, װאָס מאַכען עס נישט ערגער פון אַ טײל באַנקירען אין אַנדערע שטעדט און רעכענען פּראָצענט נאָר פּראָסט אָהן חכמות אויף די סדרות פון דער הײליגער תורה... װאָס־זשע דען? גלופּסק האָט אַ גרויסען װערטה דערמיט אַלײן נאָר, װאָס זי איז אָנגעזעצט מיט אַ ים יודען, אָהן עין־הרע. אַ כפּרה אַלע ימין, אַלע פּאָרטען און אַלע בערזעס פאַר אַ יודיש קעפּיל! דאָס יודישע קעפּיל איז עפּיס אַ דראָט־אַרבײַט, פליהט הויך אין דער לופטען, עס דרעהט, קעהרט װעלטען.

— װאו יודען, דאָרט איז מערקור המלאך, דער ממונה איבער דעם האַנדעל... פערװוקט אַ יוד דאָס היטעל, װערט געבוירען אַ פּלאַן; גיט ער אַ קנײַטש דעם שטערען, שפּרינגט אַרויס אַ פריש־צאַפּעלדיג עסק'ל, און לאָז ער אַ קראַץ טאָן זיך אין דער פּאה, װאַקסט װי פון דער ערד אַרויס אַ טראַנספּאָרט סחורה. און בײַ די גלופּסקער, נישקשה, איז אַרויף ביז דעם האַלבען קאָפּ פערוקט דאָס היטעל, זײ קנײַטשען גוט דעם שטערען און קראַצען, קראַצען געשמאַק די פּאה. מען בעדאַרף נאָר קײן נאַר נישט זײַן, היטען זיך די בײנער, קען מען אין גלופּסק מאַכען געשעפטען. און, איבעריגענס, אַז מען האַפּט אַ מאָל פון עמיצען אַ „קוממיות״, מילא װאָס איז דאָ אַזוינס? אויף דעם ים געהט דען אַמאָל נישט אונטער אַ שיף מיט סחורה און װערט דערטרונקען? דער גאַנצער חילוק איז נאָר, װאָס דאָרט איז דערטרונקען—דערטרונקען מיט אײן עק! און דאָ װערט געװעהנטליך נאָכ'ן „קוממיות״ נאָך געצאָהלט קבורה־געלד געװיסע „מאַכערס״ אַזעלכע, פאַר זײער מיה, דעם געשעדיגטען „קדוש״ צו טאָן זײַן רעכט.

אַז רפאל האָט געקענט אַ יאָהר זעקס זיך האַלטען מיט זײַן קאָמיסיע אין גלופּסק און נישט געשעדיגט געװאָרען, איז דערפון זעהר גוט גע־דרונגען, אַז סין נאָר איז ער זיכער נישט געװען.

אין דער שטאָדט איז רפאל בעקאַנט געווען פאַר אַ גוטען, פיינעם, עהרליכען יונגען מאַן, הגם ער האָט געהאַפּט אַ שטיקעל אָנבליק פון דעם נייעם שניט מענשען, נאָר זיין האַנדעל אין דער וועלט מיט סוחרים האָט דעם קליינעם חסרון פעררינבען און מען האָט זיך נישט ווּסענדיג געמאַכט. עט, וואָס מאַכט עס אויס! ביי אַ סוחר קוקט מען איבערהויפּט נישט אויף פיעל ערגערע זאַכען אויך. אַ סוחר, נישקשה, מעג... און אַזוי ווי רפאל איז געווען אַ אַלמן, האָבען זעהר פיעל, פונ'ם פרומען עולם אפילו, געשאַרפט אויף איהם די ציינער, צו דערטאַפּען איהם פאַר אַ איידים.

ער איז געווען איינער פון יענע יונגע לייט, מיט אַ יאָהר פערציג צוריק אונטער יודען, וואָס זענען פונ'ם תנ"ך און דער גמרא געוואָרען „בעהאַלטענע משכילים". — יענע, עליהם־השלום, זענען נישט אָבגעזונדערט געווען פונ'ם איבעריגען עולם, נישט אין דעם יודישקייט, נישט אין דער הלבשה; געלערענט, געדאַווענט דריי מאָל אין טאָג, זיך געוואַשען, געבענשט גלייך ווי אַלע; געגאַנגען געקליידט, געטראָגען אַ אַרבע כנפות, נישט געזעסען אָהן אַ היטעל — אַלסדינג גלייך ווי אַנדערע, אויסער נאָר, וואָס זיי האָבען זיך מתיר געווען איבערצוהיפּערן געוויסע שטיקלעך פיוט, אַביסעל אונטערקירצען די קאַפּאָטע, בכדי זיך נישט צו פאַרדריפּען, צו לאָזען וואַקסען אַביסעל די האָר, אונטערצושניידען אַ קאַפּעלע די פאות און האַלטען ריין, אויסגעקעמט דאָס בערדיל, וואָס דערפאַר פלעגט מען אויף זיי צווישען דעם עולם עפּיס מורמלען. — דאָס זענען פון יענער צייט די נייע „למד־וואָווניקעס" אין דער בילדונג. פון דרויסען אָנקוקענדיג זיי, איז דאַכט זיך גאָר נישט, דאָס מויל צוגעמאַכט, נישט געפּלאַפּלעט; אָבער, הייליגער גאָט, וואָס אינווייניג ביי זיי האָט זיך געטאָן אין האַרצען! אין האַרצען האָט געגליהט דאָס יודיש־פינטעלע, עס האָט געברענט דאָס הייליגע פייעריל פון ליעבשאַפט צו דער גאַנצער וועלט מענשען. פאַר זייערע אויגען האָט געשוועבט עפּיס אַ אָנהויב פון אַ נייער, אַ גוטער, אַ שענער וועלט. עס האָט זיך געגלויבט, געהאָפּט, אָט אָט קריכט זי פונ'ם איי אַרויס למזל און אַ ליכטיגער צייט — און עס וועט זיך לעבען אין אַ גן־עדן, זעהר גוט. צווישען זיך האָבען זיי שטיל־לערהייט געלעבט ווי ברידער, ווי חסידים פון איין רבי'ן, נאָר אָנשטאָט משקה האָבען זיי געשלונגען די ווערטער פון די הייליגע נביאים, פון מליצה־ספרים, זיך געקוויקט, זיך אַרומגעטראָגען מיט וועמס עפּיס אַ שיר'ל און אַליין אויך געמאַכט מליצות אַזוי, אָדער אין אַ שלום־

לאהובי בריוועל — אַלץ אהה! הוי! אָה, וועה=געשריגען! האָט עמיצער, אַ יונגער מאַן, חשק בעקומען זיך צו נעהמען אויף דעם נייעם דרך, עפּיס צו לעהרנען, איז דאָס ביי זיי זעהר אָנגעלעגט געווען, גלייך ווי ער טהוט זיי דערמיט אַ גרויסע טובה, און האָבען איהם געהאָלפען מיט וואָס נאָר מעגליך. — אָט אַזוי האָבען געלעבט אַ מאָל יענע יונגע=אַלטע נאַרען, עליהם=השלום, נאָך נישט געחאַפּט אין דער בילדונג דעם רעכטען סטריה, נאָך נישט געוואוסט וואָס היינטיגע אַלטע=קלוגע קינדער, אַז דער סוד פון השכלה איז דווקא אַ אָפען מויל, אַ ברענענדיגם, פּעך און שוועבעל, און אַ האַרץ — קאַלט ווי אייז; אַז די בעסטע תורה איז סחורה און די בעסטע מליצה — אַ קערביל...

ביי דער פאַמיליע האָט רפאל געהייסען לובלינסקי, נאָר יודען האָבען איהם געוועהנטליך גערופען פּשוט ביים נאָמען אין די אויגען — ר׳ רפאל, אַ סימן, ווי שטאַרק בעליבט ער איז געװען ביים עולם. ביי רייזען איז ער געװען גאָר דאָס אויבערשטע פונ׳ם שטויסעל. באַלד נאָך זיין קומען קיין גלופּסק האָט ער ביי איהר אויפ׳ן הויף געדונגען אַ דירה מיט קעסט. און רייזע האָט איהם שטאַרק אָבגעהיט, זיך געפלייסט שטענדיג, אַז דער וואַרמעס פאַר איהם זאָל זיין צו דער צייט און בעטעמט.

די בעקאַנטשאַפט ר׳ אברהם׳ס מיט איהם האָט זיך אָנגעהויבען דורך אַ שידוך=רעדען איהם, געוואַקסען וואָס ווייטער אַלץ מעהר ביז זי האָט זיך אויסגעלאָזט צום סוף מיט אַ הייסער פריינדשאַפט צווישעןביידע צדדים. אין איטליכען פון זיי איז געלעגען עפּיס אַזוינס, וואָס דאָס האָט געצויגען איין האַרץ צו דעם אַנדערען. ביידע האָבען גרויס פערגניגען געהאַט, צו פאַרברייננגען אַ מאָל אַ שעה=צייט ביי אַ גלעזיל טהעע אָדער פונש, אין אַ וואַרמען שמיעס צווישען זיך, גאָר אָהן שום זייטיגע אינ= טערעסען.

אַז דער סדר איז שוין געװען פאַרטיג, רפאל איז אין חאַלאַט מיט שטעק=שיכעלעך געזעסען אָנגעלעהנט אויף אַ ביינקעל אַריינקוקענדיג אין אַ ספר, איז ר׳ אברהם אַריינגעקומען אין שטוב מיט אַ ברייטען „גאָט= העלף!“

— אַ, ברוך=הבא! — טהוט רפאל זיך אַ חאַפּ פונ׳ם ביינקעל, געהט ר׳ אברהם׳ן אַקעגען און קוקט איהם גלייך אין פּנים אַריין — עפּיס שיינט איהר דאָך גאָר, ר׳ אברהם, גאָר נישט דער אייגענער, וואָס פריהער אַביסעל! אָט אַזוי האָב איך אייך טאַקי ליע

— זעהט איהר, האַ, — רופט זיך אָן ר׳ אברהם, — ווי גאָט קען מאַכען אין איין מינוט פון שלעכט גוט. איך בין נישט אַליין, האָב גע-בראַכט נאָך עמיצען

— וואו-זשע איז ער? — פרעגט רפאל, — בעט איהם אַריין, אייער גאַסט, וועלען מיר האָבען טאַקי אַ מזומן.

״ אברהם האָט באַלד אַריינגעפיהרט הערשעלען, וואָס איז ביים אַריינקומען געבליבען דערוויל אין פאָר-חדר, און איהם פירגעשטעלט פאַר רפאל׳

— מיינעם אַ גוטען בעקאַנטענם, עליו-השלום, אַ בחור׳ל. פון דער פרעמדער לערענט ביי מיר אין קלייזיל. איבער איהם האָב איך עס היינט געהאַט אַזאַ האַרצוועהטיג. נו, געלויבט השם-יתברך, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט גוט. פון מיר קומט היינט אַ טרונק.

— גוט יום-טוב! — זאָגט מיט אַ שמייכעלע רפאל, — ביי אונז ביידע איז דאָך היינט עפּיס אַזאַ פרעהליכער טאָג! קומט-זשע, איך בעט אייך, צום טיש און לאָמיר זיך וואויל-טאָן.

ביים טיש האָט רפאל אונטערגעטריבען הערשעלען, ער זאָל עסען, טרינקען, זיך ניט שעהמען, צולעגענדיג איהם אַלץ, דאָס, יענס, אויפ׳ן טעלער. דאָס קערמעשיל האָט אויסגעזעהן עפּיס טאַקי ווי אַ שמחה. דער קליינער עולם איז געווען צופרידען, שטאַרק הנאה גע-האַט ביים פונש.

זיצענדיג אין ־זוייען מיט רפאל׳ן ביים אָפענעם פענסטער, האָט ר׳ אברהם איהם איבערגעגעבען די גאַנצע מעשה מיט הערשעלען. רפאל האָט פונדערווייטענס זיך צוגעקוקט צו הערשעלען, וואָס איז געזעסען ביים עק טיש איבער אַ גלאָז טהעע, און זיך עפּיס פער-טראַכט. אין זיין פנים איז געווען צו דערקענען, אַז הערשעלע איז איהם שטאַרק געפעלען און דאָס ביטערע עלענד זיינס האָט איהם גע-ריהרט ביים האַרצען.

— דאָס איינציגע, וואָס איך בין אין שטאַנד דערוויי׳ צו טאָן פאַר אייער בחור׳ל, זאָגט רפאל שטיל צו ר׳ אברהם׳ן איז דאָס נאָר, וואָס איך קען איהם געבען ביי מיר אַ אָרט אויף נאַכטלעגער. לאָז ער חאָטש זיך ניט וואַלגערן אין קלויז אויף דער האַרטער באַנק דאָרט. און ווייטער וועלען מיר זעהן.

— אָך, איהר וועט האָבען אַ גרויסע מצוה! — מאַכט ר׳ אברהם אויפהייבענדיג זיך פונ׳ם ביינקעל און ווענדט זיך באַלד טאַקי צו

הערשעלען מיט דער בשורה. דו הערסט? פון הײנט אָן װעסט־דו האָבן נאָכטלעגער דאָ, בײַ ר׳ רפאלן. דאַנק זײַ פאַר זײַער גוט הארץ און קום!

דעם עולם׳ס װערטיל „װען פרעהט זיך אַ אָרעמאַן? אַז ער געפינט װאָס ער פערלירט" — דאָס איז זעהר גלײַך טאַקי צוגעפּאַסט געװען צו ר׳ אברהם׳ן. ער איז זעהר שטאַרק אױפגערײַמט געװען, דעם גאַנצען װעג, געהענדיג פון רפאלן. ער האָט זיך געפרעהט קוקענדיג אױף הערשעלען, װאָס איז איהם געגאַנגען בײַ דער זײַט, און געטריבען מיט איהם אַלץ קאַטאָװעס. ס׳איז איהם צײַטענװײַז אפילו דורכגעלאָפען װי אַ װאָלקען נישט קײַן אײַנגענעהמער געדאַנק, פאַר װאָס ער האָט אומזיסט חושד געװען אַ יורען, נעבעך — נאָר דאָס איז געװען אַ פּיצעל זומער־װאָלקענדיל, װאָס פליהט אױף אַ װײַלע פאַרבײַ דער ליכטיגער זון און פאַרשװינדט באַלד װי אַ רױך.

הערשעלע װידער איז געװען עפּיס צודרעהט, געגאַנגען פאַמעליך און פערטראַכט. איהם האָט נישט געלאָזט רוהען בײַלע — איז איהר גע־ראָטען צו בעקומען אַ אָרט אָדער בלאָנקעט זי זיך ערגיץ אַזױ אַרום? — און אױך דאָס קלימעקיל איהרס אױף דער אַכסניא.

— קום גיכער אַביסיל! האָט ר׳ אברהם אונטערגעטריבען הער־שעלען, װאָס געהסט־דו עפּיס אַזױ פאַמעליך? משה׳לע, נעבעך, מוז זיצען אַלײַן דערװײַל דאָרט און בעאומרוהיגט זיך אַװדאי שטאַרק װעגען דיר. אַ רחמנות, כ׳לעבען, גיכער, גיכער אַביסעל!

— ר׳ אברהם! רופט זיך הערשעלע אָן מיט אַ געבעט. לאָזט מיך, איך בעט אײַך, אַ לױף טאָן צוריק אױף דער אכסניא. אין אײַלעניש האָב איך פאַרגעסען בעטען רײַזען אַכטונג צו געבען דאָרט גוט אױף די זאַכען. ס׳איז דאָך אײַן אָרעמס... אײַן אָרם מײדעלס אַ קלימעקיל.

— טאַ! — מאַכט ר׳ אברהם, אָנקוקענדיג אַ װײַלע הערשעלען, װאָס האָט זיך אָבגעשטעלט און אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ. — האָיע־זשע, למען־השם, נישט און קום געשװינד צוריק. איך װעל אַלײַן געהען מיט דער בשורה.

װי אַ באָמבע איז ר׳ אברהם אַרײַנגעפלױגען אין פּאַליש, אָנגע־לאָדען מיט דער פרעהליכער בשורה, קוים אײַנהאַלטענדיג זיך, נישט אױסצושיסען זי דאָרט. בײַ דער טיר פונ׳ם קלײזיל אָבער שלאָגט ער

זיך אָן מיט אַ יודענע, וואָס טהוט איהם אַ פרעג אויף אַ טרויערדיג קול:

— וואו איז משה'לע?

— אַ, משה'לעס מאַמע! — מאַכט ר' אברהם.

— דאָס צווייטע מאָל בין איך שוין דאָ, זאָגט משה'לעס מאַמע אויף אַ ציטערדיגער שטימע. איהר מוזט אפשר וויסען, וואו איז ער, מיין זוהן! אַ גאַנצען טאָג איז זיין פוס אין דער היים נישט געווען און קיין לעפעל וואַסער אין דעם מויל נאָך נישט געהאַט. וואו די וועלט האָט איין עק האָב איך איהם שוין אויסגעזוכט. אוי געוואַלד, נשמה'ניו! זאָגט מיר, וואו, וואו איז ער, מיין משה'לע?!

— וואָס הייסט!.., סטייטש!... מאַכט ר' אברהם פערוואונדערט און ווערט בלייך ווי די וואַנט

---

פון דער דעמבענער קרעטשמע, אַקעגען זיבען־אַכט ווערסטלעך פון גלופסק, ציהט זיך ביי ביידע זייטען פונ'ם ברייטען זאַמדיגען שליאַך, צו דער שטאָדט־צו, אַ גרויסער שענער וואַלד פון הויכע סאָסנעס און דעמבענע ביימער. דער שליאַך איז ערטערווייז גריבערדיג מיט זומפיגע קאַליזשעס, אין וועלכע עס האַלטען זיך אויף זשאַבעס, קוואַקען, רייסען זיך אויף די העלזער, קינדלען זיך דאָרט און גיבען איבער בירושה זייערע בלאָטעס מיט אַלע זייערע משוגענע העויות פון איין דור צום אַנדערען דור. דעריבער פערצווייגען זיך ווייטליך אין דעם וואַלד זייט־וועגלעך, אויף וועלכע בעלי־העגלה'שע בוידען און גוים מיט פוהרלעך האַלץ נעהמען זיך פונ'ם שליאַך אַרויף און פאָהרען, איטליכער אויף זיין דרך מיט זיין גירסאָ. אַ בעל־העגלה בעדאַרף זיין אַ גרויסער בקי דאָרט, אַ חריף, אַ למדן־מופלג צו דרעהען זיך הין־און־הער, זיסט, קעהרט זיך איבער דער וואָגען אין איינע פון די קאַנאַוועקעלעך — און מען ברעכט רוק־און־לענד

אויף אַ שמאָל שטעגעלע צווישען יונגע פרישע ביימלעך, ביים ברעג וואַלד, געהט זיך פאַרנאַכט שמואל'יק דער טאַנדעטניק, צוחראַס־טעט, אויפגעשפילעט די קאַפּאָטע מיט אַ קליין פעסעלע אונטער דעם אָרם. מיט דעם דאָזיגען פעסעלע געהט ער עס אַזוי אַלע דאָנערשטאָג כמעט צו דער דעמבענער קרעטשמע, וואו ער פילט עס אָן מיט גוטען

בראַנפען אויף אַ וואָלוועלען מקח און טראָגט עס גאַנץ פריי אין שטאָדט אַריין פאַר זיינע געווסע בעלי־הבתים אויף שבת, פון וואָס עס בלייבט איהם אַביסיל פאַר זיך אויף קידוש, אויך עטליכע גראָשען דערצו פעררינסט. דער איבעריגער עולם, וואָס וויל וואָלוועלען בראַנפען פאַר זיין געברויך נאָר, נישט דערמיט צו פערדינען, לאָזט זיך אַהינצו נאָך דער משקה געוועהנטליך פרייטאָג פריה, און דענסטמאָל איז דער וועג אַהין אָבגעשיט אָפּט מיט קינד און קייט, יונג און אַלט, בעלאָדען מיט פלעשלעך און אַלערליי כלים. אַזוי איז שוין דאָרט אײנגעפיהרט פון אַלטע צייטען — און אַ יודישער מנהג ברעכט אַ דין, ,אפילו דעם דין פון דער אַרענדע און בפרט אַ גלופּסקער אַרענדע, וואָס אַ מאָל אָהן ראַטע...

די זון איז געשטאַנען ביים עק הימעל, גרוים, רויט ווי אַ פייער און געזעגנענדיג זיך מיט דער וועלט פאַר דעם אַוועקגעהן אין איהר רוה אַריין, האָט זי געוואָרפען אַ בליק — איהרע מילדע גילדענע שטראַהלען, אויף גראָז, אויף ביימער, אויף בערגלעך און טאָלען. דער אָבגלאַנץ פון איהר ליכטיג פנים אויף זיי האָט זיך אויסגעדאַכט עפּיס גאָר ווי אַ שיינענדיג־פריינדליך שמייכעלע צווישען דעם מרה־שחורה'דיגען שאָטען, וואָס אויף זיי אַלע האָט זיך אָנגערוקט. ס'איז געוועזן צום האַרצען עפּיס אומעטיג־פרעהליך, זיס־ביטערליך צו גלייכער צייט. די שענע נאַטור זומער פאַרנאַכט איז אַ כלה צום בערעקענס אונטער דעם שלייער — און און דענסטמאָל האָט זי ערשט דעם זיבעטען חן, ציהט זי דעם חתן ביי דער נשמה, עס צושפּילט זיך איהם דער כח־המדמה, ער טראַכט און פערטראַכט זיך אויף איהר פנים, וואָס שיינט אַרויס, שמייכלענדיג צו איהם, פונ'ם פערבאָרגענ'ש אונטער דעם דעק־טוך און רעדט, צונעהמט איהם עפּיס אַזוי, אָהן ווערטער.

שמואל'יק — אָט דער טאַנדעטניק, וואָס אין שטאָדט אַרומיאָגענדיג זיך ליגט איהם די נשמה אינגאַנצען מיט אַלע געדאַנקען אין דער פרנסה, קיין זאַך געהט איהם נישט אָן, נאָר אַלץ ברויט, דאָס זינדיגע שטיקעל ברויט — אַצינד, דאָ אויפ'ן גרינעם גראָז, אויף דער פרייער לופט איז ער עפּיס ווי ניי־געבוירען. עס דערוועקען זיך אין איהם איידעלע געטליכע געפיהלען, די אויגען קוקען, האָבען הנאה פון גאָטס שען וועלטעלע, די נאָז שמעקט זיסע טייערע ריחות פון טויזענטערליי קרייטעבצער; די אויערען האָרכען די וואונדער־שענע קאַפּעליע פון שפּילפייגעלעך, וואָס רופען זיך איינס מיט דעם אַנדערען איבער אויף זייער

לשון ערגיץ צווישען בלעטער פון ביימער; וואָס צוגיסען זיך אין שטיינער אויפ׳ן העלזועלע, פלאַטערענדיג מיט די פליגעלעך, זאָגען שירה און שפּרינגען „קדוש“ אויף דינע צווייגעלעך. שמואל׳יקס נשמה האַפּט זיך אויף ווי פונ׳ם שלאָף, דאָס פּנים איז איהם עפּיס ווי איבערגעביטען, ער קוקט און טראַכט: אוי, מחיה! טראַכט און פּיהלט: אוי, ציהט עס עפּיס, ציהט דאָס הארץ! עס גלוסט זיך, ווילט זיך עפּיס, אַליין נישט צו וויסען וואָס!...

געהענדיג אַזוי אויפ׳ן שטעגעלע גיט איהם זיך אַ ווייז אַקעגען אין וואַלד אַ גרינער, פרייער פּלאַץ, געהילט אין אַ טונקעלען מאַנטעל פון שאָטען מיט ליכטיגע, העל-גילדערנע שטרייפעלעך. ער טהוט זיך דאָרט אַ וואָרף און ציהט זיך אויס אויף דעם סאַמעט-ווייכען גראָז.

שמואל׳יק ליגט מיט פערטראַכטע אויגען, זיינע גלידער, פּיהלט ער, ווערען שווער, עפּיס ציהט איהם די ערד שטאַרק צו זיך, ווי זי ציהט איהם אַרויס די אַלע וועהטאָגען — און אַקעגען-זשע אויף דער נשמה ווערט איהם גרינג, מחיה גוט. אַ ווייך, אַ ריהרענדיגס גרעזעלע גלעט איהם די נאָז, די באַקען, נאָך איינס קיצעלט איהם אונטער׳ן קאָלנער הינטען-אַרום אין האַלז און נישט ווייט פון-צווישען גראָז טיקעט איהם אַ גרילכענדיל אין די אויערען אַריין. עס דערצעהלט אַ מעשה, עס זינגט אַ לידעל, פערוויגט און פערשלעפערט איהם ווי אַ קינד

— שמואל׳יק ליגט האַלב-געדרעמעלט, האַלב-וואַך און עס פּלאָנ-טערט זיך איהם עפּיס אין קאָפּ. עס טראַכט זיך איהם פון אַ לעבען אָהן קאָפּ-דאַרעניש, ווי גוט ס׳איז צו האָבען קאַשע מיט יויך — אַ אייגען שטיבעלע, אַ קליינס, מיט אַ גערטענדיל, דערצו אויך אַ בהמה׳לע, לאָז זיך זיין חאָטש אַ ציג. ס׳איז דאָך אַ גליק, בעסערס דערפון איז שוין אַ איבעריגע זאַך! עס טראַכט זיך איהם פונ׳ם ליעבען גאָט: אוי, גאָטעניו, הצליחה-נאָ! העלף, טאַטע-פאָטער, ווייז טאַקי, ווייז, אַז דו קענסט בע-גליקען אַ מענשען... ווי איך בין אַ יוד, גאָטוניו, הושיעה-נאָ! און אין קאָפּ ביי איהם פּיקט זיך אַ גאַנצער פּלאַן פון זיינע נדבות דענסטמאָל, פונ׳ם מענטליק, וועלכען ער וועט מיט זיין גוטסקייט און פרומקייט גאָט אָנטאָן... עס קומט איהם אַפילו באַלד טאַקי אויפ׳ן געדאַנק משה׳לע.— ער איז דאָך אַ צאַצקעלע, לערענט וואויל ווי די וועלט, קען דאָך גאָט געבען, איהם זאָל אויסחאַפּען אַ רייכער מחותּן און איהם אָבגילטען... מיט דער צייט קען משה׳לע נאָך ווערען רב ערגיץ אין אַ גרויסער שטאָדט אוז דענסטמאָל... דענסטמאָל אַז-וואויל וועט זיין אויך איהם,

ירעם טאַטען! ער וועט אויף דער עלטער זיך אָבלעבען זיינע יאָהרען אין גרויס נחת, אין כבוד, א קליינינקיים עפּים דעם רב׳ס פּאָטער!...

די ראָזיגע זיסע חלומות וואַבענדיג זוענען איבערגעריסען געוואָרען אין־דערמים דורך א קלאַפּען פון רעדער ערגיץ דאָרט אויף א איטענוועגעלע אין דעם וואַלד.

שמואל׳יק עפענט די אויגען, טראַכט ביי זיך: נאַ, גענוג, שוין ציים אַ היים! ער זעצט זיך פּאַמעליכען אויף, טהוט אַ געניץ, אויסקנאַקענדיג די ביינער און נעהמט זיך צום פעסעלע, וואָס איהם ביי דער זייט. דערווייל פאָהרט פון הינטען אָן נאָהענט אַ פוהריל, נאָך אַ מינוטעלע — טהוט אַ הילך אויף דעם גאַנצען וואַלד אַ ביטער געשריי:

— „אַי, טאַטע!“...

שמואל׳יק קוקט זיך געשווינד צו און בלייבט פערגאַפט.

— משה׳לע! וואָס? וואָהין?!... — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס שמואל׳יק ברענגט קיים אַרויס פונ׳ם מויל פאַר גרויס וואונדער און שרעק. דאָס האַרץ האָט איהם באַלד געזאָגט, ס׳איז אַ צרה. זיין משה׳לע איז אין א גרויס אומגליק!...

ניכער, טאַטע, אוי, ראַטעווע! — שרייט אויף אַ וויינענדיג קול משה׳לע, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ שעפּעלע צווישען צחיי וועלף מיט פייערדיגע אויגען.

צולויפען צום וואָגען און אָנצוחאַפּען זיך אין איהם מיטביידע הענד האָט ביי שמואל׳יקען נישט געדויערט קיין איין רגע. די וועלף אָבער האָבען דערצאָרענט געקריצט מיט די ציינער, איהם אַ שליידער געטאָן פון זיך, אַזוי אַז ער האָט צוויי מאָל זיך איבערגעקעהרט אויף דער ערד און ביז וואַנען ער איז געקומען צו די גערעדער, זענען זיי שוין געווען אויף א היבשער שטרעקע ווייט.

שמואל׳יק האָט זיך צונויפגענומען מיט אַלע קרעפטען און זיך געלאָזט האַסטיג נאָך דעם וואָגען. ער יאָגט, לויפט, און יענע שמייסען, שמייסען דאָס פערדיל. דער וואָגען איז אַלץ ווייטער, אָט־אָט גייעט עס פערשוואונדען. שמואל׳יק קייכט, דאָס האַרץ פערלויפט איהם מיט בלוט, קוים וואָס ער אָטהעמט, די אויגען שפּאַרען איהם פונ׳ם קאָפּ אַרויס פאַר גרויס אַנגסטען, ער אָבער יאָגט מיט אימפּעט, נישט צו פיהלען, חוץ דער גרויסער סכנה, קיין שום זאַך — דער וואָגען הויבט אָן צו־פערשווינדען, נאָך אַ ווײַלע — ער איז שוין נישטאָ!...

— געוואַלד! — שמואל'יק, רייסענדיג אויף זיך, לויפענדיג, די האָר, ער פאַלט פון די פיס און ציהט זיך אויס אויף דער ערד

ויהי און די דאָזיגע מעשה איז געשעהען בימי „הכפרה־היהנדלעך״, אָדער, ווי אין די קינות פון יענער צייט שטעהט, בימי „פונ'ם געיעג און פונ'ם שפּיל אין קאַץ און אין מויז״. דאָס טייטש: דענסטמאָל אין יענער צייט, ווען מען האָט אָבגעלאָזט יודישע קינדער צו שטיפען אַביסיל צווישען זיך און בעוויזען זייערע גבורות אין דעם געיעג, אָהן פייל־און־בויגענס, נאָר פשוט „פאַנגען״ ווי די קאַץ געהט אויף'ן געיעג, חאַפּען מייז — גאָר הפקר אַ וועלט! כפרה־הינדעל, אָדער מייזעלע האָט, לויט דער שפּיל געהייסען יענער, וואָס איז אַרויס פון דער היים אָהן אַ געשריפטס מיט אַ אָדלער, פּאַספּאָרט, הייסט עס. אַזעלכע האָט די קאַץ געמעגט חאַפּען, זאָגען „זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפרתי!״ און באַלד איהם אין גע־וואַנד אַריינשטעקען.

און עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע יודעלעך, וואָס האָבען זיך געקליגט, איינער דעם אַנדערען אָבצונאַרען, וועטליך צו פערנאַרען און מיט אַלע המציאות צו מאַכען איהם די שפּיל...

שניאור וואָלף האָט געשפּילט די ראָליע זיינע און פערנאַרט הער־שעלען ממזר'ש, אין זיין טאַטען אַריין! נאָר אַז הערשעלע האָט, גאָר אומגעריכט, פון זיינע לאַפּעס זיך אַרויסגעגליטשט און דערווייל איז גראָד משה'לע אונטערגעשפּרונגען, איז ער, משה'לע, אַנשטאָט דעם חבר זיינעם אַריין אין די לאַפּעס — און באַץ, געוואָרען „געפאַנגען״!

„ברידער! — קלאָגען דערויף די קינות פון יענער צייט — אַלע אַייערע הונדערט־טויזענטער, וואָס זענען געקוילען געוואָרען פון טיטוס הרשע, בשעת דעם גרויסען חורבן; וואָס זענען אומגע־קומען, פאַרברענט געוואָרען אויף'ן פייער אין שפּאַניען, נאָך און נאָך אַזעלכע דערהרג'עטע, אומגעקומענע — די אַלע אינאיינעם פאַרביטע־רען אונז נישט אַזוי דאָס לעבען ווי יענע יודישע נעז, וואָס יודען אַליין האָבען איינע די אַנדערע זיך אָבגעריסען. דאָרט איז נאָך דאָ אַ טרייסט: גבורים! זיי זענען געשטאָרבען פאַר דעם פאָטערלאַנד... קדושים! זיי זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם. אָבער געוואַלד, וואָס קען אַזוינס שטעקען אין יודישע נעז, פון יודען אַליין טאַקי אָבגעריסענע? — אויף פעטש פון אַנדערע ווינען מיר און זאָגען: נישקשה! גוטע און שלאַפע ליידען אָפט אין דער וועלט. מעגליך אפשר, יענע שטאַרקע וועלען נאָך אַ מאָל חרטה האָבען, נאָר אַז גע־

פּאַטשטע פּאַטשען זיך אַליין, אַז צודראַפּעטע רופען איינער דעם אַנדע- רען ווײנען מיר און זאָגען — אוי, וועה! — גאָרנישט וואָס צו זאָגען... דערמאָהנען מיר זיך אין יענע, נעבעך, פון אייך אַליין געפּיינגטע „גע- פאַנגענע", רייסט דאָס האַרץ. עס וויינט און שרייעט: איכה, אוי, ווי משונה דערשלאָגען, ווי ווילד געפאַלען איז דאָס פאָלק ישראל!...

# דאס פערטע בוך.

## יאס ערשטע קאַפּיטעל

דער בעסטער חלק לאַנגע יודישע נעזער איז, ווי דער וועלט איז בעקאַנט, די גלופּסקער מעקלער אָנגעקומען! דאָס האָבען זיי אַמתּנה פון זיין ליעבען נאָמען אַמינדסט געשעפטיל פון אונטער דער ערד אָנצו־שמעקען — דאָס איינציגע געציינג זייערס זיך דערמיט צו דערנעהרען. פון דאַנען זעהט מען בעשיינפּערליך אַרויס, וואָס פאַר אַגוטען גאָט מיר האָבען, ווי געטריי ער גיט זיך אָב מיט זיין וועלטיל און לייטזעליגט אַלע זיינע מיני בעשעפעניש, מביצי כינים, פונ׳ם קלענסטען ווערימעל ביז אַ יודישען מעקלער, מיט די נייטיגע כלי־זין, איטליכען צו זיין פּרנסה. און רב אָשר, דער געהויבענסטער מעקלער, פול אין אַלע קלייטען און קאָנטאָרען, אַ דאַר יודעל, אַריהרענדיגס, אַ צאַפּעלדינגס, תּמיד מיט אַפּאַר־ריסען היטעל וויט אַרויף איבער דעם שטערן, מיט אַ שטעקעלע, דרעהענדיג עס אַרויף און אַראָב, אין אַלע זייטען — ער איז געלייט־זעליגט גאָר מיט אַהויפּט־פיינע נאָז, פּרימא. די נשמה זיינע, דאַכט זיך, האָט זיך אַרויסגעקליבען ביי איהם פונ׳ם מח, פאַרנעהמענדיג מיט זיך אויך דעם שכל, די חכמה זיינע, און איז אַריין אין שכנות צו איהם אין דער נאָז. באַלד ביי רפאל׳ם קומען קיין גלופּסק האָט ער, די נאָז הייסט עס, דערשמעקט דאָס קאָמיסיע־געשעפט רפאלס פון די לאָדזוער פאַבריקאַנטען, און זיך גענומען געשמאַק צו דרעהען מיט איהם וועלטען. אַז רפאל אָבער האָט זיך נישט געלאָזט דרעהען ביז ער וועט נישט אויס־לערנען פריהער גוט דעם פּלאַץ מיט די אַלע סוחרים דאָרט, איז עס

רב אָשר'ן געווען אַגרויס וואונדער און האָט זיך אָנגערופען, שטאַרק פאַרדרעהענדיג די נאָז:

— סטייטש, וואָס הייסט! איוד — און לאָזט זיך נישט מאַכען גע־שעפטען!... נישט אַנדערש, האָט מיר קיין פאַראיבעל ניט, אַז מעלתו ע—ע—ע... האָט אין האַנדעל נישט קיין געפיהל.

— ווי קומט געפיהל צו האַנדעל?! צום האַנדעל ברויכט מען שכל. מען בעדאַרף פערשטעהען.

— עט, נאַרישקייטען! — מאַכט רב אָשר דרעהענדיג די נאָז און אויפשטעלענדיג דאָס שטעקיל — איך מיין, פערשטעהט איהר מיך, דעם ברען. צום האַנדעל בעדאַרף מען דעם ברען. ברענען בעדאַרף מען, ברענען... שכל איז — בע. קוקט אָן, זייט־זשע מוחל, אונזערע גרויסע גלופסקער סוחרים, וואָס, האַ? נאַט אייך אַ גראָשען פאַר'ן שכל! מען האַנדעלט, מענשען האַנדלען. וואָס דען? דאַרויף איז מען דאָך מענשען, סוחרים... און פערדיענען איז אַגאָנס־זאַך, אַמזל. מזל מחכים, מזל מעשיר, אי רייך אי קלוג, אַלסדינג איז מען מיט מזל

— האַנדעל, וואָס געבויט אויף מזל, אויף לויטער ריזיקע, איז אַקאָרטענשפיעל. אַזוי, אַזוי, רב אשר, אַקאָרטענש...

— תיים איך וואָס איהר זאָגט מיר עפּיס אַקאָרטענשפיעל — פּאַלט אַריין רב אָשר רפאל'ן אין די רייד, דרעהענדיג דאָס שטעקיל און אויפשטעלענדיג די נאָז — קאָרטען זענען קאָרטען און האַנדעל א'ז האַנדעל. עפּיס שפּיעל איך דאָ, און לעג פאָר מעלתו אַשפּילכען? עסק רעד איך, עסק, אַזאַ וויכטיגע זאַך!

— לאָזט זיך נאָר דינען, רב אָשר! — קומט רפאל אַלץ טאַקי מיט זיינס, רוהיג, געלאַסען — האַנדעל וויל ס'איז אַ גרויסע, וויכטיגע זאַך: עס בינדט אויף מענשען די הענד צו אַרבייטען, שענע, גוטע, ניצליכע מלאָכות אַלערליי, און עס פאַרברייט אומעטום, פערצוקערט זייער אַרבייט, עס פיהרט צונויף נאָהנט וויטע לענדער, עס בילדעט, איידעלט אויס, עס שפּייזט און בעלעבט אַוועלט מענשען — אָט דעריבער טאַקע, וויל ס'איז אַזוי וויכטיג, מוז עס, ווי אַלע אַנדערע וויכטיגע זאַכען, געפיהרט ווערען געזעצט מיט בערעכנונג, מיט פערשטאַנד...

— טע, — טע, — טע, וואוהין מעלתו איז פערפלויגען! — מאַכט רב אָשר אויף עפּיס אַ משונה נגון, דרעהענדיג מיט דעם אויפגע־שטעלטען גראָבען פינגער און פאָכענדיג דערביי מיט דער נאָז, וואָס קרימט זיך איהם אַ שרעק — חקירות ווייס איך נישט חקירות —

פּקירות — ניין! זעהט איהר, אַ גוט קעפּיל, אויף שרויפען אַ קעפּ׳, אַפליהענדיגס, הו — האַ, האַ — הו, — דאָס צום האַנדעל, יאָ, יאָ!

— אַ גוט קעפּיל אַליין צו דרעהען, צו פליהען איז פאַר דעם האַנדעל קאַרג. עס ווערט געפאָדערט דערצו אַ גרויסער קאַפּיטאַל פון פערשיעדענע ידיעות — רעדט זיך רפאל זיינס טאַקי, פיקענדיג רב אָשר׳ן מיט איטליכעס וואָרט — מען מוז לערנען, רב אָשר; לערנען און וויסען אַ סך זאַכען, נייטיג אין לעבען אַריין. פון די חריפותדיגע, פליהענדיגע יודישע קעפּלעך, אָהן אַזאַ קאַפּיטאַל, נעהמט זיך ביי אונז דער שווינדעל, פון שווינדעל נעהמען זיך די „קוממיות=זאָגער“. פון די „קוממיות=זאָגער“, — דלות, קבצנות, און פון די אַלע אינאייגעם — עסעניש, בייסעניש, מסירות, פיינדשאַפט פון אייגענע אויך פון פרעמדע. כל זמן דער האַנדעל וועט נישט געשטעלט זיין אויף פערשטאַנד, אויף אמת...

— אַי, אַי, זייט איהר נאָך, ע=ע, גאָר אַ... אַ יונגער מאַן; מחילה! — שלאָגט רב אָשר איבער רפאל׳ן די רעד, אָנקוקענדיג איהם ווי אַ משוגענעם. שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און שמייכעלט איהם גלייך אין פּנים אַריין — וואָס, וואָס? איך בעט אַייך.

— אָט דאָס וואָס איהר הערט. נאָך אַמאָל טאַקי רב אָשר, זאָג איך אַייך: אויף פערשטאַנד, אויף אמת און יושר, דער האַנדעל זאָל נישט אַריבערחאַפּען די מאָס. עס זאָל נישט זיין מעהר פאַבריקען, קליי=טען וויפיעל עס ווערט געברויכט אין דער וועלט סחורה, עס זאָל נישט זיין סחורה געמלאָכה׳טע, געפעלשטע מעהר וויפיעל די נאַטור קען עכטע, גוטע אַזעלכע אַרויסגעבען. עס זאָל בעלוינען אָרענטליך איטליכס מיה, איטליכען אָבגעבען זיינס. עס זאָל זיין איבערהויפּט אַריכטיגער, אָפענער חשבון — כל זמן, זאָג איך, אַזוינס איז נישטאָ, איז נישטאָ צו האָפען, אַז אַל=דאָס בייז: עלענד, אָרעמקייט, שנאָה און קנאָה...

— נישטאָ וואָס צו רעדען. אַ גוטען! — געזעגענט זיך רב אָשר, נישט אויסצוהערען רפאל׳ס שמועס ביז אין סוף אַריין. ער פערדרייסט דאָס היטעל אַ מאַך געבענדיג מיט די אַקסלען, אַ קראַץ אין דער פאָה, אַ דרעה מיט דער נאָז, און ווערט אַנטרונען.

— אַ גוטען טאָג, אַ גוט יאָהר! — זאָגט רפאל, אַז רב אָשר איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר — וואָס זאָל מען טאָן? האַ, מען וועט זיך מוזען בעגעהן אָהן רב אָשר׳ס הילף אויך.

רפאל איז זיין זאַך געווען געלערענט, פּראַקטיש, דערצו

אָרענטליך ווי ווייט מעגליך. ער האָט קודם־כל זיך גענומען גוט בע־טראַכטען גלופסק און זי איז איהם פאָרגעקומען זעהר ציקאַווע מיט דעם סטרוי פון איהרע הייזער, מיט איהרע גאַסען, געסלעך אין הינטער־געסלעך; ציקאַווע מיט איהרע יודען, מיט איהרע קרעמער און סוחרים, ציקאַווע מיט איהר שטענדיגען רעש, יאָגעניש, לויפעניש און מיט אַלע איהרע גיינג. דער יצר־הרע פון מסחר איז דאָרט גרויס. יודען האַנדלען איינע מיט די אַנדערע, ציהען די פרנסה איינע פון די אַנדערע. צעהן מאָל מעג אַ סוחר פאַלען, זאָגען „קוממיות״, שטעהט ער, נישקשה, אויף און האַנדעלט ווייטער. היינט, אַזוי הייסט עס, היינט איך דיר „קוממיות״ און מאָרגען — דו מיר. היינט האַלט דער די בייטש און טראַסקעט, און מאָרגען טראַסקעט יענער. אָט אַזוי דרעהט זיך דאָרט דאָס רעדיל, דער אַרויף, יענער אַראָב, און דערנאָך יענער אַרויף און דער אַראָב. דער יצר־הרע וואַרעמט אונטער, יודען פלאַמען, דרעהען זיך, דרעהען און האַנדלען. רפאל האָט אין גלופסק געפונען אַ פלאַץ אויף אָבצוזעצען זיין סחורה. נאָר וייל אין האַנדעל מוז מען געבען אויף קרעדיט, אַנדערש איז ניט מעגליך אָבצוזעצען, און מורא האָבען אָבער בעדאַרף מען דאָ פאַר אָנזעצען, דעריבער איז ער אין האַנדעל גע־גאַנגען האַרט ביי דער ערד, זיך נישט געחאַפּט, געיאָגט; ער האָט גוט איבערגעזיפּט, גענעבען אויף באָרג נאָר גרויסע בטוחים. דעם כלל האָט רפאל געהאַט: בעסער וועניג פערדינסט, נאָר זיכער, ווי אַ סך מיט ריזיקע; גלייכער צו געהן פאַמעליך האַרט ביי דער ערד, ווי צו פליהען און דערנאָך אַראָבפאַלען, ברעכען האַלז און געניק. רב אָשר דער מעקלער אָבער האָט נישט געהאַלטען מיט רפאל'ן, און פלעגט בריינגען ראיית פונ'ם שטיינער פיהרונג אין דער וועלט, פון מדרש און דעם עולם'ס ווערטלעך, וואָס פונקט קאפּויר, נישט אַזוי ווי ער.

— אַ טעות, ווי איך בין אַ יוד! — האָט גע'טענה'ט רב אָשר, אַז ער האָט פאָרגעלעגט געשעפטען און רפאל האָט נישט געוואָלט הערען — מעלתו לעבט אין טעות. אַלסדינג געווענדט זיך אין מזל. זינט איך לעב — נער הייתי גם זקנתי, מיט אַ גרויסע באָרד — האָב איך נאָך נישט געזעהן אַ סוחר זאָל טראַסקען אין דער וועלט מיט זיין חכמה. די ברכה איז אַנדערש נישטאָ — זאָגען אונזערע הייליגע חכמים — נאָר אין אַ בלינדער זאַך, ווי אַ בלינדער אתרוג למשל. און זייערע ווערטער זענען טאַקי תורת אמת. ווער עס האַנדעלט מיט בטחון, בלינד אָהן חכמות, נישט צופיעל איבערקלערען: — וועט־מיך, העט־מיך, זאָלט־מיך — דעם

שיקט הקדוש ברוך־הוא ברכה און הצלחה אין זיינע געשעפטען. אדרבה, זיעט זיך מטריח און זעהט, ווי די וועלט פיהרט זיך. יודען, ברוך השם, האַנדלען, קויפען, פערקויפען, נעהמען, גיבען, און גלויבען — זכות־אָבות שטעהט זיי ביי און זיי לעבען. אויך יענע קרעמער, וועלכע איך לעג דאָ מעלתו פאָר, וואָס ווילען נעהמען סחורה אויף קרעדיט, אויך זיי לעבען, ברוך־השם, מיט ווייב און קינדער, מיט אויסגעגעבענע טעכטער און איידעמס אויף קעסט. ווען, חלילה־וחס, אַ סך אַזוינע ווי מעלתו זאָל געוועזען זיין צווישען יודען, וואָלט די וועלט בעדאַרפט חרוב ווערען. עס וואָלט נישט געגלויבט איינער דעם אַנדערען — אויס קרעדיט, אויס האַנדעל, אויס פּרנסה, און עס וואָלט אויסגעקומען — לעג זיך, שונאי־ציון, ציה זיך אויס און שטאַרב. און וואָס נאָך? מענשען וואָלטען נישט געאַקערט, נישט געזייט אויס מורא, טאָמער וועט די ערד זיי אָנזעצען, נישט אַרויסצוגעבען תּבואה, אפילו דאָס וואָס זיי האָבען אין איהר אַרייַנגעלעגט. און אַ פּסוק איז דאָך דאָ, וואָס זאָגט בפירוש: הזורעים בדמעה, די וואָס זייען מיט טרעהרען, ברנה יקצרו, וועלען מיט געזאַנג שניידען! אמת, קרעדיט איז געזייט מיט טרעהרען, אָבער דער וואָס מאַכט זיך האַרץ, גלויבט און גיט, וועט איהם גאָט ברוך־הוא בעצאָהלען... טאַקי, דעם עולם׳ס ווערטיל: ווער עס שטעלט נישט איין — נעהמט נישט אויס. דער שפּיץ איז: אַ סוחר בעדאַרף נישט האָבען קיין חכמה, נאָר מזל, דעם אויבערשטענס הילף. דער וואָס איז נישט קיין בר־מזל, מעג ער זיך אפילו זיין אַ חכם ווי שלמה המלך, וועט ער גאָרנישט מאַכען, טאַקי ווי מען זאָגט: אין עצה ואין תּבונה, עס העלפען נישט קיין שום חכמות אַ קעגען שלעכטע קאָרטען.

אָט מיט אַזעלכע מיני מימראָ׳ס און נאָך אַזוינע פּזמונות פּלעגט רב אָשר אַלץ אייַנריידען רפאל׳ן, ער זאָל מאַכען דורך איהם געשעפטלעך מיט קרעמערס, נישט צופיעל איבערטראַכטען, איבערקלערען, שטאַרק פערזיכערנדיג זיינע ווערטער מיט שבועות און טויטע קללות: ער זאָל נישט אויסלעבען זיינע יאָהרען, ער זאָל אייננעהמען אמיתה משונה, ער זאָל נישט האָבען קיין חלק עולם־הבא, ער זאָל נישט הערען שופר של משיח, און נישט זוכה זיין צו פיהרען די טאָכטער זיינע אונטער דער חופּה, אויב ער מיינט נישט אינגאַנצען טאַקי נאָר לטובת העסק. גאַנץ פּשוט, ער מיינט נישט אַזוי דאָס מעקלערייַ, ווי דאָס געשעפט אַליין — דאָס געשעפט זאָל וואַקסען. און זעהענדיג אָבער אַז

ס'איז אַרויסגעוואָרפענע רעד, רפאל האַלט זיך טאַקי ביי זיינס — ניין, ניין! פלעגט ער שוין פריוּוען מיט ביזען. דהיינו, אָנדרודלען די נאָז און מאַכען אויף איהם א מורא מיט פוילע תנועות, אַזוי, אַ שטייגער:

— וואָס מיינט אַזוינס זיך מעלתו? מעלתו מיינט, אַז ער איז איינער, נישטאָ מעהר חוץ איהם, האַ! נו, וויסען זאָלט איהר, אַז ס'איז דאָ, געלויבט איז גאָט, אַ מאָסקווע און אַ לייפּציג אויף דער וועלט! און באמת טאַקי גרויסע נאַראָנים זענען זיי, די גלופּסקער סוחרים. צו וואָס טויג זיי נעהמען סחורה ביי מעלתו, וואָס קומט זיי אָן מיט אַזוי פיעל מיה, מיט בוּיכוועהטיג און אויף טייערע פּרייזען, אַז דאָרט, אין יענע שטעדט, ביי דעם פּאָניע און דעם דייטש, געהט מען זיי אַ קעגען, מען רייסט ביי די פּאָלעס, בעטענדיג זיי: אַהער, יודעלעך, אַהער! נאַט אייך סחורה, אַ בחיר, און בזיל־הזול. אפשר איז שווערליך במזומנים, קען מען הויבען אַ הקפה — נעהמט, אָך, אויף קרעדיט. און יודען געהען טאַקי און נעהמען. און אַז עס מאַכט זיך אַ מאָל אַ קרעציל, אַ שטיקעל עכּוּב הייסט עס, מען קען נישט ענטפערן צום טערמין, צאָהלען, הייסט עס... איז, חלילה, נישט אַזאַ גרויסע סכנה. דער דייטש און פּאָניע זענען גוטע מענשען, זיי שווייגען. יאָ, מעלתו בעדאַרף דאָך יוֹסען, אַז פאַרשלאָגען דאָ שלאָג איך איהם פאַר נישט יענע סוחרים, וואָס האָבען שוין לאַנג אָבגעטאָן זייער זאַך, פערשטעהט איהר מיך, דאָרט... נאַר אַזוינע, וואָס עדיין לא היו במאָסקווע, מעלתו פערשטעהט, וואָס דער טייטש איז פון אַזוינע ווערטער? דאָס הייסט: זיי זענען נאָך נישט געווען, פאַרשטעהט איהר מיך, אין מאָסקווע, פאַר זיי איז נאָך אַ מענ־ליכקייט קומען אַהינצו הויבען אַ הקפה און מיט דער צייט זאָל ביי זיי בלייבען אַ מנה־יפה, אויב אַזוי... איהר פאַרשטעהט, אויב אַזוי, זענען זיי דאָך נישקשה'דיג, אַצונד, דאָ אויפ'ן אָרט „ראַיעלע" סוחרים... אַ קלוגען בעדאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַריינלעגען, ער פערשטעהט אויפ'ן ווינק.

אויך אַזעלכע שאַרפע ווערטער האָבען נישט געהאָלפען.

---

# דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

רפאל האָט געגעבען סחורה די קרעמער, ווי דער אַיינפיהר איז, אויף אַ צייט פון עטליכע חדשים אויף וועקסלען נאָר פון גרויסע בטוחים, וואָס זייערע וועקסלען איז באַלד טאַקי אין דער הייסער רגע געווען גרינג אָבצוסקאָנטירען. אי וואָס עס איז דערביי צו פערלירען היבש פּראָצענט, דאָס האָט איהם נישט געאַרט, אַבי דאָס געלד איז שלום בקעשענע און ער קען רוהיג שלאָפען. און אַזעלכע סקאָנטעס האָט ער געהאַט מיט לייבצע דעם רויטען — אַ איד אַ נגיד און אַ פּראָצענטניק אין גלופּסק.

ווי דער וועלט איז בעקאַנט, איז לייבצע דער רויטער, מיט אַ בלייך פּנים, אַ לאַנגע נאָז און אַ קורץ בערדיל, דאָס שיינדיל אין גלופּסק, מיט וועלכען נעהמט זיך איבער פּאַר אַ וועלט מענשען.

— נאַט, הייסט עס, קוקט אָן דאָס נפש מיינס, די שענע צורה די אַרבייט מיינע!

לייבצע איז איינער פון יענע לייט דאָרט, וואָס קוואָקען אויס אויף פיינע־בריות, אַריינצוטרעטען אין דער געוויסער כּנופיאָ, וואָס גיט פון זיך אַרויס פאַר דעם פאָלק ישראל די אַלערליי גבאים, פיהרער, קאָכ־לעפעל, מאַכערס, טהוערס, טענצערס, עצה־געבערס, נאָך און נאָך אַזעלכע פיינע פּאַרשוינען, צו פּאַרזאָרגען אונז אָרימע יורישע קינדער, נאָר אומגעבעטען, מיט משונה ווילדע טובות. געוועהנטליך זענען זיי דימענטענע מענשען, וואָס נעהמען ביי יענעם די נשמה אַרויס מיט גוטען. זיי זענען, דאַכט זיך, גאָר אָהן אַ גאַל, און האָבען אין דער נאָז פליי. יודיש געלד, וואָס געפינט זיך ביי זיי, איז זיי טייער, נישט

אויסצוגעבען דערפון אויף קיין שום בעדערפנישען, נאָר אויף זייערע אייגענע אַליין. אויף כּבוד זענען זיי מוחל, אָבער נאָר אויף יענעמס. זיי זענען גרויסע בעלי־צדקות, אָבער נאָר איבער אַ פרעמדער קעשענע, זיפצען, קרעכצען אויף כּלל־ישראל — אַך, אויף וואָס די וועלט שטעהט, נאָר קאָסטען זאָל עס נישט קיין גראָשען. יודישקייט, מהיכא־תיתי, איז זעהר טייער, נאָר אַ מינדסט אייגען אינטערעסיל איז נאָך טייערער.

לייבצע דער רויטער שניידט זיך אויף אַ פיינע־בריה און לעבצט שטאַרק אַריינצוטרעטען מיט אַ פוס צווישען די בערען. קיין למדן איז לייבצע נישט געווען. נאָר עט, וואָס מאַכט עס אויס! אַ מאַכער אין שטאָדט ווערט מען, נישט אַזוי צוליעב תורה, ווי צוליעב סחורה, אַדרבה, תורה איז געוועהנטליך גאָר אַ חסרון — טאַקי דעריבער ווייל דו קענסט לערנען, קענסטו נישט אויסגעקליבען ווערען ביי אונז אין חברה.

בעפאַלען מיט קינדער איז לייבצע דער רויטער נישט געווען. ער האָט געהאַט נאָר צוויי טעכטער, איינע, די עלטערע, חנצה, אַ בילד־שענע, און איינע אַ מיאוסע, נאָך גאָר אַ קינד. יענטיל, לייבצעס ווייב, אַ בייביגע יודענע, איז ביי זיך אין שטוב דער גאַנצער קאָפּ — קלינגט שטענדיג מיט אַ בונד שליסעלעך, אַ שען קניפעל. זי פיהרט זעהר אַ גוט לעבען: עסט, אָהן עין־הרע, שלאָפט, טהוט זיך וואויל, איז פעט, בעלייבט, און פונדעסטוועגען האַפּט זיך איהר עפּטערס פונ׳ם מויל אַרויס אַ זיפץ, אַ קרעכץ. זי קלאָגט זיך אין אַ שמועס מיט בעקאַנטע ווייבער, קלאַפּענדיג זיך אַלץ אין האַרצען, אָנווייזענדיג, אַז אָט דאָ, דאָ האָט זי אַ וואונד, שאָקעלט מיט דעם קאָפּ, פערגלאָצט די אויגעלעך, אַלץ טענות צום רבונו של עולם:

— אוי, אַזוהן, אַ קדיש

זי האָט שוין איבערגעטאָן אַלע מיטעל, וואָס אין דער וועלט, איבערגעהאַט עסקים מיט רופאים, דאָקטוירים און מיט וועמען איהר ווילט. ווילט איהר אַלטע גויות — איז אַלטע גויות; ווילט איהר בעלי־שמות, טאָטערס, להבדיל — איז בעלי־שמות, טאָטערס, להבדיל, וואָס?

— גאָרנישט!..

די ווייבער מאַכען אַ רחמנות־פּנים׳ל, שאָקלען איהר אויך צו מיט דעם קאָפּ, נעהמען פונ׳ם כּבוד וואָס יענטיל שטעלט פאַר זיי, קיין

עס פֿאַמעליכען מיט חן, טרייסטען זי, נעבעך, און אין די אויגעלעך שפּילען זיך זיי טרערן.

— אַז איך אַליין, אַזוי איז דער שטייגער יענטילס געווען זיך צו קלאָגען: אַז איך אַליין, וועה איז מיר, ווינד איז מיר, בין אַזוי געשטראָפט, אַזוי אומגליקליך, נעבעך, לאָמיך־זשע חאָטש נחת האָבען פֿון די טעכטער, זוכה זיין ביי דעם וואָס לעבט אייביג, טאַטע־פֿאָטער, רחום, צדיק, אין־גיכען די עלטערע טאָכטער אונטער דער חופּה פֿיהרען און דערלעבען פֿון איהר יונגלעך־איניקלעך...

— אָמן. הלואי, רבונו של עולם, — פּלעגען איהר אָבענטפּערן די ווייבער, פֿערוואַרפֿענדיג די אויגעלעך און מאַכען דערביי אַזעלכע משונה פֿערקרימטע צורות, גלייך ווי זיי וואָלטען איבערגליקליך געווען, ממש ווי ניי געבוירען ווערען, ווען השם־יתברך זאָל זיך דערבאַרמען אויף יענטלען, נעבעך, און זי בענשען מיט איניקלעך־יונגלעך. אַז נישט, וועלען זיי עס נישט אויסהאַלטען, חס־ושלום!...

דעריבער קוים איז חנצה פֿון די קינדערשע שיכלעך אַרויס, נאָך זעהר יונג, האָט שוין יענטלען זיך שטאַרק פֿערגלוסט אַ חתן פֿאַר איהר, — עפּיס אַזאַ מין פֿערגלוסטען זיך, מעהר ווי דער שטייגער איז פֿון אַלע ווייבער, מאַמעס, וואָס גלאַט דער ענין החתונה אַליין, צונויפֿפֿיהרען זיווגים, קינדער חתונה צו מאַכען, איז עפּיס טאַקי גאָר אַ ברענענדיגער יצר־הרע ביי זיי... יענטיל האָט געברענט געאַרבייט אויף אַלע כלים. געדולט דעם מאַן אַ קאָפּ טאָג ווי נאַכט:

— געוואַלד אַ חתן, אַ שידוך פֿאַר דער טאָכטער!

נאָר לייבצע אָבער האָט זיך נישט אַזוי שטאַרק געהיצט, ער איז געווען אין שידוכים אַ גרויסער איבערקלייבער. איהם האָט זיך געגלוסט אַ איידעם מיט אַלע מעלות: אַ איידען קינד, אַ גוטס, אַ פּרומס מיט אַוואויל קעפּיל, פֿון אַ געהייבענער משפּחה, איינגעטונקט אין יחוס, אַז גאָט און לייט זאָלען איהם מקנא זיין. לייבצע האָט, ווי אַ סוחר, געזוכט אין אַ שידוך אַ געשעפֿט איינצוהאַנדלען פֿאַר זיך, אויך פֿאַר זיין טאָכטער אַ סחורה, עס זאָל גוט זיין פֿאַר ביידען, עס האָט איהם געפּאַסט צום עסק, זיך משדך צו זיין מיט בערען, איינקויפֿען זיך אין דער גילדענער פּאָהן, הוילע צימעס. ער האָט געזוכט, געזוכט און דערטאַפּט לסוף דעם אַנטיק — דערטאַפּט אַ בנציה, אַ בלייך בחור׳ל, אַ דאַרס, מיט אַ אויסגעוויקט פּנים׳ל, ערשט בר־מצוה און שוין קאַנדידאַט אויף מרידיז — הכלל, אַ תכשיט, ווי געוואונשען.

..נצה ווערט, למזל, אַ כלה און צו פונפצעהן יאָהר אַ אשת־איש, אַ פלוניתטע. זי זיצט מיט „איהרען“ ביים טאַטען אויף קעסט.

דאָס „מאַנדעלע“ איז אַ איידעמיל מיט אַלע פישטשעווקעס: עס געהט זיך פריהמאָרגענס טאָג־טעגליך אין קלייזיל דאַוונען, בעלאָדען מיט אַ טלית־און תפילין־זאַק, גרויס ווי ער. קומט אַ אָבגעדאַווענטער צוריק, קושט די מזוזה, זאָגט אין דער וועלט אַריין: גוט מאָרגען! מעהר קיין וואָרט. וואַשט זיך, זאָגט „שאו ידיכם“, „המוציא“ — און עסט. אָבגע־געסען — געהט עס זיך באַלד טאַקי ווידער אין קלויז, לערנען, און קומט מיטאָג־צייט נאָך אַ מאָל עסען. אָבגעגעסען, ווייטער אין קלויז, קומט אויף דער נאַכט צוריק, קושט די מזוזה, זאָגט אין דער וועלט אַריין: אַ גוטען־אָווענד! איז מקים אכילת קעסט, עסט אָב, בענשט, לייענט קריאת־שמע און גיכער אין בעט אַריין־שלאָפען. עפּיס שמעקט עס טוכלע, גיט זיך נאָך מיט בעל הבית׳ל, גאָר אַ דערקוויקעניש.

לייבצע האָט הנאָה, יענטיל איז זיך גאָר מחיה, און חנצה איז זיך דערווייל ווי פריהער טאַקי חנצה—גאָרנישט... נאָר מיט אַ צוגערעק־טען קאָפּ. אַ שטיקעל פערענדערונג אין איהר פון נאָך דער חתונה איז יאָ דאָ — עפּיס שעהמט זי זיך, דערזעהט זי איהם, איהרען הייסט עס, לאָזט זי אַראָב די אויגען. פאַר פרעמדע איז נאָך ווי־ס׳איז, נאָר פאַר בעקאַנטע ווערט זי פייער־רויט און זוכט ווי אַנטרונען צו ווערען. עפּיס איז איהר פריקרע, וואָס? — דאָס איז שוין איהר סוד. די בעקאַנטע פלעגען צווישען זיך איבערווינקען זיך מיט אַ שמייכעלע, גלייך ווי גע־רעדט: מיר פערשטעהען. די מאַמע פלעגט זי געוועהנטליך, ביים אַנ־טרונען ווערען, בעגלייטען מיט אַמילדען בליק, דערביי אויך שמייכלען, שמעלצענדיג זיך, און צושאָקלען מיט דעם קאָפּ.

רפאל׳ן פלעגען מיטברייינגען די געשעפטען זיינע, קומען עפּטערס צו לייבצען אין הויז. ביים ערשטען מאָל זעהן פונדערווייטענס רפאל׳ן דורך דער אָפענער טיר אין טאַטענס חדר, איז ער חנצה׳ן פאָרגעקומען עפּיס משונה נייַ — דאַכט זיך אַ מענש, אַ נאָז מיט אויגען, נאָר עפּיס אַ אַנדער מין! אַ אַנדער רעדען, אַ אַנדער בענעהמונג, אַ אַנדער קליי־דונג, אַלסדינג אַנדערש ווי ביי יענע, וואָס זענען איהר צו די אויגען געקומען דאָ אין גלופסק ביז אַהער. זי האָט הינטערווייליכס געוואָרפען אויגלעך אויף איהם, נישט מיט׳ן מיין, חלילה, הנאָה צו האָבען, עס האָט זיך איהר געגלוסט; ניין, נאָר גלאַט אַזוי זיך אַ קוקעלע — עס האָט זיך עפּיס געקוקט... די אויגען האָבען זיך געקוקט און אין קאָפּ

בײַ איהר איז נאָך נישט געווען פּאַרטיג קיין פּיצעל מיינונג איבער איהם. מעגליך, אין אַ קורצער צײַט אַרום וואָלט זי איהם אינגאַנצען פערגעסען, ווען נישט דער טאַטע איהרער, וואָס פלעגט זעהר אָפט מאַכען אַ רעד וועגען איהם אין שטוב, לויבענדיג איהם אין טאָג אַרײַן, אַזוי אַ שטײַגער:

— אָ, דרך־ארץ, זאָג איך אײַך, פאַר דעם דאָזיגען יונגען מאַן, אָט־אָ! ער איז אַ דורכגעטריבענער, קלאָר אין עסק מיט אַלע אָבשניטצ־לעך, דרײַדעלעך דרינען. איך בין זיכער, אַז מיט דער צײַט וועט ער וואַקסען, וואַקסען העט־העט! און נעהמען אַ כלה גאָר מיט די גרויסע אלפים. געדענקט מײַן וואָרט... אַ שאָד נאָר, אוי, אוי—זיפצט לײַבצע, קלאַפּענדיג מיט אַ פינגער זיך אין שטערען — וואָס ער איז אַ ביסעל דאָס... ווי הייסט עס בײַ זײַ, בײַ די היינטיגע דאָרט — „אויפגעיורען" צו אַלדי שוואַרצע יאָהר; נאָר באַ... נישקשה... דאָך אַ חילוק. נישט ווי יענע אָרעמע בעלי־עברות. אויך מיר מענשען, משטײַנס־געּ־זאָגט — קבצנים!... ער אָבער, די כפּרה מעגען יענע פאַר איהם ווערען, ער איז אַ סוחר, ווייסט ווי צו פערדיענען אַ קערבעל, אָט וואָס! אַ מענש איז ער, אַ מענש, וואָס אַ מענש הייסט, מיט אַ קאָפּ צום האַנדעל!... איהר פאַרשטעהט? אַ זעלכען קומט אַ כלה, אַ כלה מיט אַ שענעם, אַ שענעם נדן.

די דאָזיגע שבחים זענען פונ׳ם טאַטענס מויל אין דער טאָכטערס אויערען אַרײַן, גאָר נישט צו דענקען, וואָס ער אַלײַן האָט זיך דערמיט אָנגעמאַכט — אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין שטוב בײַ זיך, נישט פאַר יודישע קינדער געדאַכט. פון לײַבצעס דאָזיגע שבחים הויבט בײַ חנצה׳ן אָן צו אַרבײַטען דער מח. דאָרט אין קאָפּ בײַ איהר, וואו ביז אַהער איז געווען רוהיג, שטאָק־טונקעל, הויבט אָן פלוצים צו טאָגען — עס האָט זיך אויפגעחאַפּט פונ׳ם שלאָף דער יונגער שכל, מיט איהם האָבען זיך אויך געריהרט געדאַנקען און זיך גענומען צום עסק: אַלסדינג צו בעטראַכטען, צו פרעגען, וואָס בעטײַט דאָס, וואָס יענץ, צו בעטראַכ־טען מענשען מיט זייערע גענג און אָבגעגעבען זיך אַ רעכנונג, וואָס ס׳איז שען, גוט און וואָס ניין. עס ווערט אַפּאָרגענומען רפאל, חנצה׳ס געדאַנקען אַרבײַטען. דרעהען זיך אַרום איהם, בעקוקען זײַן פּנים, זײַן געשטאַלט, אַלסדינג ווי ער שטעהט און געהט. עס שטעלט זיך פאָר צוגלײַך אויך בנציה, אַזוי ווי ער איז, משטײַנס־געזאָגט, מיט דעם פּעניציל, מיט די צנאָטעלעך, מיט די אַלע תנועה׳לעך זײַנע, און ז

פערקרימט זיך עפּיס אַ שרעק. זי קעהרט זיך אין די געדאַנקען איהרע אום ווידער צו רפאל׳ן, טראַכטענדיג ביי זיך: יאָ, ער איז שען! יאָ, טאַטע, דו האָסט טאַקי רעכט — ער איז בעסער, קליגער, קיין פּער־גלייך! פּונ׳ם קאָפּ רופט זיך עס אָב אין האַרצען — עס טהוען זיך אַ נעהם געפּיהלען, עפּיס צופּט עס, צופּט, מאָנטעט ביי דער נשמה. דאָס האַרץ גיט אָנצוהערעניש — און חנצה׳ן פּערווילט זיך איהם נאָך אַ מאָל זעהן, אוי, חאָטש נאָר אַ ווײלע אַ קוק טאָן אויף איהם. נאָר אָנשטאָט „איהם" קומט, ווי געוועהנטליך אַלע טאָג, „איהרער", משטיינס־געזאָגט, מיט זיין קושען די מזוזה און מיט דעם שענעם „גוט מאָרגען" זיינעם. זי לאָזט אַראָב ביי זיין אַריינקומען די אויגען, נאָר דרינען ליגט נישט מעהר קיין שעמען זיך, דאָס וואָס פריהער, ניין! דאָס איז שוין גאָר עפּיס אַנדערש — עס קומט איהר אויס עפּיס פּע, עס שלאָגט צום האַרצען... און באַלד טאַקי ווערט זי מיט זיך נישט צופריעדען, האַלט עס פון איהר זייט פאַר אַ גרויס אומרעכט — סטייטש אַ קענען אַ מאַן! ווי קומט עס אַזוינס צו אַ יודישער טאָכטער? זי טהוט זיך אָן אַ כח די זינד צו פאַרגלעטען, דוקא טאָן אויף איהם אַ בליק, ווייזען אַ פריינדליכע מינע. קיים אָבער פּועל׳ט זי עס ביי זיך, אָט אין דער רגע טאַקי קומט איהר, מעשה־שטן, אויפ׳ן געדאַנק, עפּיס גאָר ווי אויף צו להכעיס — „ער", רפאל! חנצה איז עפּיס מיט זיך אַליין צודרעהט, נישט רעכט צו פאַרשטעהן, וואָס איז איהר אַזוינס געשעהן? זי זוכט זיך אוים אַרבייט, בכדי דעם קאָפּ זיך צו פערשלאָגען, מישט זיך אין דעם בעל־הבתיש׳־קייט, חאַפּט זיך צו אַזעלכע מלאָכות, וואָס זי האָט גאָר קיינמאָל נישט געטאָן. די מאַמע קוועלט גאָר אָן קוקענדיג, שמעלצט זיך פאַר גרויס פרייד און גיט איהר אונטער חשק:

— אַזוי, טאָכטער, אַזוי, לעהרען זיך, נשמה מיינע, זיין „אַ בעל־הבית׳טע־מיט „דיינעם" ביז הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר!

חנצה שטעהט זיך איינמאָל אַליין אין שטוב פריהמאָרגענס, קיינער חוץ איהר איז נישטאָ. זי טראָגט אַ דינס, אַ שניי־ווייס באַטיסטען קאָפּ־טעלע, צוגעפּאַלען צום לייב, מיט אַ געשטיקט קרענענדיל, פּעסט גע־שפּילעט אַרום אַ קלאָר, ווי פון עלפענביין אויסגעטאָקט העלזעלע, דאָס יונגע פּנים׳ל מלא חן, בלוט און מילך, אַ מיילכען נאָר צום מאָלען, שוואַרצליכע, ברענענדיג־פייכטליכע אויגען לויכטען אַרויס פון געדיכטע ברעמען, ווי אַ פּאָר בריליאַנטען. אויפ׳ן קאָפּ אַ זיידען טיכעל, אַרויס־גערוקט אַ ביסעל, אַזוי אַז עס קוקט אַרויס בגנבה האָר

זי איז בעשעפּטיגט מיט איבערווישען גלעזער, שעלכלעך, אויסווערכע מען האָט געטהונקען טיי, און ווי זי נעהמט זיך אויסשטעלען זיי אויף זייער אָרט אין בופעט, קומט אַריין אין שטוב רפאל. זי קעהרט אויס דאָס פּנים, טהוט אַ קוק און ווערט צומישט. רוקט געשווינד אַראָב דאָס טיכעל כמעט ביז די אויגען, שטעהט ווי אַ נעכטיגע און שווייגט.

רפאל׳ן גיט עס עפּיס אַ נעהם. ער זעהט פאַר זיך אַ שענהייט, נאָך גאָר אַ קינד — און שוין מיט אַ צונעדעקטען קאָפּ! ער שטעהט אַ וויילע אויך אָהן ווערטער און איז פערגאַפט. באַלד געפינט ער זיך, וויטעט זיך מיט איהר גאַנץ איידעל, מיט דרך־ארץ, אויף דעם נייעם שניט, און פרעגט זיך אויפ׳ן פאָטער. נאָכדעם ווי ער האָט בעקומען איהר ענטפער, אַז דער פאָטער איז נישטאָ אין דער היים, טהוט ער זי ווייטער אַ פרעג, אויב ער וועט באַלד קומען. זי טראַכט ענטפערן: „ניין“, נאָר נישט ווילענדיג חאַפּט זיך איהר פונ׳ם מויל אַרויס „יאָ“, און בעט איהם זיצען. וואונדערט זיך דערנאָך אַליין דערויף, וואָס זי האָט דאָ געטאָן, למאי האָט זי איהם פערהאַלטען. געבעטען זיצען, נאָר פערפאַלען.

אויך די אייגענע מעשה טאַקי מיט רפאל׳ן. איידער זיך רעכט צו בעדענקען, זיצט ער שוין אַראָבגעלאָזט די נאָז, ווי דער גוטער יאָהר וואָלט איהם גענומען, און אַנידערגעזעצט אויפ׳ן בּיינקעל. אין קאָפּ פּיקט זיך איהם אין איין פּיקעניש: קום, בחור, הייב זיך אויף און קום, זיי נישט קיין לעקיש! און דאָס הארץ אָבער דערלאָזט איהם נישט אַוועקצוגעהן, אַלץ: זיץ, זיץ, נישקשה! די האַנד דערווייל געהט פון זיך אַליין אין בוזעם־קעשענע, נעהמט און דרעהט אַ פּאַפּיראָס.

חנצה איז גערן חאַטש מיט וואָס ס׳איז צו דינען און טראָגט אונטער אַפּעקיל שוועבעלעך. רפאל דאַנקט, זוכט אויס עפּיס אַ געשפּרעך, תחילת געהט עס עפּיס שווערליך, קורץ, איבערגעהאַקט, עס קלעפּט זיך נישט, ער אַלץ מיט שאלות: איין מאָל אַ פרעג, ווייטער אַ פרעג, גלאַט אַזוי זיך פון דער העלער הויט, און זי אַלץ: „יאָ“, „ניין“. אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ. נאָר וואָס ווייטער — ווייטער שפּינט זיך דאָס געשפּרעך שוין גרינגער, לייכטער. עס קומט צורעד פונ׳ם גלופּסקער עולם יודען: יודלעך אַזוינע, פּראָסטע, אָהן חכמות, נישט קיין געמלאָכה׳טע. און יודלעך מיט חכמות, געמלאָכה׳טע, אַזוינע און אַזוינע... חנצה אינטערעסירט זיך צו וויסען, אויב ער איז נאָך פון יענע „אויפגעיורענע“, „אַריסטאָ

קראַטען, ווי זיי הייסען, און אַז זי האָט געזעהן, ווי ביים דערמאָנען נאָר זייער נאָמען האָט רפאל זיך פערקרימט אַזוי, וואָס האָט געהייסען ערגער נאָך ווי געשאָלטען זיי אין טאַטען אריין, איז זי עפּיס לעבעדיגער געוואָרען.

— דער טאַטע מיינער, זאָגט זי: האָט זיי אויך נישט ליעב, אָנ־קוקען קען ער די דאָזיגע לייט נישט.

— אַ־אַ, דער טאַטע! מאַכט רפאל, פאַרדרעהענדיג די נאָז, ווי איהרע ווערטער האָבען איהם שטאַרק נישט געשמעקט: דעם טאַטענס נישט קענען אָנקוקען איז עפּיס גאָר אַנדערש.

חנצה שטעלט אויף די אויגען אויף איהם פערוואונדערט, גלייך ווי זי פאָדערט, ער זאָל איהר דערקלערען, וואָס בעטייטען זיינע ווערטער.

רפאל אָבער האָט איינגעזעהן, אַז אַצינד איז נישט די געלעגענע צייט אריינצולאָזען זיך דאָ מיט איהר אין אַטיעפען שמועס, וואָס איז פאַר איהר תרגום. ער מאַכט זיך דעריבער תּם, כּלומרשט פערשטעהט ער זיך נישט אויפ'ן וואונק, וואָס זי קוקט דאָ אַזוינס אויף איהם, און מאַכט אַ שמועס גאָר איבער עפּיס אַנדערש.

אינמיטענדרינען, ווי זיי שמועסען דאָ זיך ביידע, טהוט זיך אַיין עפען די טיר — און עס ווייזט זיך אַ גרויסער טלית־און תּפילין־זאַק, פון אַ בן־פּקועה־פעלכען, אַרומגעלאַמעוועט מיט בלויע קרייקעס, אויף וועל־כען ס'איז אויסגענעהט עפּיס ווייסע צייכענס פון אַ פאַבריקע און ציפרעס פונ'ם יאָהר. נאָך דעם טלית־און תּפילין־זאַק ווייזט זיך אַ הענטיל, עס טהוט אַ שמיר די מזוזה. נאָך דעם שמיר הערט זיך אַ קוש, נאָך דעם קוש ווייזען זיך פּיסלעך — און אין שטוב רוקט זיך אַריין מיט אַ משונה־ווילדען „גוט־מאָרגען" אַ קליין יונגער־מאַנטשיקעל, אַ דאַרס, אַ בלייכס אין אַ לאַנגער לאַסטינגענער קאַפּאָטע מיט אַ ים־שוימען־שטעקעלע אין דער האַנד.

בנציה וואַרפט אַ בליק אויף חנצה'ן, אויף רפאל'ן, ווערט רויט, ווי אַ אינדיק, און לויפט דורך געשווינד די שטוב מיט די פּיסעלעך, שטאַרק אויפגעבראַכט, צו זיך אין אַלקעריל אַריין.

אין דעם בייזען בליק זיינעם איז ניט געלעגען דאָס, וואָס מען רופט „פעפערזיכטיג", חלילה! ווי קומט עס צו איהם? פרעגט איהם בחרם אַזוינס גאָר צו טראַכטען. חלומען וואָלט זיך איהם אפילו נישט געקענט אַזעלכס... נאָר וואָס דען? איהם האָט אונטערגעטראָגען גלאַט

גאָר אָהן אַלע חכמות, דאָס שמועסען איהרם מיט אַ מאַנסביל. איהר זיצען מיט אַ מאַנסביל אָהן אַ שומר, דאָס אַליין איז אַיין עברה: גויה, מען טאָר נישט! ס'איז דאָ בּפירוש אַ דין... פונקט אַזוי וואָלט איהם אויך געאַרט אַ פלייש'ג טעפּיל בּיים פייער נעבּען אַ מילכידיגס, ס'איז נישט רעכט, נאָך איידער עס קען גאָר ווערען אַשאלה...

חנצה איז בּיי בּנציה'ם אַריינקומען געבּליבּען זיצען ווי אָבּגעבּריהט פאַר בּושה, אַ גאַנצער קנויל פון פערמישטע געפיהלען האָבּען זיך אינ־ווענינ אין איהר געפלאָנטעט. גלאַט „מאַן" פאַר זיך אַליין, ווייל אין דעם נאָמען ליגט אַזוינס, וואָס מען טהאָר נישט זאָגען, איז עפּיס פריקרע, אַבּושה פאַר לייטען, און בּפרט נאָך אַזעלכער ווי בּנציה. ס'איז איהר אַ חרפּה, אַ בּושה דאָס אַריינקומען זיינס, זיין געשטאַלט, אַלץ מיט איינאַנדער, משטיינס־געזאָגט. עס אַרט זי, וואָס דענקט ווענגען איהם רפאל, וואָס פאַר אַמיינונג האָט ער איבּער איהר שלימזול? בּאַלד אָבּער איז זי בּייז אויף זיך אַליין, סטייטש, וואָס געהער זי זיך אָן מיט דעם, מיט אַ ווילד־פרעמדען מענשען? לאָז ער זיך דענקען וואָס ער וויל, אַלץ איינס. נאָכמעהר, זי פיהלט זיך גאָר בּעליידינט פאַר דעם מאַן, איז אין כּעס, פאַר וואָס זאָל יענער דענקען פון איהם שלעכט. ער איז דאָך פאָרט איהרער. עס פערדריסט זי, צו־וואָס האָט זי דעם פאַרשווין דאָ פערהאַלטען. וואָס חיל זי, וואָס פערלאַנגט זי? און טאָקי צוגלייך דער־מיט פיהלט זי, ווי עס ציהט איהר עפּיס דאָס האַרץ, עס ציהט, ציהט אַ שרעק! ס'איז אינווענינ אין איהר אַ קאָכעניש, אַ פלאָנטעניש, זי מינעט זיך, די פאַרבּ שטעהט איהר אין פּנים — און זי איז וואונדער־שען, שענער נאָך ווי פריהער.

רפאל פערשטעהט איהר לאַגע, פיהלט זיין שולדינקייט, אַז איצט וואָלט גלייך געווען זי לאָזען צוריה. ער רייסט זיך, רייסט זיך אַוועק־צוגעהן, נאָר אומזיסט, ער קען פון איהר די אויגען נישט אָבּרייסען — בּיידע זיצען ווי אויף שפּילקעס און שווייגען.

אַ שנייצען די נאָז, בּרייט, אויף אַ קול ווי פון אַ שופר, לאָזט זיך הערען אויף יענער זייט טיר, אָנזאָגענדיג די בּשורה, אַז אָט געהט לייבּצע. דערזעהענדיג רפאל'ן בּיים אַריינקומען אין שטוב, איז לייבּצען ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. ער האָט זעהר גוט געוואוסט, אַז רפאל קומט אַנדערש נישט, סיידען ס'איז דאָ אַיין עסק, און דאָס ווילט זיך איהם דאָך טאַקע זעהר שטאַרק, הלואי עפּטער עסקים מיט רפאל'ן, וועט ער דאָך פערדיענען.

— אָ, אַ גאַסט! מען בעדאַרף מאַכען שהחינו, אָוואַ, אַזאַ צייט, אַזאַ לאַנגע צייט נישט געווען בײַ מיר אין שטוב! האַ, וואָס איז די מעשה, וואָס? נישט שען, רב רפאל, נישט שען — מאַכט לײַבצע קלאַ־פּענדיג מיט אַ פינגער די נאָז — אַדרבה זאָגט, טהוט מען עס אַזוי אַ פריינד, וואָס האָט אײַך אמת ליעב, האַ? בנאמנות! איך האָב זיך שוין שטאַרק מצער געווען, אַלץ איבערגעטראַכט, אפשר האָב איך מיך מיט עפּיס פאַרזינדיגט, נאָר השם־יתברך איז מײַן עדות, אויך מײַן ווײַב און מײַן טאָכטער דאָ, וואָס איהר זעהט, אַז איך בין ריין פון שולד, אַדרבה, פאַרקעהרט... עולם ומלואה האַלט איך פון אײַך. אַיאָ, חנצה, וואָס זאָג איך תמיד, האַ, אויף רב רפאל'ן? — מילא נו, פערפאַלען. וואָס געווען, איז געווען, אַ צונד פרעה איך מיך באמת, וואָס איך זעה אײַך, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפען בכל אשר אפנה. נו זאָגט־זשע מיר קודם כל, ווי געהט עס אין געזונד, אין די געשעפטען, האַ?

— געלויבט דער אויבערשטער, גוט! זאָגט רפאל: געשעפטען זענען דאָ זעהר פיעל און אָט בין איך טאַקי אַ צונד געקומען ווענגען גע־שעפט.

— אַי־אַי, אויב אַזוי, קומט־זשע אַריין צו מיר אין חדר, — זאָגט לײַבצע מיט אַ שיינענדיג פּנים פאַר גרויס הנאָה: — קומט, זייט מוחל, און מײַן טאָכטער וועט זיך מטריח זײַן צוליעב דעם גאַסט אַרײַנטראָגען אונז אַהינצו אַ ביסעל משקה מיט פערבייסען, אַ — יאָ, חנצה? אָדער אפשר איז דער מאַן דײַנער שוין געקומען פון בית־מדרש און דיר גלוסט זיך אַ ביסעל פאַרבריינגען מיט איהם, האַ, וואָס שעמסטו זיך, חנצה?

— חכמה'ט־איך לײַבצע פאַר גרויס שמחה, נאָכקוקענדיג מיט איין אויג חנצה'ן, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען שטאַרק פאַרשעמט, מיט דעם אַנדערען מינקענדיג צו רפאל'ן, און איז מיט איהם צו זיך אין חדר אַרײַן.

# דאָס דריטע קאַפּיטעל.

יענע צייט, מיט אַ יאָהר פערציג, פופציג צוריק, האָט אין דער
ר, פינסטערער נאַכט פונ׳ם יודישען לעבען ביי אונז אין לאַנד
אָנגעהויבען צו שיינען אויף טאָג. אַ פרישע ווינטעלע האָט אַ בלאָז געטאָן
פון מערב-זייט, צוטריבען די געדיכטע חאָלקענס איבער דער ענגער
יודישער גאַס און די בילדונג האָט ווי דער מאָרגענשטערן אַריינגעשיקט
אויך אַהין פון איהרע שטראַהלען. אַ קליינער טייל יודען זענען מיט דעם
בעגין אויפגעשטאַנען לערנען, צווישען זיי אַזעלכע, וואָס די אויגען נאָך
פערשלאָפען, נישט רעכט ביי די געדאַנקען, האָבען ווי די פערדולטע
זיך געיאָגט, געוואָרפען אין אַלע זייטען, און פאַר גרוים אַיילעניש דער-
וויל געבראָכען, אומגעוואָרפען, אָנגעמאַכט שאָדען. דער איבריגער
עולם האָט זיך נישט געריהרט פונ׳ם אָרט, זיך נעבייזערט און געמור-
מעלט, וואָס מען שטערט איהם דעם שלאָף...

ס׳איז אַ קריגעריי, אַ געווערטלעריי צווישען ביידע צדדים: די רופען
יענ׳ן „פּעפערס“, פוילע — פאַרלעגערטע — צוגעלעגערטע סחורה, אונטער-
לאָזענדיג זיי אונטער דער נאָז פּאָנפּעס, און יענע ניסען, קייכען, שריי-
ען: שקצים, הולטאַיעס! די יאָגען אַלץ ווייטער, ווייטער, אַרוים אין דער
פרייער וועלט אַריין, מיינענדיג, עס שטעהט זיי פאָר דאָרט גליקען, און
יענע אויף די געלעגערס גיבען אויף זיי אַ מאַך מיט דער האַנד: נאַראָ-
נים! איהר וועט חאַפּען אַ קלאַפּ, וועט שפּעטער, נישקשה, קומען ווי די
אָבגעשמיסענע צוריק מיט אַראָבגעלאָזטע נעז! ביידע צדדים האַמפּערען
זיך, איינער דעם אַנדערען טהוט אין דער גאַל אַריין, ס׳איז אַ צערייסע-
ניש, אַ צעפּאַלעניש, קידער-ווידער!...

מעהר פון אַלע האָבן עס געפיהלט די יונגע פאָר־פאָלקען, פאַר זיי איז די בילדונג־שמילדונג געווען אַ סם — עס האָט אָנגעמאַכט אַ דזיעהעניש, זיי אויסגעקויקעלט. בעלי־הבית׳לעך וואַרפען אַוועק זייערע פלונית׳טעס, לויפען בגנבה ערגיץ אַוועק — לערנען. יוגענדען וואַרפען אַ אום־חן, שפייען קלעק אויף זייערע מאַנעלעך — צוציקעס, וואַרפען אַראָב די שלייערס און ווערען פריצה׳ס. איידעמלעך פון בנציה׳ס סאָרט קריכען אוים ווי די מייז, אַ מגפה אויף זיי, נישט דאָ געדאַכט.

מען זאָל זוכען אויף בעלנות אין די מעטריקע־ביכער פון יענער צייט, וואָלט זיך גאַנץ זיכער דערוויזען, אַז אַזוי פיעל גט׳ן ווי דענסטמאָל איז צווישען יודען קיינמאָל נאָך נישט געווען.

רפאל האָט מיט זיין אַריינגאַנג צו לייבצען אין שטוב פערטראָגען די קרענק פון יענער צייט — חנצה נעהמט זיך און בעקומט היץ!... עס דרעהט זיך איהר דער קאָפּ, עס בייט זיך איהר דער געשמאַק, דאָס וואָס פריהער איז איהר געווען ליעב, איז אַצונד פע, וואָס אַ מאָל גוט, היינט שלעכט — די אַלע גוטע סימנים פון יענער פאַרשלעפּטער קרענק, נישט היינט געדאַכט! בנציה איז איהר פריקרע, איבעל ווערט איהר אַ קוק טאָן אויף איהם. רפאל׳ן געפעלט חנצה אַלץ וואָס ווייטער מעהר, ער זוכט אוים צייט צו זעהען זיך מיט איהר, ווען זי איז אַליין, ער גיט איהר אַיין שכל, פאַרברייננגט מיט איהר די צייט אין אַ קלוג גע־שפרעך, זי חאַפּט־אויף זיין איטליכס וואָרט, עס חאַפּען זיך ביי איהר אויף נייע געדאַנקען, פרישע געפיהלען, עס קאָכט זיך, קאָכט, זי ווערט צעקאָכט און צו איהם צוגעקאָכט. רפאל האָט אָנגעצונדען אין חנצה׳ס האַרץ אַ העליש־פייער און אַליין אויך געברענט צו איהר — נאָר דאָס פייער איז דערווייל ביי ביידע געווען פערבאָרגען, איטליכער בעזונדער פון זיי האָט עס געשטיקט אין זיך, געברענט שטילערהייד.

רפאל, אַ מענש מיט יושר, מיט פערשטאַנד, געניט אין דער וועלט, האָט אַלסדינג איינגעווענדט פון זיין זייט, דאָס פייער פון אָנהויב צו לעשען. ער האָט זעהר גוט בערעכענט, ווי ווייט אונמעגליך עס איז, אויף דעם גלייכען רעכטען וועג דעם וואונש פונ׳ם האַרץ זיינעם צו דער־גריכען. חנצה האָט דאָך אַ מאַן, אמת טאַקי ער איז אַ בהמה, אָבער פאָרט אַ מאַן. אַ מאַן אַ בהמה איז גאָרנישט אַזאַ זעלטענע זאַך. אָנמאַכען צווישען זיי אַ בייז־שלעכט לעבען, צעררייסען אַ פאָר־פאָלק — אַזוינס איז איהם נישט געלעגען אין זיין כאַראַקטער. היינט איז דאָך, גאָר אָהן דעם, עפּים צווישען איהם און איהרע עלטערן אַ גאַנץ טיעפער אָבגרונד.

זיי זענען בעגאַטישע, פּערשימעלטע פון דער אַלטער וועלט, און ער איז איינער פון׳ם נייעם שניט, מעהר אָדער וועניגער — אַלץ איינס. שוין דאָס אַליין, וואָס אַ בּנציה קען זיין זייער איידעם, בּעווייזט גענוג, ווי ווייט אַזעלכע זענען פון אַ רפאל׳ן, אַזוי ווייט ווי הימעל פון ערד. דעריבּער אָנגענומען אפילו דער פאַל, אַז חנצה בּלייבּט איין אַלמנה אָדער אַ גרושה, וועלען דען די עלטערן איהרע וועלען זי אויסגעבּען פאַר איהם? און אַז זיי וועלען זאָגען: ניין, וועט דאָך זיין טאַקי ניין, וואָרום די הויפּט־ראָליע בּיי יודען אין אַ שידוך שפּיעלען דאָך נאָר די עלטערן. וואָס ווייסען קינדער — זאָגט מען — און וואָס האָבּען זיי אַ דעה צו זאָגען אין אַזעלכע זאַכען...

רפאל האָט עס אַלסדינג גוט בּערעכענט און זיך אַליין געפרעגט, אין האַרצען, וואָס ער וויל און צו וואָס אַזוינס קען פיהרען? נאָר חען דער האַנדעל איז בּיי רפאל׳ן געגאַנגען נאָך אַ פּינקטליכער אויסרעכנונג אַלסדינג פריהער, איז בּיי אַ זעלכע זאַכען, ווי געפיהלען אינוועניג אין דער נשמה, די אַלע בּערעכנונגען זענען נישט אָנגעגאַנגען. דאָס האַרץ ווייסט נישט און האָט נישט געוואָלט וויסען פון קיין חשבונות, עס האָט זיך געטאָן זיינס, אַלץ ווייטער — ווייטער געצויגען און געצויגען בּיז רפאל איז מיט דער צייט פערגאַנגען העט־ווייט, אַזוי אַז צוריק איז נאָר קיין מעגליכקייט נישט געוועזן.

און חנצה? אוי, אַז אָך־און־וועה איז חנצה׳ן, נעבּעך, געוועזן פון אַלע זייטען. אַ וועהטאָג אַ גרויסער איז איהר, ווי אַ יודישער טאָכטער, פון׳ם יצר־הרע, וואָס צעקאָכט איהר די געבּליטען מיט זינדיגע געדאַנ־קען פון ליעבּע, וואָס גיט איהר צו פיהלען אַ זוינס, וואָס אי־אַי־אַי, חס וחלילה, עס פאַר׳ן מויל צו בּרענגען! און אַ וועהטאָג אַ גרויסער איז איהר אויך פון בּנציה׳ן דעם שלימזל איהרען. לעבּען מיט אַ זעלכען איז אונ־מעגליך. זי האָט דאָך איהם פיינט, קען איהם נישט אָנקוקען. אַזאַ לעבּען, משטיינס־געזאָגט, פון אַ פּאָר־פּאָלק נישט צום האַרצען, איז דאָך אַ זינד נאָר אַ קעגען זיך, אַ קעגען גאָט און לייט. פּטור ווערען פון איהר שלימזל איז גאָר ניט געמאָלט, זי איז דאָך בּיי טאַטע־מאַמע אין די הענד, זיי האָבּען איבּער איהר צו זאָגען — און בּיי זיי אין די אויגען איז דאָך דאָס בּנציה׳לע איהרם מלא חן, שען ווי די וועלט. וואָס איז שייך, זי האָט פיינט, אַז זיי, טאַטע־מאַמע, האָבּען עס ליעבּ!... הכלל, אַזוי צי אַזוי איז חנצה זינדיג, ס׳איז איהר בּיטער פון בּיידע זייטען.

־שט געפרופט זאָלט איהר ווערען, ווײַבלעך, נישט פאַר אײַך, יודישע מעכטער, געדאַכט אַ זעלכע יסורים ווי חנצה׳ס, נעבעך!

לײַבצע האָט זיך געשפּינעלט אין זײַן אײדעמיל, זיך בעריהמט, נעצאַצקעט מיט איהם פאַר לײט, אָבגעלויבט אין טאָג אַרײַן זײַנע גוטע מעלות און שטאַרק הנאָה געהאַט בײַ אַ געלעגענהײט אַ מאָל דערצעהלען דעם יחוס זײַנעם, אַז ער וואַקסט פון דעם רעכטען צימעס פונ׳ם פאָטערס צד, פון דער מוטערס צד — גרויסע רבנים, לויטער בערען, און די אַלע, אַ קאַטאָוועס עפּיס, זענען זײַנע מחותּנים! רב צעמפּיל, דאָס שײנ־דיל, דאָס „גלות־ליכטיל״ פּששש... איז אַ מחותּן, און רב, רב... דאָס אויבערשטע פונ׳ם שטויסעל — אויך אַ מחותּן, בכן... זאָלען גלופּ־סקער וויסען, ווער אַזוינס איז לײַבצע דער רויטער!

אויך יענטיל, דאָס ווײַב זײַנס, האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט בנציה׳לען, איהר זים אײדעמיל, פאַר די בעקאַנטע ווײַבער איהרע, אַלץ געלויבט און געדאַנקט זײַן ליבען נאָמען פאַר דער דאָזיגער מתּנה זײַנער, נאָר אויסלאָזען לסוף פלעגט זי געוועהנטליך מיט אַ זיפץ, חלי־פּענדיג: סטײטש, חנצה איז נאָך ניט מעוברת! און וואָס קען דערפון זײַן דער תּכלית? זי חאַפּט זיך אָן בײַם האַרצען, קלאַפּענדיג דערויף מיט׳ן פינגער, אַז דאָ, אָ־דאָ האָט זי אַ וואונד, אַ מכּה אַ גרויסע, שונא־ציון.

די ווײַבער, באַרמהאַרציגע, בערײדעוודיגע, ווי דער שטײגער איז, רעדען איהר אוים דאָס האַרץ, איטליכע מיט איהרע טרײסטווערטער. אײנע זאָגט:

— יענטיל, נשמה מײנע, שאַ, גענוג געוויינט, דער זכות פון די הײליגע מחותּנים דײנע וועט דיר בײשטעהן דאָרט, פאַר דעם כּסא־הכּבוד, און איבער אַ יאָהר, אם ירצה השם, וועט חנצה דײנע געלעגען ווערען מיט אַ יונגעל.

די צווײטע דערצעהלט איהר אַ מעשה עפּיס מיט אַ חײַבעל ערניק, חאָס האָט אַ היבשע צײט נישט געקינדעלט, איז געקומען אײנער אַבריה צו אַזוינע זאַכען, איך ווײס נישט, וואָס ער האָט געטאָן פאַר אַמיטעל — און דאָס ווײַבעל, הלואי אויף חנצה׳ן דײנער געזאָגט געוואָרען, איז באַלד טאַקי פערגאַנגען און טראָגען. נאָך אַ יודענע דרינגט איהר אוים פונ׳ם שכל, אַז אַ קלײן יונגעל, עס מעג זיך האָטש זײַן אַ בעל־הבּית׳ל, קען גאָר ניט קינדלען, — סײַ אַ מענש, סײַ אַ בהמה, להבדיל, אַלץ אײנם

— אַז בנציה דײַנער װעט אונטערװאַקסן, עלטער װערן, װעט ער, אם ירצה השם, אָבגעבן דיר זײַנס מיט פּראָצענט, האָב קײן מורא נישט, נישקשה!

װען לײבצען איז אַ מאָל געראָטן מאַכן דורך רפאל'ן אַ גוט דינ־סקאַנט־געשעפטיל, אַראָבכאַפּן פון אויבן אַ היבש פּערדיענסטעל, און צוליעב דעם איהם פאַרבעטען אינאײנעם מיט גוטע ברידער צו זיך אין אָװענד אויף אַ גלעזיל טײ, פּלעגט ער, לײבצע הײסט עס, בשעת חדוה דענסטמאָל אונטערװאַרמען דאָס אײדעמיל, דאָס צאַצקעלע זײַנס, עס זאָל אַרויסװײזען בײם טיש זײַן תּורה, און אַלץ װינקען, צו־װינקען רפאל'ן, ער זאָל מיט קאָפּ זיך צו־הערען.

— אַ נו בנציה, לאָז זיך הערען! עפּיס אַ װאָרט, אַ גוט שטיקעל אַזײַנס װי דו קענסט, אַזױ מיט אַ מויל!

און בנציה צופלאַקערט זיך, צושאָקעלט זיך מיט די הענד און פּיס, שיט מיט שטיקלעך גמראָ און מישט אוים קאַשע מיט מאָהן.

— אַ נו? מאַכט לײבצע, װאָס איז פּלאַטשיגליך אין לערנען, שטשירעט אוים צו רפאל'ן אײן אויגעלע, שמײכלענדיג דערבײ זים מיט אַ שײנענדיג פּנים — איאָ, האַ, סחורה?

רפאל ענטפערט מיט אַ קנײטשעלע, עפּיס אָהן װערטער, איבער־קוקענדיג זיך מיט חנצה'ן, װאָס מינעט זיך פאַר שאַנדע, טראַכטענדיג בײ זיך: איי האָסטו מיר געגעבן אַ גוט שטיקעל סחורה, טאַטע!

דערמיט אַלײן, װאָס לײבצע האָט זיך בעריהמט מיט בנציה'ן, אָט דערמיט טאַקע האָט ער איהם בעגראָבען. אַ פּנים, אַזוי איז לײבצעס פינסטערער מזל געװען אָנגעשריבען דאָרט אויף איהם אין הימעל, אַז ער אַלײן, מחילה, מיט זײַן בענעהמונג, מיט די רעד זײַנע, זאָל, גאָר אַלײן נישט צו װיסען, דער טאָכטער אײַנגעבען שכל, פּײַנט צו בעקומען דעם מאַן און פּערליעבען זיך אין רפאל'ן. ער זאָל עס געחען, חלילה, װיסען, װאָלט ער, שונאי־ציון, זיך גיכער אַ מעשה אָנגעטאָן, זיך בע־גראָבען טיעף אין דער ערד נײַן אײלען.

אײנמאָל, פּורים צו דער סעודה, אויף װעלכער ס'איז געװען פאַר־בעטען רפאל מיט נאָך אַנדערע געסט, און מען האָט זיך װאויל גע־טאָן, האָט לײבצע מיט דער פאָרסע געװאָלט אַרויסװײזען דעם אײדעמילס תּורה, לאָז דער עולם הערען, װי שען ער דרשהט, װאָס פאַר אַ תּכשיט ער איז.

— שאַ, — פּאַטשט לײבצע מיט אַ האַנד אין טיש: — מײַנער װעט

אונז דרשה'נען עפּיס פון דער מגילה. שאַ, אָט וועט איהר עפּיס הערען... היידאַ, בנציה!

און דאָס בנציה'לע, וואָס האָט לכבוד פּורים איבערגעחאַפּט די מאָס, געהאַט אַ איבעריג ביסעל משקה אין קאָפּ, הויבט אָן זאָגען שטאַרק פערפּלאָמפּט אַזוי:

— אין פּלוג איז דאָך אינגאַנצען דער ענין דאָרט נישט רעכט. צו וואָס שטעהט בײַ מרדכי'ן: מרדכי היהודי? וואָס לאָזט דערמיט דער פּסוק מיך הערען? פּשיטא, ווייסען מיר דען אַליין ניט, אַז מרדכי איז מסתּמא אַ יוד? מרדכי איז מרדכי, אַ יוד! וואָס דען, מרדכי זאָל הייסען אַ גוי, בתּמיה, ווי געשיקט זיך עס?... נאָר אַחוץ־געלעגט שוין אפילו די דאָזיגע קשיא, נאָך און נאָך קשיות, וואָס איז דאָ צו פרעגען, אויף וועלכע עס שטעלען זיך דאָ אַלע מפרשים, בלייבט דאָך מאַקי פאָרט די אַלטע קלאָץ־קשיא: פאַר וואָס בײַ אַחשורוש'ן שטעהט ויאמר און בײַ אסתּר המלכּה — ותּאמר? עפּיס מוז דאָך דרינען עפּיס שטעקען. היינט איז דער קוועטש פון עשרת אלפים כּכּר כּסף, צעהן טויזענד זילבערנע כּכּר, און עשרת בני המן, אויך האַרבליך, — וואָס קוועטשט זיך אַזוי דער פּסוק צו זאָגען בײַ ביידע, אי בײַ די זילבערנע כּכּר אי בײַ די בני המן, דוקא צעהן, און וואָס וואָלט אונז געאַרט, אַז עס זאָל נישט געווען זיין צעהן

— אָ וואַ! — מאַכט לייבצע גאָר אָנקוועלענדיג, — האָט איהר געהערט אַ נעהם טאָן אַביסעל אַזוי אַ פּסוק, אַהער אַ דרעה, אַהין, אַז עס ווערט, מחילה, אַ לעמעשקע!... אַ יאָ, סחורה? היידאַ, בנציה, זאָג, זאָג ווייטער, ווייטער!

— נישמעהר, ס'איז רעכט. די ווערטער פון דער הייליגער תּורה זענען צוקער־זיס, — צולאָזט זיך בנציה ווייטער אויף זיין זיס קולכען: — דער תּירוץ איז נאָך דעם פּראָסטען פּשט אַזוי: ווי מיר ווייסען, האָט פון שרי דער אַרויסגעוואָרפענער „יוד“ זיך אַ לאַנגע צייט אַרומגעוואָגעלט ביז יהושע האָט איהם אָנגענומען, אַריינגעגאַנגען אין ארץ־ישראל און איינגענומען די פעלקער. דאָ איז נאָך גלות־מצרים דער יוד געקומען צו רוה און געווען, הייסט עס, בכּח, ווי מיר האָבען דאָ געזעהן. שפּעטער אין גלות פּרס האָט דער יוד מרדכי היהודי (כּלומר, אַזוי מיינט ער, מרדכי היהודי מיט אַ יוד, מרדכי נישט מרדכע) און דער יוד בײַ אחשורוש'ן, וואָס אַריין צו איהם דורך אסתּר המלכּה, ויאמר — און ער האָט געזאָגט, געזאָגט... פערשטעהט איהר מיך, ער האָט עס גובר געווען

יענעם יוד (עשרת) פון די אלפים, אויך יענעם יוד (עשרת) פון די בני המן! רען זייט וויסען, אַז עס זענען דאָ צוויי מיני יודען! אַ יוד אין דער קדושה און אין דער טומאה אַ מין...

— יונגער מאַן! — פאַלט אַריין בנציה׳ן אין די רעד רפאל, וואָס האָט שוין ניט געקענט מעהר זיך איינהאַלטען: — וואָס ווילט איהר האָבען פון פסוק, נעבעך? ויאמר איז לשון זכר, ותאמר — לשון נקבה.

— לשון נקבה קען איך נישט! — צושרייט זיך בנציה אין איין כּעס, פלאַם-פייער — אַ שמועס בלשון זכר ונקבה, דאָס קענען נור די פראַנצויזען, ימח-שמוניקעס: ויאמר — ער האָט געזאָגט, ותאמר — זי האָט געזאָגט. מיט דעם פּוז, מיט דער מאָדע...

דאָס איז פון בנציה׳ס זייט געווען אַ שטיין גלייך צו רפאל׳ן און צו חנצה׳ן אין גאָרטען אַריין, אַיין אָנצוהערעניש, וואָס זיי זיצען און רעדען אָפּט צווישען זיך אָהן אַ שומר. זיין שפּראַך האָט זיי געטראָפען ביידע ווי אַ פייל אין האַרצען.

ביז דערנאָכדעם איז בנציה ביים ווייב אַ נפטר — אוים בנציה און רפאל פאַרנעהמט דאָס גאַנצע אָרט ביי איהר אין האַרצען.

געחיסע צייטען אַזעלכע איז געווען, וואָס חנצה פלעגט קענען בלייבען איינע אַליין אין שטוב. רפאל האָט שוין די צייטען געהאוסט און איז געקומען פאַרברייגנען אַביסעל די צייט אין איהר געזעלשאַפט מיט גרויס פערגעניגען. און תמיד איז ביי איהם אין קאָפּ געווען גרייט עפּיס אַן עסק׳ל, עס זאָל פאַרשטעלען די אויגען, דיענען פאַר אַ אויסרעד אין אַ נויטפאַל פאַר לייבצען און זיין הויזגעזינד.

איינמאָל איז ער אין אַזאַ צייט געקומען און געטראָפען חנצה׳ן פערראומערט, מיט פערוויינטע אויגען. דאָס האָט איהר נאָך צוגעגעבען חן, ווי דער שענער, בליהענדער רויז די טוי-טראָפּען זומער פריהמאָרגען. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען און זי געפרעגט, וואָס דאָס וויינען איהרם בעטייט, עפּיס מיט אַזאַ ווייכע ציטערדיגע שטימע, מיט וועלכער אַ געטרייער פאָטער ווענדט זיך צו זיין ליעבהאַרציג, געקרענקט קינד.

חנצה בעהאַלט דאָס פּנים און צעוויינט זיך נאָך מעהר, רפאל מיינט, אָט עקט זיך איהם דאָס לעבען פאַר גרויס רחמנות, נעהמט זי אָן ביי דער האַנד, פעסט, און איין געבעט:

— דערצעהל, דערצעהל!.

אַ קאַלט — וואַרמער שטראָם לויפט חנצה'ן דורך איבער'ן לייב און די האַנד איהרע ציטערט ליגענדיג אין רפאל'ס האַנד. רפאל בע־קומט נאָך מעהר מוטה, בעט, חלשט, אַזוי און אַזוי... ביז חנצה טהוט איהם צוליעב — און עס דערוויזט זיך צום סוף אָט־וואָס. צווישען דער מאַמע מיט דער מאַכטער איז היינט געווען חושך איבער בנציה'ן.

קומענדיג, ווי געוועהנטליך, אין דער פריה מיט דעם גרויסען טלית־זאַק פון שוהל שטאַרק הונגעריג, איז בנציה אַוועקגעזעסען ביי זיך אין חדר'ן אַ היבשע צייט אונגעגעסען, מיט סמאַהע אויף די ליפּען, עמיצער זאָל עס זיך אָן איהם דערמאָנען. ער האָט זיך געקראַצט אין דער פאה. געקנאַקט די פינגער, געצמאָקעט, געמאַכט מיט די ליפּען, אַרויסגעגעבען פון זיך זיפצעלעך, די שענע הוסטעלעך, געאַייקעט, גע־אויקעט, ביז די שהיגער האָט זיך אָרומגעקוקט.

— אוי, אַ חעהמאָג אַ גרויסער, נאָך האָט ער, נעבעך, אין מויל נישט געהאַט! ס'איז דאָך אַ צער בעל־החיים... — טהוט זיך אַ חאַפּ יענטיל, ברעכענדיג מיט די הענד, לויפט געשווינד און טראָגט צו דעם איידעמיל אויף אַ טאַץ אָנבייסען — אַ פּאָר אייערביינעל, אַ פּוטערגעבעק־כעל מיט אַ גלעזיל ציקאָריע, מאַכענדיג צו איהם האַלב בייז און האַלב מיט גוטען:

— נאַ, עס!... פאַר וואָס זאָל מען עס שווייגען, נישט זאָגען אַ ווייב: עסען! מיינס איז ניט לייטיש, חעה איז מיר!... אַ נס, וואָס איך האָב מיך אָרומגעקוקט, אַז נישט, וואָס וואָלט געווען?... ביסט גוט הונגעריג?

— מילא, ווייס איך וואָס... עט, גאָרנישט... ענטפערט אָב אונטער דער נאָז בנציה, קנייטשענדיג זיך מיט אַ זיס־אייער שמייכעלע, און נעהמט זיך עסען קעסט, פאַקען מיט'ן פולען מויל.

ריידעלע יאַק ריידעלע, נאָר צום קעסט־עסען איז בנציה געווען, זָהן עין־הרע, אַ מייסטער, איין בריה אין דער וועלט.

אַז אונזער נפש איז באַלד נאָך דעם עסען אוועק צוריק זיין זיין רוה אין דעם קלייזעל זיינעם, האָט יענטיל זיך גענומען צו דער טאָכטער, אויפצושטראָפען זי פאַר אַזאַ בעציהונג מיט'ן מאַן, אַזוי

— דו מוזט וויסען, טאָכטער, איך האָב אַ נאָז. אַי האָב איך אַ נאָז! אַי שמעק איך!... די אויגען זענען מיר, ברוך־השם, נאָך נישט אַרוים. איך זעה, מישקשה, זעה דיין אויפפיהרונג אַקעגען דעם מאַן, אַ שען ווייבעלע, משטיינס־געזאָגט! דו האָסט דאָך בעדאַרפט ווערען גרע־

בער ווי לענגער, אָנקוועלן פון אַזאַ מאַן — אַ ברכה אַבאָטשונג פון זיין ליעבען נאָמען.

— נו, לאָז זיך פרעהען די מאַמע, וואָס האָט אזעלכען געהאַט!— ענטפערט אָב חנצה קורץ און שאַרף.

— אַ לשון אַביסעל! — מאַכט יענטיל אויפגעבראַכט: — אָט האָסטו דיר דעם דאַנק! מאַמע־מאַמע שלאָגען זיך, שונא־ציין, קאָפּ אָן וואַנד, אַקערען מיט דער נאָז די ערד און זוכען אים אַזאַ ברילִיאַנט... ס'איז דאָך אַ כבוד אַזאַ שפּיגעלע אין שטיב צו האָבען. דער טאַטע האָט דאָך איהם ליעב, עפּיס אַזוי ליעב, אַזוי ליעב...

— לאָז איהם וואויל בעקומען! חינשעחעמ־צו חנצה מיט אַ ביטער שמייכעלע.

— אוי, אוי, בין איך עס אומגליקלי'ך! — צוחליפּעט זיך יענטיל און קלאַפּט זיך אין האַרצען — אוי, אַ מכה האָב איך עס, אַ מכה אָט דאָ, דאָ! אַז רבונו של עולם האָט מיך אַזוי געשטראָפט, נישט געבענשט מיט אַ זוהן, לאָז־זשע חאָטש זיין, האָב איך געמיינט פון דער טאָכטער זוכה זיין צו דערלעבען פון איהר דעם נחת... ניין! אַז זי וויל גאָר ניט וויסען. מיינט — חתונה־שמאַסונה, ס'איז זיך אַ שפּילכען, אַזוי זיך אַ פּידעלע, אַ פּיקעלע, האָצעניו, נימ מעהר... נענוג זיך קינדעריש געמאַכט, דו הערסט? דו ביסט, זאָג איך דיר, אַ ווייבעל! דו פערשטעהסט וואָס ווייבעל?

— אַ ווייבעל איז אַ מענש ווי אַלע מענשען ענטפערט חנצה רוהיג, איינהאַלטענדיג אין זיך דעם כעס.

— נעהם זיך נאָר אַזוי נישט איבער, הנצה! — צופלאַקערט זיך יענטיל אויף דער טאָכטער, נאָכקריטענדיג איהרע ווערטער: — אַ מענש, זאָגט זי, אַ מענש!... נאַרנישט ביסט דו, אַ אשה... נישטאָ פאַר דיר אויף דער וועלט נאָר די דריי ווייבערשע מצוות... אָט וואָס איז אַ אשה! איהר ווייבערשער שכל, איהר ווילען איז נאַרנישט. אַ פרומע, אַ כשרה יודענע בעדאַרף וועלען טאָן דעם מאַנס רצון. דרינען ליגט דער גאַנצער שכל... אָט אַזוי האָט מען אונז צו דער חתונה געלערענט. אצונד פאַרשטעהסטו שוין, חנצה?

— ניין! — שיסט חנצה אַרויס רויט ווערענדיג ווי פייער: — ווי קים איך צו פאַרשטעהן אַזוינס, וואָס אַ פרומע כשרה יודענע וויסט?...

— הייסט עס, אַ פּנים, וואָס איך האָב גערעדט איז—געבולען!—

צושרייט זיך יענטיל נאָר אַ שרעק, מאַכענדיג מיט דער האַנט אַקעגען חנצה'ן — וואַרט נאָר, וואַרט! דו וועסט ביי מיר פאַרשטעהן, ניש-קשה, וויסען ווייטער וואָס מאַן, וואָס אַזוינס מאַן בעטייט — איך וועל דיר...

די מאַמע לויפט אַרויס שטאַרק צוקאָכט און די טאָכטער בעוואַשט זיך פאַר גרויס וועהטאָג מיט טרעהרען.

רפאל טרייסט חנצה'ן מיט גוטע, זיסע רעד, קוועטשט איהר, קוועטשט די האַנט און פאַר גרויס ליעבשעפט חאַפּט זיך איהם פונ'ם מויל אַרויס: האַרצעניו, נשמה'ניו! זי לאָזט זיך טרייסטען און קוקט אויף איהם מיט פייכטע אויגען, און פון די פערגליווערטע טרעהרען ווי די פערעל שיינט אַרויס אַ ליעבליכער, מחיה'דיגער בליק — ס'איז אַ זון מיט אַ רעגען.

די צייט דערווייל געהט און מיט איהר וואַקס, שפּראָצט די ליעב-שאַפט אַלץ גרעסער, גרעסער. רפאל שאַרפט חנצה'ן פערשטאַנד, גיט איהר איין שכל צו וויסען פון אַ ניי לעבען, מיט די אַלע מיטעל, וואָס דערצו — מיט קלוגע רעד און גוטע ביכלעך אַזעלכע, וואָס זענען מסוגל צו דער נשמה. חנצה זאַפּט אין זיך איין איטליכס וואָרט, עס שלייפט זיך איהר מח, עס לייטערט זיך איהר נשמה, קלערער ווערען איהרע גע-פיהלען, און רפאל ווערט ביי זיך שטאַרקער, האָפט, האָפט, עס וועט, אם ירצה השם, מיט דער צייט זיין גוט... דאָס וואָס פריהער האָט איהם אויסגעזעהען זעהר שווער, דאַכט זיך איהם אַצינד זעהר גרינג. אַלסדינג איז זעהר גוט געמאָלט דאָ אויף דער וועלט. פריהער אָדער שפּעטער, חנצה פון איהר שלים-מזל מוז פטור ווערען. זיך קען ער דרי-נען נישט בעשולדיגען, וואָרום אַזוינס האָט זיך געמאַכט נאָר אָהן איהם, אַזוי טאַקי האָט עס געמוזט זיין — חנצה און בנציה זענען נישט קיין פּאָר, דער שידוך איז געווען קרום נאָר פונ'ם אָנהויב אָן. ווייטער-זשע איהרע בענאָטישע פרומע עלטערן? זיי וועלען מיט אַזעלכע ווי ער זיך משדך זיין נישט וועלען? עט, נאַרישקייטען! אַ קערביל פאַרדעקט אַלע זינד

קיין זאַך קען נישט בעשטעהן אַקעגען דער פרנסה. וואו פרנסה, הערען אויף חילוקים, פרומע תנועות אין דעם גלויבען. עס יודלען זיך, עס מאַכען פוילע תנועות פון גאָטס וועגען נאָר יענע, וואָס מיינען דורכדעם עפּיס צו גילטען, דורכדעם צו האַפען אַ גראָשען: יענע, נעבעך, קבצנים, וואָס מוזען דערויס זיך מאכען, משטיינס-געזאָגט, די פרנסה, ווען נישט,

וואָלט זיי אויסגעקומען זעהר שמאָל, האָטש לעג זיך אין דער מיט גאַס און שטאַרב; יענע בטלנים, נעבעך, וואָס צו עפּיס אַנדערש טויגען זיי נישט פון דאַנען אַהין; יענע, יענע מענשלעך,־וואָס אָהן דעם ווער וואָלט זיי געוואוסט, ווער וואָלט זיי געהערט? אָט דרינען שטעקט די גאַנצע קאָ־מעדיע פון משוגענע פרומקייט און גוטסקייט, פון איבערגעזאָלצענע ליעב־שאַפט צום פאָלק, פון פוילע קרעכצעלעך, זיפצעלעך אויף צרות אין דער וועלט, פון משונה־ווילדע רחמנות צו אָרימינקע, כלומר׳שט, און דער־מיט צוגלייך טאַקי — פיינדשאַפט, קריג, אינטריגעס, רכילות, בלבולים און אונטערהידעניש מענשען אַקעגען מענשען.

צו דערהאַלטען דעם שלום אין דער וועלט, צופרידענהייט צווישען אונז, זינדיגע מענשען, מיט אַזוי פיעל בעדערפעניש צום לעבען, איז במעט דאָס איינציגע מיטעל — פּרנסה!...

---

# דאס פערטע קאַפּיטעל.

אַז יודען האָבען פערשפּיעלט זייער וועלט און זענען בעונותינו הרבים געוואָרען קרעמערס, באַנקירען, פּראָצענטניקעס, וואָכערניקעס, מעקלערס, טאַנדעטניקעס און כל־המינים געשעפט־מאַכערס — זיינט דענסטמאָל איז דער יצר־הרע פון ליעבע אויס מחותן בײַ זײַ, די דעה אין שידוכים איז איבערגעגאַנגען פון איהם צום יצר־הרע פון האַנדעל; אַ שידוך היינט איז אויך אַ געשעפט. שענקייט, פרומקייט מאכט נישט אויס, די כלה מעג זיך זיין אַ מיאוסע — אַבי געלד. געפינט זיך אַ מאָל אַ יוד, וואָס קוקט אויף שענקייט, בעווייזט עס גאַנץ זיכער, אַז ער איז ניט קיין עכטער סוחר, טאַקע וואָס א סוחר הייסט; אַ חוץ געשעפט, געלד־זאַכען, ליעגט איהם נאָך אויך אין זינען נאַרישקייטען — געדאַנקען, וואָס האָבען נישט קיין שום ווערטה. ווי באַלד דער יצר־הרע פון ליעבע דערזעהט פאַר זיך בײַ יענעם אָפען דאָס האַרץ, חאַפּט ער זיך אַריין אינוועניג אַהין און ברענט דאָרט, אַרבייט מעשים קונציג־וואויל, ווי ער קען.

די איינענע מעשה איז געשעהן אויך מיט רפאל'ן. ווייל ער איז געוועזן אַ סוחר און צוגלייך טאַקי אויך אַ מענש מיט האַרץ, האָט דאָס יצר־הרע'לע, אָט דער ברען, דערשפּירט, זיך פערקליבען אַהין צו איהם, צו מאַכען דאָרט די שפּיעל. ער האָט איהם פאַרגעשטעלט מיט זיינע פּאָקוסען אַ וואונדער־שענע וועלט מיט די אַלע גוטע, געשמאַקע זאַכען, וואָס גלוסט זיך שטאַרק זיי צו געניסען. ער קיצעלט איהם, מאַכט איהם אַ חשק, מאָלט איהם אויס דאָס בילד־שענע געשטאַלט חנצה'ס פון קאָפּ ביז די פיס, איינגאַנצען אַ קלאָר־ווייסע אויסגעגאָסענע סטאַטוע, אויסגע־

טאָקע איטליכס גליד בעזונדער — און זאָגט צו איהם: בחור, קוק ווי שען, קוק און שמעלץ זיך פאַר ליעבשאַפט! און רפאל׳ן צושפּיעלען זיך די געבליטען, ער טראַכט, טראַכט אָן חנצה׳ן און גיט זיך דאָס וואָרט, אויסטילינגען מיט דער צייט די דערנער, שטאַכעלקעס, וואָס אַרום דער דאָזיגער רויז, כּדי זי צו בעקומען, עס מעג זיך אפילו דונערן און בליצען.

גלייכער פון אַלע זאַכען איז פאַר רפאל׳ן געווען — זיך נעהמען צו לייבצען, צוציהען צו זיך איהם אַזוי, אַז ער זאָל ווערען צוגעזאָטען, גלייבען אין איהם מיט לייב און לעבען. און דערצו איז דאָך דאָ אַ מיטעל.

רפאל האָט זעהר גוט אַרויסגעזעהן, אַז דאָס איינציגע שליסעלע צו לייבצעס האַרץ — איז געלד, גוטע, שענע פערדיענסטלעך, און דאָס שליסעלע איז דאָך ביי איהם אין דער האַנד. פריהער פלעגט ער מאַכען סקאָנטע-געשעפטען צווישען אַנדערע אויך אַ מאָל מיט לייבצען, און ווי לייבצע האָט שטאַרק געלעכצט נאָך אַזעלכע געשעפטען, אַליך געזוכט אוועקצורייסען רפאל׳ן פון די אַלע אַנדערע קאָנטאָרען, פונדעסטוועגען פלעגט ער ביי איטליכס מאָל זיך שטאַרק דינגען פאַר אַ פּראָצענט. נישט דינגען זיך איז איהם געווען שווער. עס שאַדט נישט צו פּרובען, נו גראָשען איז אויך געלד. אַצינד אָבער, צוליעב חנצה׳ן, האָט רפאל אָנגעהויבען צו-צולאָזען ווי ווייט מעגליך לייבצען גרויסע געשעפטען, נישט זיין אין דעם האַנדעל שוין אַזאַ איבערקלויבער ווי אַ מאָל. געבען אויף אַ וועקסעל סחורה עמיצען נישט אַזוי פון די גרויסע בטוחים, איז אויך רעכט, פערלירען ביים אָבסקאָנטירען דאָס וועקסעל אַ גרויסען פּראָצענט, — מאַכט איהם שוין אויך נישט אַזוי אויס, אַבי נאָך און נאָך אַ געשעפטיל, לייבצע זאָל דערווייל האָבען עסקים, אַראָבהאַפּען פון אויבען. לייבצע ווידער, וואָס האָט שטאַרק געלעכצט נאָך פּראָצענט, האָט אויך נישט אַזוי שטאַרק איבערגעזיפט די סוחרים פון די וועקסלען, די קאָפּיקע פּראָצענט איז אַזוי ליעב דעם פּראָצענטניק, אַז צוליעב איהר שטעלט ער אַמאָל איין דעם קרן אַליין. בקיצור, רפאל מאַכט מעהר געשעפטען, לייבצע האָט מעהר פּראָצענט, און רב אָשר דער מעקלער אַרבייט געשמאַק אין עסק: עס דרעהט זיך איהם דאָס קעפּעלע און עס פערדרייסט זיך איהם שטאַרק דאָס היטעלע.

— וואָס איז אַזוינס דאָס יאָגעניש, רב אָשר? — פרעגען איהם בעקאַנטע אין גאַס. זעהענדיג ווי ער לויפט העגדום-פּענדום און די פּאָלעס

פון דער קאַפּאָטע װאַרפען זיך איהם אין אַלע זייטען — שאַ, שטעהט אַ כיסעל און דערצעהלט אונז, װאָס הערט זיך היינט עפּיס נייס אין דער פּאָליטיקע, און װאָס טהוט זיך אַזוינס אין אַייער פראַנקרייך?

דאָס לשון „אַייער פראַנקרייך" איז נישט דער טייטש, אַז רב אָשר איז אַ פראַנצויז, אָדער ער האָט אין פראַנקרייך אַ נחלה, בירושה פון זיינע עלטערן. חלילה! אַלע װייסען, אַז ער איז געבוירען אין גלופּסק און איז, נעבעך, אַ קבצן, אַז זיינע עלטערן די קבצנים האָבען איהם גאָרנישט איבערגעלאָזט ירושה, נישט דאָ אין גלופּסק און נישט דאָרט אין פראַנקרייך. נאָר װאָס דען? גאָר פשוט. רב אָשר, אַז ער פלעגט זיצען צווישען דעם עולם און רעדען פון פּאָליטיקע, איז דער שטיינער זיינער געװען צו זאָגען: „מיין פראַנקרייך" איום גרוים ליעבשאַפט צום דאָזיגען לאַנד. רב אָשר, בעדאַרף מען װיסען, איז געװען אַ לעבעדיגע, געהענדיגע גאַזעטע פאַר די גלופּסקער יודען. ער פלעגט זיי אָנדערצעהלען נייס, שרעקליכע, װאונדערליכע זאַכען און מלחמות, אויך ישועות אויף יודען און שלעכטע ביטערע גזרות. מויל און אויערען פלעגט מען עפענען פאַר גרוים פערגעניגען, הערענדיג זיין זיס גלאַט לשון. דעריבער אַז מען האָט איהם אַצינד געזעהן לויפענדיג אַזוי האַסטיג, האָט מען געמיינט, עפּיס גאָר שרעקליכעס איז אוודאי געשעהען אין דער װעלט און רב אָשר איז פול מיט נייס.

— נישטאָ קיין צייט, קיין צייט! — ענטפערט אָב רב אָשר, האַל־טענדיג אין איין לויפעניש, נישט אָנצוקוקען די בעקאַנטע אפילו, װאָס בלייבען שטעהן פערגאַפט.

— רב אָשר! די קאַפּאָטע אַייערע פערדריפּעט זיך מיאוס. און איהר לויפט, עס זאָל עס אַייך אָנהויבען אַרען! אַיין עברה, כ'לעבען, אַזאַ אַ נייע שענע קאַפּאָטע! — מאַכען צו איהם נאָך אַנדערע בעקאַנטע, װאָס קומען איהם אַקעגען, אַרויסשטעלענדיג די אויגען, שטאַרק פער־װאונדערט,

— נישקשה, נישקשה! — זאָגט רב אָשר אין איין אָטהעם, שאָק־לענדיג צו זיי מיט דעם קאָפּ בשעת לויפענדיג טאַקי.

— רב אָשר, געװאַלד!... װאָס איז?... האַ, װידער אַ צרה׳ אַ גזרה אויף יודען? — פרעגען איהם מיט אַ געשריי, מיט אַ נעבעט איבערגעשראָקענע יודען, נעבעך, אויסשטרעקענדיג צו איהם די הענד.

— גאָרנישט, גאָרנישט! — לאָזט זיך רב אָשר הערען צו זיי מיט אַ וואָרט פונדערווייטענס, לויפענדיג זיין וועג.

— אַ, רב אָשר! — מאַכט שמואל דער קרעמער, ביים אַריינפליהען רב אָשר'ס צו איהם אין קלייט גאָר אָהן אַ נשמה, עפּיס קאַלט מיט אַ האַלבען מויל, אַריינקוקענדיג בשעת מעשה אין דעם קאַסע-בוך, כלומרשט איז רב אָשר'ס קומען נישט אַזוי שטאַרק אָנגעלעגט ביי איהם. הגם ער האָט אויף איהם טאַקי אַרויסגעקוקט און איז אין האַרצען זעהר צופרידען געווען, וואָס ער איז געקומען — תּאַרט אוים, רב אָשר, ביז איך וועל מיך אָבפּאַרטיגען.

— נישטאָ קיין צייט, קיין צייט, רב שמואל! זעהר אַ שווערע אַרבייט האָב איך אויף מיר, טאַקי גאָר אַ שווער, שווער שטיקעל אַרבייט. איהר מיינט, אַז ס'איז אַזוי גרינג צו קויפען ביי אונז סחורה, ווער עס וויל קומט זיך און נעהמט סחורה, הויבט אַ הקפה? ניין, רב שמואל, נישט אַזוי איז די מעשה! אָט דער רפאל — מאַכט ר' אָשר, קלאַפּענדיג זיך מיט אַ פינגער אין שטערען — דער רפאל, זאָג איך אייך, איז אַ מענש מיט קאָפּ, האָט אַ גוטען מוח. וויפיעל טענצלעך, מיינט איהר, האָב איך אַרום איהם געטאַנצט און וועל נאָך בעדאַרפען טאַנצען, טאַנצען ביז.

- איהר מעגט אייך טאַנצען געזונטערהייט וויפיעל איהר ווילט, נאָר פון מיינעטוועגען, דאַכט זיך מיר, האָט איהר נישט אַזוי צו טאַנצען פאַר אייער רפאל'ן. און די אַרבייט איז אויך ניט אַזאַ שווערע ווי איהר זאָגט — רופט זיך אָן שמואל דער קרעמער. כלומר'שט פיהלט ער זיך בעליידיגט, מיינענדיג צו פערגרעסערן זיין אייגען ווערטה, אַז ער איז, ברוך-השם, פון די גרויסע בטוחים, און אגב טאַקי, צו פערקלענערן רב אָשר'ס אַרבייט, כדי ער זאָל נישט פאָדערן היבש פאַר מעקלעריי — איך האָב פאַר מיר אַ מאָסקווע, געלויבט דער אויבערשטער. מאָסקווע איז פאַר מיר בעסער, געזונטער אין אַלע פעל... פערשטעהט איהר מיך? נישמעהר וואָס פאָלטאַוואַ האָט זיך דאָ אָנגערוקט, שטעהט שוין פאַר דער נאָז, אָט-אָט איז דער יריד דאָרט, און סחורה ברויכט מען טאַקי באַלד אין דער הייסער מינוט, פערשטעהט איהר מיך, דעריבער...

— דעריבער... איז נישטאָ מעהר וואָס צו רעדען, און זייט מיר געזונד, רב שמואל? — טהוט אַ זאָג רב אָשר, וואָס פערשטעהט גנבה-לשון און איז אַ ממזר, דורכגעטריבען ווי שמואל דער קרעמער, פערקרימט

די נאָז, גלייך ווי ער זאָגט זיך אָב פון׳ם גאַנצען עסק, און לאָזט זיך געהן ארויס פון דער קלייט.

— איהר זייט, דאַכט זיך, נישט קיין כהן, רב אָשר, און דאָך א בעל־כעס—פערהאַפט זיך שמואל דער קרעמער מיט גוטע רעד, אָנגעהמענדיג רב אָשר׳ן ביי די פּאָלעס און שמייכעלט צו איהם מיט אַ שיינעניג, זיס פּנים -- אַי, חאָטש איהר דאָך מיך, איך בעט איבער אייער כבוד, נישט פערשטאַנען! שטעהט נאָר, שטעהט, רב אָשר! דער פרט פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט „דעריבער״, הערט נאָר, איך בעט אייך, איז אָט־וואָס: אַזוי ווי פּאָלטאַוואַ איז שוין פאַר דער נאָז, איהר פערשטעהט? און סחורה ברויכט מען באַלד, דעריבער... דעריבער, זייט זיך מטריח און געהט טאַקי געשווינד, רב אָשר, און מאַכט דעם עסק אין אַ גוטער מזל׳דיגער שעה... אַצינד, געטוג געשעפּט, דרעהעניש, טאַנצעניש־שפּרינגעניש אין דער זייט, זאָגט מיר בעסער, רב אָשר, ווען, דענקט איהר, זאָלען מיר טאַנצען ביי אייער טאָכטער אויף דער חתונה? אפשר ווילט איהר נעהמען פאַר איהר אַ מלבוש, איז דאָ ביי מיר היינט פיינע סחורה אַנטיק, עף־עף! נעהמט אויף קאָנטע, עט, וואָס מאַכט עס אויס, מיר וועלען זיך שפּעטער אָברעכנען, נישקשה! —

הכלל, די עסקים וואַקסען, אויף דער סחורה זענען דאָ אַ סך בעלנים — און רב אָשר געהט אַרויס לייטיש אין אַ נייער קאַפּאָטע מיט אַ שענעם היבשען שלומפּער, לויפט ווי אַ הירש „אָנגעגורט די לענדען״, איז שטארק פערטאָן אין עסק — הו־האַ־הו! עס שוויצט איהם דער שטערען, די נאָז שמעקט, נישטערט און דאָס פּנים שיינט — מראה כהן. עס טהוט איהם הנאה נישט אַזוי דאָס פערדיענסט פון׳ם מעקלעריי ווי דאָס מעקלעריי אַליין — מען האַנדעלט!... אַצינד איז רב אָשר שטאַרק צופריעדען פון רפאל׳ן, ער לויבט איהם אין די אויגען און אונטער די אויגען, זאָגט: רפאל האָט געחאַפּט דעם שניט, זיך אויסגעאַרבייט אין גלופּסק, אַצינד האָט ער שוין „אַ געפיהל אין דעם האַנדעל״, און ס׳איז דאָ אַ האָפנונג, אַז מיט דער צייט חעט פון איהם ווערען אַ ליים, אַ רעכט־שענער סוחר.

רפאל׳ס מיטעל האָט געווירקט. לייבצע ווערט צו איהם צתעקאָכט, לאָזט איהם פון זיך נישט אָב. דאָס—קומט, זייט מוחל, צו מיר אויף וואַרמעס, טיי, קרעפּלעך. און דאָס—קומט גלאַט אַזוי זיך אַביסעל אַריין! וואָס קען עס אייך אַרען? געמיינט האָט ער דערמיט גאַנץ פשוט: האָבען אויף איהם אַ אויג, ער זאָל חוץ איהם מיט קיינעם קיין געשעפטען

נישט מאַכען. רפאל איז בײַ איהם אי גוט אי פרום, אַ גאַנץ ערליך קינד. אַז אַנדערע פלעגען זיך אַ מאָל קװײַנקלען, װי עס אַרט זײַ עפּיס זײַן הלבשה, זײַן בענעהמונג, װאָס נישט אַזױ עכט יודישליך װי בײַ דעם גלופּסקער עולם, פלעגט לײַבצע זײַ זאָגען:

— אײַ-אײַ, איהר טפּשים אײנע! ס'איז דאָ, זאָגט מען נאָך פון דעם יעהופּיצער, זכרונו לברכה, פיעל דרכים לעבודת הבורא, איטלי-כער דינט דעם בורא אויף זײַן דרך. רפאל'ס שטײגער אויפפיהרונג איז אויך אַ דרך צו דינען דעם אויבערשטען...

אַז לײַבצע איז דאָ מיט רפאל'ן אַזאַ נאָהענטער מחותן, ממילא װעט זײַן לײַבציכע מיט איהם אַ נאָהענטע מחותנת'טע, נעהמט איהם אויף מיט אַ שענעם „ברוך-הבא“, מיט כבוד — אַ טאַץ מיט אײַנגעמאַכטס. יענטיל איז דאָך אַ כשרה יודענע, טהוט זי איהר לײַבצעס רצון. רפאל, עס פערשטעהט זיך, טהוט אודאי לײַבצעס רצון — ער קומט טאָג-טעג-ליך צו לײַבצען אין הויז, נישט לאָזענדיג זיך לאַנג בעטען. און װי אַ הײמישער האָט ער שוין די געלעגענהײט אָפט צו פערברענגען די צײַט מיט חנצה'ן. װאָס מאַכט עס װעמען אין שטוב אוים! עט, קינדער, הײמישע אײגענע מענשען... שפּעטער אַביסעל האָט רפאל בעקומען, הורך לײַבצען טאַקע, די מעגליכקײַט לעהרנען חנצה'ן שרײַבען — דאָס הײסט, לײענען און פאַרשטעהן שפּראַכען, און ער איז געװען איבערגליק-ליך; די מעשה דערפון איז אַזוי געװען:

אַז רפאל איז אײנמאָל געקומען צו לײַבצען אין הויז, קוים װאָס ער איז אַריבער די שװעל, לויפט לײַבצע איהם אַקעגען גאָר אין אײן אָטהעם, שטעקט איהם אַרײַן אין האַנד אַ בריעף, געשריבען גויאיש, און זאָגט:

— נאַט לײענט!... לײענט און גיט מיר צו פאַרשטעהן, װײס איך װאָס דאָרטען שטעהט אַזוינס.

פון לײַבצעס מינע און דעם לשון זײַנעם בשעת מעשה, װי ער האָט אַרײַנגעשטעקט אין האַנד דעם בריעף, האָט עפּיס אויסגעזעהן, גלײַך װי זײַן נישט-קענען גויאיש איז טאַקי אַ שענע מעלה פאַר אַזאַ שע-נעם יודען, אַ טאַטענס אַ קינד װי ער; עפּיס װי גערעדט: נאַ! אַזוינס, משטײנס-געיאָגט, געהער זיך שוין אָן מיט דיר... רפאל'ן האָט עס אַביסעל געאַרט, און נאָכ'ן איבערלײענען דעם בריעף זאָגט ער צו לײַבצען, פאַרדרעהענדיג די נאָז:

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וואָס, אַ שטייגער, וואָלט איהר גע־טאָן, אַז איך זאָל נישט געווען קומען היינט צו אײַך?

— ווען נישט איהר, וואָלט איך געקראָגען עפּיס אַ אַנדערן אויף איבערצולייענען דעם בריעף.

— אוי, נישט גוט אָנצוקומען צו פרעמדע, און זיין אָבהענגיג פון יענעם — רופט זיך אָן רפאל, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. און באַלד טאַקי פאַלט איהם איין אַ קלוגער געדאַנק, פון וועלכען עס ווערט איהם ליכטיג אין די אויגען — אמת טאַקי, רב לייבצע, איך וויים זעהר גוט, אַז פרומע־כשר'ע יודען שייען זיך לערנען זייטיגע הכמות, חקירה־זאַכען, וואָס דערונטער איז געמיינט אויך שפּראַכען; נאָר אין מיין געגענד דאָרט זענען פאַרהאַן זעהר פיעל יודען לומדים, וואָס זיי אַליין און די יונגלעך, בחורים זייערע, אין די חדרים לערנען נאָר גמרא, וויטער גאָרנישט, און ד, טעכטער פונדעסטוועגען לאָזט מען לערנען גויאיש, שרייבען און לייענען עס זאָל דאָס אָנהויבען עמיצען צו אַרען. עס זענען דאָ פיעל אַזעלכע יודען, וואָס זיצען שטענדיג, קוועטשען די באַנק אין קלויז און די ווייבער זוכען די פרנסה אין מאַרק. מיידלעך, ווייבלעך אויסגעפּוצטע זיצען אין די קלייטען, רופען קונים, פערקויפען סחורה. מאַכט זיך אַ פריץ אַמאָל מיט זיי נאַריש, אַזוי און אַזוי: חייקאַ, סורקאַ שענע־פיינע מיידעלע — איז אָהן סכנות. משטיינס־געזאָגט, אויך מיר אַ מענש, פון וועמען מען האָט זיך דאָ צו בעליידיגען!... אַ גלעט אפילו פון אַזעלכען, אַ קניפּ אין בעקעלע, מאַכט אויך נישט אויס, זאָל זיך אײַך דאַכטען, די קאַץ האָט אַ גלעט געטאָן... מילא זעהט איהר דאָך, אַז טעכטער מעגען. יוצרום אַ אשה איז על פּי דין פּטור פון מצוות. איהר שטעהט פריי צו לערנען זיך גוי'איש, אַריינקוקען אין זייערע ביכלעך וויפיעל דאָס האַרץ גלוסט, [אַבי נישט לערנען קיין תורה, אונזער הייליגע יודישע תורה, חלילה! דען ווער עס לעהרנט זיין טאָכטער תורה, אַזוי זאָגט די גמרא, איז גלייך ווי ער לעהרנט זי זיין אַ חצופה... היינט פרעג איך אײַך, רב לייבצע, פאַר וואָס זאָלט איהר נישט לאָזען אײַער טאָכטער לעהרנען זיך שרייבען און די אַלע זאַכענישען? זי וואָלט דאָך אײַך געטויגט. געדינט אין די נויטען אויף צו שרייבען און לייענען בריעף.

— יאָ, אמת, אין פלוג איז טאַקי אַזוי — רעדט לייבצע האַלבע ווערטער עפּיס אונטער דער נאָז, קנייטשענדיג דעם שטערען און אָננעה־מענדיג זיך ביים בערדיל — גלייך אפילו זאָגט איהר, נאָר...

— און וואָס־זשע, האַ איז די מניעה?

ע־ע, פערשטעהט איהר מיך: וואָלט מיין טאָכטער אַצונד געווען אַ מיידעל, למשל, העט איך בעשטאַנען, ווי זאָגט איהר? געה דיר, טאָכטער, צום „שרייבער“ לערנען זיך די ווייבערשע חכמות מיט אַלע אַנדערע מיידלעך דאָרט. און באמת טאַקי, האַ? אַצונד אָבער, פערשטעהט איך מיך? אַז זי איז פערשלייערט, איז אַביסעל דאָס... פריקרע. האָט איהר געהערט, אַ ווייבעל אַ אשת־איש צווישען קליינע מיידלעך! ס'איז עפּיס... ווי זאָל איך זאָגען? ווי... דער שמש, אַ שטייגער, אַ ייד מיט אַ באָרד, מיט אַ בויך, מחילה, לאָזט זיך אויפרופען שמחת־תורה עם כל הנערים, יונגלעך, ווייסע־חברה.

— אויב אַזוי, טאָ לאָז־זשע דער לעהרער קומען צו אַייך אַ היים. ווייסט איהר גאָר וואָס? ווילט איהר, ר' לייבצע, וועל איך זיין דער לעהרער.

— אַי, וואָס הייסט! איהר, רב רפאל, אַ סוחר, אַ מענש, ווילט זיין אַ מלמד, ווילט אַזאַ פרנסה, משטיינס־געזאָגט, ווי מלמדות!

– אומזיסט, רב לייבצע! איך וועל לערנען אייער טאָכטער אומזיסט, אומזיסט...

אין האַרצען ביי זיך האָט לייבצע באַלד טאַקי איינגעווילינגט דעם פּלאַן, נאָר אויס דרך־ארץ כלומר'שט האָט ער זיך געקרימט, געקווינקעלט און געזאָגט רפאל'ן, אַז ער וועט זיך מישב זיין מיט'ן ווייב. ביי דער נאַכט האָט ער איבערגעשמועסט דעם עסק מיט יענטלען, איז ביי זיי געבליבען יאָ, מחמת פיעל טעמים: רפאל איז דאָך אַ היימישער, זייערער אַ גוטער בעקאַנטער, וואָס־זשע קען עס אַרען, אַז בשעת ער זיצט און רעדט, וועט ער זי דערווייל טאַקי אויסלעהרנען שרייבען, לייענען. דאָס קען כלל ניט שאַדען, אַדרבה, עס וועט איהר שטאַרק נוצען, זי וועט זיך אויסלעהרנען לייענען תחינות, שרייבען אַמאָל אַ בריוועל אַליין מיט איהר אייגענע האַנד, נישט בעדאַרפען אָבניצען זכות־אבות, אָנקומען דערמיט צו אַ פרעמדען. פאַר זיי, צום געשעפט, וועט עס אויך טויגען. און וואָס נאָך? קאָסטען וועט עס זיי נישט אַ דרייער. מהיכא־תיתי, זעהר וואויל!

און רפאל האָט אין אַ גוטער שעה אָנגעהויבען לעהרנען חנצה'ן, קנעלען מיט איהר אויף זיין שטייגער, און מען מוז זאָגען דעם

אמת, אַז געאַרבייט האָט ער אין זיין זאַך געשמאַק, זעהר געטריי. חנצה האָט געשלונגען דעם רבינס תורה און קרעמער האָבען דער־וייל געחאַפּט רפאל'ס סחורה. רב אָשר דער מעקלער אַרבייט, איז שטאַרק געהויבען, און לייבצע פערדיענט, האָפּט אַראָב פון אויבען— הכלל, ס'איז ליהודים!

---

# דאַס פֿינפֿטע קאַפּיטעל

עס איז שוין העט שפּעט אין דער נאַכט, גלופּסק שלאָפֿט — און צוויי יודישע קינדער קענען קיין אויג נישט צומאַכען, וואַרפֿען זיך, נעבעך, פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער אין די געלעגערס אונטער זיי אַרבּייטען: סקריפּען, קרעכצען, גיבען אָב קאָנצערט, ווי דער שטייגער איז פֿון יודישע געלעגערס, וואָס צוזויגען זיך, צושאָקלען זיך, צופֿיל־דערען זיך, זאָגען שירה בּיינאַכט פֿון אַ מינדסטען ריהר. פֿון אַ מנין געלעגערס אין אַ יודיש הויז די שירה בּיינאַכט צו הערען — איז אודאי אַז גוט און וואויל! נאָר, נישקשה, מיט דער דאָזיגער קאַפּעליע דאָ פֿון אונזערע צוויי פֿאַרשוינען, אין וועלכער עס האָט טריי געאַרבּייט אַ הינקענדיגער, אַ נערידהרטער, אַ הויקערדיגער אויסגעדינטער טאַפּטשאַן מיט עפּיס אַ מין רוק־בּעט, — האָט מען נעקענט אויך זעהר גוט יוצא זיין.

אויף דעם טאַפּטשאַן, אין פֿאָדער־חדר, האָט געשפּיעלט אונזער הערשעלע, און אויף דעם רוק־בּעט, אין אַלקעריל — אונזער רפֿאל. בּיידען האָט זיך עפּיס נישט גענומען קיין שלאָף, איטליכער פֿון זיי האָט געהאַט צו זינגען און צו זאָגען מיט זיינס.

יאָ, רפֿאל, האָט געהאַלטען וואָרט און אַריינגענומען צו זיך הער־שעלען אויף נאַכטלעגער, לויט ער האָט איהם פֿערשפּראָכען. בּיים ער־שטען אַריינטרעטען הערשעלעס צו רפֿאל׳ן אין דער דירה, אויף אונטער־צונעכטיגען דאָרט, איז איהם געוואָרען גוט עפּיס איפּ׳ן האַרצען, ווי איינעם, וועלכען השם־יתבּרך דערהייבט פּלוצים דאָס מזל. דאָס קליינע, נידעריגע שטיבּעל, וואו ס׳איז אַ מטגליכקייט צו בּלייבען אַוויילע פֿאַר

זיך אַליין, אומגעשטערט פון אַ עולם מענשען אין קלייזיל — האָט איהם אויסגעזעהן שררות. ער האָט געקוקט אויף אַלסדינג דאָרט עפּיס מיט אַ מין דרך־ארץ, געקוקט, געטאַפּט, קוים צו ריהרען זיך מיט אַ פינגער, און געשמייכעלט פאַר גרויס פערגעניגען. עס האָט אַזוי פיעל געהייסען ווי: „הע! אַ נו, וואָס, גוט, הערשעלע? אַ יאָ, וואָס פאַר אַ גאָט מיר האָבען!"

דאָס פערוויסטע באַנק־בעטיל, אינגאַנצען ווי ס'איז מיט די שלאַפּע פּיס, אויסגעריבען, צוטרענט, ערטערווייז מיט אויסגעקראָכענע קישקעס קליאָטשע, מיט אַלטע פאַרשמאָלצעוועטע לאַטעס האָט ביי איהם אין די אויגען געהאַט דעם זיבעטען חן. ווי די מעשה איז, אַ אָבגעקומענעס, אַ אָבגעבאַרעטעס — פאָרט אַ מיוחס מיט אַ געשפּיקעוועטען בויך, אַ זכר פון אַ מאָלדיגע גוטע יאָהרען...

ביים אַרויפקריכען דערויף דאָס ערשטע מאָל האָט עס זיך שטאַרק געטאָן אַ בייזער — אַ סקריפּ מיט גרויס פאַראיבעל. הערשעלע איז, איינהאַלטענדיג דעם אָטהעם, פערביימענדיג די ליפּען געבליבען ווי אויף משקולת, נישט אַהער, נישט אַהין, אוים פאָרכט, נישט אָנצומאַכען דאָ אַ שפּיעל, אַ גאַנצע חתונה און רפאל'ן דאָרט פונ'ם שלאָף נישט אַרויסצוברענגען. נאָר באַלד אָבער האָט ער זיך איינגעשטעלט, האָט עס מחילה געבעטען, פּאַמעליכען — פּאַמעליכען זיך גערוקט, אויסגעצויגען פריהער איין פוס, דערנאָך דעם אַנדערן — און נישקשה, מיט חסד. שפּעטער אַ ביסעל מיט אַ צייט האָט אַ קליין בייזעריל איהם שוין נישט אַזוי אויסגעמאַכט, וואָס ווייטער, ווייטער איז ער מיט אַ גרעסערען שוין אפילו געוועהנט געוואָרען. עס האָט געמעגט שרייען, רייסען זיך צוזעצטערהייד, ער האָט זיך דערויס גאָר נישט געמאַכט און געשלאָפען געזונטערהייד, אָבשלאָפענדיג געשמאַק ווי אַ דער'הרגעטער אָהן עין־הרע, די גאַנצע נעכט.

איז דאָך טאַקי די קשיא: מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות, פאַר וואָס שלאָפט זיך הערשעלען ניט די נאַכט ווי אין אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָהר?

אפשר איז הערשעלע הונגעריג געוועזען, דער לעדיגער בויך האָט איהם געמאָהנט מזונות און נישט געלאָזט איהם צורוה?

ניין! ערשטענס איז אַ יודענס אַ מאָגען גאָר ניט אַזוי אַריינגעטאָן אין דער אכילה, אַז ווי באַלד עס דערגעהט איהם עפּיס נישט, זאָל ער האָבען טענות; צווייטענס, איז דער מאָגען ביי יודען גאָר ניט אַזאַ פאַר־

נעהם. מען זאָל זיך אויס זיינע טענות עפּיס מאַכען. אַזוי פיעל דינים, אַלטע און נייע, אַלץ מכּח דעם מאָגען, דעם זינדיגען מאָגען, ווי איהם צו לעהרנען דרך־ארץ אין דעם עסען: דאָס לאָז דיר ניט זיך גלוסטען, אָסור חזיר, מען טאָהר נישט! דאָס מענסטו אפילו, אָבער נאָר אַ לעק, אַבי זיך פליישיג מאַכען, ס'איז פאַר דיר אַ צו טייערער ביסען! דאָס לאָ, זיך עס רענסטמאָל און רענסטמאָל אין דיין גבול נישט געפינען, אָנקוקען זאָלסטו עס ניט טאָהרען אפילו, און דאָס, אדרבה, איז אַ מוז, מוזט אַריינלעגען אין דיר אַ כּזית, חאָטש ביטער, פריקרע! — אָט אַזוינס אונז אַזוינס האָבען נאָר מיר, קינדער ישראל, מיר אַליין, און אין דעם זכות טאַקי זשיפען מיר ביז אַצינד אין דער וועלט... האָט דריטענס, האָט הערשעלעס מאָגען רענסטמאָל כלל נישט געהאַט וואָס זיך צו בעקלאָגען. זינט ער האָט אָנגעהויבען „אונטערצונעכטיגען" ביי רפאל'ן, איז ער מיט אַלעדינגען בויך קיינמאָל נישט נעגאַנגען שלאָפען. אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָהר איז פאַר איהם דאָרט געווען אַ גלעזיל טיי מיט אַ שטיקעל ברויט, און הלילה הזה, די דאָזיגע נאַכט איז נאָך גראָד געווען אַ קעפּיל פון אַ הערינג, אַ ביינדעל מיט אַ שטיקעל פלייש אויך, איבערגעבליבען רפאל'ן פונ'ם מיטאָג, וואָס ער האָט געגעסען אָהן אַפּעטיט, און הערשעלע האָט דערצו אפילו זיך נישט צוגעריהרט.

אפשר־זשע האָט זיך הערשעלען נישט געשיקט אין דער גמרא דאָרט, און דער מח זיינער האָט שטאַרק געאַרבייט, ווי אַיינצובייסען אַ האַרב תוספות'ל, צוטרעפען אַ „בעוואָהרעניש", וואָס בעוואָהרענט רש"י אַזוינס מיט'ן „כּלומר", צו פאַלטען אויך אַ סברה שכל'דיג מיט אַ קניי־טשעל; געפינען „דעם רעכטען קוועטש", און דעריבער איז ער אַרויס פונ'ם שלאָף?

נאָך אַמאָל טאַקי ניין! שוין לאַנג טאַקי אַז הערשעלע לערנט נישט אַזוי מיט קאָפּ. אַז משה'לע זיין חבר איז געווען נעבען איהם, פלעגט ער איהם אונטערטרייבען, אונטערגעבען חשק צום לערנען מיט אַלע כּלים נישט אין זינען צו האָבען קיין זאַך; זינט אָבער ער איז נישטאָ, ליגט הערשעלען דער קאָפּ שטענדיג אין טראַכטעניש, און דאָס לערנען, משטיינס געזאָגט, איז ביי איהם אָהן טעם, ווי געקייט קליאָטשע. היינט דוקא איז איהם געווען אָנגעקומען די גוטע שעה, ער האָט אַ לערן געטאָן לומדיש, גאָר אַחריפות און אַלסדינג אין דער גמרא איז איהם אויסגעקומען לסוף משונה־ווילד גלאַט: אין רש"י איז, חלילה, נישט משוגע, אי תוספות־קשיא בלייבט אַ קשיא — ביידע זענען גערעכט

מילא בלייבט דאָך מאַקע הערשעלעס נישט־שלאָפען אַצינד אַ גרויסע קשיא. וואָס זשע פאָרט איז היינט מיט איהם אַזוינס. די מעשה? אָווא אַ מעשה, אַ מעשה! איהם לאָזט נישט שלאָפען — ביילע!

„אַי, רבונו־של־עולם, ביילע! געוואַלד, טאַטוניאָ, וואו איז ביילע? — אָט די דאָזיגע עטליכע ווערטער פיקען הערשעלען אין קאָפּ, צוטראָגען איהם דעם מח, אַרום זיי דרעהען זיך אַלע זיינע געדאַנקען און חאַפּען זיך איהם אַ מאָל אַרויס מיט אַ ביטערן קרעכץ טיעף פון האַרצען,

שוין אַ גאַנץ היבשע צייט איז דרינען, זינט הערשעלע האָט זיך צושיידט מיט ביילען דאָרט ביי דער „זאַרנבאַנק״, אין דער האָפנונג, אַז אָט־אָט שטעלט זי זיך אויפ׳ן אָרט, פּאַר אַ דיענסט־מיידעל, תּאוהין די מעקלערין האָט זי געפיהרט, אָט באַלד זעהען זיי זיך ווידער און נעהמען ווייטער אָפּיר דעם אָבגעריסענעם שטומס וועגען איטליכם פּיצעלע בעזונדער אין דער היים.

אונזער עלענדער פערוואָגעלטער הערשעלע האָט זאַט אָנרעדען זיך נישט געקענט ביי דעם ערשטען בעגעגעניש מיט אַשכנ׳ס אַ מיידעל, כמעט אַנ׳איינענע, אַהיימישע פון קינדווייז אויף. זי אינגאַנצען האָט געשמעקט עפּיס פריש, מיט היים, מיט קאַבצאַנסק. פון איהרע אויגען האָבען אַרויסגעלויכטען, געלאָזט זיך איהם זעהן פיעל ליעבע זאַכען אין די פריהערדיגע יאָהרען. אַלסרינג, האַק און פּאַק, האָט זיך איהם געפיהלט אין איהר בליק, געראַכט אין איהר שטימע. ער האָט אויפגעחאַפּט איהר איטליכס וואָרט, אַליין אויך גערעדט פּאַר צעהן און ס׳איז איהם נאָך איבערגעבליבען גענוג רעד אויף שפּעטער.

הערשעלע קוקט דאָ אַזוי אַרוים אויף איהר די אויגען און נאָט איך אַזאַ ווערטאָג, אַזאַ אויסהאַפּעניש — נישטאָ ביילע! ווי אין וואַסער אַריין ביילע!

די ערשטע צייט האָט הערשעלע זיך געטרייסט מיט דער האָפּנונג: אָט אין־גיכען וועט זי זיך מסתמה ווייזען. וואָס דען? אפשר איז זי דאָרט שטאַרק פערנומען אויפ׳ן נייעם אָרט. לאָז זי נאָר אַ ביסעל זיך אַרומקוקען, קומט זי זיכער באַלד צו רייזען. זי האָט דאָך איבערגעלאָזט רייזען אויף דער אַכסניא איהרע זאַכען. אַז אַ קענען אַ חדש צייט אָבער איז אַוועק און זי איז אַלץ נישטאָ, האָט איהם שוין אָנגעהויבען מאַקי גוט צו אַרען. אַצינד האָט איהם אָנגעהויבען בעשיינפערליך צו אינטערעסירען ביילע, נישט מייל זי איז אַ היימישע, ערשט פון דאָס זייניגע

דאָרט אין דער היים, נאָר זי טאַקי — זי, ביילע, אַליין, ווייל אויף איהר, געבעך, איז אַ ביטער רחמנות. ווער ווייסט, וואָס מיט איהר, נעבעך, איז אַזוינס געשעהן? דאָס געפיהל פון רחמנות איז ביי איהם געוואַקסען פון איין אַנדער געפיהל, אַ פערבאָרגענס, עפּיס גאָר אָהן אַ נאָמען — אַ מין ציהעניש אַזינס, אַמאָנטעניש נאָך פון קינדרווייז אָן, טיעף אינווענינג אין דער נשמה. דאָס מין ציהעניש ווידער האָט אָנגעהויבען שטאַרקער זיך לאָזען פיהלען, בעקומען שוין עפּיס אַ נאָמען דורכדעם טאַקי, וואָס דאָס רחמנות איז אַלץ מעהר און מעהר געוואַקסען. די ביידע דאָזיגע געפיהלען האָבען געשפּראָצט, געוואַקסען און זיך דערנעהרט איי־נער פון׳ם אַנדערן. דערצו איז אויך געווען נאָך אַ צוגאָב, גאָר אַ וויכ־טיגע זאַך — עס האָט זיך דערזעהן הערשעלען גאַנץ קלאָר דאָס גרויסע אונגליק, אין וועלכען ער איז געשטאַנען. שניאור־וואָלף וואָלט איהם זיכער אין געוואַנט אַריינגעשטעקט, געמאַכט פאַר אַ זעלנער, ווען עס זאָל זיך נישט געווען פלוצלים אונטערדרוקען ביילע. איין גאָט אַליין טאַקי האָט זי אונטערגעשיקט פונקט אין דער רעכטער צייט איהם פון יודישע הענד מציל צו זיין — און היפּיעל דאַנק ער איז איהר שולדיג פאַר אַזאַ גרויסע טובה! ער בעדאַרף דאָך, ווי מען זאָגט, די פיס איהר וואַשען און דאָס וואַסער טרינקען. וואָס אָבער לאָזט זיך אויס? זי האָט איהם געראַטעוועט, און ער זי — בעגראָבען

דורך דעם אַוועקגאַנג זייערם שטיל פון דער אַכסניא אַהין, צו דער „זאָרגבאַנק", איז ער פון׳ם אונגליק אַרויס, און זי — אַריין. אוי, דער מלאך הגואל איז פערשוואונדען, גאָט ווייסט וואוהין, ס׳איז אַ רחמנות, עס רייסט; רייסט דאָס האַרץ!...

דאָס אַלסדינג אינאיינעם האָט אויף הערשעלען שטאַרק געווירקט, אַרויסגערופען אין איהם אַזעלכע געדאַנקען, אַזעלכע הייסע קלאָרע גע־פיהלען, וואָס זענען פאַר איהם געווען פריהער נאָך טונקעל, כמעט אַ סוד. ביילעס געשטאַלט איז אַרויסגעטרעטען פאַר איהם אַלץ העלער, העלער, געשוועבט פאַר זיינע אויגען, איהם געבריהט, גענאָגט, געצווי־גען ביי דער נשמה. עס האָט איהם נלאַט אַזוי, נישט ווילענדיג גאָר, זיך געטראַכט, ער האָט שטילערהייד אַ מאָל געוויינט, געהאָרען עפּיס גוט, ווייך ווי אַ טייג, זיך געלאָזט פון זיינע געדאַנקען טראָגען, ווי אַגע־וויקעלט קינד — און זיך פערטראָגען, פערפלויגען אַ שרעק וואוהין. ביילע איז איהם פון׳ם זינען נישט אַרויס, און ער האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבען, ווי אַרום ווערט מען וועגען איהר עפּיס געוואָהר —

געהן זוכען זי, פרעגען? ווי געשיקט זיך עס, אַ בחור׳ל פרעגט זיך אויף אַ מיידעל! און נאָך ווער? ער, הערשעלע, אַז ביים דערמאָנען נאָר איהר נאָמען קומט איהם די פאַרב אין פנים. איהם דאַכט זיך אַ שרעק, לייט קענען זעהר גרינג, חלילה, זיך אָנשטויסען, וואָס איהם ליגט „אַזוינס" אין זינען, וואָס פאַר אַ שען בחור׳ל, אוי, ער איז!

און דענסטמאָל איז ער דאָך אויסגעשמעלט, פערפאַלען פון ביידע וועלטען אויף אייביג!

אַ קאַמאָחעס עפּיס „אַזאַ מעשה", אַזוינס גאָר צו טראַכטען!...

וואו האָט מען עס ביי יודען געהערט? נענוג איז דאָך דער גיהנום אַיין אָבקומעניש פאַר אַזוינע זינד, — נאָך פיעל ערגער נאָך אין יודישע מיי־לער אַריינצופאַלען. די איינציגע טרייסט זיינע איז נאָך געווען, טאָמער איז ביילע צוריק אַ היים אַוועקגעפאָהרען. אַי די זאַכען, זי האָט דאָך דאָ איבערגעלאָזט אויף דער אכסניא איהר קלומיקעל מיט זאַכען? — מילא האָט זי פאַרגעסען, אַ קשיא אויף אַ מעשה וואָס קען זיך מאַכען! זי האָט זיך געיאָגט, געאיילט, האָט זי פאַרגעסען. גראָד איז היינט געווען דער טאָג אַ וואַרמער, אַ שענער, די זון האָט געשיינט, אַ פרייד, אַ פערגעני־גען, איז ער געניינט געווען זיך צו בערוהיגען מיט דעם דאָזיגען גע־דאַנק. פאַר גרויס שמחה האָט ער זיך צושאָקעלט איבער דער גמרא, זיך אַ נעהם געטאָן לערנען, זינגענדיג געשמאַק מיט אַ ברען און שכל׳־דיג גלאַט געמאַכט אַלע הארבע שטיקלעך דאָרט מיט׳ן קנאַק!

וואָס־זשע טהוט דער שטן, דער צולהכעיס׳ניק — דער שטן שטעהט זיך און לאַכט אויס הערשעלען, טראַכטענדיג ביי זיך: פרעה זיך, פרעה זיך, שענער בחור, אָט באַלד וועסטו ביי מיר זינגען אויף אַ אַנדער קול.

און ווי הערשעלע לעהרענט זיך דאָ אַזוי לעבעדיג, מיט אַ גרינג האַרץ, קומט איהם מעשה־שטן אינמיטען דרינען אָן אַ בריעף פון דער היים, אויף וועלכען ער האָט שוין טאַקי אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט. און ער נעהמט זיך איהם לייענען מיט גרויס חשק.

„עיקר שכחתי — אַזוי לאָזט אויס די מאַמע איהר בריוועל צום זוהן — האָב, סאַנצעלאָמעס, מיך פאַררעדט, פאַר גרויסע צרות מיך פער־געסען דערוויל מכח בן־ציון צביה׳ס מיידעל, דורך וועלכער איך האָב דיר געשיקט אַ פּאָאַר אונטערגענעהטע זאָקען, אַ קאַפּאָטקעלע מיט אַ אויסגעלאַטעטע העמד, טראָג געזונט, פאַרניץ געזונט ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר. ציפע־סאָסיע, זאָל געזונט זיין, האָט פון איהרע פיס די זאָקען צראָבגענומען און דיר זיי געשיקט. השם־יתברך זאָל רחמנות האָ־

בען. איהר צושיקען דעם בעשערטען. שוין צייט, צייט, זי איז, נעבעך, אויסגעטריקענט, געל און גרין, וויסט איז איהר און פינסטער מיר צוּ־זעהענדיג איהרע און מיינע ביטערע צרות. די יונגען מיינע דינען מיר נישט, פאַר קיין יודישע קינדער געדאַכט, פוּנ'ם פעדערען־פליקען די גאַנצע נעכט, אוי־וועה איז מיר, וויסטע אַלמנה! דאָס פערדינסט, משטיינס־געזאָגט, איז אַ גאָרנישט, קלעקט נישט אויף וואַסער אויף קאַשע, אַז אָך און וועה צו אַזאַ פּרנסה, אַזאַ לעבען, קוים־קוים וואָס מען דערהאַלט די נשמה..

געבענשט זאָל זיין אסתר־לאה, די אַלטע מילכיקערין אונזערע אַמאָל, וואָס זי גיט מיר צו־צייטען אַ קריגעל זויערמילך, אויך מילך אַביסעל אויף באָרג. יאָ, די קוה איהרע האָט די ערשטע טעג סליחות זיך געקעלבט, אין אַ מזל'דיגע שעה, גאָט, ברוך־הוא, האָט זי בעגליקט מיט אַ קעלביל גאָר אַנ'אַנטיק, איינס טאַקי אין דער גאַנצער וועלט. אַזוינס ווערט געבאָרען איין מאָל נאָר אין הונדערט יאָהר. קענסט דיר זיך פאָרשטעלען, אַז מרדכי קצב, עפּיס נישט אַזאַ שטאַרקער נותן, פאַר אַ גראָשען וואָלט ער זיך, שונא־ציון, ביידע אויגען געלאָזט אויסשטע־כען, ער האָט געחאַפּט און צעהן זילבערנע גילדען אָבגעצאָהלט פאַר דעם קעלביל במזומנים און דער דרויב האָט געהערט איהר, אסתר־לאה'ן. און די וועלט זאָגט, אַז ער האָט פערדיענט עפּיס איין עשרות — אַ ודאי אַ זעקס גילדען, און אפשר זיבען, אָדער טאַקי אַכט!...

מילא, וואָס האָב איך דיר דאָ געוואָלט זאָגען, פאַר צרות מיך, סאַנצעלאָמעס, פאַרגעסען וואָס — יאָ, מכח דעם מיידעל. אַ—האַ! קאַרג אייגענע צרות, איז נאָך דאָ, ווי זאָגט מען עפּיס, אַ צוגאָב פרעמדע אויך. בן־ציון צביה'ס מיין אויך, ער איז, נעבעך, אַלט, קראַנק, אַ צו־בראָכענער שאַרבען. האָט נישט קיין פּרנסה. אַזאַ קבצנות ווי אין קאַב־צאַנסק היינט געדענקען אַלע קאַבצאַנסקער קבצנים נישט. אַז די נשמה האַלט זיך, איז ריינע נסים, נור זכות אָבות טאַקי, אָח—אָח—אָח! און דאָ האָט זיין ליעבער נאָמען, בעהיט זאָל מען ווערען, געשטראָפט מיט אַ ניי מין שטראָף — פון זיין טאָכטער, אָט דאָס מיידעל, דורך וועלכס איך האָב דיר געשיקט זאָקען און אַ קאַפּאָטקעלע, איבערגעניצעוועט פונ'ם טאַטענס, עליו השלום, קאַפּאָטע, — פון דעם מיידעל, אַ וואונדער, כ'לעבען, איז ביז היינטיגען טאָג קיין אַיינגעטונקטע פען נישטאָ, ער האַלט עס, נעבעך, ניט אויס. אמת, זי אַליין קען ניט שרייבען, אַזוינס איז נישט פאַר קיין „יודענע"; אָבער דאָס איז דאָך מעגליך אויסצופיהרען

דורך מאַנסבילען, און איך וואָס טהו? איך בין מטריח ר׳ פיבוש דעם מלמד, געזונד זאָל ער זיין, זאָג איהם וואָס — און ער שרייבט, שרייבט, צוגעבענדיג פון זיך פעפער, ציבעלע, מאַכענדיג פון מיינס אַ וואָרט אַ מוסקאַטקויל, עפיס אַזוי בעטעם׳ט גאָר אַ דערקוויקעניש. (פעפער, ציבע־לע וכו׳, די מליצה זאָגט נישט די מאַמע — ווי קומט צו אַ ווייבערשען מח אַזוינס? דאָס זאָג איך, פיבוש)... איז דען נישטאָ קיין שרייבערס, קיין מלמדים ביי אייך דאָרט אין גלופסק, אין אַזאַ יודישע שטאָדט, וואו שבת־גוים, וואָס הייצען אין קלייזעל די רובעס, ווייסען ווען מען בענשט ראש־חדש, זאָגען ווען איז דער מולד און רעדען יודיש? — זוהנעניו! איך בין אויף דיר גוזר מיט דער מצוה פון „כבוד אב ואם“, טאָמער זעהסטו זי, דאָס מיידעל, אָדער ווייסט עפיס פון איהר, — שרייב למען־השם, ווענסט זיך קויפען דאָס אייביגע לעבען. דער טאַטע איהרער, בן־ציון, ווייסט נישט וואָס איבערצוטראַכטען, ער איז, נעבעך, אין איינע צרות, און צביה וויינט, זאָרגט, אפשר, חלילה, איז זי געשטאָרבען״.

אַ כזית חריין ווען הערשעלע זאָל געווען מיט אַמאָל אויפעסען האָלט איהם נישט געווען אַזוי פערגאַנגען אין נאָז, אין די אויגען ווי פון דער מאַמעס דאָזיגע לעצטע ווערטער. אַז ער האָט זיך געהאַלטען אויף די פיס און נישט געפאַלען, האָט ער עס געהאַט צו פערדאַנקען נאָר דעם שטענדער, ביי וועלכען ער איז אין קלייזיל דאָרט אין אַ ווינקעל געשטאַנען אָנגעשפאַרט איבער דער אָפענער גמרא „ביצה“. ער האָט אַ האַרץ פול מיט יסורים און קען עס נישט אויסגיסען, פערקעהרט, — ער שטיקט נאָך די וועהטיגען אין זיך, די קלויזניקעס זאָלען עס, חלילה, נישט בעמערקען און אַז ער האָט דערלעבט נאַכט און איז געקומען נעכטיגען, — האָט שוין רפאל׳ס בעטיל אין אַלקירעל געסקריפעט, געזאָגט שירה — ער האָט באַלד מאַקי זיך געטאָן אַ וואָרף אויפ׳ן געלעגער, זיך גענומען טראַכטען, זיפצען, קרעכצען געשמאַק וועגען ביילען—און דער טאַפּטשאַן האָט צוגעשפיעלט, אונטערגעהאַלטען דאָס רוקבעט, טשאַקענדיג אויף זיין שטייגער.

---

# דאָס זעקסטע קאַפּיטעל.

וואָס=זשע פּאָרט איז עפּיס אַזוינס היינט? פאָרט פאַר וואָס שלאָפט זיך ניט רפאל'ן די דאָזיגע נאַכט? ס'איז שוין אַזוי שפּעט, און דאָס רוק=בעט אונטער איהם קרעכצט, סקריפּעט, וויל נישט אויפהערען. עפּיס לאָזט עס מיך דאָך הערען!

אוי — גאָר ניט קיין פרעהליכס!

אַ טאָג פון אַרבייט און לויפעניש אין מאַרק איז היינט געווען ביי רפאל'ן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אַ היבש ביסעל סוחרים און זיי געבאָרגט סחורה כפי זיי האָבען פערלאַנגט. אָוועגדס איז ער געקומע אַ היים צו זיך שטאַרק מיעד צוּבראָכען. איידער ער האָט זיך אַביסעל אָבגערוהט, זיך נאָך נישט גענומען צו די חשבונות, בעטראַכטען זיך, וואָס ער האָט מאָרגענדיגען טאָג צו טאָן, קומט אַריין דער טרעגער פון דער פּאָסט צו איהם מיט אַ בריעף. לייענענדיג דעם בריוועלע, איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען. מען שרייבט איהם בסוד סודות, אַז מיט דער פאַבריקע, פון וועלכער ער לעבט, ציהט די פּרנסה, שטעהט עס אַצינד שמאל, ס'איז דאָ שטילע מכות, וועהטאָגען. אויב עס האַלט, חלילה, אַזוי נאָך אַביסעל, בעקומט זי, זאָל די שעה נישט זיין, דעם שלאַק. סחורה איז קיין מעגליכקייט ניט דערווייל איהם צו שיקען. געלד, וויפיעל עס געפינט זיך נאָר ביי איהם, זאָל ער באַלד שיקען. למען=השם, ס'איז אין לעבען אַריין נויטיג.

רפאל ליעגט דאָ אַצינד אויפ'ן געלעגער אין געהאַקטע וואונדען, דער קאָפּ שפּאַלט זיך איהם טראַכטענדיג, און דאָס האַרץ אויך ווערט

איהם "שיעור" נישט צוזעצט. ער בעטראַכט דאָ זיין לאַגע פון אַלע זייטען, אַרום און אַרום, אַזוי:

די פאַבריקע, בעהיט גאָט, שטעלט זיך — שלעכט! איין עק פון זיינע געשעפטען, ער איז אויסגעשטעלט, די סוחרים, וואָס האָבען דאָ גענומען סחורה אויף קרעדיט, וועלען, מסתמא, ווי דער שטייגער איז, באם די פאַבריק שטעלט זיך, זיך אויך שטעלען, נישט צאָהלען אויף די וועקסלען צום אויסגעשטעלטען טערמין. נאַראָנים וועלען זיי זיין, וואָס דען, זיך נישט צו בענוצען מיט יענעמס אומגליק, מיט אַזאַ קראַך? מיטעל דערצו זענען דאָ גענוג. ס'איז דאָ, אַ שטייגער, אויך אַזאַ מאַני־פאַרגע — אויפצוקויפען פאַר אַ שפּאָט־געלד דער פאַבריקעס, אויף זיך אַרויסגעגעבענע פאַפּירען, און מיט זיי טאַקי איהר דעקען. זה תמורתי, הייסט עס, נאַ, ווער די כפרה!... „קוממיות" זאָגען — דאָס איז אַ געוועהנליכע סוחרישע זאַך, פון לבן הרמאי און ביז היינטיגע צייט, מען בעדאַרף נאָר זיין געניט, וויסען דעם נוסח מיט די זיסע תנועה'לעך, ווי עס בריה'ם צו זאָגען...

און אַ צוגאָב נאָך צו די צרות האָט ער געמאַכט היינט געשעפטען, איבערחאַפּענדיג די מאָס. דער רוח ווייסט, וואָס ער האָט אַזוינס געטאָן, גענומען כמעט די גאַנצע סחורה און אוועקגעגעבען זי צו אַלדי שוואַרץ־יאָהר. אַצינד איז ער געפּלעווט — נישט קיין סחורה, נישט קיין געלד! און וואָס זאָל ער ענטפערן די בעלי־הבתים זיינע, די פאַבריקאַנטען, וואָס פאָדערען אַצונד פון איהם געלד אין דער נויט? זאָל ער געהן אָבּ־זעצען ביי אַנדערע די וועקסלען פון די נייע סוחרים זיינע בשעת ער ווייסט די גרויסע סכנה, אַז עס שטעהט דאָ פאָר אַזאַ קראַך? אַזוינס צו טאָן איז איהם ביטער ווי דער טויט, דאָס הייסט דאָך אַזוי פיעל ווי אַ גנב, געהן יענעם איבער די קעשענעס.

טראַכטענדיג אַזוי, קומט ער אַרויף אויף לייבּצען — און ער טהוט זיך אַ וואָרף, צאַפּעלט מיט אַלע אברים. סטייטש, דער גרעסטער טייל וועקסלען איז דאָך דורך איהם אַריינגעפאַלען צו לייבצען! און נאָך וועמעס וועקסלען? עפּים ניט פון די גאַנץ גרויסע בטוחים, נאָר פאַר אַזוינע, וואָס זענען נאָך צו דערליידען כל־זמן דאָס רעדיל דרעהט זיך, סחורה אין דער פאַבריק איז דאָ איבערגענוג, זיי צאָהלען ווי־ס'איז צום טערמין אין אָנהויב, בכדי צו נעהמען נאָך מעהר אין קרעדיט ווייטער, און ערשט דענסטמאָל צו האָבען ביי זיך די ברירה... און פאַר וואָס האָט ער אַזוי געטראָפען אומבערעכענט? בכדי צושאַרען פערדינסטלעך, אַ גרויסען

פּראָצענט לייבצען. און דאָס אַלסדינג האָט ער געטאָן צוליעב חנצה׳ן, צוליעב זיין טייערער, טיעף אין האַרץ אַיינגעבאַקענער חנצה׳ן! אַצונד לאָזט זיך דאָך אויס, אוי-וועה, אינגאַנצען אַ בוידעם. אַליין, ער, געהט אַראָב פון׳ם מאַרק, פערלירט די פונקציע. די סוחרים וועלען זיך געפינען אַ מיטעל ווי נישט צו צאָהלען, לייבצע וועט פערלירען דורך איהם אַ קאַסע געלד, וועט ווערען איהם אַ דם-שונא און נישט לאָזען איהם די שוועל פון זיין הויז אַריבערטרעטען, שלעכט, ביטער, אַי—אַי! פערשפּיעלט זיין קאַמיסיע, און פערשפּיעלט, אוי-וועה, חנצה׳ן!

אין האַרצען גיט אַ שטאָך, רפאל גיט זיך אַ וואָרף, און דאָס בעטיל — ריפּ — סקריפּ...

דאָס געוויסען קומט אויך אינדערמיט אַריין מיט זיינס: שווינדלער! וואָס ביסטו געפלויגען, צעטרענצעלט פרעמדס, געשאַסטעט מיט יענעמס אַלץ צוליעב די חפציות דיינע — צו דערלאַנגען יענץ, וואָס די אויגען זעהען, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, וואָס דעם זינדיגען נפש׳ל פערווילט זיך און וואָס עס מאַכט פערגניגען?... פלוידערזאַק! אויף צו דרשה׳נען האָסטו געהאַט אַ מויל, אַלץ: אמת, יושר, בערעכנונג, מענשליכקייט, פערשטאַנד — שענע קיילעכדיגע ווערטער; אַלץ שטראָפען, מוסר זאָגען, וועלען פערבעסערן די וועלט, ניט צופריעדען זיין מיט דעם וואָס אַ צונד: רב אָשר דער הויפּט-מעקלער איז אַ הויפּט-ליגנער; גרשון דער קרעמער — אַ שווינדלער; זעליג דער סוחר—אַדרעה-קאָפּ; רב נחמן דער גבאי — אַ מזיק, דער אַזוי, יענער אַזוי, איינער נישט קיין רעכטער. און דו?... לייד-זשע אַ צונד. שווינדלער, און מאַך נישט קיין חן!

דאָס געוויסען עסט ווי אַ וואָרים, פּיקט: פּיק — פּיק. רפאל וואַרפט זיך, און דאָס בעטיל — ריפּ — סקריפּ!...

דער טאַפּטשאַן פון׳ם אַנדער׳ן חדר לאָזט זיך אויך הערען, מאַכט רפאל׳ן לעכער אין קאָפּ, איהם דאַכט זיך, אַז דאָס סקריפּעט מיט פערדראָס, בייזערט זיך, האָט צו איהם טענות פאַר הערשעלען: פאַר וואָס האָט ער די גאַנצע צייט זיך אָן איהם גאָר פאַרגעסען. רפאל׳ן איז הערשעלע באַלד ביים ערשטען אַריינקומען זיינס צו איהם אין הויז זעהר געפעלען. ער האָט געזעהן פאַר זיך אַ שטיל, פערטראַכט יונגעלע, אַ עלענדס, אַ אָרעמס, נעבעך — און אויף איהם גרויס רחמנות געהאַט. דאָס יונגעלע פלעגט קומען אַלע נאַכט פּינקטליך נעכטיגען, שאַ, רוהיג, שטיל, נישט אָנצוריהרען אַ פליג אויף דער וואַנד. שאַ, געהאַלטען מויל, גאָר די אויגען זיינע האָבען גערעדט, דער אומעטיג-פערטראַכטער אָנבליק

זיינער האָט זיך בעקלאָגט, ווי ער ליידט און קומט עס, נעבעך, אָב אין דער וועלט. זיין בלייך פּנים, זיין הלבשה, משטינס־געזאָגט, און דאָס גאַנצע אויסזעהן זיינס האָבען אויסגעריסען, שונאי־ציון, אַ שטיק האַרץ. מען האָט געזעהן פּונ׳ם קוקען זיינעם פונדערווייטענס אויף רפאל׳ן, ווי שטאַרק ליעב ער האָט איהם, ווי ער קלעבט אין איהם מיט אַלע זיינע אברים, מיט לייב און לעבען ווי צו אַ טאַטען. רפאל האָט געפיהלט עפּיס אַשולדיגקייט אַ קענען דעם אָרעם קינד, נעבעך, פאַר איהם עפּיס צו טאָן, און פאַרגענומען ביי זיך מיט איהם זיך אָבצוגעבען, מאַכען איהם פאַר אַ שטיקעל מענשען. נאָר די געשעפטען זיינע און חנצה האָבען איהם פאַרדרעהט דעם קאָפּ אַזוי, אַז פאַר דעם אָרעמינקען, נעבעך, איז איהם נישט געבליבען קיין פּיצעל צייט, און פלעגט ביי׳ם דערמאָנען זיך אַ מאָל אין איהם אַלץ אָבלעגען אויף שפּעטער, שפּעטער, ביז ער האָט אינגאַנצען אָן איהם פאַרגעסען. אַצינד הערט ער, ווי דער טאַפּטשאַן דאָרט סקריפּעט, דערמאָנט ער זיך אָן הערשעלען, און דאָס האַרץ פער־לויפט איהם מיט בלוט — אוי, גאָר אַרויס מיר פונ׳ם זינען!... אוי, אַ רחמנות!... דאָס עלענדע, בלודנע שעפעלע איז געקומען צו מיר אין שטוב בעטען הילף, און איך האָב מיך אויף איהם אפילו נישט אַרומגעקוקט!

אָט אַזוי דענקט רפאל, און דאָס געוויסען פייניגט איהם: אַ, דו שענער מענש! אַ גוטער, אַ וואוילער, אַ בעל־רחמים נאָר מיט דעם מויל און טאָן נישט אויף אַ האָר. אַזוי זייט איהר אַלע, פיינע לייט, בעלי־טובות, פערזאָרגער! ווי באַלד עפּיס אַ געשעפטיל, ווערט אייך פער־שטאָקט דאָס האַרץ; ווי באַלד עפּיס נוגע אייערע חפציות, געהט אייך שוין קיינער נישט אָן; ווי באַלד אייער נפש׳ל, מעג יענער חאָטש די כפּרה ווערען. קאָמעדיאַנטען זייט איהר, פאָקוסניקעס, אָנשטעלעני־מאַכער — רשעים מיט שטיינערנע הערצער, קופּערנע שטערענס און גלעזערנע אויגען!...

דער טאַפּטשאַן בייזערט זיך, קרעכצט, דאָס געוויסען פּיקט: פּיק — פּיק, רפאל וואַרפט זיך, און דאָס בעטיל — ריפּ — סהריפּ! — —

# דאס זיבעטע קאַפּיטעל

— אוי, גלופּסק, טפו זאָל זי ווערען! האָט רפאל זיך צו־בּײזערט, אויפחאַפּענדיג זיך ווי אַ פערדולטער, שטאַרק דערשראָקען, נאָכדעם אַז ער האָט אַ בּיסעל אײַנגעדרעמעלט און בּאַלד טאַקי מיט ג אויסגעשפּיגען. צו די אויערן איז איהם פון דער גאַס גאַנץ דײַטליך שוין געקומען אַ שפּיעלען פון אַ פידעלע, אַ רײַסען־זיך פון אַ פלײט אין אַ געקלאַפּעריי פון אַ פּויק אויף וואָס די וועלט שטעלט — נו, אַ גלופּסק, אַ מהומה אויף איהר! טאָג ווי נאַכט איז הו—האַ: קלינג—קלאַנג— שרפות! האָץ—האָץ—חתונות! חאַפּ—לאַפּ— גנבים! ניטאָ איין מינוט מנוחה. פי, קיין גוטער זאָל זי ניט קענען!...

דעם אמת מוז מען זאָגען, היינטיגס מאָל איז רפאל אַ קעגען גלופּסק אומגערעכט געווען, בּיז אַהער האָבּען די שרפות איהרע, די חתונות און גנבות איהם נישט געאַרט. זי האָט געמעגט בּרענען צעהן מאָל אַ נאַכט; דער געוואַלד־גלאָק האָט זיך געמעגט קלינגען, די קעסעל־פּויק קלאַפּען, בּעגנב׳טע גוואַלדעווען צווּעצטערהייד, און ער האָט זיך געטאָן זיינס — געשלאָפען זעהר פיין; גאַנץ פּשוט, ווייל ער איז דערמיט שוין געוועהנט געוואָרען, און דול, קראַנק, חלילה, האָט עס איהם נישט געמאַכט. נישמעהר וואָס? איהם איז ניט גוט געווען גראָד אופ׳ן האַרצען, פון אַמינדסטער זאַך עפּיס נישט אַזוי, איז ער געוואָרען אויפ־געבּראַכט. האָט ער עס אַצונד צו גלופּסק, נעבּעך, אויסגעלאָזט. רפאל איז בּאַלד אַראָבּ פונ׳ם געלעגער, געעפענט אַ פענסטער און זיך געשטעלט אַרויסקוקען אויף דער גאַס.

אַ פריש מאָרגען=ווינטעל האָט אַ בלאָז געטאָן רפאל'ן גלייך אין פּנים אַריין, איהם געגלעט, געקושט די באַקען, די אויגען, זיך געשפּיעלט מיט די האָר און אָבגעפרישט איהם דעם קאָפּ. אין דרויסען איז טונקעל=העל, דער הימעל אין מזרח=זייט איז רויטליך פערפאַרבט, ווייטער אַביסעל שימערט אויף איהם עפּיס אַ בלאַסער פלעק — אַ סימן פון דער לבנה. ס'איז אַנ'אויסמישעניש פון טאָג און נאַכט, אַבלאָזעניש ביי זייער בעגעגנען זיך. מען שפּירט, אַז די זון איז שוין ניט ווייט, אָט=אָט טהוט זי זיך אַ וויז, אָט=אָט איז זי דאָ מיט איהר כבוד אַליין! דאָס זאָגען די שוועלבעלעך, וואָס זענען, קוים געעפענט די אויגעלעך, אַרויס פון די נעסטען און שוועבען, דרעהען זיך מיט אַ שירה אין דער לופט, און דאָס זאָגען אויך די כלי=זמר דאָ, אויף דער גאַס, וואָס פיהרען אַ קעגען טאָג אָב אַ היים, געוועהנטליך, מחותנים נאָך דער חופּה=וועטשערע, מיט דעם אומעטיגען, גאַנץ גלופּסק בעקאַנטען ניגון'דיל.

עס געהט זיך פאַמעליכען אַ דאַר=בלייך יודעל, פון יענע מיני יודעלעך, וואָס וואוינען אָנגעשטאָפּט צעהן אין איין שטיבעל, משטיינס=געזאָגט, דאָרט ערגיץ אין אַ הינטער=געסיל — אָרמינקע, אָבגעריסענע, דערשלאָגענע, דערנידריגטע, אויף וועלכע עס ליעגט אַבאַרג מרה=שחורה און ציטערען פריי דעם קאָפּ אויפצוהייבען. אַצונד געהט עס זיך, אָט דאָס יודעל, האָפּערדיג, ברייטליך, ביגראַנדע, אָנגעטאָן שבת'דיג, אין שיך און זעקעלעך, דאָס קעפּעלע פעררייסען, די הענטלעך פערלעגט אַ הינטער אונטער'ן מאַנטעל, פאַרנעהמענדיג צו ביידע זייטען די פּאָלעס, און לאָזט זיך אָנטהאָן כבוד. כלי=זמר אַרבייטען געשמאַק אויף די כלים, יונגעלעך אין ספּענצערס, הינטען מיט אַרויסגעשטעקטע העמדלעך, לוי=פען פאָראויס; אַ יודענע אין אַ יופּע אויף איין אַרבעל, פערשטעקט דעם פאַרטוך, די עקען פונ'ם קאָפּענטיכעל צעלאָזט, העצקעט זיך ביחידות, פאַר זיך אַליין, די פרייע האַנד אין דער הויך מיט עפּיס אַ מין נאָזטיכעל, און דרעהט זיך, פלאַנטעט זיך פאַר די פיס, לעבעדיג, פרעהליך! עפּיס אַ קאַטאָוועס, דאָס פיהרט מען אָב אַהיים מיט אַ מאַרש, דורך אַלע הויפּט=גאַסען, אַ קבצן מיט'ן ווייב, צוויי פיינע מחותנים — לאָז גלופּסק ניט שלאָפען, לאָז זי נישט קראַנק זיין אויפשטעהן, נישקשה, און וויסען!...

רפאל פערקרימט די נאָז מיט אַ זויערע מינע, ער איז, אַ פּנים, מיט דעם טאַראַראַם נישט צופריעדען, פון זיינעטוועגען וואָלט

גאָר קיין אומגליק, חס־ושלום, ניט געווען, אַז יענע מחותּנים וואָלטען געגאַנגען מיט די פּיסלעך שטיל אַ היים אָהן אַקאַפּעליע נישקשה!...

ער דרעהט אַוועק פון זיי דעם קאָפּ, קוקט אין גאַס, און די יפה־פיה, גלופּסק, ענטפּלעקט זיך פאַר איהם גאַנץ אָפען אין איהר גע־שטאַלט, מחילה, ווי זי זעהט אויס אין דער פריה. די רינשטאָקלעך און די „שמעקענדיגע פּאַרפומעס“, וואָס מען האָט פון די הייזער אַרויס־געגאָסען נעכטען ביי נאַכט, גיבען די „שמוכט“. די הייזער, פּעסט צוגעמאַכט פון דרויסען מיט די לאָדען, האָבען אַ פּנים גאָר עפּיס ווי גרויסע מיסט־קאַסטענס, פאַר די טירען געפינט זיך פון כּל טוב: ביינער, ברעקלעך און אַלע מיני זאַכענישען פון בעל־הבּתיש׳קייט. חזירים, נגידים צווישען די בהמות, וואָס זייער פּרנסה געפינט זיך פאַר זיי גענוג, איבער־גענוג אומעטום, זיי עסען דאָ פונ׳ם גרייטען שטאַרק פּערטיעפּט אין דער אכילה און חראָמקען פאַר גרויס תּענוג. הינט, קבצנים, אָהן שטעלען, אָהן פּרנסה, פגר׳נדיג, נעבעך, פאַר הונגער, דאַרע חאָרטעס, קאַליקעס, דראַבעס פון כּל המינים, נישטערען אין איטליכס ווינקעלע, שנאָרען, זוכען דאָס שטיקעלע ברויט. קומט אַ הינטעל, שטעקט אַריין די נאָז דאָרט, וואו אַ חזיר אַרבייט אין עסק, געבענדיג איהם בשעת מעשה אָנצוהערעניש מיט אַ ביס אין אויער, פּערדריסט עס יענעם שטאַרק און טהוט אַ חריוקע, עפענט דער אַ מויל און בילט מיט עזות איהם אַקעגען, לויפען זיך צונויף אַ פּעקיל בילערס און עס ווערט אַ געשלעג איבער אַ ביינדיל, אַ רייסעניש, אַ בייסעניש — אַיין אַרויסהאַפּעניש פונ׳ם מויל איינער ביים אַנדערן. אויך וואָראָנעס, גנבים, כּל־בוניקעס, שפּאַצירען זיך דאָרט אַרום, שטאַרק אויסען עפּיס צו דערטאַפּען. איינע פון זיי שטעלט זיך אַ חזיר אויפ׳ן רוקען, שטרעקט אויס דאָס העלזעלע, קוקט ממזריש אין דער זייט מיט איין אויגעלע, ווי יענער פּאָרעט זיך אין אַ בערגיל מיסט, און קוים האָט ער עפּיס געפונען, שפּרינגט זי פון אַראָב, חאַפּט די מציאה און פליהט דער־מיט געשווינד אַ וועק. קיה „פּעדערען“ זיך אויפשטעהן פון זייערע געלעגערס אויפ׳ן גאַס כּלחוך השור, לעקען זיך הינטען אַרום אַליין מיט דער צונג, אָדער קראַצען זיך, רייבען זיך, ווי דער שטייגער איז, ביי אַ וואַנד, און לאָזען זיך, ווי גוטע בעלי־בית׳טעס, געהן, שמעקען, זוכען מציאות אין מאַרק, וואָס דער אויבערשטער שיקט צו: אַ שטרויעלע, אַ הייעלע איז אויך סחורה פאַר זיי.

דער גלופסקער מאַרק אין דער פריה מיט זיינע מיני בעשע־פעניש, פיערפיסיגע בהמות, מיט אַלע זייערע געגג, זייער האַפעניש און יאָגעניש אין דער פרנסה — האָט רפאלן זיך פאָרגעשטעלט גאָר עפּיס מאַקי ווי דער יריד פון די צחייפיסיגע זינדיגע נפשות, מיט דעם גאַנצען האַנדעל, מיט דעם שווינדעל, האָקוס־פּאָקוס, שאַחער־מאַכער. ער שטעהט צוטראָגען פערטיעפט אין די געדאַנקען, און משונה־ווילדע בּרואים, פיערפיסיגע און צוויי־פיסיגע, פערביימטענדיג זיך איינע מיט די אַנדערע מיט זייערע פּנים׳ער, דרעהען זיך פאַר איהם משוגענערהייז, אויסגעמישט אַלע אינאייגעם.

אַ קלאַפּ אין דעם פאָרדער־חדר ברענגט אַרוים רפאל׳ן פון זיינע געדאַנקען. ער האָרכט זיך צו מיט איין אויער. און אין קאָפּ פּיקט איהם הערשעלע.

— אָ, הערשעלע! — טראַכט זיך איהם פאַר גרויס רחמנות — ס׳איז אַודאַי פון׳ם שלאָף... ער האָט, ווי איך, די גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. וואָס זאָל עס זיין? אפשר איז ער עפּיס נישט געזונד, אָדער אפשר זאָגט איהם דאָס האַרץ, אַז דאָס אָנהאַלטעניש זיינס, משטיינס־געזאָגט, אויף מיר איז אַ אויסגעבלאָזען אַי. ווער ווייסט, וואו איך וועל מגולגל ווערען, און ער פערליערט אָט־דאָס נאַכטלעגער דאָ... אומגליקליך קינד, אַז אין אַזאַ וויסט באַנק־בּעטיל בעשטעהט דיין גליק! געה נאָכדעם זאָג: וואָס גוט, וואָס שלעכט... אַלע מענשען זענען פון איין טייג געקנעטען, און דאָך ווי פערשיעדען זיי זענען אין זייערע בעדערפענישען צום לע־בען! יענעם איז דער גרעסטער פּאַלאַץ ענג, דעם אַנדערען — גענוג אַ שטיקעל אָרט, וואו אַנידערצולעגען דעם קאָפּ... איין בוים מיט איינע בלעטלעך, די זענען פריש, גרין, האַלטען זיך פעסט, יענע — געל, דאַר־קוואַר, פאַלען, וואָגלען, נעבעך, פון׳ם ווינד זיך עלענד אַרום... אָ, עלענד יתום׳ל, אָ, פערוואָגעלט קינד!

און ווי רפאל טראַכט דאָ, אַזוי הערט זיך ווידער אַ קלאַפּ, שוין אַ גרעסערער, אַ שטאַרקערער, עפּיס ווי ביים עפענען זיך אַ פענ־סטער מיט אימפּעט, דערביי לאָזט זיך הערען הערשעלעס אַ געשריי גאָר אין איין אָטהעם:

— זי!... ס׳איז זי, זי!...

אַז רפאל איז נישט ס־ט — נישט לעבעדיג אַריין אין פּאָ־דער־חדר, איז הערשעלע שוין דאָרט נישט געווען. ער איז דורך דעם פענסטער אַרויס ראַפּטאָם אויף דער גאַס. רפאל וועט איהם פונדערוויטענס יאָגענדיג־זיך פלינק נאָך די מחותנים און פערשוואונדעו־חערענדיג באלד מיט זיי אין אַ געסיל

# דאס אכטע קאפיטעל.

די מעקלערין, וואס איז אַוועק מיט ביילען פון דער זאָרגבאַנק, האָט זי פערפיהרט פון דאָרט גלייך צו זיך עפּיס אין אַ וויסט שטיבעל, ערגעץ אין אַ פערלעגנען געסיל, אונטער אַזאַ אויסרעד:

— דו, מיידעלע, בלייב זיך דערווייל אָט־דאָ ביי מיר, און איך וועל מיר אַגעה טאָן אויף איין פוס אַשמעק געבען צו דער בעל־הבית׳טע, ביי וועלכער ס׳איז דאָ פאַר דיר א אָרט. בלייב, קינדעניו, און רוה זיך טאַקע דערווייל אוים. אין פנים דערקענט מען דיך, אַז דו ביסט נעבעך, מיד פונ׳ם וועג, געקומען, דאַכט זיך, האסטו געזאָגט, פון קאַבצאַנסק?

— פון קאַבצאַנסק, ענטפערט ביילע: היינט ערשט געקומען

— אַוודאי אַ ווילד פרעמדע דאָ, קיין קרוב, קיין גואל, האַ?

— יאָ, עלענד ווי אַ שטיין.

— זעהסטו, ווי האָדיל די מעקלערין טרעפט! ווער ס׳איז שען, און איך קלוג. האָב איך דיר געזאָגט, האַ! נו, גלויב־זשע מיר אַצינד, אַז דער אויבערשטער וועט העלפען. עס וועט, אם ירצה־השם, ווי דער מאָרגענשטערן שיינען דיר דאָס מזל, וועסט לעבען אין פיעל גליק און נחת, אָמן, רבונו של עולם! קאַבצאַנסקער מיידלעך גילטען זעהר שטאַרק דאָ, אַבי נאָר קיין נאַראָנים ניט, ווערט אוים זיי לייט... האַ, וואָס האָב איך געוואָלט? דאָס געדעכטעניש איז מיר אויף דער עלטער, נישט פאַר דיר געדאַכט, אַביסעל געשווערט. וואָס ביי מיר אין איין אויער אַריין, געהט פונ׳ם אַנדערען אַרוים — יאָ, זיך דערמאָנט!... דערמאָן מיך, האָב איך געוואָלט זאָגען, ווי, האָסטו געזאָגט, הייסטו?

— ביילע! יאָ, ביילע, ביילע! שען, אָהן עין־הרע, ביסטו, ביילע, גאָר קיין מעשה נישט. קיין נאַר ביסטו מחויב אויך נישט צו זיין, — מאַכט האָדיל, בעטראַכטענדיג ביילען פון אויבען ביז אַראָב מיט אַ שיי־נענדיג פּנים׳ל, און אַ קניפּ געבענדיג זי אין בעקעלע: — סחורה!... איך מעג שווערען, ביילעניו, דו ביסט הונגעריג. זעהט נאָר, אוי, אַ ווערהטאָג איז מיר, ווי בלייך זי איז! יאָ, הונגעריג? זאָג־זשע, נשמה מיינע, זאָג, זאָג!

ביילע האָט טאַקי דעם גאַנצען טאָג פונ׳ם פריהמאָרגען, ווען זי איז געקומען קיין גלופּסק, ביז איצט נאָך אין מויל גאָר נישט געהאַט, נאָר זי האָט זיך געשעמט זאָגען „יאָ״ און געשוויגען.

— שווייגען הייסט גערעדט. אָ, האָדיל, נישקשה, ווייסט! ווייסט יענעמס פאַרבאָרגענע געדאַנקען, איך קען, נישקשה, די מיידעלעך. יודישע טעכטער זענען שעמעדיגע, בעזונדערס אָט די קליין־שטעדטילדיגע, דאָס שעמען־זיך זייערס איז אָבער טאַקי נאָר איין עקשנות, פּע, כ׳לעבען, אַ מיאוסע זאַך אָט דאָס עקשנות! וויל מען וויסען אַ טעם פון לעבען, וואָס הייסט אַזוינס געלעבט, איז די ערשטע זאַך — אין דר׳ערד אַריין דאָס עקשנות! געדענק, טאָכטער, מיינע ווערטער, ווערסט מיך אַמאָל פאַר זיי בענשען... אָט וועל איך אַצונד אַ שפּרונג טאָן דיר עפּים קויפען. ביז וואַרמעס ביי אונז איז נאָך לאַנג צו וואַרטען. דער מאַן מיינער דרעהט זיך אַ גאַנצען טאָג אַרום אין מאַרק, זוכען פּרנסה. די יונגלעך זיצען פון פריה ביז נאַכט אין חדר. צוויי מיידלעך מיינע דיענען, איינע ביי אַ הויבענפוצערין, — די אַנדערע ביי אַ נעהטאָרין. הלואי זייער מזל אויף דיר געזאָגט געוואָרען! שענע, גוטע, אויסגעקאָכט מיט איטליכען, נישטאָ ביי זיי קיין פּיצעל עקשנות. לייט קוועלען פון זיי גאָר אָן — געראָטען טאַקי אין דער מאַמען זייערער מויד ווייז... עסען מיר וואַרמעס הייסט עס, ערשט ביי־נאַכט. אָט וועל איך אַ שפּרונג טאָן! —

אַזוי לאָזט אויס האָדיל דעם שמועס און ווערט באַלד אַנטרונען.

„אַ צדקת, כ׳לעבען, די האָדיל! — טראַכט ביי זיך ביילע — זי אַליין, ווי אין שטוב דאָ זעהט אויס, איז, נעבעך, אָרעם, און זאָרגט זיך אַזוי פאַר מיר ווי אַ מאַמאַ, עפּים גאָר אַ דימענט, אַ גוטע, גאָר אָהן אַ גאַל, גאָט ברוך הוא מעג איהר פאַר איהר גוטסקייט בעצאָהלען!״.

און אַז ביילע טראַכט דאָ אַזוי, בעטראַכט די שטוב, אַלסדינג דאָרט, דאַנקט און לויבט זיין ליעבען נאָמען פאַר די גרויסע חסדים זיינע מיט דעם עלענדען, וואָס האָט זיך דערבאַרמט און צוגעשיקט איהר אַזאַ,

אזאַ גוטע כשר'ע נשמה, — קומט אָן האָדיל און לעגט אַנידער פּאַר ביילען אויפ'ן טיש אַ גאַנץ פּעקיל שפּייז מיט זיסע ריידעלעך.

— עס, ביילעניו! אָט האָסטו דיר אַ קנעבעלע, אַ רעטיכיל, אַ גרין אוגערקעלע. עס, נשמה'ניו, זאָלסט מיר געזונד זיין! איך וויל פונ'ם גאַנצען האַרצען, וויל איך, אַז דו זאָלסט עסען און אַ שען פּנים האָבען. אַ מיידעלע בעדאַרף זיך צולאָזען וואוילטאָג, הנאה האָבען אין דעם לע־בען. איך מוידוואיז האָב איך מיך נישט אָבגעזאָגט פון קיין זאך, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. אַי, האָב איך עס געלעבט, געלעבט!... זיי־זשע, ביילעניו, אַלעבעדיג מיידעל און נישט געזאָרגט! לאָז זיך גאָט זאָרגען! עס, ביילעניו!

— צו וואָס, כ'לעבען, זאָלט איהר זיך אַזוי מטריח זיין? — מאַכט ביילע און קווינקעלט זיך צו־צוריהרען צום שפּייז, וואָס פּאַר איהר: — בין גאָר ניט אַזוי הונגעריג, בין איך. און פּאַר וואָס זאָלט איהר זיך אויף מיר אַזוי אויסברייגנגען?

— רייד נישט, איך בעט דיך, קיין נאַרישקייטען, אַ מיידעלע בע־דאַרף עסען, זאָג איך דיר, נעהמען אויף זיך לייב און אַ שען פּנים האָבען, אַנדערש קען מען זיך נישט ווייזען פּאַר לייט. און איבריגענס, ברייגנגסטו מיר גאָר נישט אוים, עסט נישט מיינס, ווי דיר דאַכט זיך, דו עסט פריהער גאָט'ס און דערנאָך דיינס. אַז גאָט וועט העלפען, די דרעהסט זיך אַריין אַהין אויף דעם אָרט, וואו איך וויל דיר פּער־זאָרגען, וועסטו מיר, נישקשה, אָבצאָהלען מיט דאַנק. לאָז־זשע זיך נישט בעטען, נאַרעלע, און עס. גענוג גע'טענה'ט, נישטאָ מעהר קיין צייט. אַצונד בעדאַרף איך געהן, וועגען דיר מאַקע, אין ? גוטער שעה.

האָדיל איז באַלד טאַקע אַוועקגעגאַנגען, און ביילע האָט זיך גע־נומען אונטערלעהנען דאָס האַרץ מיט אַפּעטיט, זעהר צופריעדען, וואָס דאָס מזל האָט איהר געדיענט צו בעגעגענען זיך, באַלד ביי איהר אָנ־קומען אַהער, מיט אַזאַ דימענדיגער יודענע, ביי וועלכער זי איז פּער־רעכענט ווי אַ אייגען קינד. געשטערט די פרייד האָט איהר דאָס נאָר, וואָס די מאַמע אין דער היים דאָרט ווייסט עס נישט, און טראַכט אַודאי איבער וועגען איהר, דער גוטער יאָהר ווייסט וואָס אַזוינס. עס גיט איהר אַ צופּ ביים האַרצען, דערמאָנענדיג זיך אָן די אַלע ליעבע אין דער היים, און טראַכט ביי זיך מיט אַ זיפץ: אוי, וואָס טהוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכען זיי דאָרט?

זי טראַכט און שטעלט זיך פאָר דאָס שווערע ביטערע לעבען אין דער היים. די מאַמע איז געעלטערט, געבויגען, נעבעך, פאַר דער צייט; זי געהט אין אַקער פון פריה ביז נאַכט און פיהרט אַ לעבען, משטיינס־געזאָגט, אין דחקות, אין נויט, קיין גוטע שעה האָט זי נאָך, נעבעך, ניט געהאַט... דער טאַטע האָרעוועט, רייסט קריעה אויף דעם שטיקעל טרוקען ברויט. נאָך גוט, אַז ס׳איז חאָטש דאָ אַ פּיסנער קאָליש, אָדער אַ טעפּיל קאַרטאָפּעל פון דער גאַנצער מיה, אַמאָל קומט ער אַ היים לע־דיג מיט אַ פערקלעמט האַרץ — און ס׳איז דאָס אויך נישטאָ. די לעצטע צייט איז ער, נעבעך, אויסגעדאַרט, ווי אַיינגעשרומפּען געוואָרען, קראַנק, צובראָכען. קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין איהם... די קינדערלעך, אוי, אַז אָך און וועה! פערוויסט, נעבעך, איז זייער לעבען, פערפינסטערט זייערע יונגע יאָהרען! זיי עסען קיינמאָל זיך זאַט נישט אָן, האָבען נישט אויף זיך קיין לויט פלייש, נאָר הויט און ביין... אוי, וואָס טהוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכען זיי דאָרט?

עס שטעלט איהר זיך אויך פאָר דאָס אַוועקפאָהרען איהרס פון דער היים. אָך, ווי וועה־און־ווינד דער מאַמע איז געווען צו שיידען זיך מיט איהר קינד! די מאַמע פלאַטערט, ציטערט, איז טויט מיט אַלע אברים, ס׳איז איהר שווער אַיינצוהאַלטען זיך — און אַלע וועהטאָגען, וואָס איהר האָט, פון גאַנץ לאַנג ביז אַצונד, זיך אָנגעקליבען אויפ׳ן האַרץ, גיסט זי עס אויס אין הייסע בלוטיגע טרעהרען. דער אַלטער, צובראָכענער טאַטע מאַכט זיך כלומר׳שט האַרץ, געזעגענט זיך מיט איהר שטיל, קורץ — און אינווייניג קאָכט זיך איהם איבער דאָס ביסעל בלוט, ער איז בלייך, צוטראָגען אַ שרעק. איהר שיידען זיך איז ביים גאַנצען הויזגעזינד געווען אַ רים פונ׳ם האַרצען. דאָס שטעלט זיך איצט ביילע פאָר, פיהלט, ווי דאָס האַרץ געהט איהר אויס נאָך די אַלע ליעבע איהרע, און טראַכט: אוי, וואָס טהוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכען זיי דאָרט?

אָרימע לייט, אַ פּנים, האָבען אויך אַ נשמה, עלטערן צו קינדער, קינדער צו עלטערן און דאָס הויזגעזינד צווישען זיך פיהלען אויך ליעב־שאַפט איינע צו די אַנדערע, אפשר אַ מאָל נאָך מעהר ווי ביי יענע פערמעגליכע.

עס רוקט זיך אָן אויף ביילען אַ וואָלקען מרה־שחורה, אָט־אָט, פּיהלט זי, ברעכט איהר דאָס האַרץ און עס טהוט זיך אַ גאָס אַ מבול

טרעהרען. נאָר פון אַ ווינקעלע דאָרט אין איהר נשמה שיינט אַרויס, ווי אַ ליכטיגער שטראַהל, די האָפנונג, שלאָגט זיך דורך צווישען די געדיכטע וואָלקענס מרה־שחורה, און רוימט איהר אַיין גוטע זאַכען — פרייד, נחת אויף שפּעטער, אם־ירצה־השם, אַז גאָט וועט איהר העלפען זיך שטעלען דאָ אויף דעם גוטען אָרט, דורך דער כשר'ער נשמה, האָדיל די מעק־לערין. אַוועקדיענען אַ צייט און צונויפשלאָגען עטליכע גראָשען, וועט זי עס איינגאַנצען אַ היים אָבשיקען, אָדער זי אַליין וועט נאָר אַ היים צוריקפאָהרען, ברייגנען איטליכען אַ מתנה, וועט העלפען דער מאַמען אין דער בעל־הבתישקייט, און לעבען אין פיעל גוטס אינאיינעם מיט די עלטערן, זאָלען געזונד זיין

מיט אַ זעלכע טרייסטען פערוויעגט ביילען די האָפנונג, עס קלעבען זיך איהר די אויגען, זי שפּאַרט זיך צו אויף אַ האַרט באַנק־בעטיל, דרעמעלט, און עס דאַכט זיך איהר אין חלום — בעטגעוואַנד! צווי איבערבעטען, קישענס גרויסע און קליינע אַ גאַנצער טורם. אויך אַשענע גאַרדעראָבע — זי האָט, הייסט עס, למזל חתונה! ווער חתן, וואו חתן? פרעגט זי בחרם, נאָר ס'איז אַ קושעניש, אַ טופעניש, אַ שטופעניש פון אַלע זייטען, איין קול: מזל־טוב דיר, ביילע, מזל־טוב, מזל־טוב!...

די זון האָט זיך געזעצט, אין שטוב איז טונקעל, און ביילע שלאָפט געשמאַק. אויפ'ן פּריפּעטשיקעל ברענט אַ פייעריל. נאַסע שפּענדלעך אַ פּאָר קנאַקען, רויכערען, בלאָזען זיך, טהוען דערנאָך אַ פלאַקער, בלאָזען זיך, טהוען דערנאָך אַ פלאַקער, בלאָזען אויס אַ תקיעה גדולה — פּופ — פּופ, אַרויסשטעקענדיג די לאַנגע פייערדיגע צינגלעך. און האַפּען אַרום אַ קאָכענדיג טעפּיל, וואָס שעפּטשעט, פלוידערט עפּיס אויף זיין מין לשון. האָדיל שעפּט אָב פון אויבען מיט אַ הילצערנעם לעפעל און פיהרט אַ שטיל געשפּרעך מיט איהר מאַן, וואָס שטעהט אָנגעבויגען איהר ביי דער זייט, אַרויפלעגענדיג איטליכס מאָל אַ פינגער זיך אויף די ליפּען

- שאַ, ברען ווי אַ פייער, שיפּילאַווע פּיסקעלע! אָט איז ער שוין געקומען, די שענע צורה מיט דעם געפייפטען לשון זיינעם: שישאַ — שושי — בייזערט זיך האָדיל אויף דעם מאַן שטילערהייד, שטאַרק אויפ־געבראַכט, נאָכקרימענדיג זיך איהם ווי ער רעדט שיפּילאַווע — קראַנק ביזט דו, האָסט ניט קיין כח צו ריידען שטילער אַביסעל,

נישט פּײַפן און אויפוועקן זי פון׳ם שלאָף, דו הערסט, שמענ־דריק?

— אַ שאלה אַבישעל צו איך הער. וואָס דען? צו־וואָש? זאָג־זשע מיר, איז דאָש סיחות מאַכען, ניסט סוין טאַקי פיהרען זי אַהינצוצו, סוין, אָהן סום סיהוש? — רוימט מענדיע, שטאַרק אָנבויגענדיג זיך, האָרלען אין אויער, שטיל ווי נאָר מעגליך.

צו זיין אומגליק אָבער זענען די זוזשענדיגע אותיות, ווי אַ „שין" אַ שטײַגער, איהם אַרוים פון׳ם מויל מיט אַ פײַף. עס האָט איהם נאָך געפעהלט טאַקי אַ פּאָר פעדערסטע צייהן אויך, וואָס אָהן זיי מוזען אַזוינע אותיות אַרויסקומען געפּײַפט. און, מעשה־שטן, זענען איהם אַרײַנגעפאַלען אין מויל דוקא אַזוינע זוזשענדיגע אותיות, ווי אַ „שין" אַ שטייגער, ווי דעם עולם׳ס אַ ווערטיל טאַקי: אַז גאָט וויל שטראָ־פען אַ עם־הארץ, שיקט ער איהם צו אַ פּסוק אין מויל. דאָס הייסט, אַ גראָבער יונג שיט אין שמועס מיט פסוקים, וואָס קומען אוים לעמעשקע.

— אַי, אין דר׳ערד אַריין, ווי ער האָט זיך עס אַביסעל צופּײַפט, צושושקעט! — שילט האָדיל אויף אַ שושקענדיגען קול שטיל מיט דעם גאַנצען כח פערבײַסענדיג די ליפּען, און די אויגען פערלויפען איהר מיט בלוט — פאַר וואָס, פרעגסטו, נישט פיהרען זי אַהין היינט באַלד טאַקי? בהמה! נאָך קענסטו זי נישט, די כלבו׳ניצע, וואָס פאַר אַ גראָשען וועט זיך בײַדע אויגען אַרויסנעהמען! לאָזען איהר טאַקי די אויגען אַרויסקרי־כען ביז זי וועט מיך זעהן מיט מיין סחורה ביי זיך! היינטיגס מאָל לאָז איך מיך, נישקשה, שוין נישט מעהר שפּײַען אין דער קאַשע, שאַ, שלאָג מיך נישט איבער. וואָס, גולם, האָסטו אויסגעשטעלט דיינע קעלבערנע אויגען אויף מיר אַזוי? האָרך בעסער, שמענדריק, און שווייג.

— סווייג, סוויג! ווייש נישט מעהר ווי סוויג. וואָס־זשע איז בראש אַזוי דאָש סטיקעניש? — שושקעט מענדיע דעם ווײַב אין אויער אַרײַן. און פאַר צופיעל אָבהיטעניש פערפּלאָנטערט זיך איהם די צונג, פערבײַט אַ שין אויף אַ סמך, אַ סמך אויף אַ שין, און עס קומט אוים נאָך ערגער געפּײַפט.

— טפו! — שפּײַט האָדיל אוים, אַ מאַך־געבענדיג אויף דעם מאַן מיט דעם לעפעל — אַ פּײַפען אַביסעל! אָ — אַ פערפּײַפעניש זאָל אויף דיר קומען, רבונו־של-עולם! זאָלסט פּײַפען, פּײַפען... נו, שמענדריק,

דו האָרכסט? דאָס מיידעל דאָרט שלאָפט. שאַ! זי זאָל זיך נישט אויפ־חאַפּען און הערען... נאָך אַ טעם האָב איך, וואָס איך אייל מיך: לאָז זי אַ צווייי, דריי טעג בלייבען ביי אונז דאָ, אונטערפּילעווען זיך אַביסעלע, נעהמען אויף זיך לייב, נישקשה, אַ גענזיל אַז מען שטאָפּט, גיט עס דיר שמאַלץ. אָט האָסטו צוויי טעמים, צוויי מכות דיר! און דער דריטער טעם טרעפט איבער אַלע אַנדערע — אַ דריטע מכה דיר אַ גרויסע דער־פאַר, וואָס דו האָסט אַ קאָצענקעפּיל און פאַרגעסען, וואָס נחמן־טרייטעל שרייבט אין דעם בריעוועל. נחמן־טרייטעל בעט שענע סחורה, אַז ער וועט אין־גיכען קומען — זאָל ביי מיר דאָ זיין גרייט פאַרטיג, עס זאָל נישט פעהלען נישט מעהר ווי אָנצוקוקען זיך און שרייבען תנאים, כּדי ער זאָל דאָ נישט לאַנג פערזוימען און באַלד טאַקי קענען מיט דער כּלה, מישטיינס־געזאָגט, אַוועקפאָהרען אַהינצו, וואוהין ער פאָהרט אַלע יאָהר מיט דער סחורה זיינער און פערדיענט אַ שטיק גאָלד. דו ווייסט דאָך, אַז נחמן־טרייטיל בעצאָהלט תּמיד שדכנות־געלד מיט דער פולער האַנד. איבער אַלע אכסניות האָב איך היינט זיך געדרעהט, געזוכט, טאָמער איז ער געקומען. מאָרגען זאָלסטו געהן זוכען איהם, שמעקען ווי אַ הונד, אַצונד פאַרשטעהסטו שוין, בהמה?

וואָש־זשע איז אַזוינס נישט צו פאַרשטעהן? זאָגט מען עס פריהער אַרויס בפירוש און סאַ — שאַ — לאָזט אוים מענדיע מיט אַ לאַנגען פייף.

— אַצונד, שמענדריק, מעגסטו שוין אַ מיתה משונה איינעהמען, די כפּרה ווערען פאַר כל ישראל... אויפגעוועקט! — מאַכט האָדיל, פערקרימענדיג זיך אויף דעם מאַן שטאַרק בייז, און לויפט־צו באַלד טאַקי צו ביילען אינגאַנצען ווי איבערגעביטען געוואָרען, מיט אַ פרעהליך־שיינענדיג פּנים'ל און אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּעלעך.

— אַ גוטער אויפשטאַנד אויף דיר, ביילעניו! האָסט, אָהן עין־הרע, זיך גוט אויסגעשלאָפען? נו, געזונג געשלאָפען. צייט עסען. מענדיע! — טהוט האָדיל אַ זאָג צום מאַן, עפּים אַזוי פריינדליך, גוט, גאָר מחיה — געה מענדיע לעב, רוף אַריין די קינדערלעך. זיי אַ בעל־הבית, מענדיעניו, מאַך דעם הערינג, שנייד אָן ברויט, און איך וועל מיר דערווייל אויף אַ קליין רגע'לע אַ געה טאָן צום טעפּיל, עס זאָל נישט צוגעברענט ווערען, דו קענסט נאָד מיר, חס־ושלום, געבען גט אָהן כּתובה...

האָדיל האָט בּיים טיש בּיילען אונטערגעטריבּען, אַלץ: „לאָז זיך נישט בּעטען, עם, לאָז דיר וואויל בּעקומען!‟ מאַכען איהר גרויסע האָפנונגען, אַז אָט באַלד וועט זי מיט דעם אויבּערשטענס הילף אויפגעריכט ווערען, זיך אין אַ שמאַלץ-גרוב אַריינחאַפּען, אויף אַ גוט אָרט, נישקשה.

אויף דעם סמך האָט בּיילע בּיים טיש זיך וואויל געטאָן און זיך געלעגט שלאָפען מיט אַ גרינג געמיט.

---

אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויץ)

# בעמק הבכא.

(צווייטער טהייל פון ווינש=פינגערל).



## באנד 8

פארלאג „מענדעלע"

פארקויף געז. „צענטראל", ווארשע.

Printed in Polen.

# דאָס פינפטע בוך.

## דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

„תמשילהו, דו מאַכסט איהם, דעם שענעם מענשען, דאָס אַנטיקעל פון גאָטס וועלטיל, געוועלטיגען במעשי ידיך, איבער די ווערק פון דיינע הענד". — אַזוי זאָגט דער פסוק און רעכענט אויס אַ צעטעל פון אַלע בעשעפעניש, וואָס ליגען דעם מענשען אונטער די פיס: שאָף און רינ־דער אַלערליי, אויך חיות אין די וועלדער, פויגעל אין דער לופט און פיש אין דעם ים. נאָר צו חאַפּען פיש און פויגעל אין נעץ, צו הערשען איבער בהמות איז נאָך נישט אַזאַ חידוש, — פאָרט בהמות, נפשות, משטיינס־געזאָגט, אָהן אַ פיצעל פערשטאַנד. מעהר חידוש איז, ווי דאָס שען מענשיל קליגט זיך צו חאַפּען אויף דער ווענטקע אויך זיין גלייכען טאַקי, ברידער און שוועסטער, זיין פלייש און בלוט.

אָט די דאָזיגע גרויסע קונץ, די משונה־ווילדע בריה׳שקייט זיינע קומט אַרויף אויפ׳ן געדאַנק, ווען מען געהט אויף דער יורדיקע, אַ הינ־טערגעסיל אַזעלכס אין גלופּסק, און מען קוקט אָן לוי בחור׳ס הייזעל דאָרט.

לוי בחור׳ס דאָזיגע הייזעל איז איינס פון יענע הייזער, וואָס זענען אַ פלעק אויפ׳ן פאָלק ישראל און פערשוואַרצען איהם פאַר דער וועלט דאָס פנים. נאָר שענע כשר׳ע יודען געהען פאַרביי, זיי שווייגען און שפייען אויס — גאָרנישט! יאָ, זיי שווייגען, אָבער דער שטן שרייט דערזיף קולות און איז שטאַרק מקטרג. עס שרייען אויך טויזענדער אומ־גליקליכע נפשות, נעבעך, וואָס פאַלען אַריין אין די הענד פון רשעים —

הענדלער מיט לעבעדיגע סחורה, און זייערע ביטערע קולות, זייער גע-
וויין מיט בלוטיגע טרעהרען דערגרייכען ביז דעם זיבענטען הימעל. זיי,
די כשר'ע יודען, קוקען אַוועק, שפּייען, פונ'ם שפּייען אָבער ווערט אָט
די פערשימעלטע בלאָטע אין דעם יודישען לעבען. פרעמדע, פון אַנדערע
פעלקער, חאַפּען זיך ביי די נעז און שרייען: אַי — אַי — אַי — אַ עפּיש
ביי אייך, יודישע קינדער.

ס'איז שוין האַלבער טאָג, די לאָדען פון לוי בחור'ס הייזעל זענען
נאָך צוגעמאַכט. אין אַ בעזונדער חדר'ל דאָרט מיט אַ פענסטער אַרויס
אין אַ גערטענדיל, הינטער דעם הייזעל, זיצען אַ פּאָר בעטאָגטע ווייבער
ביי אַ גלעזיל קאָפע מיט פוטערגעבעקסלעך. איינע — אַ בעלייבטע, אַ
בייכיגע, אַ דיקע, קורץ-געוואַקסענע יודענע, אָנגעגאָסען פון אויבען ביז
אַראָב, איין שטיק פלייש אָהן אַ סימן האַלז. דאָס פּנים איז אונטען צו-
מגושם-ברייט, מיט אַ צוויי-גאָרנדיגען גיידער און פעטע אַראָבהענגענדיגע
פּאָר באַקען, ווי די פּאַמפּושקעס, מיט געלע פּליאַמעס, צווישען וועלכע
עס שליינגלען זיך רויטליך-דינע ערדערלעך, און אויבען-צו איז עס צוגע-
שפּיצט מיט אַ קליין שמאָל שטערענדיל, אונטער וועלכען עס זיצען פער-
טיעפט גרויע, פייכטע אויגעלעך מיט אַ גלאַנץ. די גאַנצע געשטאַלט
איהרע איבערהויפּט זעהט אויס ווי אַ היטעל צוקער. אונטען, מחילה,
ברייט און אַלץ שמעלער-שמעלער ביז צום קעפּיל. דער מלאך האָט ביי
איהר געבוירען ווערען זיך, אַ פּנים, געפלייסט, ווי אַ בריה אַ משרת אין
באַקאַליי-קלייט, איינגעפּאַקט איהר נשמה'לע און אַרויסגעלאָזט אויף דער
וועלט אַזאַ סחורה אין אַ שקאַרמיץ. אין דער וועלט האָט די סחורה, אין
איהר צייט, שטאַרק געגאָלטען, אַצינד אין די עלטערע יאָהרען איז זי
לוי בחור'ס ווייב און איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען: „די מוהמע
שיינצע". — אַקעגען-זשע די אַנדערע יודענע איז אַ מאָגערע, אַ הויכע
מיט איינגעפאַלענע באַקען, דינע פערבליוועטע ליפּעלעך, אַ דין-שפּיצעבדיג
נעזיל און בלויע שטעכענדיגע אויגעלעך אין וועלכע עס צינדט זיך אַ מאָל
אָן אַ פייעריל. אין דער יוגענד האָט זי געמוזט זיין שען, נאָר אַצונד איז
זי אָבגעבליאַקעוועט, געקנייטשט, און זעהט אויס אינגאַנצען ווי איין אָב-
געשלאָגענע הושענא — דאָס איז האָדיל די מעקלערין מיט איהר
כבוד אַליין.

די מוהמע שיינצע פּאַקט געשמאַק אויף ביידע באַקען און בעט
אַלץ האָדלען, זי זאָל אויך געשמאַק עסען.

— זאָלסט מיר געזונד זיין, האָדיל, עפּיס עסטו מיר גאָר ווי אַ

קינד: פּאַמעליכען, צו שטיקעלען, קוים=קוים וואָס דו קייסט, אָט נעהם, נשמה'ניו, איך בעט דיך, אַ שטיק טאַקי, אַזוי — אַזוי מיט אַמאָל, און עס! די פּוטערגעבעקסלעך זענען מיר היינטיגס מאָל זעהר געראָטען, טאַקי חנצה'ס קבלה, אַריינגעלעגט אין זיי גענוג אייער און פּוטער, צימערינג, אינגבער אויך נישט פערגעסען. אָט האָסטו דיר אַ פערבבר ווינטס נעהם, איך בעט דיך, און עס, עס!

— געזונד זאָלסטו מיר זיין, שיינצעניו, לעבען מיינס, מאַכט האָדיל מיט חן צונויפשנורענדיג די ליפּעלעך און אַלאַנג=שמאָל פּיסקעלע און טהוט ווי אַ פויגעלע אַ זופּ פונ'ם ;לעזיל קאָפּע: וואָס דען טהו אין איך עס מיר, נישקשה. זעהר געראָטענע בייי דיר פּוטערגעבעקסלעך! דער מלכות מעג זיי עסען. אַזאַ מזל, רבונו של עולם, זאָל איך האָבען, וואָס פאַר אַ גוטע בעל=הבית'טע, שיינצעניו, דו ביסט!

אָט אַזוי זיצט זיך דאָס פּאָריל, טהוט זיך וואויל און פיהרט דערביי אַ געשפּרעך איבער פיעל זאַכען, דערמאָנענדיג זיך אָן דער יוגענד אָן אַמאָלדיגע צייטען. ביידע האָבען מוידווייז געהאַט איין ברויט, דערצויגען געוואָרען אויף איין אָרט, און ביידע האָבען דערנאָך שוין, אין די יאָהרען, גענומען פּלוצלים און צוגעדעקט דעם קאָפּ — חתונה, הייסט עס, געהאַט... שיינצען איז דאָס מזל געגאַנגען און זי איז מיט דער צייט געוואָרען אַ בעל=הבית'טע מיט אַ געשעפט אַליין פֿאַר זיך. זי האָט בעקומען אין שטאָדט אַ נאָמען, צו איהר אין הויז קומען לייטישע מענשען אַזוינע און אַזוינע, און לעבט זיך אָב איהר וועלט אין עושר און אין כבוד. שיינצע היט אָב יודישקייט, איז שטאַרק געוואָרענט אין די דריי ווייבערשע מצות. שבת און יום טוב געהט זי אין שוהל חאַפּען אַ ברוך הוא וברוך שמו, זעהט ווי ווייבער שפּרינגען קדושה — שפּרינגט זי אויך! הערט ווי ווייבער וויינען, קלאָגען ביי די תחינות — וויינט זי, קלאָגט זי אויך. אויפ'ן קאָפּ טראָגט זי אַ טיכעל, אַראָבגערוקט כמעט ביז די אויגען — עס זאָל קיין איין האָר ניט אַרויסקוקען, חלילה. דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ איז ביי איהר אַ גרויסער יחוס, זי נעהמט זיך דערמיט שטאַרק איבער, עס האָט דאָך איהר צוגעדעקט די חרפּה און בעוויזט דער וועלט, אַז זי האָט גענומען אַמאַן מיט חופּה און קידושין אַלטע ווייבער, מיני גבאי'טעס אַזוינע, קומען אָפּט צו איהר נאָך אַ נדבה און זי גיט זיי עטליכע גראָשען, אַ מאָל אויך אַ אַלט קליידעל, זאָקען אַ פּאָר אויסגעטרעטענע. זי איז זיי אויך מכבד מיט לעקעך און בראַנפען אַ ביסעל; זיי טונקען, טונקען, מאַכען ברכה, פערקרימענדיג זיך, און ווינשעווען איהר

אַלס־דאָס־גוטס אויף דער וועלט און אַ שטוהל אין גן־עדן אויף יענער וועלט. שיינצע איז געבענשט מיט פרנסה, מיט פיעל גליק; עס געהט איהר מעהר ניט אָב ווי קינדער — קינדער האָט זי נישט, און דאָס פער־אומערט איהר דאָס לעבען.

— „געה פרעג גאָט אַ קשיא — איז דער שטיינער איהרער זיך צו קלאָגען, טאַפּענדיג זיך בשעת מעשה אַלץ ביים קאָפּ: — וואָס העלפּט עס? שוין אַ צוגערעקטער קאָפּ, ברוך־השם, און פאָרט גאָר נישט, אַלץ טאַקע וואָס פריהער... מסתמא איז רעכט, מסתמא בעדאַרף אַזוי זיין בעונותינו הרבים“...

ווערטער אַ ביסעל! טאַקע גאָר ווי אַ צדקנית..

האָדלען זשע אַ קענגען געהט עס שלים־שלים־מזל. קינדער האָט זי דוקא יאָ — און דאָס איז באמת טאַקע אַ גרויס וואונדער! נאָר אַ קבצנטע, נישט פאַר קיין יודען גערעכט, איז זי, נעבעך, אַ גרויסע. זי פער־שטעהט אַ עסק אַזוי ווי שיינצע, אפשר נאָך צעהן מאָל בעסער, האָט שוין געפּרובט איבערדיענען, ווי מען זאָגט, אַלע עבודה־זרות, זיך שטרעקען אין אַלע עקען, נאָר אומזיסט די מיה. איהר איז נישט בע־שערט געווען זיין אַ בעל־הבית'טע מיט אַ געשעפט אַליין פאַר זיך, און געמוזט ווערען אַ מעקלערין, זיך דרעהען אַרום שיינצען — און דאָס האָט זי געשטאָכען ווי מיט אַ מעסער. אַ דם־שונא איז זי שיינצען ביי זיך אין האַרצען. ביי אַ שמועס מיט איהר איז זי צוקער־זיס, מיט אַ צונויפגע־שנירט פּיסקעלע און מיט שיינענדיגע אויגעלעך, דאַכט זיך, די נשמה געהט איהר אויס פאַר גרויס פרייד, וואָס יענער איז אַזוי גוט, שטעהט אויף אַזאַ שטופע! נאָר אין מיטען געשפּרעך טהוט זי שיינצען אַ פּיק, רוקט איהר אַריין אַ שפּילקע, אַ שטעכווערטיל גלאַט אַזוי זיך, אָהן אַ מיין כלומר'שט.

— אוי, שיינצעניו — קריין, נשמה מײַנע, מיט דיר צו זיצען איז מיין לעבען. איך קוועל גאָר אָן אָנקוקענדיג דיך. אָהן עין־הרע היינט אַ גראַפינע, און אַ מאָל?... געדענקסטו דאָרטען, דאָרטען?... ווער וואָלט עס זיך געריכט דענסטמאָל?... און נחת, כ'לעבען, האָב איך פון דיר. דער אויבערשטער זאָל מיך נאָר וועלען מזכה זיין צו דער־לעבען ביי דיר קינדער... קרעכץ נישט, שיינצעניו, זיי זיך נישט מצער, איך וויים, וויים ווי שלעכט ס'איז, ווי ביטער אָהן קינדער. וואָס דען האָט געטויגט דאָס גאַנצע חתונה האָבען?

— דער זינדיגער מענש טהוט וואָס ער קען, און ווייטער... וויים

איך? געה פרעג קשיות דעם רבונו של עולם. ווען ער גיט געלט, וועמען — קינדער. אָהן געלד צו זיי איז אויך וויסט און ביטער, טוהט די מומע שיינצע האָדלען צוריק מיט'ן צינגעלע אַ פּיק.

— דאָס איינציגע טרייסט איז מיר מיינע קינדער, טייערער פון גינגאָלד... נישקשה, שיינצעניו, זיי זיך נאָר נישט מצער... האָב מיך גענוג בּײַ דיר פּערזעסען. לאָמיך שוין חאַטש געהן.

— וואָס איז אַזוינס דאָס אײַלעניש אויף דיר, האָדיל? אַ קאַטאָוועס עפּיס, זי האָט זיך פערבײַנקט אַ היים נאָך „איהרען", שוין אפשר אַ שעה, אַז זי האָט איהר אַלטען ניט געזעהן.

— זאָלסטו טאַקע וויסען. אַזאַ מזל אַלע מיינע ליעבע — דיר אויך, שיינצעניו, — וואָס פאַר אַ מעַנדיע מיינער איז! אַ בּריליאַנט! וואו געהמט מען נאָר צו איהם דאָס שטיקעל'ע גליק!... פאַר דעם מיידעל, נישקשה, ווערסטו מיר דאַנקען. סחורה! אַ—יאַ, שיינצעניו? דו האָסט מיך אפילו אַ ביסעל געקריוודעט. נאָר—טע... האָסט געהאַפּט אַ מציאה! דיין מזל איז, וואָס נחמן־טרייטיל האָט זיך פּערפּאַקט ערגיץ אין וועג און איז נישט געקומען אַ הער, ווי ער האָט געשריבען... שאַ, לאָמיך די חאַטש דערצעהלען! ווייסטו וואָס איך האָב געהערט? ער האָט היינטיגע יאָהר, צווישען אונז גערעדט, פיער מאָל זיך משדך געווען, און בּשלום אַריבּער די גרעניץ מיט דער סחורה און זי פּאַרצוקערט דאָרט, געמאַכט זעהר גוטע געשעפטען. דאָס מזל שפּיעלט איהם, אָט דעם טרייטלען — עס געהט איהם פון טיר און טויער! עס וועט פון איהם, געדענק מיינע רעד, מיט דער צייט אויסוואַקסען אַ גרויסער מיט געלד אָנגעשטאָפּטער רב טרייטיל!... וואו איז זי ערגיץ, דאָס מיידעל?

— זי איז דאָרט בּײַ זיך אין קעמעריל. איך האָב איהר געהייסען זיך אָבּוואַשען, אָבּזייפען און אַראָבּוואַרפען פון זיך איהרע שמאַטעס. אָט אַזוי האָט מען עס פון זיי — זאָגט די מוהמע שיינצע מיט אַ זיפץ: מען וואַשט זיי, מען רייניגט זיי, מען שוכט און קליידט זיי, און אַז עס חאַפּט די זעט — ווערט עס פּריצות, קיינמאָל נישט צופריעדען, גלייך ווי מען וואָלט זיי דאָ געקוילעט, אוי, צייטען, היינטיגע צייטען!...

— נו, וואָס זאָל מען טאָן? ווער עס האָט די קיה, האָט די מיה, — טרייסט האָדיל די מוהמע שיינצען מיט אַ זיס־גנבה'ש שמייכע־לע: — אַ וודאי איז אַמאָל אין אונזערע צייטען בּעסער געווען. געדענקסטו חאַטש, שיינצעניו? נו, צייט מיר אַ היים. לאָמיך חאַטש נעהמען אַ פּאָר פּוטערגעבּעקסלעך פאַר די קינדער, לאָזען זיי אויך וויסען..

— וואַרט נאָר, האָדיג, פאַר די קינדער וועל איך דיר געבען אויך לעקעך. אַי, איז בײַ מיר היינט אַרויסגעקומען אַ לעקעך, טאַקי נאָר אויף חידושים אַ לעקעך!... הא, אַז עס האַלט שוין דערבײַ—טאָמער וואָלסטו גענומען אַ ביסעל בראַנפען און אײַנטונקען אויך אַ שטיקעל לעקעך? און אַז דו וועסט מיך גוט בעטען, האָדיל, וועל איך אויך נעהמען אַ קעלי־שיקעל און מאַכען מיט דיר לחיים.

— טאַ... אַז דו ווילסט, מאַכט האָדיל מיט אַ קנייטשעלע און אין די אויגעלעך האָט זיך איהר אָנגעצונדען אַ פײַעריל.

ביים געזעגענען זיך זענען בײדע חבר'טעס געווען שטאַרק אויפגע־רייסט לעבעדיג־פרעהליך, זעהר בערײדעוודיג. האָדיל האָט, גלײַך ווי ביים אוועקגעהן פון אַ געווינערין נאָך אַ לעקעך און בראַנפען, אָנגעוואונשען דער מוהמע שיינצען אַ פולען קאָפּ, זי זאָל מגדל זיין דאָס מיידעל און דערלעבען פון איהר פיעל נחת, הלוואי זיי זאָלען געזונד זיין און געהן איינער צום אַנדערן ווייטער אויף אַזעלכע שמחות, אם ירצה השם.

אין הויז איז האָדלען צו די אויגען געקומען בײלע, אָנגעוואַשען, פֿייסגעצוואָגען, שען־ריין אָנגעטאָן, שיינט, לײַכט, עפּיס בעקומען נאָך אַנדער פּנים.

— אַזאַ יאָהר, אַזאַ מזל דער מאַמע דיינער! — מאַכט האָדיל מיט אַ משונה'דיג קול, אָנקוקענדיג ביילען: דו לויכסט דאָך עפּיס ווי דער ליכטיגער מאָרגענשטערן. זיי נאָר נישט קיין נאַרעלע, טאָכטער. פאָלג די מוהמע שיינצען, ועט אַז גוט און אַז וואויל דיר זיין!...

————

# דאס צווייטע קאַפּיטעל.

בּיים ערשטען אַריינטרעט בּיילעס אויפ׳ן נייעם אָרט האָט זי זיך געפיהלט, עפּיס איז זי גאָר אויף אַ נייער וועלט. אַלסדינג וואָס דאָרט — איז איהר אויסגעקומען עפּיס משונה: די מענשען, דאָס גאַנצע פיהרונג דאָרט משונה, און זי אַליין אויך משונה. זי קוקט זיך אָן אין שפּיעגעל, וואָס בּיי איהר אין קאַמעריל אויף דער וואַנד, און דערקענט זיך נישט — דאַכט זיך נישט זי, און פאָרט טאַקע זי. עפּיס האָט זי בּעקומען אַ נייע הויט. זי טאַפּט זיך בּיי די שען־פּערקעמטע, מיט מאַנדעל־אייל געשמירטע האָר, וואונדערט זיך אייף איהר אַרויסגעשטעלט העל־זעלע, ריין־אָבּגעזייפטע הענדטעלעך, אויף איהר שען־צוגעפּוצט קליידעלע, גענייהט נאָך דער לעצטער מאָדע — און שמאָכט. עס טהוט איהר הנאָה. וואָס זאָל זי דאָ איבּערטראַכטען? אַזוי, מסתּמא, בּעדאַרף זיין, מסתּמא איז אין גלופּסק שוין אַזאַ אַיינפיהר, אויסצופּוצען דיענסט־מיידלעך ווי אַ טאָק. מען בּעדאַרף דאָך וויסען, אַז אינגאַנצען איז דאָך בּיילע גאָר אַ קינד — אַ יאָהר פופצעהן—זעכצעהן, און געבּוירען איז זי וואו? אין קאַבּצאַנסק, פון וואַנען זי האָט בּיז איצט קיין פוס נישט אַרויסגעשטעלט, כּאַר זיך נישט אָנגעקוקט די ליכטיגע וועלט! געהערט האָט זי נאָר, אַז ס׳איז דאָ ערגעץ העט—העט אויף יענער זייט ראַגאַטקע אַ גרויסע שטאָדט גלופּסק, די בּעסטע אויף דער גאַנצער ערד, וואָרום זי איז דאָך בּע־זעצט מיט לויטער יודען, אָהן עין־הרע, אַ קעגען אַ הונדערט קאַבּצאַנ־סקען אינאיינעם — און דאָרט איז עס אַ בּיסעל אַ לעבּען, אַי־אַי־אַי! דאָס, וואָס די גלופּסקער זענען דימענדיגע מענשען, כּשר׳ע, שענע, פיינע לייט, איז בּיי איהר געווען גאַנץ זיכער, דערויף האָט זי דאָך דעם

בעסטען בעוויז: פריהער האָדיל די מעקלערין, אַצינד — די מוהמע שיינצען. מסתמא האָט זי דאָך נישט אומזיסט זוכה געווען ביי דער וועלט צו הייסען „מוהמע", זי האָט מסתמא פערדיענט פאַר איהרע מעשים טובים. אַזוינע, וואָס אַ וועלט—מוהמע, איז ווי געוועהנליך אַ יודענע אַ צנועה. היינט אויך די אַלע אַנדערע פאַרשוינען דאָ, אויך אַזעלכע גוטע, לעבעדיגע, צוגעלאָזטע. קיין עין־הרע, טראַכט זי ביי זיך, עפּיס אַזוי פיעל טעכטער! אַהאַ. איך פערשטעה — קעסט־קינדער. אַצינד איז שוין רעכט. דאָס זיצען דאָ אויף קעסט יוגענדען מיט די מאַנען. אַ גע־בענשטע פון גאָט איז די מוהמע שיינצע טאַקע! ביילע האָט אַלסדינג געטייטשט נאָך איהר פערשטאַנד, נאָך דעם שטייגער לעבען איהרען אין קאַבצאַנסק, און אַנדערש האָט זי טאַקע נישט געקענט טייטשען. אַנדערש האָט זיך איהר קאָפּ גאָר ניט געלעגט. אַז זי איז אויף מאָרגען פריה צוגעגאַנגען צו שיינצען מיט אַ פרעגע: „בעל־הבית'טע, זאָגט מיר, וואָס האָב איך צו טאָן"? און די מוהמע האָט מיט אַ שמייכעלע, עפּיס גאָר טאַקי ווי אַ אשה צנועה, געענטפערט: „אַייל זיך, טאָכטער, נישט אַזוי, עס וועט נאָך קומען דיין צייט אויך", — האָט זי עס אָנגענומען פשוט, מסתמא איז דער שטייגער דאָ אַזוי, ליעב צו האָבען דיענסטען, אַרביי־טען מיט זיי פאַמעליכען, מיט רחמנות.

און ס'איז ביי איהר געבליעבען אָבגע'פסק'עט, אַז אַ יודישע שטאָדט איז טאַקע דאָס גלופּסקעלע, די יודעלעך דאָ — צדיקים, זעהר פיינע לייט, זעהר גוטע אַיינפיהרונגען!...

באַנג געטאָן האָט ביילען שטאַרק איין זאַך נאָר, פאַר וואָס איז די מאַמע דאָ נישטאָ און זעהט נישט מיט איהרע אייגענע אויגען, ווי דעם קינד, אָהן עין־הרע, איז עס גוט. ניחיי זאָל זי נחת האָבען פאַר דעם צער, וואָס זי האָט, נעבעך, פון איהר געהאַט! און אַזוי ווי ביילע איז דערווייל געזעסען לעדיג, מיט פערלעגטע הענד, אַליין פאַר זיך אין קאַמעריל, בענקענדיג נאָך די איהריגע, האָבען זיך איהר צושפּיעלט די געפיהלען, און זי נעהמט זיך אויסשטעלען אין איהרע געדאַנקען אַ בריעף אַ היים. נישט אַזוי גרינג אָבער טהוט זיך, ווי עס רעדט זיך. יודען מיט בערד אפילו, וואָס זענען, דאַכט זיך, אי משונה קלוג, אי געניט, ווילדע בריות אויף אויסצוזעצען יענעם פעהלער, אַוועקצורעדען איבער אַלסדינג וואָס אין דער וועלט, — אפילו זיי פיהלען, נעבעך, ביי אַ בריעף שרייבען אַ מאָל דעם טויט; זיי טענטלען, טענטלען מיט דער פען, קוועטשען זיך, רייבען דעם שטערן. און עס געהט נישט, חאָטש

צעררייס זיך, עס קלעבט זיך נישט איין וואָרט צום אַנדערן, עס זענען גאָר טאַקע ריינע בהמות — היינט אַ פּשיטאָ שוין בּיילע, אַ קליין קאַבּצאַנסקער מיידעל, נישט אַזאַ בּריה, נישט אַזאַ חכמה, ווי זיי!... נאָר דאָך, מעגליך אפשר טאַקי, ווייל זי איז נישט אַזאַ חכמה ווי יענע, האָבּען עטליכע ווערטער בּיי איהר אין מח זיך יאָ געריימט; ס'איז אויסגעקומען עפּיס אויף דעם שניט פון די בּעקאַנטע „פּירגריסליך" משל — לעמעשקע פּערווירצט מיט קאַבּצאַנסקער דייטש — יענץ מין דייטש, וואָס יודישע קינדער שניידען אין אַ געשריפטס, מלמדים אין דעם חומש און ווייבּער אין די תחינות, ווייל אַנדערש פּאָרט זיך עפּיס נישט, און עס לעגט זיך טאַקי נישט די צונג, ווי אַ שטיינער, נעהם זאָג אַ הונד: „געה, זיי מוחל, אַרויס"! און נישט אויף יווניש: „פּאַשאָל וואָן"! אָדער גערעד מיט אַ קוה, מיט אַ קעלבּעל יודיש... דער עיקר אין דעם בּריוועל, וואָס בּיי בּיילען אין קאָפּ, איז געווען אַ לויב צו השם־יתבּרך. אָנגעהויבּען האָט זיך עס אַזוי:

„געלויבּט און געדאַנקט דער לעבּעדיגער פּאָטער אין הימעל, דאָס ער איז מיט דעם עלענדען, בּעשירעמט דעם פאַרוואָגעלטען, דערהויבּט דעם געפאַלענעם. עס האָט זיך ענטפּלעקט בּעשיינפּערליך זיין גנאָד, די גרויסע נסים מיט מיר, מיך צו פיהרען דאָ אויף דעם רעכטען וועג, און אַריינגעבּען מיך אַצינדערט אין אַ גוט אָרט" א. ז. וו.

פּאַרטיג מיט דעם אויסשטעלען דעם בּריוועל אין קאָפּ, הויבּט זיך אָן בּיי איהר אַ נייע דולעניש: ווי קומט די קאַץ איבּער'ן וואַסער, ווי אַזוי, הייסט עס, גיט מען שוואַרץ אויף וויים אַרוים? שרייבּען אַליין קען זי נישט; בּעטען עמיצען פון די „קעסט־קינדער" דאָ, פּאַסט איהר עפּיס נישט. וואָס־זשע דען? זי טראַכט, טראַכט און עס פאַלט איהר איין — הערשעלע!...

„יאָ, הערשעלע!... ער וועט מיר אָנשרייבּען... וואָס איז עס אַזוינס, וואָס כ'יר גלוסט זיך אַלץ איהם זעהן, און זעה איך איהם, פּיקט עס, פּיקט אָט־אָ־דאָ, דאָ אין האַרצען? אַ בּרודער איז ער מיר? ניין! אַ חתן? ניין! וואָס דען? עס קיצעלט עפּיס צו לאַכען... אַ שען געלעכטער, האַ, אפשר איז דאָס טראַכטען אַזעלכעס אַ עבירה? נאָר ווער איז מיר, אַז עס טראַכט זיך אַליין!... אפשר בּעדאַרף איך ניט וועלען... ניט וועלען איהם זעהן? אוי, ווינד איז מיר, עס ווילט זיך דאָך אָבּער יאָ, און אַצינד דוקא גראָד נאָך מעהר!... רבּונו־של־עולם, איך בּין זיך מודה! רבּונו־

של=עולם, זינדיגען ביי זיך אין הארצען אלע מיידלעך אזוי אָדער איך נאָר, אז אָך און וועה צו מיר, איך אליין״!...
אזוי טראכט ביי זיך ביילע און אין די אויגען שטעלען זיך איהר טרעהרען.

-------

שיינצע און לוי, איהר מאן, זענען געוועזען א גלייך פאָר=פאָלק. מאַקע אַ זיווג מן השמים. ביידע האָבען געאַרבייט אין דער פרנסה, אַרויסווייזענדיג זייער בריה׳שאַפט, איטליכער נאָך זיין גאַנג. און ווען שיינצע האָט ביי דער וועלט פערדיענט דעם נאָמען „מוהמע״, האָט אויך לוי פון זיין זייט כשר פערדיענט ביי איהר דעם נאָמען „בחור״. אזאַ מבין אויף „סחורה״ ווי ער, אזאַ מייסטער אין זיין זאַך איז צווישען זיין חברה קיינער נישט געוועזען. ביי אַ שווערע זאַך אַמאָל פלעגט מען זיך ווענדען צו איהם. ער פלעגט דער חברה פסק׳נען שאלות און פאַר= ענטפערן אַלע האַרבע קשיות. מען בעדאַרף וויסען, אַז די אַלע חברה= לייט, וואָס האַנדלען מיט „לעבעדיגער סחורה״, זענען דורכגעטריבענע ממזרים, יאָלדען מיט ביינער. זיי דרעהען און פערדרעהען קעפּ, בלענ= דזען און פערפיהרען הו-דערטער נפשות מיט אַלערליי המצאות. ס׳איז דאָ צווישען זיי אַלע מיני פּאָקוסניקעס, קאָמעדריאַנטען, וואָס מאַכען די שפּיעל, פערשטעלען זיך, כדי יענע צו פערפיהרען, פאַר חתנים, פאַר מענשען מיט געשעפטען, פאַר אַגענטען, פאַר גלאַט אַזוי זיך גוטע, שענע, כשר׳ע יודען וכדומה נאָך אַזעלכע אָנשטעלען, ווי עס פּאַסט צום ענין. היינט, אַז אַזוינע לייט האָבען תרבית פאַר לוי׳ן, האַלטען פון איהם ווי פון אַרבי׳ן, איז, מסתמא, לוי אַ בחור טאַקע וואָס אַ בחור הייסט.
לוי בחור איז אין דער=היים נישט געוועזען בשעת ביילעס אַריינ= טרעטען צו איהם אין הויז; ער איז געפאָהרען ערגיץ אין אַ אָרט, וואוהין חברה האָט איהם אַרויסגערופען, ער זאָל זיי עפענען די אויגען אין אַ האַרב שטיקעל אַרבייט. די מוהמע שיינצע, וואָס האָט שטאַרק געהאַלטען פונ׳ם מאַן, נישט געטאָן קיין שום זאַך אָהן איהם, האָט גע= האַלטען דערוויל ביילען, ווי נאָר מעגליך, אָבגעזונדערט פון דעם אי= בעריגען עולם אין אַ קאָמעריל פאַר זיך, געגעבען איהר כלומרשט, פון יוצא וועגען, עפּיס אַרבייט, ווי, אַ שטיינגער, אויסלאַטען העמדער, איינ=

נייהען קנעפּלעך, אונטעראַרבייטען זאָקען, און אַלץ זאָגען איהר, אַז דער בעל־הבית וועט קומען, אם ירצה השם, דענסטמאָל וועט זי, נישקשה, האָבען נענוג אַרבייט. די מוהמע שיינצע איז זיך בענאַנגען מיט איהר זעהר גוט, זי אונטערגעפּילעוועט, געמיינט דערמיט גאַנץ פּשוט, דאָס שטיקעל סחורה זאָל אַ פּנים האָבען, לוי זאָל ביים אָנקוקען עס צו־פריערען זיין און וויסען, אַז דאָס ווייב זיינס איז אַ מענש, מען מעג זיך אויף איהר פאַרלאָזען.

אַז לוי איז אין אַ קורצע צייט אַרום געקומען אַ היים און האָט גע־זעהן ביילען, איז ער פערצאַפּעלט געוואָרען פאַר פרייד, אַזוי איז זי איהם געפעלען:

— הערסטו, מיין ווייב, רופט ער זיך אָן צו שיינצען: דאָס מיידעל איז אַ שען שטיקעל סחורה! אַצינד איז זי נאָך רויה, אַ ביסעל טערפּקע, נאָר מיט דער צייט וועט אויס איהר ווערען אַ כּלי. עס קען זעהר גע־מאָלט זיין, אַז זי זאָל אַמאָל נאָך אָנשפּאַרען אין די ווייטע מקומות, אַהינצו, אַ שטיינער, צום פעטער ישמעאל. מען וועט קענען פאַר איהר הויבען אַ גרויסע אַפּותיקי. ביז דענסטמאָל אָבער, ביז עס וועט זיך גע־פינען אויף איהר דער אמת׳ער מבין, מוז מען זי לערנען מענשליכקייט, אַלע שענע מאַנירען, ווי צו געפעלען.

די רבי׳צין ביילעס איז די ערשטע צייט געוועזען איינע פון די „קעסט־קינדער“, זעהר אַ געשייטע, אַדורכגעטריבענע, וואָס האָט אָנגע־הויבען מיט איהר דעם אַלף־בית. ביילע אָבער האָט געהאַט אַ פאַר־שטאָפּטען קאָפּ און נישט פערשטאַנען קיין וואָרט. דערצו איז זי נאָך גע־ווען אַ שעמענדיגע און אַ שטיק עקשנ׳טע אויך. נאָר דאָס איז זיך גע־זוען דערוויילע, ווי אויף קאַטאָוועס. שפּעטער אַ ביסעל האָט לוי גענומען דאָס טייטעל און אָנגעהויבען אויף זיין שטייגער צו לערנען ביילען, ער מיט זיין כּבוד אַליין. און דעם שבח מוז מען לוי־בחור נאָכזאָגען, אַז ער פלעגט זיך מיט דער ערציהונג פון זיינע „לערען־מיידלעך“, ווי זיי האָבען ביי איהם געהייסען, בעשעפטיגען זעהר געטריי; ער האָט גע־קנעלט מיט זיי טאַקע ווי אַ גוטער מלמד און אָנגעווענדט אַלע מיטעל אַרויסצוטרייבען פון זיי דאָס קליין־שטעדטילדיגע ווילדקייט, דאָס נאַרישע שמיילינע עקשנות, פריהער מיט גוטען, מיט מוסר־זאָגען, און אַז עס האָט נישט געהאָלפען קיין רעד, פלעגט ער שוין געברויכען די הענד, אַ שטעקען און אַרימען אויך. נאָר עפּיס נישט אַזוי, — זענען געפלויגען פּעטש, קלעפּ, וויפיעל ס׳איז נאָר אַריין. אַ מאָל איז מען אויך געזעסען

ביי איהם פערשפּאַרט אין אַ קעלער, אָהן עסען, אָהן טרינקען ביז וואַנען מען איז בעסער געוואָרען.

איין מאָל האָט לוי אַריינגעפיהרט אין קאַמעריל צו ביילען איינעם פון זיינע לייט, כּדי צו הערען זיינע מבינות אויף איהר און אויף וויפיעל ער וועט אָבשאַצען איהר ווערטה. ביים אַריינקומען מיט איהם האָט לוי געזאָגט מיט אַ זיס שמייכעלע: „טאָכטער, אָט האָב איך דיר געבראַכט אַ חתן — אָבער אַ חתן גאָר אַנטיק!" דער חתן איז דוקא נישט געווען קיין שעמענדיגער און באַלד טאַקי אָנגעהויבען טרייבען מיט איהר קאַטאָ־וועסלעך, עפּיס ווי צוגעזאָגטען געוואָרען צו איהר. זעהענדיג, אַז ביילע האַלט אַראָבגעלאָזט דאָס פּנים און שווייגט, נעהמט ער זי אָן ביים נאַקעט העלזעל, גלעט זי, טאָרעט זי, חאָטש איין קוקעלע זאָל זי אויף איהם טאָן, זאָגען איהם חאָטש איין וואָרט. ביילע שטופּט איהם אָב פון זיך, רויט־ווערענדיג ווי פייער. דאָס גיט איהם אָבער נאָך אונטער מעהר קוראַזש, ער חאַפּט זי אַרום און וויל איהר טאָן אַ קוש; ביילע לאָזט איהם אַראָב צוויי הייסע פייערדיגע פּעטש, רייסט זיך אויס איהם פון די אָרעמס און אַנטלויפט — און דער חתן בלייבט געפּלעפט. ביילע האָט דערמיט זיך שטאַרק פערשולדיגט און נאָך אין דעם איינענעם טאָג טאַקע האָט איהר לוי גוט מקים פּסק געווען מיט אַ רימען, זאָגענדיג איהר דערביי מוסר אַזוי:

— אָט האָסטו דיר דיין עהרליך אויסקומעניש פון מיר, דו חצופה איינע!... נאַ, נאַ דיר איצטער פאַר דיינע געננג, אַז דו זאָלסט גע־דענקען אויף ווייטער!... עס זאָל דיר ליענען אין טעם, און קליגער װערען ווייטער. נאַ, נאַ!... אַ מיידעלע בעדאַרף זיין אַ שטילעטשקע, אַ גוטעטשקע, ליעב האָבען מענשען, צו איטליכען זיין צוגעלאָזט מיט אַ פריינדליך פּנים, בעדאַרף אַרויסשלאָגען זיך פונ׳ם קאָפּ שמייליגקייט, זאַבאַבאָנישע — ווילדע זאַכען... אַ מיידעלע בעדאַרף וויסען דרך־ארץ — דרך־ארץ איז פריהער פון אַלע זאַכען!

אַצינד ווייסט שוין ביילע דאָס אָרט, וואו זי געפינט זיך, ווער אַזוינע איז האָדיל די מעקלערין און די מוהמע שיינצע. אַצינד האָט זיך איהר „ענטפּלעקט בעשיינפּערליך די גנאָד און די גרויסע נסים", דאָס גוטסקייט און פרומקייט פון די דאָזיגע שענע נפשות, און זי שטעלט אַצינד אויס ביי זיך אין די געדאַנקען אַ בריוועל אַהיים, פול מיט קינות, מיט קלאָג, שוין נישט אויף קאַבּצאַנסקער דייטש, פּירגריסעל־לשון, נאָר

אויף ריין יודיש — אויף דעם לשון פון איהר צובראָכען האַרץ און שווער ביטער געמיט.

נישט צו דערקענען איז ביילע אין דער שענער הלבשה איהרער און אַלץ־מיט־איינאַנדער. איהרע שוואַרצע געדיכטע האָר זענען אונטער־געשוירען ביז דעם לעפיל פון די אויערן. דאָס וויים־געשטיקטע קליידעל אויסגעשניטען ווייט ביז דער ברוסט, אויף דעם נאַקעטען האַלז אַ שמאָל רויט בענדעלע און די אַרבעל קוים וואָס דערגרייכען ביז צו די איילענ־בויגענס. דאַכט זיך, אַ פּריצה, נישט צו פערזינדיגען, וואָס געהט איהר אָב? נאָר נישט פאַר איך געדאַכט, יודישע טעכטער, איהר ביטער האַרץ! מען זעהט עס איהר אַרוים אין די בלייכע באַקען, אין די בלויע רינגען אַרום געשוואָלענע ברענענדיגע אויגען און אין דער גאַנצער מינע איהרער. זי איז געעלטערט ווי אייף א צעהן יאָהר. איננאַנצען ווי איבער־געביטען געוואָרען. און ווי זי זיצט זיך דאָ אַ מאָל אַזוי ביי זיך אין חדר׳ל, שטאַרק פערזומערט, רוקט זיך שוועבענדיג אַריין, שטיל ווי אַ קעצעלע, די מוהמע שיינצע. ביילע ווערט פערציטערט און לאָזט אַראָב די אויגען.

— איך האָב מיך שוין טאָקע נאָך דיר פערביינקט, מאַכט די מוהמע שיינצע, צושאַרענדיג זיך צו ביילען מיט גוטע, זיסע ריידעלעך: לוי מיינער האָט זיך געקליבען צו דיר אַצינד, זאָג איך: ניין, לאָז מיך! זאָלסטו טאַקי וויסען, ווי ליעב דו ביסט מיר, וואָס דען? נעהם חאָטש, זאָג איך דיר, און קוק זיך אָנעט אין שפּיגעל, ווי שען, אָהן עין־הרע, דו ביסט. אַ העלזעלע אַ ביסעל, אַזאַ מזל זאָל איך האָבען. הענטעלעך מחיה, ווי אַ יודישע טאָכטער איך בין! אַזוי זיס, אַזוי חנ׳עוודיג... פוקען מעגען זיי זיך דאָך אַלע דאָ. אָט אַזוי, טאָכטער, אַזוי בין איך אַמאָל אויך שען געווען אין דיינע יאָהרען. מען האָט זיך אויף מיר גע־האַנגען. אוי, האָב איך געברענט אַ וועלט! וואָס דען, נאַרעלע? כ׳האָב אַצינד נאָך הנאה, ווי אַ יודישע טאָכטער איך בין, ביים דער־מאָנען זיך יענע גוטע, פרעהליכע יאָהרען... אַוודאי הייסט עס אַצינד איך בין אַלט, נאָר ווי דו קוקסט מיך אָנעט אָט־אָ — מאַכט די מוהמע שיינצע מיט אַ שמייכעלע, אויסשטרעקענדיג זיך ווי גרויס זי איז, דאָס קעפּעלע פערוואָרפען אַ הינטער, דאָס בייכעלע אויסגעפּוצט פאָרענט־צו, און נעהמענדיג זיך מיט ביידע הענד ביי די זייטען — אָט ווי דו קוקסט מיך אָנעט — אָ, איז נאָך שיינצע גאָר נישקשה׳דיג!... זיי, זאָג איך דיר, נאַרעלע, קיין שוטה ניט. פאָלג! — וואָס שווייגסטו?

— וואָס זאָל איך רעדען? ענטפּערט ביילע, קיין קוק נישט צו מאַן אויף דער מוהמע שיינצע: איך ווייס נישט, וואָס איהר ווילט פון מיר האָבען.

— אַ זאָג אַ ביסעל, וואָס וויל מען פון איהר האָבען! — דיין טובה, טאָכטער, וויל מען האָבען, מען וויל, דער חתן זאָל דיר געפעלען. יענער פגר'ט נאָך איהר, נאָך איהרם אַ וואָרט, אַ קוק. דער רוח נעהמט איהם שיער נישט צו, אַזוי פערליאַפּעט איז ער אין איהר. נאַ דיר, זאָגט ער, נאַ, נשמה'ניו, דיר מתנות! נאַ דיר אַ בראַסלעטיל, אווירינגלעך קאַרעלעכע, אַ פינגעריל, אַ קייטעלע אַ גאָלדענס, ווייס איך וואָס דאָרטען נאָך אַ זוינס, און זי... עפּיס נאָר טאַקי אַ שטיין. געה טהו אַזעלכער טובות! אי, פע, אַ חרפה, אַ בושה, ווי אַ יודישע טאָכטער איך בין!

— ווענן בעדאַרף עס אָנגעהן מיין תכלית צו פערזאָרגען? איך האָב טאַטע-מאַמע ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר.

— מען האָט שוין געהערט. געהערט אַזעלכע זאַכען... נאַריש-קייטען! אַ נאַר בין איך, וואָס איך טענה דאָ מיט איהר אַזוי לאַנג. צום לעצטען מאָל פרעג איך דיך: יאָ?

— ניין.

— עהע, ווידער די אָנשטעלען! צושרייט זיך די מוהמע שיינצע, אַרויסגעהענדיג פון די כלים, שאָקלענדיג מיט'ן קעפּעלע, און דינע דווטע עדערלעך טרעטען איהר אַרויס אויף די פּעטע, מיט שמאַלץ אָבגענאָסענע, באַקען: אויך מיר אַ מענש ביילצע! אומזיסט ווערסטו עס פרעסען מיין זאַלץ און ברויט, געהן אין מיינע קליידער? זי מיינט, זי איז אויך עפּיס; מיינט, אַז ביידע צדדים האָבען זיך שוין אויסגעגלייכט, אַלסדינג איז פאַרטיג. עס פעהלט נישט מעהר איהר הסכם, זי זאָל זאָגען — יאָ. האָב נישט קיין טעות, ביילצע! ווער הערט דיך? דו ביסט נישט מעהר, חצופה איינע, ווי אַ גולם. אַ שטיק פלייש ביסטו, אַ נבלה!... די זאַך, זאָלסטו וויסען, הענגט נאָך דערווייל אין דער לופטען, נאָך נישט אויסגעגלייכט זיך מיט דעם מקח... אַצינד פער-שטעהסטו שוין, ביילצע, הערסט וואָס מען רעדט צו דיר?

— אוי, דערבאַרעמדיגער גאָט! צעוויינט זיך ביילע און ברעכט די הענד: ראַטעווע מיך, רבונו של עולם, ראַטעווע מיך פון יודישע הענד!

— האַלט מויל, חצופה! וואַרט נאָר, וואַרט, פּיסקעוואַטע, אָט

וועט שוין קומען לוי און דיר ווייזען, ווער עלטער איז. וועסט שוין, נישקשה, ליעגען ווידער דאָרט אין קעלער, דאַרען־קוואַרען, רויען ווי א הונד. מייז, ווערים וועלען עסען דיין לייב. דער רוח, נישקשה, וועט דיך שוין חאַפּען! — צולאָזט זיך די מוהמע שיינצע אויף איהר צינגעל און רוקט זיך אַרויס אין כּעס.

בּיילע נעהמט זיך אָן מיט בּיידע הענד בּיי די האָר פונ׳ם קאָפּ און טהוט זיך אַ וואָרף מיט אַ געוויין אייף דער קאַנאַפּע.

# דאס דריטע קאפיטעל.

צווישען די „קעסט־קינדער" לוי בחור'ס זענען געווען אויך אזוינע, דימענדינגע, גוטע פון דער נאטור, אויף וועלכע מען האט געמענט טאקע אכצען און קרעכצען: אוי, נעבעך, בריליאנטען אין דער בלאטע! ווי נידעריג, געפאלען די וועלט האט זיי געמאכט, האט דאך אין זיי זיך געקלאפט א מענשליך הארץ מיט געפיהלען פון רחמנות.

די בעסטע פון זיי איז געווען די טערקיניע. די דאזיגע טערקיניע מיט'ן נאמען גיטעל איז געווען א מלמד'ס א טאכטער פון דלפוניוקע, א קבצנ'יש שטעדטיל, פול אנגעזועצט מיט לויטער קבצנים־דלפנים, גאר כשר'ע אהן חכמות, אמת פרומע, נישט איבערגעשפיצטע יודען, בע־דארף דער רוח אנטראגען אהין אין שטעדטיל עפים א שלים־מזל, א יונג מיט ביינער, וואס לאזט ארוים א קלאנג אט וואס: ווער פון די דלפוי־ניוזקער מיידלעך, נעבעך, פערלאנגט אויפגעריכט צו ווערען, זעהן פאר איהר א וועלט, א גליקליך לעבען פון איהר האנד־ארבייט, זאל זיך לא־זען נאך איהם קיין סטאמבול, דארט וואו ער וואוינט. — עפים א קליי־ניגקייט סטאמבול, אז יודען דערהערען סטאמבול, עס שמעקט דאך שוין א ביסעל מיט ארץ־ישראל! עפים מאלט זיך אוים אין קאפ משונה: טערק — ירושלמי, שטריימיל — טורבאן, אויסגעמישט אינאיינעם. מסתמא גיבען זיך א שאט צו דעם פארשוין פון אלע זייטען יודעלעך, יזיטליכער מיט א געבעט:

— טאטעניו, הארצדיגער, נעהמט, נעהמט מיין טאכטער!

דער הארצדיגער טאטעניו דערבארמט זיך, קלויבט זיך אוים עטליכע שענע מיידלעך, צווישען זיי גיטלען, די שענסטע פון אלע, און פיהרט למזל

די דאָזיגע גליקליכע מיט זיך אַוועק. דער שפּיץ איז, נאָך פיעל דרע-העניש — פאָהרעניש, קומט אָן גיטעל אין שטוב צו לוי בחור און ווערט דאָרט אַ „טערקיניע", נישט אָנקוקענדיג אפילו אַ טערק אין די אויגען.

גראָד האָט צו יענער צייט, ווען די מעשה מיט בײלען, זיך בע-דאַרפט טרעפען אַ געשיכטע מיט איינער, די עלטסטע דאָרט, וואָס האָט בײַ אַלע געהייסען די „אָפּיצערקע". אַ געשיכטע אַ שרעקליכע, אַ טרויעריגע, וואָס האָט אָנגעריהרט אַלע חבר׳טעם איהרע בײַ דער לעבער. עס האָט זעהר גוט בעוויזען, ווי טיעף אין דער ערד זיי, נעבעך, ליגען, אַז אָך און וועה צו זייער קאָפּ, צו זייער לעבען! און זינט יענער גע-שיכטע האָט זיך טערקינע נאָך מעהר זיך צוגעלאָזט צו בײלען, זי גע-האַלט, געליעבט, געוויינט אויף איהר קוקענדיג, עפּיס גאָר טאַקי ווי אַ געטרייע עלטערע שוועסטער האַלט, קושט דאָס קליינע שוועסטעריל איהרס אַ יתומה.

געשטאַמט האָט די „אָפּיצערקע" פון עפּיס אַ שטעדטיל, ייייי ייר-גיץ אין פּוילען. די עלטערן איהרע, אָבגעקומענע בעלי-בתים, זענען געווען פון שענעס שטאַנד, פון די פּאַרנעהמסטע אין שטעדטיל. גע-לעבט האָבען זיי אָרעם, מיט בערעכנונג, זיך נישט צוגעלאָזט קיין וואוילטאָג, דאָך האָט זיי דאָס אָרעמקייט נישט ערנידריגט, נישט פער-גרעבט, נישט בייז געמאַכט, ווי אַנדערע אָרימע לייט. אין דעם הויז-געזינד האָט געהערשט פריעדען, ליעבשאַפט, אַ ברכה פון גאָט, איינער דעם אַנדערן איז גרייט געווען דעם לעצטען ביסען פונ׳ם מויל אַוועקצו-געבען, וואָס גאָט גיט, אַבי אינאיינעם. דעריגען האָבען געמעגט פיעל רייכע לייט זיי מקנא זיין, אַזעלכע וואָס בארען זיך אין מילך און פוטער און זענען צווישען זיך קידער-ווידער.

די געליעבסטע ביים גאַנצען הויזגעזינד איז געווען איידיל, די עלטסטע טאָכטער. אַלע האָבען זי געשעצט, איהר׳ס אַ וואָרט איז געווען בײַ אימליכען טייער. און איידיל האָט עס טאַקי מיט רעכט פערדיענט, ס׳איז געווען ווערען ליעב צו האָבען. שען איז זי געווען, עפּיס טאַקי גאָר אַ בילד. דער רבונו של עולם, דער גרויסער מייסטער, אַמאָלער איינער אין דער וועלט, האָט גענומען די פיינסטע מאַטעריאַלען, וועלכע ער פערמאָגט: דאָס ווייסקייט פון ליליען אויף באַקען, דאָס רויטקייט פון קאָראַלען אויף ליפּען, דאָס בלויע פונ׳ם הימעל אויף אויגען, דאָס שוואַרצקייט פון ראָבען צו די האָר, צוגעגעבען דערצו דעם זיבעטען חן,

ליעבליכקייט, גוטסקייט און צירליכקייט, אויסגעמישט דאָס אַלסדינג אינאיינעם, געטאָן אַ מאַך — און עס איז אַרויס פאַרטיג אַ בילד־שענע איידעל!... איהר פיגור, אַ הויך־געוויקסיגע מיט געקרייזעלטע לאַנגע סאַמעטענע לאָקען, ווי אַ הויך צווייגהאַפטיג יונג בוימעל. גוט איז זי געווען אָהן אַ גאַל, אַ בריה גאָר אַנטיק. פון איהר בריה'שקייט האָט גע־זונגען אין שטוב איטליכס ווינקעלע. מען האָט עס אַרויסגעזעהן אין די שענע פריש־שמעקענדיגע בלומען־טעפלעך, אין די געשטיקטע זילבער־קלאָרע אויף די פענסטער פאָרהענגלעך, אויך אין דעם מעש און קופּער־וואַרג, וואָס האָט געשיינט, געפינקעלט, פערנומען די אויגען. זי האָט געניידט, געשטיקט, געוואַשען, געטאָן אַלסדינג אין דעם בעל־הבית'ישקייט און פערהיט, די מאַמע! אָל קיין שווערען בויג זיך נישט געבען. אויסער דעם האָט זי נאָך מיט איהר נייהען און שטיקען פאַר אַנדערע צו־בים־לעך פערדיענט אויך.

ויהי היום איז ווי פונ'ם הימעל אַראָבגעפאַלען אין שטעדטיל אַ יונגערמאַן, אַ פיינער, אָנשטענדיג־ליטיש געקליידעט, מיט דעם נאָמען שמעריל. געהייסען האָט עס, אַז ער איז פון גאַנץ וויט און האָט מיט פּריצים דאָ אַרום געשעפטען. יודען פונ'ם שטעדטיל, לעדיג־געהער, וואָס געהען אַרום גאַנצע טעג שלינג־און־שלאַנג, האָבען נישט מעהר וואָס צו טאָן נאָר רעדען, שמעקען, טאַפּען און אָבגעבען זיך מיט יענעמס געשעפטען, — האָבען אין דעם דאָזיגען פאַרשוין בעקומען, ברוך־השם, אַ נייעם עסק אויף צו רעדען, אַרויסצווייזען חכמות און בויך־סברות. יעדען טאָג האָט מען אַרויסגעלאָזט וועגען איהם אַנדערע מיני פּאָטש־טען: שמעריל איז אַ חשוב אין די הויכע פענסטער, שמעריל פער־מאָגט קרח'ס אוצרות, שמעריל איז אַ מאַכער ביי די גרעסטע פּריצים, שמעריל איז אַזוינער, שמעריל איז אַזוינער און אַזוינער, שמעריל איז ניט קיין בעווייבטער און אויב אַזוי, הע־הע, בעדאַרף מען דאָך ניט שווייגען... שענע יודען רוקען זיך צו איהם אָבשטעקען אַ „שלום עליכם"; מקבלים שטעלען־אויף הענד צו נעהמען ביי איהם אַ נדבה; שדכנים לויפען ווי דו פער'סמ'טע אויסזוכען פאַר איהם אַ שדוך. שמעריל אָבער איז אַ בחור, וואָס קוקט נישט אויף געלד, נאָר אויף שענקייט, דער עיקר איז ביי איהם דאָס קרן — און איידיל געפעלט איהם בעסער פון אַלע בתולות, וואָס קומען נישט צו איהר מינדסטען נאָגעל. זענען די שדכנים נישט פויל, נעהמען די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע אין דער האַנד, די פּיס אויף די פּלייצעס און לויפען משוגע'נער'ווייז צו איידילס

עלטערן, שיטען זיי אָב מיט נײַן מאָס רייד, לויבען אין טאָג אַריין און זאָגען: אין כשמעריל? נישטאָ קיין בעסערער פּאַר זייער טאָכטער חי שמעריל, חי רב שמעריל, אַזוינער און אַזוינער, אַמושלם מיט אַלע מעלות. סטייטש שמעריל, עפּיס אַ קאַטאָווּעס רב שמעריל, עפּיס זאָגט זיך עס אַזוי גרינג שמער... רב שמעריל, אַז מען זאָל אפילו אויסגעהן עק וועלט, זוכען מיט ליכט, וועט מען, אָסור חזיר, נישט געפינען זיין גלייכען! טאַקע די גאַנצע מעשה פון אָנהויב ביז צום סוף, פון רב שמעריל'ס טאָן קומען אַהער, איז נאָר ריינע נסים. עס ווייזט בעשײַנ־פּערליך, אַז ס'איז טאַקע נאָר אַזיווג מן השמים, פּערציג טעג איידער איידעל איז געבאָרען געוואָרען, האָט מען דאָס שוין, פּערשטעהט איהר, אויבען אין הימעל אויסגערופען, וואָס דען? זאָגען־זשע דעם רבונו של עולם דעות און שטעלען זיך אין אַ זיווג איהם אַקעגען, הייסט עס חי געמישט זיך נים אין זיין זאַך, אַריינשטעקען די צונג אַהין, אין דעם סדר העולם, גאָר אומגעבעטען, פּע, מיאוס, וואָס פּאַסט נישט פאַר אַ יודען! וחוץ לזה, יאָ פּאַסט, ניט פּאַסט, קענען דאָ טענות און קשיות טאַקע אויך גאָר נישט העלפען, געסמאַהע איך פּאַרפּול! פּערשטעהט איהר, וואָס דאָס הייסט אַזוינס?... לכן מוז מען זיך איילען, חאַפּען די מציאָה מיט ביידע הענד, כּדי אַ אַנדערער זאָל זיך נישט פּעדערן און זי, די מציאָה, חס ושלום, נישט אויסחאַפּען. — —

דער טאַטע איז ביי זיך אין האַרצען גרייט — אַך, מהיכא־תיתי, פאַר וואָס ניט? נאָר מיט'ן מויל מאַכט ער: אי!... כלומרשט וויל ער נאָך האָבען אַ ישוב. דאָס הייסט, גלאַט אַזוי אַ קווינקלעניש פון דרך־ארץ וועגען. די מאַמע ווידער, אַ יודענע ווי אַלע יודענעס, וואָס האָבען עפּיס אַברענענדיגען יצר־הרע צו חתונה מאַכען קינדער, חאַפּט זיך באַלד אָן אין דעם שידוך מיט לייב און לעבען, באַלד טאַקע אין דער הייסער מינוט — און איידעל איז למזל אַ כּלה געוואָרען. דער חתן האָט טאַקי, אמת, נישט פערלאַנגט קיין נדן, דאָך האָבען די מחותּנים זיך מתחייב געווען, צו געבען דער טאָכטער נדן כּפי זייער מעגליכקייט און מאַכען איהר שבת'דיגע און יום־טוב'דיגע מלבושים גאַנץ נגיד'ישליך. גלאַט אַזוי פּטר'ן דאָס עלטסטע, געליעבסטע קינד איז זיי נישט אָנגעשטאַנען, לאָז דער מאַן איהר נישט האָבען אויסצעוואַרפען: איך האָב דיך פון אַ שטאַל אַרויסגענומען, פון'ם טאַטענ'ס הויז דעם אביון, נאַקעט און באָרוויס ביסטו געווען, איך האָב דיך ערשט בעקליידט און געמאַכט אויס דיר אַ מענש לייטען גלייך. — לעולם תּקח, האָט דער חתן געטראַכט,

מאַכענדיג מיט אַ שמייכעלע, ניוליעב געטאָן און גענומען. באַלד נאָך די תנאים האָט דער חתן געאײַלט אָבצושטעלען חופה ווי צום גיכסטען. זײנע געשעפטען, האָט ער דערקלערט, פאָדערען עס אַצינד, ער זאָל געשווינד פאָהרען אַ היים. און ווי שווער די עלטערן איז געווען דאָס שיידען זיך מיט זייער טיעף אין האַרץ אַיינגעבאַקענער טאָכטער, דאָס שענסטע ציערונג פונ'ם הויז אַרויסצולאָזען, האָבען זיי עס דאָך פאַר ליעב אָנגענומען און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס די טאָכטער זייערע איז, ברוך־השם, פערזאָרגט, אָנגעטראָפען אויף אַזעלכען, וואָס פער־שטעהט זי צו שעצען. זיי האָבען זיך אָנגעטאָן אַ כח, מסלק צו זײן דעם נדן, האָבען אַיינגעפּאַקט איהר די גאַרדעראָבע און זי אַרויסבעגלייט מיט טרעהרען אין די אויגען, מיט ברכות און ווינשעניש אָהן אַ צאָהל.

---

דאָס יונגע פּאָר־פּאָלק איז אַוועקגעפאָהרען און האָט אונטערוועגענס זיך אָבגעשטעלט אין גלופּסק, נישט ווייל דער וועג איז געגאַנגען אויף גלופּסק, נאָר ווייל די געשעפטען האָבען, לויט ווי שמעריל האָט גע־זאָגט, עס אַזוי געפאָדערט, אַראָבצונעהמען זיך פונ'ם גלייכען וועג און אַריינפאָהרען אַהין אויף אַ קורצע צייט. און אַזוי ווי ס'איז ביים פּאָר־פּאָלק געווען דער האָניג־זיסער חדש נאָך דער חתונה, האָט שמעריל, ווי אַ געטרייער ליעבער מאַן, זיך געפלייסט צו־צוטיילען דעם ווייב פער־געניגען און אויסגעזוכט אַ אַכסניאָ דוקא נישט אין דער מיט שטאָדט, וואו עס קאָכט, רוישט שטענדיג, נאָר ערגעץ דאָרט אַ ביסעל אין דער זייט, וואו ס'איז רוהיג־שטיל, וואו מען זעהט אַ גרעזעלע, אַ בוימעלע און מען הערט אַ מאָל אויך אַ קול פון אַ שפּיעל־פויגעלע. ער האָט זיך נישט געקאַרגט און גענומען דאָרט דריי שענע צימער, ווי איהם שטעהט אָן. דער בעל־אַכסניא, אַ יוד מיט אַ בייכעל, מיט אַ געלער באָרד, אַ לעבעדיגס, אַ ריהרענדיגס, האָט בעגעגענט שמערלען מיט אַ שענעם ברייטען „ברוך־הבא". עפּיס ווי אַ גוטער אַלטער בעקאַנטער זיינער פון גאַנץ לאַנג, הגם דאָס איז נאָך נישט אַזאַ שטאַרקער בעווייז, ווייל איט־ליכער, ווער ס'איז אַוועק־מענש, ווייסט, אַז די בעלי־אַכסניות זענען צום גרעסטען טייל מיט שיינענדיגע צורות, מיט זיס־שמייכלענדיגע ליפּעלעך, וויך־גוט ווי די וועלט, קוועלען, פרעהען זיך ביים ערשטען בעגעגעניש

מיט נײ־אָנגעקומענע אורחים, גלײך װי עס װאָלטען צו זײ געקומען צו גאַסט לײבליכע נאָהנטע קרובים; נאָר װי די מעשה איז, שמעריל איז געװען אַ זעהר אָנגעלעגטער גאַסט. דער בעל־אכסניא האָט, אַרױפּלעגענדיג די האַנד אױפ׳ן האַרצען און אַ שאָקעל־געבענדיג דאָס קעפּיל מיט דער געלער באָרד, פּערזיכערט בײ זײן יודישקײט, אַז זײ מעגען זײן רוהיג, אַלסדינג, נישקשה, װעט זײן אין אָרדנונג. און אַז ער האָט געחאַפּט הינטערװײליכס אַ קוק אױף דעם שענעם װײבעל דאָ און ממזר׳יש זיך דערװאוסט אין דעם שמועס, אַז דאָס איז שמעריל׳ס װײב, ערשט נאָך דער חתונה, האָט ער בײדען אָבגעגעבען גאַנץ יודישליך אַ מזל־טוב מיט גנבה׳שע־בלינצעלדיגע אױגעלעך, מאָהנענדיג דערבײ לעקעך, װי דער שטײגער, מיט אַ שמײכעלע, אין װעלכען עס ליעגט עפּיס אַזױנס, װאָס אַ רוח יענעם אין טאַטענ׳ס טאַטען!...

דאָס ערשטע בעגעגעניש אײדיל׳ס אױף דער אַכסניא איז געװען אַ הױכע דאַרע יודענע, װאָס איז אַרײנגעפלױגען װי אַ באָמבע צו איהר אין צימער, באַלד מאַקע בײ׳ם אָנקומען, מיט אַ גדולה, אַ פרײד, װאַרפענדיג אױגלעך אַוף אײדלען, אױף שמערלען, גלײך װי זי װאָלט געזעהן דאָ פאַר זיך אַ שװעסטער איהרע מיט אַ ברודער, אױף װעלכע זי האָט אַזאַ לאַנגע צײט אַרױסגעקוקט. זי האָט, לאָזענדיג זיך צו שמערלען, געעפענט אַ מױל צום רײדען, נאָר שמעריל האָט זיך אַ בײזער געטאָן, איז זי געבליבען װי דערװאָרגען. ער האָט זי אָבגעשיקט צו אַלדי שװאַרצע יאָהר, און אַזױ געשװינד װי זי איז אַרײנגעלױפען, אַזױ געשװינד איז זי אַרױסגעלאָפען.

— אָט דאָס האָסטו דיר, נשמה מײנע, גלופּסק מיט איהרע משונה־װילדע, װעלט־בעריהמטע קבצנים! אָט דאָס איז עס די עכטע גלופּסקער סחורה, װאָס נישטאָ ערגיץ אַנדערש איהר גלײכען! אָט מיט אַזאַ ברײטקײט רײסט זיך צו יענעם אין הױז אַרײן אַ גלופּסקער קבצן נאָך אַ נדבה. טרעפט ער נישט דעם בעל־הבית אין אײן צימער, נעהמט ער איהם זוכען װײטער, װײטער אין צװײטען, דריטען און גלײך טאַקע אין דער ספּאַלניע; טאָמער דרעמעלט יענער, קײכט ער, הוסט ער, און װעקט איהם אױף. עט, נישקשה. װער מיר, װאָס מיר צװישען יודען צערעמאָניש אַזױנע זאַכען? בײ דיר, נשמה מײנע, איז דאָס נײס, איך קען שױן גוט די גלופּסקער קבצנים מיט זײערע נענג. אָט נעהם, נשמה מײנע, און שפּײַ אױס זיבען מאָל! — אַזױ האָט געזאָגט מיט

אַ זיס שמייכעלע שמעריל צום ח״ב, וואָס איז געבליבען שטעהן אַ רגע פֿערגאַפֿט.

איידיל האָט נאָך דעם טאַראַראַם אין דער־היים און אויף דעם וועג זיך גוט אויסגעשלאָפֿען, גוט אויסגערוהט אויף דער אַכסניא, קיינער האָט זי נישט געשטערט, אַנדערע אורחים האָט מען דאָרט גראָד דענסט־מאָל נישט געזעהן, ס׳איז שאַ, שטיל, אַלסדינג אין דער צייט ווי גע־העריג — און איידיל איז צופֿרידען.

אויף דער אַכסניא פֿלעגט אָפֿט צו שמערלען אַריינקומען עפּיס אַ יודעל, אַריהערעוודיגס, אַ געשטופּעלטס, דאָס רעכטע אויג זיינס מיט אַ בעלמע, אַ חיים פּינטעלע, שטאָק־בלינד, נאָר אָפֿען, נישט צוגעמאַכט, דאָס בלינדע אויגעל איז אָבער קיינמאָל נישט שטיל געשטאַנען, עס האָט אין אַלסדינג נאָכגעטאָן דעם זעהענדיגען, גלייך ווי עס וואָלט איהם גע־דיענט פֿאַר איין עדות. האָט זיך דאָס געזונטע אויג געוואָרפֿען, געקוקט בייז, האָט זיך דאָס בלינדע אויג מיט דעם ווייסען פּינטעלע אויך גע־וואָרפֿען, אָננעהמענדיג אַ בייזע מינע. האָט יענץ ממזר׳יש געוואונקען, לויכטענדיג, פֿרעהליך, איז דאָס בלינדע מיט דעם פּינטעלע אויך נישט פֿויל געווען אַרויסצווייזען ווינקענדיג ממזר׳יש, שטיקלעך, גלייך ווי גע־רעדט: אָדם, אַ מענש, קאַטשקע רוק זיך! — און דאָס האָט דעם פּנים צוגעגעבען אַ ווילדען אויסדרוק, עפּיס אַזוי חלשות׳דיג, אַז עס וואָלט פֿיעל גלייכער געווען אי פֿאַר דעם יודעל, אי פֿאַר דער וועלט, ווען דאָס בלינדע אויגעל זאָל איהם געווען אויסרינען, פֿערחאַפּט ווערען אינגאַנצען...

ליידען האָט איידעל ניט געקענט דאָס יודעל, ער איז איהר געווען פֿריקרע ביי איטליכס מאָל קומען זיינס אין שטוב. נאָר דעם מאַן איהרען צוליעב, וואָס האָט מיט איהם געשעפֿטען און פֿאַרברייענגט מיט איהם גענוג צייט, מעהרסטענטייל נישט אין דער־היים, האָט זי זיך גענויט איהם שען אויפֿצונעהמען יעדעם מאָל.

שמעריל׳ס פֿערפֿאַלען ווערען שעה׳ן־לאַנג אין שטאָדט, שמעריל׳ס צורודערטקייט, זיין פֿערטראָגענקייט שטענדיג, האָט זעהר גוט בעוויזען איידלען, אַז איהר מאַן איז, אַ פּנים, אַ גרויסער סוחר מיט שענע גע־שעפֿטען, ברוך־השם, און ווי ליעב עס וואָלט איהר געווען, דער מאַן זאָל נעבען איהר זיצען, געהן מיט איהר שפּאַצירען, האָט זי עס דאָך מוחל געווען, שטאַרק הנאה האָבענדיג ביי זיך אין האַרצען דערפֿון, וואָס דער אויבערשטער האָט זי געבענטש מיט אַ מאַן אַ בריה, ביי

וועלכען, ס'איז אַ האָפנונג, עס גיעט איהר זיין זעהר גוט, אם ירצה השם.

איינמאָל קומט שמעריל אַ היים צולויפען גאָר אין איין אָטעם, שטאַרק פערטראָגען און דאָס יודעל מיט'ן בלינד אויגעל ראַפּטום נאָך איהם. שמעריל נעהמט אַוועק דאָס ווייב אין אַ ווינקעל און שושקעט איהר דאָרט אין אויער אַריין עפּיס קורצע איבערגעהאַקטע דבורים, גיך־גע־שווינד מיט אַ געבעט:

— איידעלע, נשמה'ניו!... אַ געשעפט! עס טרעפט זיך אַ גע־שעפט... אַ גוט געשעפט... האָב אָבער ווייניג אַ צונד געלד... עס דערגעהט נישט... עטליכע הונדערטער... וואָס טהוט מען?... דער יוד אָט־אָ וויל לייהען... אָבער געווענדט איז אַ ביסעל אין דיר... ער, פערשטעהסטו מיך, דעם ווייב'ס פערלאַנגט ער אונטערשריפט... דיין אונטערשריפט אויף דעם וועקסעל... אוי, העלף, נשמה!... גיכער... נישטאָ קיין צייט... אַ רענדיל אַ מינוט... נאַ, קעצעלע, נאַ!...

און באַלד טאַקע, אין דער הייסער רגע ליעגט שוין פאַר איידלען אַ וועקסעלע, וועלכען זי שרייבט אונטער, נישט צו רעדען אַ קרום וואָרט. אדרבה פערקעהרט, עס טהוט איהר נאָך הנאה אויף דעם כבוד, וואָס מען האָט איהר דאָ אָבגעגעבען, און וואָס זי קען דעם מאַן בריינ־גען אַ נוצען. עס הייסט אַזוי פיעל ווי: עפּיס זענען מיר אויך, ברוך־השם, שטיקלעך מענשען, אונזער חתימה, האַ, האָט אויך עפּיס אַ ווערטה, מיר מאַכען אויך געשעפטען!...

דאָס יודעל נעהמט דעם וועקסעל, גוט צוקוקענדיג זיך צו דער אונטערשריפט מיט דעם זעהענדיגען אויג, יענס בלינדע מיט דעם פינ־מעלע טהוט זיך אַ וואָרף און קוקט זיך כלומר'שט אויך צו. דאָס זעהענ־דיגע שיינט, טהוט ממזר'יש אַוואונק, און דאָס בלינדע אויך. אָבגע־קוקט, לעגט ער דערנאָך דאָס וועקסעלע גאַנץ געלאַסען צונויף, בע־האלט עס גוט אין טאַש ביי זיך, רוקט זיך באַלד טאַקע פון דער שטוב אַרויס, און שמעריל נאָך איהם.

יענער טאָג איז געווען אַ גוטער, אַ פרעהליכער פאַר איידלען. איבערקלערענדיג אַלסדינג, וואָס מיט איהר איז געשעהן אין דער לעצ־טער צייט, די גרויסע פערענדערונג פלוצלים אין איהר לעבען, האָט זי אויפגעהויבען די הענד מיט אַ דאַנק צו זיין ליעבען נאָמען פאַר אַזאַ טייערן מאַן, אַזאַ גליק, אַזאַ מתנה, וואָס איהר איז געקומען גאָר אומ־

געריכט. פאַר גרוים שמחה נעהמט זי אַ בויגעלע פאַפּיר מיט אַ פען און זעצט זיך שרייבען אַ בריעף צו די עלטערן אַהיים. זי איז באַלד אָבער זיך מישב און לעגט אָב דאָס שרייבען אויף שפּעטער אַ ביסעל, ווען זי וועט שוין קומען אויפ'ן אָרט מיט איהר מאַן בשלום און זיך אַרומקוקען, זעהן אַלסדינג דאָרט מיט איהרע אויגען, דאָס גוטס, דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפען, דענסטמאָל וועט זי אין אַ לאַנגען בריעף צו איהרע ליעבע בעשרייבען גאַנץ קלאָר, פּינקטליך איטליכס פּיצעלע בעזונדער, זיי דערפרעהען מיט גוטע בשורות און דערצו טאַקע מיט שענע מתנות — דעם טאַטען, דער מאַמען און דעם איבעריגען הויזגעזינד. יאָ, דאָס וועט מעגליך זיין צו טאָן, אם־ירצה־השם, אין אַ קורצער צייט אַרום, וואָרום כפי עס זעהט אויס פונ'ם היינטיגען געשעפטיל, וואָס איז אָבגעמאַכט געוואָרען און געבראַכט אין אָרדנונג מיט דעם אייבערשטענ'ס הילף, דאַכט זיך איהר, אַז דער מאַן האָט שוין דאָ נישט מעהר וואָס צו טאָן. אַנ'עק, אַ סוף, באַלד פאָהרען זיי פון דאַנען אַוועק און זי וועט אין גיכען טאַקע קומען אין איהר רוה אַריין. איבעריגענס, טראַכט זי ביי זיך, וועט זי איבעררעדען היינט וועגען דעם מיט איהר שמערלען און אַגב טאַקע אויספרעגען איהם וועגען דעם געשעפט היינט, — פאַר וואָס ניט? עפּיס איז זי דאָך דערצו אויך אַ שטיקעל שייכות, זי האָט דאָך אונטערגעשריבען אַ וועקסעל.

און ווי איידיל זיצט זיך דאָ אַזוי אויפגעראַמט, אויסמאָלענדיג ביי זיך אין די געדאַנקען איהר גליקליכס לעבען שפּעטער, אם־ירצה־השם, רוקט זיך אַריין צו איהר אין צימער דער בעל־הבית פון דער אַכסניא. שטיל מיט אַ שיינענדיג פּנים'ל, טהוט זיך אַ בוק, אָנקוקענדיג זי אָהן ווערטער און משונה פינטלענדיג מיט די אייגעליך

— איהר זייט דאָ אַליין, האַ, איינע אַליין? מאַכט ער נאָך אַ רגע שטילשווייגען, מיט אַ זיס שמייכעלע, שטרעקט אויס די האַנד, רייבענדיג די פינף שפּיצען פינגער איינע מיט די אַנדערע, עפּיס ווי געבענדיג איהר אָנצוהערעניש.

— וואָס איז? טהוט איידיל זיך אַ חאַפּ, שאַרף אָנקוקענדיג איהם.

— גאָרנישט! שמייכעלט ער עפּיס אַזוי צונעלאָזט צו איהר: איהר פערשטעהט נישט וואָס איך וויל? איך וויל... וואָס? וואָס אַ בעל־אכסניא בעדאַרף וועלען ווי איך — געלד!

— אָט דאָס! — רופט זיך אָן אײדיל מיט אַ גרינג געמיט: — מײַן מאַן װעט קומען, װעט ער אײַך געבען.

— אָ־װאַ, אָ־װאַ! איך מוז באַלד, פֿערשטעהסט איהר מיך, די רגע טאַקע אויף עטליכע טעג ערגיץ פֿאָהרען, געװויטיג איך מיך אין... אין — זאָגט ער געבענדיג אַ שטרעק־אויס די האַנד און אַ ריב מיט די שפּיץ־פֿינגער: די קלינגערס מײַן איך. פֿאָהרען באַלד מוז איך, װאָס טהוט מען? גאַנץ מעגליך, צוריק־קומענדיג װעל איך אײַך שוין נישט טרעפֿען, איהר װעט שוין זײַן אויפ׳ן אָרט, מען קוקט דאָך אויף אײַך דאָרט אַודאי שוין שטאַרק אַרויס... אָ־װאַ, אַ מעשה. אַ מעשה, כ׳לע־בען! װייסט איהר װאָס? נעהמט חאָטשע, זײַט מוחל, און שרײַבט מיר אונטער אָט דעם חשבון. לאָז חאָטש זײַן ריין צורעכענט זיך פֿאַר מײַן פֿאָהרען. נישקשה, גוט געלד, נישקשה!... זײַט מיר געזונד און לאָזט גריסען אײַער רב שמערלען! װאָס װייסט איהר, װאָס װייסט איהר, װאָס דאָס איז פֿאַר אַ רב שמעריל? גאָלד און זילבער! איהר װעט ערשט שפּעטער דערפֿיהלען, װאָס איז אַזוינס רב שמעריל, אײַער רב שמעריל!...

אײדיל שרײַבט אונטער, עס פֿערשטעהט זיך, דעם חשבון, גע־זעגענט זיך זעהר פֿײַן מיט דעם בעל־הבית, שטאַרק צופֿריעדען מיט איהם, װאָס ער האַלט אַזוי פֿון איהר מאַן, לויבענדיג איהם אין טאָג אַרײַן. זי פֿערזיכערט איהם, אַז דאָס געלד װעט דאָ געצאָהלט װערען, לויט רעכענונג, און זיך נאָך לאָזען זעהן, נישקשה, מיט אַ שענער מתּנה.

שפּעטליך בײַ־נאַכט איז שמעריל אַהײם געקומען זעהר לוסטיג, דאָס פּנים פֿערפּלאַמט. ער האַפּט־אַרום דאָס װײַב, פּלאָנטענדיג מיט דער צונג עפּיס האַלבע װערטער, װי אַ שכּור: פֿאַרטיג, געלעגט דעם טאַ־טען!... בעשפּריצט מיט משקה — און יעלה ויצמח, ברעך טעפּ!... יעלה עס װעט אויפֿגעהן װי אין אַ כּאַקדויזע, ויצמח, װי אין אַ גאָרטען שפּראָצ... שפּראָצ... ראָצען!

— פֿע! װאָס איז דאָס פֿאַר אַ לשון? רופט זיך אָן אײדיל שטאַרק פֿערװאונדערט, אויסרײַסענדיג זיך פֿונ׳ם מאַנ׳ס הענד.

— אײַ־אײַ־אײַ, שמײליג!... קוקט נאָר אָן די חסידית׳טע דאָ... ריהר מיך נישט אָן... האַ, נישט צופֿריעדען? נו, איז אינה מקודשת, געססאַהע דיר פּאַרפּול!... יבנה המקדש!... פֿערשטעהסט, װאָס יבנה איז טײַטש אויף יוניש? טהוט שמעריל אַ זאָג אָנגעצונדען, אָנקוקענדיג דאָס װײַב בײז, און לאָזט אויס מיט אַ פֿײַף.

— נו, גענוג, גענוג, גנוג, געה שוין, געה בעסער שלאָפֿען, — נעהמט

אײדיל אײן דעם מאַן מיט גוטע דײר, אַראָבשלינגענדיג זײנע מיאוסע ווערטער. זי נעהמט איהם אונטער׳ן אָרעם, לעגט איהם אַרײן אין בעט אָנזאָגענדיג איהם, ער זאָל שלאָפען.

אַ גאַנצע נאַכט איז דערנאָך געלעגען בײ זיך אויף איהר געלעגער, און נישט געקענט קײן אויג צומאַכען. דעם מאַנ׳ס אויפפיהרונג היינט האָט איהר געשלאָגען צום האַרצען — פע, עפּים אַזוי גראָב! אַזעלכע ווערטער האָט זי נאָך קײנמאָל נישט געהערט. עס קומט איהר אַרויף אויפ׳ן געדאַנק אַל־דאָס בײז: ווײס איך, וואו ער איז געװען? מיט װעמען דאָרט ער איז זיך צונויפגעקומען? אַ מאַנסביל, אַ קשיא אויף אַ מאַנסביל!... דער קאָפּ שפּאַלט זיך איהר טראַכטענדיג און איבער־טראַכטענדיג, און פּאַר גרויס פערדראָס פערלויפען איהר די אויגען מיט טרעהרען. נײן, נײן — גיט זי זיך דאָס װאָרט — װײטער װעט עס איהם בײ מיר אַזוי שוין ניט זײן! פון הײנט־אָן װעל איך שוין קליגער װערען. מען בעדאַרף איהם האַלטען אין די הענד. אָהן מיר קײן טריט! אָהן מיר נישט אויף אַ האָר!... אַ װײב בעדאַרף אַלסדינג װיסען — װיסען אַלסדינג בעדאַרף אַ װײב!...

אָט אַזוי האָט זיך אײדיל געגעבען דאָס װאָרט, זיך אויף װײטער מיט דעם מאַן אויפצופיהרען, צו נעהמען איהם אין די הענד אַרײן, זײער בײדענ׳ס טובה װעגען טאָקע צוליעב. דאָס האָט זי אַ ביסעל בערוהיגט און זי איז לסוף אײנגעשלאָפען.

# דאָס פּערטע קאַפּיטעל.

אויפגעשטאַנען אויף מאָרגען איז איידיל שפּעטליך און איז נאָך גע־בליבען ליעגען אויף איהר געלעגער, מאַכענדיג בײַ זיך אין קאָפּ אַ פּלאַן, ווי אַזוי נעהמט מען עפּים דעם מאַן אין די הענד אַריין, אַז ער זאָל פאַר איהר דאָס ניין־יעהריגע בעקומען. דאָס איינציגע מיטעל, וואָס זי געפינט צו דעם, — איז ברוגז צו ווערען. ברוגז זיין איז בײַ ווייבער איבער־הויפּט דאָס בעסטע מיטעל אַ קעגען די מאַנען, בשעת עפּים נאָר אַ מלחמה צווישען זיך, בעזונדערס אין דער ערשטער צייט נאָך דער חתונה. דער שטאַרקסטער מאַן אפילו קען זיך נישט האַלטען פעסט אַקעגען אַ אָנגע׳ברוגז׳ט ווייב מעהר ווי עטליכע טעג. דערנאָך מוז ער בחרפה ובבושה אַנידערלעגען דאָס געוועהר און בעטען רחמים. ווערען אַ שטיל שעפּעלע — ביז צום צווייטען רוגז.

איידיל גרייט זיך צו, אָנצוהויבען היינט טאַקע די מלחמה, מיט אַלע כלי זיין. זי נעהמט־אָן, אויף אַ פּראָבע, אַ בייזע מינע, אַ ברוגז׳־דיגע פערקרימטע צורה, זי פערדרעהט די נאָז, שטעלט אוים אַ פּאָר אויגען, איז פּאַרטיג, אָ נ ג ע ל אָ ד ע ן און וואַרט, קוים ווייזט זיך דער מאַן מיט אַ „גוט מאָרגען", וועט זי באַלד א ו י ס ש י ס ע ן. אומזיסט אָבער איהר וואַרטען — ער, ווי אויף צו להכעים, ווייזט זיך נישט. דאָס טראָגט זי נאָך מעהר אונטער, עס קאָכט אין איהר ווי אין אַ קע־סעל. זי ווייסט שוין נישט, וואָס צו טאָן. ליעגען נאָך און וואַרטען — איז קיין תכלית נישט, ווייל ווי לאַנג קען מען אַזוי ליעגען? אין ברירה, מוז מען, בלייבט בײַ איהר, אויפשטיעהן, נאָר אַריין צו איהם דאָרט אין צווייטען חדר — דאָס נישט, אויף קיין פאַל נישט! זי דרעהט זיך

אַרום בײַ זיך אין צימער נאָך נישט רעכט אָנגעטאָן, אין ברונז, פּלאַס־פּײער, טראַכטענדיג: צו איהם — נײן, נײן! און דערװײל הערט זי טאַקע זיך צו מיט אײן אױער צו יענעם צימער — דאָרט אָבער איז שטיל, זערט זי דאָך, װי דער שטײנער איז פֿון אַ אשה, טאַקע ציקאַװע און עפּענט פּאַמעליכען אַ ביסעל די טיר — קײן שאָדן! האַלט זי עס מעהר נישט אױס, טהוט שױן מיט־אַמאָל אײן עפען די גאַנצע טיר, אַ קוק אַרײן — ער איז נישטאָ!... ס'איז אַ צופּוקעניש, שװער צו האַלטען אַ פּערדרום אין זיך נישט אױסצוגיסען עס. זי מאַכט מיט אַ פּערקלעמט האַרץ: אָ, אײן עק! דאָס לעצטע מאָל װעט עס איהם בײַ מיר זײן. ער געהט זיך אַהין, ערגיץ צו זײנע דאָרט, פּערברײנגט זיך די צײַט מיט זײ איך װײס װעמען, און אַרען זאָל עס איהם אָנהײבען אַ חײב... אַ לשון אַ ביסעל נעכטען בײַ־נאַכט אַ קעגעז אַ חײב! האַ! זאָל איך עס שװײגען? נײן! — האַ, טהוט זי זיך אַ חאַפּ, װאָס איז מיט מיר? װי קומט צו מיר אַזעלכע מיאוסע געדאַנקען... אַזױנס אױף איהם נאָר צו טראַכטען? עפּיס שפּיעלען זיך דאָ איז ער אַהער געקומען? אַ מענש מיט געשעפטען! ער איז געװעז נעכטען דאָס... נו, מילאָ װאָס? עס טרעפט זיך אַזױנס בײַ סוחרים בײַ'ם ענדיגען אַ געשעפט. װאָס־זשע איז מיר?... אױ, דאָס האַרץ, מײן האַרץ!... לאָמיך זיך נאָר אָנטאָן.

זי געהט אַרײן אין אַלקיריל, װאָס אין דעם צימער, און לױפט פֿון דאָרט באַלד אַרױס דערשראָקען, טױט אָהן אַ נשמה.

— װאָס איז, מאַדאַם? נישטאָ דאָך, װעה איז מיר, אױף אײך עפּיס קײן פּנים! טהוט דאָס ריענסט־מײדעל פֿון דער אַכסניאָ אַ פרעג, אַרײנקומענדיג מיט דער באַרשט אין דער האַנד, אױפצוראַמען אין צימער.

— זאַכען!... נאָר דער קאַסטען. די זאַכען, מײנע זאַכען! שרײַט אײדיל נישט מיט איהר קול און עס ציטערען איהר אַלע גלידער.

— אהאַ, זאַכען? מאַכט דאָס מײדעל אױף אַ מין זינגענדיג לשון מיט אַ נאַריש געלעכטעריל, ציהענדיג די װערטער: מעהר קײן צרות נישט!... שאַ, נישקשה, מאַדאַם! חי־חי־חי! נאָך גאַנץ פריה, כלומר השור, אײדער די ציג אונזערע מיט דער סטאַדע איז אין פעלד אַרײן גרױס, האָט די זאַכען אָװעקגעפיהרט אײער מאַן. און מיר געזאָגט, שאַ, שאַ, חי־חי־חי, האָט ער מיר...

— מ, גיכער, זאָג שוין, זאָג! — טרייבט איידיל אונטער דאָס מיידעל, — וואָס האָט ער געזאָגט?

— וואָס געזאָגט? — מאַכט דאָס מיידעל לעקישעוואַטע, און צוויי שורות ווייסע ציינער ענטפּלעקען זיך ביי איהר אין מויל: וואָרט נאָר, וואַרט, לאָמיך האָטש זיך דערמאָנען: האַ, וואָס, וואָס? יאָ, אַזוי, טאַקי! אַזוי האָט געזאָגט ער: אין אַ שעה אַרום, געזאָגט וועט ער קומען און אייך פערנעהמען, געזאָגט, דאָרט אַהין.

— וואו אַהין?

— וואָס הייסט וואו אַהין, וואונדערט זיך דאָס מיידעל, ציהענדיג מיט די אַקסלען: אַהין איז אַהין, מסתמאָ ווייסט איהר וואו איז אַהין. וואָס דען, איך וויים?

— ווי שפּעט איז אַצונד? פרעגט איידיל שטאַרק צוטראָגען.

— ווי שפּעט ס'איז אַצונד, ווילט איהר וויסען? ענטפערט דאָס מיידעל, פערקרימענדיג דאָס פּנים מיט חן: שוין לאַנג האַלבער טאָג. צייט צו עסען, חי-חי-חי, שוין דאָס אַנדערש'ע מאָל. הונדערט אודאי מאָל געקומען בין צו אייך איך געוואָהר וועדען, און איהר געשמאַק געשלאָפען, אָהן עין-הרע, האָט איהר ווי נאָך אַ באָד. וואָס זייט איהר עפּים אַזוי בלייך?... אוי, זאָל איך אפשר אַ שפּרונג טאָן ברייגען אָנ-בייסען אייך?

— ניין! געה, לאָז מיך צורוה, ענטפערט איידיל און פּטר'ט אַרויס דאָס מיידעל פונ'ם שטוב.

דעם גאַנצען טאָג האָט איידיל צוגעבראַכט אין איינע צרות, אַרומ-קוקענדיג זיך ערשט, וואָס איז פאָרגעגאַנגען מיט איהר. די גאַנצע מעשה מיט שמעריל, אַז זי הויבט דאָ אָן נוט צו בעקלערען, צוגליעדערן אין די געדאַנקען, קומט איהר אוים משונה-ווילד, דער אָנהויב-מעשה נאָך ווילדער ווי דער סוף. סטייטש, סטייטש! פּלוצלים קומט, ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען, עפּים אַ שמעריל. ווער שמעריל, וואָס שמעריל? פון וואַנען שמעריל? — ווייסט איהם דער גוטער יאָהר! גלאַט אַזוי אַ שמעריל, אַ יוד, אַ מאַנסביל איז ער, אַ יונגערמאַן איז ער — און גע-נוג! ס'איז אַ חתונה, עס שפּיעלען כלי-זמר, אַ שמחה, אַ פרייד, מען טאַנצט, מען שפּרינגט. זי, ווי אַ כשר'ע יודישע טאָכטער, געהט אונ-טער דער חופּה, פערלאָזענדיג זיך אויף די עלטערן, מסתמא וויסען זיי דאָך וואָס זיי טהוען, מיט וועמען זיי מאַכען איהר חתונה. וואָס דען? די עלטערן ווידער האָבען זיך פערלאָזט אויף די שדכנים, גאַנץ עהרליכע

יודען, וואָס קענען, חלולה, נישט זאָגען קיין ליגען... און די שדכנים האָבען געטאָן זייער זאַך אויף דעם סמך, וואָס איז אַ קלאַנג אין שטאָדט, צווישען דעם עולם, און אַז עס קלינגט, איז תורת לאָקשען, דעם עולם׳ס אַ קלאַנג איז אַ בת־קול — אַ מלאַך, זאָגען זיי, האָט אויף דעם זיווג אויסגערופען דאָרט אין הימעל. דער אמת׳ער שדכן, אַזוי הייסט עס, איז גאָט און זיי, די שדכנים, זענען נישט מעהר ווי זיינע שלוחים...

אָט אַצונד ערשט עפענען זיך איהר די אויגען און זי זעהט די גראָבע מיאוס׳ע פעהלער, ווי שענדליך דאָס איז, צו פערבינדען זיך מיט אַ מענשען איידער מען קען איהם פריהער גוט, ווער ער איז און וואָס ער איז. אַצונד ערשט גיט זי זיך אַ חאַפּ: געוואַלד, רבונו של עולם! ווי נאַריש מיר יודען זענען! ווי שלעכט מיר טהוען, וואָס לאָזען זיך איינריידען, זיך פערבלענדען אין שדוכים פון יענע ליגנערס, וואָס בע־ריענען זיך נישט ריכטיג מיט דעם ווערטיל „זיווג מן השמים״, ווייל עס טויג זיי צו דער פרנסה. אויף אַלסדינגג ביי אַ שידוך, ווי קרום, נישט גלייך ער מעג זיך זיין, האָבען זיי תמיד דאָס דאָזיגע איינע ווערטיל, די איינע תשובה אויף אַלע טענות. אַדרבה, ענטפערן זיי, אַלע טענות אָקעגען דעם, אַ שטייגער: עס געשיקט זיך נישט דאָס, געשיקט זיך נישט יענץ, ס׳איז אַ ביסעל קרום, אַ שטיקעל מום — אדרבה, אָט דאָס נופאָ טאַקע דיענט ערשט פאַר דעם בעסטען בעוויז, אַז ס׳איז פונ׳ם אויבערשטען, אַז חאָטש דאַכט זיך אין פלוג, ס׳איז אַ ביסעל נישט אַזוי, קומט דאָך אוים פאָרט טאַקע אַזוי... נאַראָנים גלויבען, און עס פאַלט זיי גאָר ניט איין צו פרעגען: ווי אַזוי ווייסען עס אָט יענע ליגנערס, וואָס אויבען איז אויסגערופען געוואָרען, וואָס גאָט וויל? האָט עס דען גאָט זיי דערצעהלט? און אויב יאָ אַזוי ווי די דאָזיגע ליגנערס זאָגען, אַז זיי זענען שלוחים פון גאָט, וואָלטען דאָך אַלע שידוכים, וואָס ווערען דורך זיי אויסגעפיהרט, בעדאַרפט האָבען אַ האַפט, אַ קיום אויף אייביג; הייגט פאַר וואָס זעהען מיר אַזוי פיעל אומגליקליכע פאָר־פאָלקען, אַזוי פיעל געוויין און טרעהרען, שנאה און קריעג, גרושות און עגונות צווי־שען אונזערע יודען?...

אוי, רייסט זיך איהר אַרוים אַ זיפץ טיעף פונ׳ם האַרצען: ס׳אין אַ שווינדעל! די גאַנצע זאַך מיט די זיווגים איז נישט מעהר ווי נאַריש־קייט, אָבנאַרעריי און בעטריגעריי. דאַכט זיך, עס ליעגט אויבען־אויף, אַזוי דייטליך, אַז מען ברויכט נישט קיין איבערגעשפיצטען שכל דאָס צו

פערשטעהן, די מינדסטע יודענע אפילו קען עס אויך פערשטעהן מיט איהר מח. זי זעהט עס אַרוים ביי זיך אַליין אַזוי בעשײַנפּערליך אַצונד, נאָר, געוואַלד, וואו איז אָבער געווען איהר שכל פריהער? וואו איז געװען דער שכל פון מאַטע־מאַמע, נישט גוט צו בעטראַכטען זיך פריהער? צו וואָס איז אַזוי דער בּרען צו חתונות, גיכער־גיכער צונויפפּאָרען קינ־דער? רבונו של עולם! מענשען, אַחוץ וואָס זיי זענען זכרים און נקבות, זענען זיי דאָך עפּים דערצו אויך מענשען מיט אַ נשמה, מיט אַ פרייען ווילען, מיט מענשליכקייט, מיט געפיהלען — און עס בעדאַרף דאָך ביי זיי אַנדערש זיין ווי ביי בהמות... צוליעב חאָפּעניש אין אײַלעניש אָהן בּערעכנונג איז זי, ווי עס לאָזט זיך אויס, אַריינגעפאַלען גאַט ווייסט וועמען אין די הענד אַריין און איז אַצונד אין אַ גרויס אומגליק; זי איז נאַקעט־בּלויז, נאָר אין איין סיצען קליידיל אויף איהר לייב, אָהן אַ גראָשען געלד און עלענד ווי אַ שטיין אין דער־פרעמד. וואָס וועט זיין דער סוף איהרער דאָ און דער סוף פון איהרע עלטערן דאָרט, אַז זיי וועלען בעקומען די וויסטע בשורה וועגען זייער אומגליקליכער טאָכטער? אַזאַ אומגליק, אַזאַ שאַנדע! ס'איז אַ בושה אין פּנים און אַ וועהטאָג גיין הארץ!

דאַכט זיך, געגוג בּיטער, געגוג פינסטער, און פלוצלים — נעה טרעף אַ מענשענס הארץ! — גיט איהר אַ שיין אַ שטיקעל האָפנונג; ניין! מאַכט זי מישב'דיג זיך זיין צוריק — אונמעגליך! לאָמיך נישט זינדיגען מיט די רייד, חושד איהם זיין אומזיסט. עס קען זיך אויס־לאָזען גאָרנישט... מען בעדאַרף וואַרטען, האָבען געדולד. לאָז דער־ווייל זיין שאַ! — גוט וואָס דער בעל־הבית פון דער אַכסניא איז גראָד אַצונד אַוועקגעפאָהרען אויף אַ פּאָר טעג. לאָז ער נישט וויסען, לאָז דערווייל זיין שאַ!...

זי שטעלט זיך קוקען אין פענסטער. קוקט, קוקט און נעהמט זיך אַרוים די אויגען קוקענדיג — נישטאָ! אַזוי איז איהר פערגאַנגען דער טאָג אין לייד, אין אַנגסטען, נישט צו נעהמען אין מויל אַריין עפּים עסען. ביי־נאַכט איז זי אַנידערגעפאַלען אויף איהר געלעגער ווי א דער'הרג'עטע.

אויף מאָרגען פריה קומט אַריין דאָס יודעל מיט דעם בּלינדען אויגעל. איידיל ווערט ווי פון טויט לעבּעדיג, דערזעהענדיג פּאַר זיך אַ בעקאַנטען מענשען, הגם ער איז ביי איהר פריהער נישט געווען

אזא חשוב, און זי טהוט זיך א לאז, גאר נישט ווילענדיג, איהם אקעגען מיט א ברייטען ברוך־הבא:

— אוי, א זעהר אנגעלעגטער גאסט, כ'לעבען! ווען איך זאל געווען ווּיסען, וואו איהר וואוינט, וואלט איך נעבטען נאך געקומען צו אייך אהיים... איהר האט געהערט?... זאגט, אפשר ווייסט איהר עפּים?... אפשר, הא, ווייסט איהר וואו... וואו ער איז? — רעדט, פרעגט איידיל און איין אטעם ווארגענדיג זיך מיט טרעהרען, נישט אראבצונעהמען פונ'ם יודעל קיין אויג.

— איך האב געהערט, געהערט! רופט זיך אן דאס יודעל שטארק ביין, מאבענדיג דערביי מיט דעם גראבען פינגער אהין און אהער: ער זאל אזוי וויסען פון זיין לעבען צו זאגען, דער מסור, דער גזלן, ווי איך ווייס פון זיין געביין! הערסטו, אט דאס בין איך דאך טאקע געקומען... אפשר ווייסט איהר?

— מיך פרעגט איהר? מאכט איידיל, פערקרימענדיג זיך, און שפּרינגט אב ווי א אבגעבריהטע פונ'ם יודעל, אויף עטליכע טריט צוריק.

— געווג געלד, געווג צייט קאסט ער מיך, אט דער כלי־בו'ניק! רעדט זיך דאס יודעל זיינס, אלץ טאקע ביין: א־א, פגר'ן זאל ער דארט וואו ער איז. קיין גוטס זאל איהם נישט זיין, ווייל ער וועט לעבען פאר מיין געלד. אי, איך זאל וויסען, וואו ערגיץ ער איז — העה־העה, וואלט איהם שוין, נישקשה, א רוח אין זיין טאטענס טאטען אריין!...

איידיל בעדעקט דאס פּנים מיט ביידע הענד, חליפעט, וויינט, צאפּלענדיג מיט די אקסלען, מיט אלע אברים. דאס יודעל בעטראכט זי שווייגענדיג, מעסט זי אוים פונ'ם קאפּ ביז די פיס מיט דעם גע־זונדטען אויג, און יענץ מיט דעם ווייסען פינטעלע ארבייט אויך, ווארפענדיג זיך ארויף און אראב.

— וויינט נישט, איך בעט אייך, א שאד אייערע אויגען, ווי איך בין א יוד! בעט זי דער יוד עפּים אזוי געריהרט, ווי עס רייסט איהם שטארק דאס הארץ: נו, געווג, טהוט מיר די טובה! האט רחמנות אויף אייערע יונגע יאהר און לאז זיין געווג געוויינט!... לאמיר זיך גיט נארען, איהר זייט דאך א קלוגע, און לאמיר בע־טראכטען די זאך געלאסען, אזוי ווי עס איז. אין אמת'ן האט איהר דאך דא נארנישט פערלוירען. אדרבה, זאלט איהר מיר געזונד זיין,

אדרבה, אין דער ערד אַריין אַזאַ... איהר מעגט נאָך אויפהייבען די װעגער צו דעם װאָס לעבט איביג און מאַכען אַ ברכה „ברוך שפטרני“! נישקשה, כ׳לעבען.

— אוי, איך בין געקוילעט! קלאָגט זיך איידיל, װישענדיג די אויגען בין געבליבען אַזוי װי איהר קוקט מיך אָן אָט־אָ. האָב נישט מעהר װי דאָס איינציגע קליידעל אויף מיר. איננאַנצען אָט־אָ מיין פערמעגען! װאָס קען איך אַצונד טאָן, װאו זאָל איך, עלענדע, אַצונד געהן, מיך קעהרען־װענדען?

— עט, כ׳לעבען... װי איך בין אַ יוד! טרייסט דאָס יודעל זי מיט גוטע װערטער: נאָט איז מיט אייך, איהר זייט דאָך דאָ עפּיס צװישען יודען, נישט אין אַ װאַלד ערגיץ צװישען גזלנים, אָדער אין אַ העק ערגיץ, אַ מדבר, צװישען װילדע חיות, חלילה! פערלירט נישט, איך בעט אייך, די האָפנונג!

— אָבער אַצונד, אַצונד איז דאָך שלעכט, פינסטער און ביטער, אַ שרעק! װענדט זיך איידיל צום יודעל, מיט װעלכען זי הויבט אָן איבערבעטען זיך אין הארצען פאַר זיינע גוטע, אמת־יודישע טרייסט־װערטער, און נעהמט זיך אויסגיסען פאַר איהם איהר שװער געמיטה: אוי, ביטער! צום לעבען נישטאָ קיין גראָשען, און בין נאָך שולדיג אַנדערע. ער איז אַװעק און מיך איבערגעלאָזט דאָ פאַר אַ משכון, אַ צוגאָב דערצו, װאָס איך בין געבליבען, װעה איז מיר, אַ װיסטע ענונה. אויף דער אכסניא קומט. נען האָט שוין אַריינגעשיקט מאָהנען. דעם לאַנגען גרויסען חשבון אונטערגעשריבען — האָב איך... היינט קומט דאָך טאַקע אייך אויך. איהר האָט דאָך אויי מיר אַ װעקסעל...

— נו, בכן? זאָל מען נעהמען ביי אייך די נשמה? זאָלט איהר זיך צוריסען, זיך נעהמען שטאַרק צום הארצען און חס־וחלילה שטאַרבען, אָדער זיך, שונא־ציון, אַ מעשה אָנטאָן, כ׳יר נישט, דיר נישט? גאַנץ שכל׳דיג, כ׳לעבען!... אדרבה, װייל עס קומט פון אייך אַנדערע, דעריבער טאַקע ליעגט אויף אייך די שולד אָבצוהיטען, װי נאָט איז אייך ליעב, אייער געזונד, טייער צו האַלטען אייערע שענע אויגען, אייער לייב און אַלץ מיט איינאַנדער, כדי איהר זאָלט קענען, פערשטעהט איהר מיך, אַרבייטען, פערדיענען אי פאַר זיך, אי פאַר יענעם, זיך אָרוסצאָהלען בישלעכװייז מיט אייערע

בעלי־חובות. נישקשה, עס האָט זיך ביי יודען אזעלכע זאַכען שוין געטראָפען. איהר זייט נישט די ערשטע, נישט די לעצטע... איך פון מיין זייט, אָך, בין גרייט צו־וואַרטען. אַבי געזונד, זייט איהר ביי מיר אַ גרויסער בטוח... נו, וואָס־זשע, זאָלט איהר מיר געזונד זיין, איז דאָ פאַר אַזאַ אומגליק? אַי די מורא, וואָס איהר בלייבט אַ ענונה — עט! נאָך אַמאָל טאַקע עט, נאַרישקייטען, כ׳לעבען! מיר וועלען, מיט דעם אויבערשטענס הילף, מסתמא געפינען דערויף אויך אַ תחבולה, נישקשה!...

איידיל פיהלט זיך זעהר געריהרט פון אַזעלכע קוויקענדיגע טרייסט־ווערטער און ווייסט נישט רעכט ווי צו דאַנקען דעם יודעל פאַר זיין גוטסקייט, וואָס ער שטעהט איהר ביי אין דער נויט. זי בעט זיך איבער מיט איהם שוין אינגאַנצען ביי זיך אין האַרצען און דערלאַנגט אויף איהם שוויגענדיג אַ פריינדליכען בליק, וואָס איז פיעל בעסער ווי גערעדט.

— אַט ווייסט איהר וואָס, זאָגט דאָס יודעל מיט אַ געבעט, אָננעהמענדיג זיך ביים האַרצען: דערווייל, איידער ווען, איידער וואָס, וואָלט איך אייך געבעטען, קומט, כ׳לעבען, צו מיר אויף קוואַטיר. אַ שטוב איז ביי מיר אַ גרויסע, חדרים זענען דאָ גענוג פאַר מיר מיט מיין ווייב, און פאַר אַנדערע אויך. וועט זיך געפינען פאַר אייך אויך אַ צימער. האַ, וואָס זאָגט איהר?

איידיל קוויינקעלט זיך עפּיס, אָהן ווערטער.

זאָגען יאָ, איז עפּיס פריקרע. וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבען פאַר זיין ווייב? זאָגען־זשע ניין, איז נאָך ערגער, זי איז דאָך געבליבען ווי אויפ׳ן וואַסער, נישט האָבענדיג וואו אַנידערצולעגען דעם קאָפּ... דאָס יודעל אָבער האָט, ווי אַריינקוקענדיג גוט אין איהר האַרץ, אונטערגעריקט איהר אַזעלכע ווערטער וואָס זאָל זי נעהמען.

— ביי מיין ווייב — זאָגט ער: וועט עס שטאַרק אָנגעלעגט זיין, ווי איך בין אַ יוד!... איך זאָל אַזוי לעבען, ווי איהר וועט איהר דערמיט מאַכען גרויס פערגעניגען. זי איז, לעבען זאָל זי מיר, זעהר אַ גוט מענש, אַ מכניס־אורח׳טע, נישטאָ איהר גלייכען, איטליכער איז איהר ליעב. אַ שם האָט זי, אויף אַלע ווייבער געזאָגט געזאָגען!... פערדיענען וועט איהר, נישקשה. איך וועל שוין טראַכטען, אַז איהר זאָלט פערדיענען. מילאָ, וואָס איז

דאָ צו ריידען? עס, גאָרנישט! מיר וועלען זיך, אם־ירצה־השם, נאָך אָבּרעכענען, אַבּי געזונד... אָט גייע איך בּעצאָהלען פאַר איך אויף דער אַכסניא.

— אַ יודישע נשמה קען מען טאַקע ניט שאַצען! — טראַכט זיך איידיל, נאָכדעם ווי דאָס יודעל איז אַרויסגעגאַנגען; אויפ'ן אָנבּליק איז ער, דאַכט זיך, עפּיס נישט אַזוי, און וואָס אָבּער פאַר אַ גוט האַרץ ער האָט! אַ יוד בּלייבּט טאַקע אַ יוד... ווי מיאוס ער מעג זיך זיין פון דרויסען, אַזוי שען, אַזוי ריין איז ער אינווייניג. יודישע קינדער זענען טאַקע, ווי עס שטעהט, רחמנים בּני רחמנים... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאַר די זינד, איך האָב עס פריהער אין איהם גאָר ניט אַרויסגעזעהן און איהם נישט גע־קענט ליידען.

בּשעת איידעל טראַכט דאָ אַזוי, בּעדויערט און האָט שטאַרק חרטה, וואָס זי האָט אין האַרצען אומזיסט־אומנישט פיינד געהאַט פריהער אַזאַ כשר'ע נשמה, קומט אַריין דאָס יודעל צוריק, נעהמט אַרויס איידלען פון דער אַכסניא און פיהרט זי אָב צו זיך אַהיים — צו זיין ווייבּ שיינצע.

עס פערשטעהט זיך, אַז זיין ווייבּ איז שיינצע, איז ער, דאָס יודעל הייסט עס, מיט דעם בּלינדען אויגעל — איהר מאַן; ער, לוי בּחור מיט זיין כבוד אַליין!

אין דער דאָזיגער גאַנצער מעשה מיט איידלען, איז שמעריל, דער מאַן כלומרשט, און לוי בּחור געווען יד־אחת. דער בּעל־אַכסניא, אַ אויסגערויכערט ליולקעלע, אַ געוועזענער משרת, אַ פאַקטער, וואָס פערשטעהט אַ עסק, האָט אויך בּיי זיי געטאַנצט אין קאָהן. די דאָזיגע פאַרשוינען האָבען דאָ געמאַכט די שפּיעל נאָר ווי אין טעאַטער. איטליכער האָט געשפּיעלט זיין ראָליע ווי אַ מייסטער. האָדיל די מעק־לערין, וואָס איהר שטייגער אַרבּייט איז לויפען, שמעקען, אַריינשטעקען אַ צונג און אַריינוואַרפען זיך אין דער מיט, געבּעטען צי ניט גע־בּעטען — זי האָט, ווי אַ שאַלאַטען־שמש'טע, זיך אויך געדרעהט, הינטען־אַרום, אין דער שפּיעל. זי האָט עס אָנגעשמעקט שמערלען בּאַלד בּיי זיין אָנקומען מיט איידלען; דאָס איז זי, האָדיל, אַריינגע־פלויגען ווי אַ בּאָמבּע אין דער הייסער רגע טאַקע צו איהם אויף דער אַכסניא, און פאַר גרויס פרייד, שטאַרק צוטומעלט, האָט זיך איהר געפּעגט דאָס מויל, און שיער־שיער וואָס זי האָט נישט אָנגערופען

שמערלען בײַ זײַן אמת'ן נאָמען נחמן־טרײַטעל. זי וואָלט געקענט אָנ־מאַכען אַ גוטע התונה, עפּעס, נישט אין דער צײַט, אײדלען די אויגען. נח... נח... דער אָנהויב פון נחמן, זײַן אײגענטליכער נאָמען. האָט זיך שוין איהר געקויקעלט אויס דעם האַלז, אַ גליק, וואָס שמעריל האָט זיך נעכאַפּט בײַ־צײַטענס, אויף איהר אַ היק געטאָן און זי, מחילה, אַרויסגעטריבען.

# דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

דאָ בײַ לוי בחור אין הויז שטעלט זיך פאַר אײדלען אַ נײַע וועלט מיט נײַע צרות. די פריהערדינגע צרות זענען געווען אַ לעקיכעל אַקעגען די ווייטערדינגע, אַ הקדמה נאָר צו דער מעשה, וואָס הויבט זיך ערשט דאָ מיט איהר אָן. די מעשה אַליין איז זעהר אַ שרעקליכע, אָבער, אוי ווען. אַ גאַנץ געוועהנליכע! אַ מעשה, וואָס טרעפט זיך כמעט יעדען טאָג מיט נאָך פיעל אַנדערע, אַזוי ווי אײדיל אין זאַק אַרײַנגענאַרטע, אומגליקליכע יודישע טעכטער; אַ מעשה, וואָס האָט נאָך פון גאַנץ לאַנג ווי אַ פערשלעפּטע קרענק זיך אַרײַנגעחאַפּט, נאָר עפּיס מעשה־שטן טאַקע, צווישען אונז יודען, צווישען אַזאַ כשר פאָלק, אָבגעהיט פון זינד ווי דאָס פאָלק ישראל, און עס איז זי נישט פּטור צו ווערען ביז אַצינד!... דער תּמצית, דער אינהאַלט פון אַזאַ מעשה איז כמעט תּמיד דער אײנענער און מען פערשפּאָרט וועגען דעם אַ סך צו רעדען. עס הויבט זיך אָן מיט גוטען, דערנאָך נעהט עס מיט בײזען. עס האָט אין זיך אַלערלײ טעמים — זויער און ביטער, קאַלט און וואַרים, עסעניש אין זיך און יסורים, וועהטאָגען פונ׳ם לײב. ס׳איז דאָ דרינען פון אײן זײט: גריזאָטע אינווײנינגסטע, אין דער נשמה, פונ׳ם פיהלען די שולדיג־קײט, אָבצוהיטען זײן אײגענעם ווערטה, דעם מענשליכען כבוד און אָרענטליכקײט; פונ׳ם פיהלען מורא פאַר זינד, בושה פאַר גאָט און פאַר לײט, וואָס זענען אַײנגעוואָרצעלט אין דעם מענשענס האַרץ. און פון דער אַנדערער זײט: אָנגעטאָנענע יסורים, געבּרענטע־געבראָטענע לײד— צוואַנג, פּײן, קלעפּ, הונגער און כל־המיני פּורעניות, אויסגעבאַרטע חעקסלען, בעלי־חובות, שלעק, אָנשיקענישען, מיאוס׳ע יצר־הרע׳ס

אזעלכע, וואָס רייצען, צוקאָכען די געבליטען. עס ווערט אינווייניג אין זיך פון די אַלע דאָזיגע זאַכען אַ שטורם, אַ קאָכעניש, אַ ראַנגלעניש, אַ שווערע, שטאַרקע מלחמה, און דער זינדיגער מענש, פלייש און בלוט, האַלט נישט אויס — און פאַלט!...

איידיל, נעבעך, איז געפאַלען!...

אַ היבשע צייט האָט זי ווי מיט'ן טויט זיך אַוועקגעראַנגעלט מיט די אַלע גרויסע ביטערע יסורים, וואָס מען האָט איהר אָנגעטאָן, אַלץ זיך געשטאַרקט, איינריידענדיג זיך נסים ונפלאות, אפשר וועט איהר געראָטען צו דערוויכען מיט איהרע בלוטיגע טרעהרען די הערצער פון די פייניגער איהרע, זיי זאָלען זי אָבלאָזען; אָדער אפשר גאָר וועט איהר געשעהן אַ נס פון זייערע הענד שטילערהייד אַנטרונען צו ווערען — נאָר די צייט אָבער האָט איהר בעוויזען, אַז דאָס אַלסדינג איז חלומות, גיכער איז צו ריהרען אַ שטיין ווי יענע רשעים'ס פערשטאָקטע הערצער, און שטילערהייד אַרויס'גנב'ענען זיך איז גאָר ניט קיין גוט מיטעל, דאָס קען נאָר פערגרעסערן דאָס אומגליק און ברייגנען פיעל צרות זיך און איהרע ליעבע. „אַצינד — האָט זי זיך בערעכענט — בין איך ווייניגסטענס אַליין אומגליקליך, שאַ, שטיל, פערדעקט די חרפה, ווער קען מיך, ווער ווייסט מיך? ס'איז נאָך פאָרט אַ האָפנונג דאָ אויף שפעטער, אויסקויפען זיך אַמאָל פון די שענע לייט, ווערען פריי; גנב'ע איך מיך אָבער אַרויס, אין פאַל ווען ס'איז מעגליך, וועלען די שענע לייט, נישקשה, מיך געפינען, וואו איך וועל זיין. זיי וועלען טרעפען צו מיר אַהיים, איינגעבען אויף מיר די וועקסלען, עס וועט זיך אַרויסשטעלען, אין וואָס פאַר אַ הויז איך בין געוועזן. טאַטע=מאַמע וועלען זיך שעמען צו ווייזען פאַר לייט, וועלען פאַר גרויס צער, חלילה, שטאַרבען, די שוועסטער, נעבעך, וועלען פערזיצען, נישט קענען קומען צו קיין שדוכים און פונ'ם גאַנצען הויזגעזינד וועט ווערען אַ תל". — פאַר איידלען איז קיין אויסוועג נישט געווען, זי האָט געליטען, זיך געראַנגעלט ביז די לעצטע כחות — און איז געפאַלען! — —

יאָ, איידיל. נעבעך, איז טאַקע געפאַלען, אָבער טיעף געזונקען איז זי נישט. מען האָט ביי איהר צוגענומען דאָס געזונד. אָבער די נשמה, אַ מתנה פון גאָט, — דאָס צונעהמען ביי איהר האָט מען נישט געקענט. עס האָט אין איהר זיך געקלאַפט אַ מענשליך האַרץ מיט געפיהלען פון גוטסקייט און רחמנות. זי האָט געפיהלט דאָס ביטערע האַרץ פון פיעל אַנדערע אומגליקליכע חבר'טעס דאָרט. איז זיי בייגעשטאַנען

אין די נויטען, געוועזן פאר זיי בשעת אמאל א כעס, א רוגזא, א גוטע מליצה, זיך ארויסגעשטעלט פאר זיי אקעגען לוי׳ן און דער מוהמע שיינצע, נישט קוקענדיג דערויף, וואס זי פלעגט אפט דורכדעם האבען יסורים, צוציהען צו זיך שנאה און לייד.

די חבר׳טעס האט דאס הארץ געצויגען צו איידלען, זי איז ביי זיי געווען דער קאפ. מאלווינקא, א יאדערדיג מיידעל, א קלוגס, א לעבע־דיגס, אפרעהליכס, מיט א ברייט פנים און א פערריסען נעזעל, האט איידלען געקרוינט מיט דעם נאמען „אפיצערקע״ — און אזוי האט זי געהייסען ביי איטליכען. די „טערקיניע״ אפילו, וואס פריהער איז זי גע־ווען די עלטסטע, האט מוחל געווען אויף איהר כבוד און איז צוגעקאכט געווארען צו איידלען, האט אין איהר געקלעבט נאך פיעל מעהר פון אלע אנדערע.

נאר די מוהמע שיינצע אליין, זי האט איידלען פיינט געהאט שטארק פונ׳ם גאנצען הארצען, קיין אנדער נאמען פאר איהר האט ז נישט געהאט ווי „די עגונה״, כדי צו שטעכען זי דערמיט. די מוהמע שיינצע האט, ווי עס איז בעקאנט, געוועלטיגט ביי זיך אין הויז גאר א שרעק, געוואלט, אז חוץ איהר דארט זאל קיינער נישט טארען אויפהוי־בען א קאפ, האבען עפיס א ווילען. דער שטייגער איהרער איז געווען. זיך אלץ צו קלאגען אויף היינטיגע צייטען, אויף היינטיגע מענשען נישטא. פלעגט זי קרעכצען, נישטא אמאלדיגע יאהרען! אמאל איז א בעל-הבית׳טע געווען א בעל-הבית׳טע. עס האט מיט איטליכער פאר איהר אין שטוב געמארדעוועט. און היינט? היינט ווילט זיך עס „זיי״ אויך האבען א דעה... אויך מיר מענשען!

איז איינע געווען זעהר שען, פלעגט עס די מוהמע שיינצען אין הארצען שטארק פערדריסען. און פלעגט זיך שטעלען מיט יענער פער־הערען, רערצעהלען איהר פון יענע גוטע יאהרען, ווי שען זי איז געווען אמאל, אז מען האט זיך פשוט אויף איהר געהאנגען. פונדעסטוועגען האט זי זיך נישט איבערגענומען און געהאט פאר דער בעל-הבית׳טע דאס נייען-יעהריגע...

קיין אנדערע ווערטער זענען ביי דער מוהמע שיינצען נישט געווע. פאר איינער, וואס עפיס נאר נישט אזוי, ווי: אויך מיר א מענש, דו חצופה איינע!... א גולם ביסט דו, א אנגעמאלטער גולם, א שטיק פלייש, א שטיק סחורה, ווייטער גארנישט!...

א דם-שונא איז דעריבער די מוהמע שיינצע געווען איידלען אי

פאר איהר שענקייט, אי פאר דער העזה איהרער, צו מענשלען זיך אליין און איינצוגעבען איהרע חבר'טעס שכל. אז זיי זענען אויך מענשען, משטיינס-געזאגט, פונקט פערקעהרט פון איהר תורה, זי פלעגט ביי איטליכער געלעגענהייט זיך בעקלאגען אויף איידלען, אז זי האט פערגעסען דאס פיעל גוטס, וואס מען האט איהר געטאן, בשעת בלייבענדיג איין עגונה, איינגעטונקט אין חובות, נאקעט, הונגעריג. ווען נישט לוי איהרער, ווען נישט זי, די מוהמע הייסט עס, וואו וואלט היננעקומען איהר געביין?

ביי דער מוהמע שיינצען האט, נאך איהר שטייגער דענקען, איהר שטייגער דערציהונג, זיך געקענט טאקע לעגען אין קאפ, אז זי איז געּרעכט, און פלעגט אויסלאזען געוועהנליך דאס צעטעל חסדים איהרע מיט א טענה: רבונו של עולם, וואס איז היינט פאר א וועלט? וואס זענען עם היינט פאר א מענשען?...

איידלען האט אין דער מיאוס'ער לאגע איהרער צוגעגעבען קראפט אויסצוהאלטען די ביטערע פיין, אט דער דאזיגער געדאנק, וואס נאט איז א יודע לבבות, ווייסט דעם מענשענס הארץ, דער עיקר איז איהם א ריינע, אומבעפלעקטע נשמה. גרויסע צדקניותן, צנועות זענען, ווי עס שטעהט געשריבען אין ספרים, אויך געווען געפאנגען אמאל; אזוי ווי זי געפייניגט, געצוואונגען געווען, נעבעך, — און דער גוטער גאט האט זיי מוחל געווען די זינד צוליעב דער ריינער נשמה זייערער. ער האט געזעהן זייער פיין און זיי געהאלפען אויסצוקומען מיט דער צייט: איידיל האט אויך געהאפט אויסגעלייזט צו ווערען פונ'ם געפענגעניש. האט אלץ געהאפט, גע־אפט — און לסוף...

דער סוף איהרער איז געווען ווי דער סוף פון אלע אומגליקליכע, איהרגלייכען — א קרענק א פלאג, וואס האט זיך איהר צולעצט אריינגעחאפט אין די ביינער. א היבשע צייט איז זי אוועקגעלעגען אין שפיטאל, אין א אבגעזונדערטען חדר דארט, אבגעריסען פון דער וועלט פערווארפען, פערגעסען, ווי א פערדארטע בלום, א צובראכען כלי, א שארבען, וואס ניצט נישט מעהר קיינעם. וואס מען מיידט עס אויס און שייעט זיך עם אנצוקוקען.

די מוהמע שיינצע איז אין דער גאנצער צייט אפילו קיין איינציגמאל נישט געקומען געוואהר ווערען צו איהר. זי האט אויך פערבאטען אין שטארק אבגעהיט, אז די חבר'טעס איהרע זאלען אהין צו איהר די נאז נישט וויזען. זעלטען נאר פלעגט זיי נאך פיעל מיה געראטען,

איבערצושיקען איהר אביסעל איינגעמאכטס, צום קוויקען זיך, דורך מאלווינקען, וואס פלעגט זיך איינשטעלען בגנבה אריינצוחאפען זיך צו איידלען מיט דער איבערגעפּעקעלטער טרפה סחורה.

אז האריל די מעקלערין איז איינמאל אוועקגעזעסען א פאר שעה ביי שיינצען אין צימעריל, שוין זאט אנרייעדענדיג זיך מיט איהר איבער דער היינטיגער פערדארבענער וועלט און די היינטיגע שלעכטע צייטען; שוין מקיים זייענדיג אויך איינטונקען א שטיקעל לעקיך, פערזיכען דעם בימערן טראפּען און זיך שוין געקליבען אוועקצוגעהן — האט זי זיך פלוצלים א חאפּ געטאן, גלייך ווי זי וואלט זיך דערמאנט אן עפּיס זעהר א וויכטיגער זאך.

— אוי, שיינצעניו, גוט וואס האב מיך דערמאנט! האב מיר גע־קענט אוועקגעהן — און דיר נישט קיין ווארט. דו הערסט, שיינצעניו? נעכטען געה איך מיר גראד פארביי דעם שפּיטאל, טראכט איך מיר, הא! לאמיך, כ'לעבען, אריינגעהן צו דער יפהפיה דיינער, צו דער עגונה, ווי זי דרייסט ביי דיר. א קוק טאן, וואס זי מאכט. אוי, וואס זאל איך דיר זאגען, נשמה מיינע? מאכען זאלען אזוי, רבונו של עולם, אונזערע שונאים, אלע וואס ווינשען אונז בייז! ס'איז זי נישט צו דער־קענען, אזוי פערענדערט האט זי זיך. וואו שענקייט, וואו לייב — אינ־גאנצען, בעהיט זאל מען ווערען הויט און ביין! איך זאל דערלעבען זעהן אזוי פיעל גוטס. ווי עס האט מיר זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען און געריטען דאס הארץ קוקענדיג אויף איהר, ווי זי ליעגט שוואך, צובראכען אויפ'ן בעטעל דארט. זי האט אנגעשטעלט אויף מיר א פאר געשוואלענע, פערלויפענע אויגען און געקוקט שווייגענדיג מיט א זיפץ. זי קוקט, קוקט און פון די אויגען קאפּ-קאפּ הייסע טרעהרען. איך טרייסט זי, שטארק זי, ווי דער שטייגער איז, מיט ווערטער, חאטש אין הארצען ביי מיר ווייס איך זעהר גוט, אז ס'איז אומזיסט די רייד — זי איז א צעבראכענער שארבען. פון גאטס-וועגען האב איך געזאגט, נישט אויסגערעדט זאל עס זיין, א ליגען. אז דו גריסט איהר גאר פריינדליך און פרעגסט, וואס זי מאכט. קוים האט זי עס דערהערט, איז זי פערציטערט געווארען מיט אלע אברים. עס האט זיך אין איהר אנגעצונדען דער גיהנום — די אויגען פלאם-פייער און פונ'ם מויל גיסט זיך פעך און שוועבעל: בייזע שטילע קללות. הלואי ווי דו האסט זיי נישט געהערט, אזוי זאלען זיי דיר ניט שאדען. לאזען זיי אויסגעהן צו שונאים'ס קעפּ, צו משוגע'נע הינט, הלואי, רבונו של עולם!

— אָמן, צולאָזט זיך די מוהמע שיינצע אויף אַ קול, אויפשפרינגענדיג פונ׳ם בּיינקעל, גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ בּיס געטאָן: נו, אַדרבה, זאָג, איך פרעג דיך, וואָס איז היינט פאַר אַ וועלט?... אָט האָסט דו דיר דעם דאַנק פאַר דער טובה, וואָס מיר האָבּען איהר געטאָן!... דער מאַן מיינער איז איהר בּייגעשטאַנען אין די נויטען בשעת זי איז געבּליבּען אַ וויסטע עגונה, נאַקעט און בּלויז, עלענד ווי אַ שטיין, חאָטש נעהם און וואַרף זיך אין וואַסער אַריין. נישט גענוג, וואָס ער, מיינער, האָט זי נישט געמאָהנט זיין אייגען געלד, אַ גאַנצער קאַפּיטאַל, וואָס קומט איהם פון איהר, האָט ער נאָך אויך אַנדערע אויסגעצאָהלט חובות פאַר איהר. אַ פערלוירענע, אַ פערפאַלענע נעהמען מיר זי צו זיך אין הויז אַריין. נאַ דיר, נאַ, אַלסדינג וואָס אַ מענש בּעדאַרף!... זי עסט אונזער זאַלץ און בּרויט, טראָגט אונזערע קליידער. פערשטעהסט, וואָס איהר פעהלט? זי עסט, טרינקט, פוצט זיך, לעבּט און טהוט זיך אָן וואוילטאָג, אַלץ פון אונזער גוטס. אַודאי האָט מען זיך וואָס צו בּעקלאָגען! אַי וואָס, עס מאַכט זיך אַמאָל עפּיס אַזוינס, נישט־דאָ־געדאַכט, נישט פאַר אונז געדאַכט, מילאָ וואָס, ווער איז דרינען שולדיג?... ווי אַזוי־זשע, פרעג איך דיך, זאָל מיר נישט צעזעצט ווערען דאָס האַרץ הערענדיג, אַז אַזוינע, איך בּעט דיך מחילה, אַז... אַז...

— שיינצעניו, נשמה׳ניו, איך בּעט דיך, עס דיר נישט אָבּ אַזוי דאָס האַרץ, האָבּ רחמנות אויף דיין געזונד! אומזיסטע קללות פערשווינדען מיט׳ן רויך אויף פוסטע פעלדער, אויף וויסטע וועלדער. איך שווער דיר, שיינצעניו, דו זאָלסט אַזוי לעבּען, אַזוי געזונד זיין ווי איך האָבּ חרטה, ווי בּייז איך בּין אויף מיר אַליין, וואָס איך האָבּ דיר גאָר דערצעהלט אַזוינס. נו, בּעדאַרפסט דו נאָך אַ בּעסערן בּעווייז, ווי שטאַרק חרטה איך האָבּ? איך בּעט דיך, האַרץ־קרוין, טייערע נשמה מיינע, נעהם עס דיר נישט אַזוי שטאַרק צום האַרצען, שאַ, כ׳לעבּען, בּערוהיג זיך אַ בּיסעל! ווען נישט מיר צוליעבּ, טהו־זשע עס, איך בּעט דיך, ציליעבּ דיר טאַקע, צוליעבּ דעם נפש דיינעם. אַ רחמנות, נעבּעך אויף דיין געזונד!...

אַזוי האָט געזאָגט האָדיל, פערשנירענדיג די ליפּעלעך מיט אַ קול פון געבּעט ווי בּיי די תּחינות, און זיך אויפגעהויבּען פונ׳ם זעסיל, גאַרפענדיג הינטערוויילכם אַ אויג אויף אַ גרויסען, בּייכיגען בּוטעל מיט ווישניק, וואָס שטעהט פערדוקט אין אַ ווינקעל.

— ווייסט דו וואָס, שיינצעניו? מאַכט האָדיל: איך טראַכט, אַז

א צינד וואָלט דוקא דיר ניט געשאַדט נעהמען א קאָפּעלע ווישניק צו בערוהיגען זיך.

— וואָס מיינסטו דו, איך וועל דיך טאקע פאָלגען, ענטפערט די מוהמע שיינצע, סאָפּענדיג ווי א גאַנז. שיער ניט צושמעלצענדיג זיך פאר פעטקייט: נאָר מיט דעם תנאי, אז דו, האָדיל, זאלסט מיר נישט אבזאגען, איך פערזוכען. זעהר גוטער ווישניק!

— אך, פון דיין געזונד וועגען וויפיעל איך וועל קענען! לאזט זיך האדיל איינריידען און נעהמט זיך העלפען שיינצען אויפצוהייבען דעם בוטעל.

אוועקגעגאנגען איז האדיל, ווי מען זאגט, „בנילופין״, גאנץ פרעהליך. דער מוהמע שיינצען האבען זיך צושפיעלט די געבליטען, די ערדערלעך הייסט עס, נישט, חלילה, די „נערווען״, זי האט זיך צוגע־לעגט שלאפען. פערגעסענדיג זיך אן איידלען און נישט זעהענדיג זי אפילו און חלום.

איידעל איז אין א צייט ארום ארויס פונ׳ם שפיטאל שטארק פער־ענדערט. שלאף, צעבראכען, געל ווי וואקס, אויסגעדארט, אויסגע־טריקענט, די האר אויסגעקראכען, אין א אלט, אבגעבלאקעוועט קליידעל, און נישט האבענדיג קיין ארט וואו דעם קאפ אנידערצולעגען, איז זי בלויז, הונגעריג, פערשמאכט צוגעקומען אווענד־צייט צו לוי בחור׳ס הויז. די מוהמע שיינצע ראט, דערזעהענדיג זי פונדערווייטענס, פערשפארט פאר איהר די טיר — און זי, נעבעך, איז געבליבען גע־פלעווט, נישט צו וויסען וואו די ערשטע צייט חאפש זיך אהינצוטאן, וואו די נאכט איבערצולעבען.

די נאכט יענע, איינע פון די שענע זומער־נעכט, ווי עס האט אין אנהויב אויסגעזעהן, א שווארץ־חנ׳עוודינע מיט א הימעל בלויען שלייער און א שטערנטיכעל, שיינענדיג ווי ברילאַנטען; א ליעבליכע, א מילדע, א פריינדליכע, אונטערטראגענדיג יעדען אונטער דער נאז שמעקענדיגע ריחות פון גרינוואַרג, אלערליי קרייטעכצער און לאזענדיג הערען דעם עולם א אומזיסטיגען קאנצערט פונ׳ם סאלאוויי, דעם וועלט־בעריהמטען זינגער; דאכט זיך שען־פיין, א לעבען גאר א מחיה — פלוצים איז זי, ווי א זוינע וואס קומט איהר אן דער שגעון, עפּיס אינגאנצען איבערגע־ביטען געווארען! עס רוקט זיך אויף איהר אן א שווארץ־פינסטערער וואלקען, זי בעקומט א פערחמורעט פנים, א משונה־ווילדע געשטאלט. אוים ליעבליכקייט, אוים מילדקייט — זי איז קאלט — אייז! אויסגעלאשען

מיט אַמאָל ווערען ביי איהר די ליכט, זי הויבט אָן שטאַרק קאַפּריזען, בלאָזען פון זיך, נאָר אַ שרעק. עס בלאָזט, עס שטורעמט, עס קעהרט די וועלט. גרעסער־גרעסער ווערט דאָס פינסטערניש, עס היילט, עס סווישטשעט און עס שפּרינגען, טאַנצען, דרעהענדיג זיך, עפּיס נאָר רוחות. פערשטומט ווערט דער סאָלאָוויי, ליעגט בעהאַלטען צווישען בלעטער פון צווייגען און דער עולם צולויפט זיך געשווינד אין די הייזער, גאַנץ זיכער ביי זיך, אַז היינטיגע נאַכט האָט ערגיץ אין וואַלד זיך אויפ־געהאַנגען אַ מכשף.

אויף דעם אַנדערן טאָג אין דער־פריה האָט מען ביי לוי בחור אין גאָרטען געפונען אײדלען הענגענדיג אויף אַ בוים...

וועמען איז עס אָבגעגאַנגען אַזאַ נפש, משטיינס־געזאָגט, ווי איידיל, אַ שטיינער, אַז זי האָט זיך געהאַנגען?

— כן יאבדו!...

איז דען אַזעלכע ווערטה גאָר פון איהר צו ריידען, זי אויף דעם מויל צו ברייננען? עס פערשטעהט זיך, אַז ניין, אַ שענע ריינע כפרה!.. אָנגעגאַנגען איז נאָר איהרע חבר'טעס, אַזעלכע נפשות, אַזאַ סחורה ווי זי אַליין, משטיינס־געזאָגט. דער טאָג פון איידיל'ס טויט איז ביי זיי אַלע געווען אַ טרויער. איהר לעבען פון אָנהויב־אָן און דער ווײַטער סוף איהרער האָט זיי געריהרט ביי דער לעבער, שטאַרק אָנצוהערעניש גע־געבען, ווי ווייט אומגליקליך, ווי טיעף דערנידרינגט זיי זענען — און זיי האָבען זיך שטאַרק פערטראַכט...

נישט מאַכענדיג קיין לאַנגע, גרויסע צערעמאָניעס, האָט מען איידלען, אַזוי ווי זי איז, אַריינגעוואָרפען אין אַ מיסט־וועגעלע, גע־פיהרט צום בית־עולם און זי בעגראָבען ווי אַ הונד אונטער דעם פלויט דאָרט.

אויף דעם פרישען קבר איז געשטאַנען די טערקיניע און מאַלווינקאַ, אַראָבגעלאָזט די קעפּ, און ביטער געיאָמערט, געקלאָגט.

— ע־עך! — טהוט מאַלווינקאַ אַ זאָג, ווישענדיג זיך די אויגען און אַ מאַך געבענדיג מיט דער האַנד: — פערפאַלען! פערביים די ליפען — און שאַ, שוועסטער!...

— אוי, עס קאָכט, זידט דאָס האַרץ, איבערפול מיט ווערטאָגען, זיין עס לויפען אויס, גיסען זיך אַליין הייסע ביטערע טרעהרען, — רופט זיך אָן די טערקיניע, אָנכאַפּענדיג זיך ביים האַרצען: — אַז־אָך־און־וועה צו אונזער לעבען, אַז־אָך־און־וועה צו אונזער טויט... אָט האָסט דו דיר

אונז דאָ אונטער דעם פלויט און דאָרט, זעה נור, אוי=וועה, איבער דעם פלויט!...

— איבער דעם זייט, זאָגסט דו, — מאַכט זיך מאַלווינקע, כלומר׳שט נישט פערשטעהענדיג: — שפינען=געוועב זעה איך דאָרט מיט הוילע הײטלעך פון פליגען.

— אָט דאָס, שוועסטער, ביסט דו, בין איך, זענען מיר אַלע, — מאַכט די טערקיניע, אָנשטעלענדיג אַ פּאָר רויטע פערשוואָלענע אויגען פון בלוטיגע טרעהרען: — יאָ, זעהר גלייך טאַקע געזאָגט: שפינען=געוועב, שפינען! די שפינען אונזערע פערפּלאָנטען און נאָגען אונז געפאַנגענע אין דער נעץ, נאָגען, נאָגען ביז צולעצט, געהען זיך ווייטער זייער וועג, זוכען פרישע נייע קרבנות — און מיר אויסגענאָגטע פליגען הענגען, פוילען!... אוי, אַ צעזעצעניש! — צעוויינט זיך שטאַרק די טערקיניע, שלאָגענדיג זיך אין האַרצען — לאָמיך חאַטש אַ ביסעל זיך אויסריידען דאָס האַרץ. הערט אַ מעשה! יענע וואָס פּײניגען, פערפיהרען, נאָגען, זיי זענען עס די פּײנע לײט, און די געפּײניגטע, פערפיהרטע, אויסגענאָגטע זענען... דו ווייסט וואָס? אַ חרפּה, אַ שאַנדע צוזאָגען. יענע פּײנע לײט, געהויכט, געהויבען אין דער וועלט, דאָרט אויף יענער זייט פלויט, האָבען דעם אויבענאָן אויך אויפ׳ן בית=עולם, דאָ אויף דער זייט פלויט. זעה נאָר, זעה, וואָס פאַר אַ מצבות אויף זיי מיט קינות, קלאָג=לידער און לאַנגע שבחים! און איידיל, די גוטע, די טײערע איידיל, וואָס מען האָט איהר פערוויסט איהר וועלט, פערגיפט איהר לעבען — זי ליעגט דאָ בעגראָבען ווי אַ הונד אונטער׳ן פלויט! מאַטע=מאַמע, דער לעבעדיגער גאָט ווייסט, וואו זיי זענען ערגיץ, קענען אפילו נישט האָבען די האָפנונג זיך אַמאָל אויסצעוויינען אויף זייער טאָכטערס קבר... אוי, מיין אומגליקליכע איידיל, צו וואָס מענשען האָבען דיך געבראַכט... אוי, וואו ביזט דו, — אל מלא רחמים, גוטער, דערבאַרמדיגער גאָט!...

— וואָס העלפט דאָס קלאָגען, וואָס העלפט דאָס וויינען, אַז ס׳איז גאָר נישט צו מאַכען? שאַ, שוועסטער, שאַ, בעט מאַלווינקאַ די טערקיניע, זי זאָל נישט וויינען, און זיך אַליין צעוויינט.

— איך בין אויך געוועזען אַ קינד, אַ געליעבט, צימערדיג קינד, — צעגיסט זיך די טערקיניע אין אַ נײעם קוואַל טרעהרען: די מאַמע האָט געגוג מיה מיט מיר געהאַט פון מיין געבוירען=אָן. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז בין איך פאַר איהרע אויגען געוואַקסען און איטליכער טאָג

תאקסען מיינם האָט איהר אָבגעקאָסט געזונד. געכטוויז האָט זי איבער מיר נישט געשלאָפען, נישט דערגעסען, נישט דערטרונקען ביז זי האָט דערלעבט נאָך אַ צייט יאָהרען צו זעהן איהר קינד אויסגעוואקסען ווי אַ בליהענדיגע רויז; פּלוצלים קומען מענשען צום גרייטען, מענשען אָהן הארץ, און האָבען אומברחמנות די רויז איהרע אויסגעריסען, צעטרע-טען!... לאָמיך=זשע תאָמש אצינד זיך דאָ אויסוויינען; לאָז אין דעם דאָזיגען פרישען קבר אַהין צו איהר פאַלען מיינע בלוטיגע טרעהרען. זי זאָל חיסען, אַז עס בעקלאָגט און בעוויינט זי איהר געטרייע, ווי ד אומגליקליכע שוועסטער.

---

# דאס וועקסטע קאַפּיטעל.

די דאָזיגע טערקיניע האָט תּחילת, אינ'ם אָנהויב פֿאַלען איהרס, געפיהלט, ווי די אַלע אומגליקליכע איהר גלייכען, אַז זיזינקט וואָס חייטער, זייטער אַלץ נידעריגער, נידעריגער אין טיעפען שמוץ. נאָר די זינד דאָס איז דער געוויסער שרעקליכער שלאַנג בּאָאַ גרויס און לאַנג ווי אַ בּאַלקען. און דער זינדיגער — דאָס איז, נעבעך, דער קרבּן, וואָס ווערט צעטומעלט פון זיין בּליק. אָנשטאָט צו ענטלויפען, לאָזט ער זיך נאָך צו נעהנטער און גיט זיך איהם איבּער, דעם משחית, גלייך אין מויל אַריין. עס זעהט אויס, נאָר טאַקי ווי אַ כּשוף ליעגט אין די אויגען פון דעם שטן, אָט דעם שרעקליכען שלאַנג. ווי בּאַלד אַ מענש נעהמט זיך אַראָבּ פונ'ם גלייכען וועג, קומענדיג אין זיין גבול, ציהט דאָס איהם, שלעפּט דאָס איהם, ווי אַ שפּענדיל אין אַ שטאַרקען וואַסערווירבּעל, בּיז ער פערלירט דעם פערשטאַנד און פערקריכט אין שאול תּחתּיה אַריין. דער געפאַלענער בּעדאַרף האָבּען געװנוג מוטה אין זיך אַליין און צוגלייך אויך הילף פון אַנדערע, זיך אַרויסצורייסען פון דעם ווילדען ווירבּעל און צוריק שטעלען זיך אויף זיין שטאַנד. יענע גליקליכע, וואָס זענען קיינמאָל נישט געפּרובּט געוואָרען אַריינצופאַלען דעם שטן אין די הענד, וואָס דער וועג זייערער אין דער וועלט איז אַ גליקליכער, נישט געליטען קיין שיפס-בּרוך זעגלענדיג אין דעם שטורמישען ים פון לעבּען, זיי טהאָרען זיך נישט איבּערנעהמען מיט זייערע צדקות איבּער די אומגליקליכע, וואָס דער פינסטערער מזל זייערער האָט זיי פאַרשלעפּט און אַריינגעוואָרפען אין אַ קאָכעדיגען טיעפען אָבּגרונד; טהאָרען נישט, אויבּ זיי האָבּען נאָר גאָט אין

האַרצען, טײמען מיט אַ פינגער אויף זײערע פערפיהרטע זרידער און שוועסטער, בעלײדיגען זײ, שענדען זײ, מיט אַ געשפּאָט פון רוהיגע אָבגעפײנטע מענשלעך. שילט נישט פאַראירטע און שטויסט ניט אָב פון אײך געפאַלענע, נאָר זוכט אויס אַ מיטעל און גיט אַ האַנד די זינדיגע אויסצוהעלפען זײ פון דער זינד,

פאַרשטעלט די זינד, וועט קײן זינדיגער נישט זײן מעהר. זײט איהר נישט אימשטאַנד צו העלפען און דער געפאַלענער בלײבט אַ פער־בלאָנקענדיג שעפעל אויף תמיד, צום װענינגסטען לײגט אַרויף די הענד אַײערע אויף דעם דאָזיגען קרבן און זײט זיך מתודה אויף די זינד פאַר אײך און פאַר כל ישראל!...

אמת געפיהלט האָט טאַקי תחילת די מערקיניע, אַז זי איז מיאוס אַרײנגעפאַלען אין נעץ און נישט גוט צו בלײבען דאָ. נאָר זי האָט זיך פערפלאָנטעט דערינען אַזוי, אַז זי האָט זיך קײן ריהר נישט געקענט טאָן. די נעץ־פערוואַרפער, נישקשה, האָבען זיך געקליגט צו איהר, פערדרעהענדיג זי, אַז זי זאָל שוין אײביג פון זײערע הענד ניט אַרויס. געוואָלט האָט זי אפילו ענטרונען צו ווערען. נאָר אויספיהרען איהר ווילען דערצו האָט איהר געפעהלט כח. גלײך ווי עס האָט זיך איבערגעריסען בײ איהר אין מח יענער טעלעגראַפּישער דראָט, דורך העלכע דער ווילען שיקט בע־פעהלען צו די גלידער פונ׳ם גוף, אַז זײ זאָלען טאָן זײער אַרבײט. נאָר אין דער ערשטער מינוט פון איהר פאַלען איז נאָך בײ איהר געווען אַ שטיקעל האָפענונג, מאָן עפּיס צו ראַטעווען זיך, אָבּ־לעגענדיג עס אויף שפּעטער. דערווײל איז אַוועק אַ צײט. זי האָט אַלץ מעהר זיך פערפוטעט. דער ווילען הויבט אָן שוואַך ווערען און זי וואָלט שוין טאַקי באַלד אינגאַנצען פערלאָרען דעם פערשטאַנד, פערפאַלען געוואָרען אויף אײביג, ווען עס זאָל נישט קומען איהר צו הילף אַ מעשה גאָר אומגעריכט — די מיתה משונה פון דער אָפּיצערקע האָט זי אָבגעמינטערט און אויפגעטרײסעלט איהר פער־חלש׳טע נשמה. דער קול פון אײדעלס בלוט האָט איהר געשריען פון דער ערד: רבונו של עולם! וואָס האָט מען מיך אומזיסט געפּײניגט און פערקירצט מײנע יונגע יאָהרען; אוי, צו וואָס מענשען האָבען מיך געבראַכט מיט זײערע רשעות... שטעה אויף, שטעה אויף, מײן שוועסטער! טהו זיך אַ אַ כח און װער ענטרונען פון די רשעים׳ס הענד!

דער גלויבען אין גילגול, דאָס הייסט אַז דעם מענשענס נשמה ווערט מגולגל נאָכ'ן טוידט אין איינע פון די בעשעפענישען, איז דאָך אין פלוג נאַריש, נישט צו פערשטעהן מיט'ן שכל, נאָר אַז מען זאָל עס גוט בעטראַכטען, קומט אויס, אַז עס איז נאָר נישט אַזוי נאַריש. און אַ שטיק אמת ליעגט אין דערינען. מיט וואָס דען אַנדערש קען אונז ערקלערט ווערען אָט יענץ קול, אַ שטייגער, וואָס קלינגט תמיד דער טערקיניע אין די אויערען וועקענדיג זי אָהן אַ אויפהער? און יענע געשטאַלט, די געשטאַלט פון איידלען, וואָס מאָלט זיך איהר אין קאָפּ און שטעהט פאַר די אויגען תמיד סיי אין שלאָף, סיי אויפ'ן וואָהר? מיט וואָס קען אונז אויך ערקלערט ווערען דער גייסט, וועלכער קלאַפּט אין איהר האַרץ, מוסר'ט זי, לערענט זי גוט און פרום זיין און צווינגט זי ענטרונען צו ווערען, און אַרויפשלאָגען זיך אויף אַ גלייכען וועג?...

איידעל, דאָס איז זי ביי איהר אין האַרצען, אין קאָפּ און אין אַלע גלידער. דער גייסט פון איידעל — דאָס אָטהעמט זי ביי איהר, דאָס איז איהר נשמה; איהרע גוטע מדות שטעהען איהר פאַר אַ ביישפּיעל און בעלייכטען איהר וועג; נאָר דורך איידלען בעקומט זי מוטה און דער אָבגעשלאַפטער ווילען ווערט פרישער און שטאַרקער. איידעלס קול שרייט אין איהר מיט כח: שטעה אויף, שטעה אויף, מיין שוועסטער, שטאַרק זיך און ווער ענטרונען פון די רשעים'ס הענד!

די טערקיניע נעהמט אויף זיך צו טאָן ווי ווייט זי קען, אַרויסצוחאַפען זיך פון דער נעץ.

און ווי זי טראַכט דאָ אַזוי, צוגעפינען אַ אויסוועג, ערשט נאָך אַ נפש פאַלט אַריין, צאַפּעלט זיך נעבען איהר אין דער דאָזיגער נעץ — דאָס איז ביילע, אַ יונג קינד, נעבעך. דערזעהענדיג זי, פאַלט איהר אַרוים אַ שטיק האַרץ אויף דער אומגליקליכער און פון יענער צייט אָן האָט זי ליעב בעקומען ביילען זעהר שטאַרק. ניאַנטשעט זיך מיט איהר, ווי אַ עלטערע טאָכטער מיט דעם קלענערען שוועסטעריל אַ אומגליקליכע יתומה'לע ווי זי, און זוכט מיטעל, זיך צו בעפרייען און אויך ביילען, נעבעך. אַזוינס איז אָבער נישט מעגליך סיידען אַז ביילע זאָל זיך געפינען דאָ מיט איהר אינאיינעם ביי לוי בחור אין הויז. אָבער וואָס וועט זיין, אַז ביילע וועט

װי אַ לעבעדיגע סחורה פערהאַנדעלט װערען ערגיץ אין די װייטע ערטער. װעט זי דאָך אײביג איהר מעהר נישט זעהן. אָט דאָס האָט איהר זעהר פערראומערט דאָס לעבען. און זי האָט אָנגעהויבען צוצוקוקען זיך צו לוי'ן, װאָס טראַכט ער טאָן מיט איהר ליעבהאַרציגע ביילען.

# דאס זיבעטע קאַפּיטעל.

„וואוהין קען ער עס זיך אַזוי יאָגען הענדום־פּענדום — און נאָך אַזוי פריה? ס'איז עפּיס נישט גלאַט!"

אַזוי האָט געטראַכט רפאל, ארויסקוקענדיג פונ'ם אָפענעם פענ־סטער בײַ זיך אין פאָדער־חדר אויף דער גאַס און זעהענדיג שטאַרק פערוואונדערט, ווי הערשעלע יאָגט זיך דאָרט האַסטיג, גאָר אין איין אָטהעם. ער מאַכט נישט לאַנג שיהות, טהוט זיך באַלד אָן און לאָזט זיך נעהן, געוואָהר צו ווערען, וואָס בעטײַט עס עפּיס אַזוינס זײַן יאָגעניש דאָרט.

פון אייביג־אָן איז שוין אַזוי אין גלופּסק געשטעלט: לאָז נאָר איי־נער דאָרט זיך ריהרען, ריהרט זיך מיט איהם, כסדר איינער נאָך דעם אַנדערען, אַ גאַנצע עדה יודען. איין יודען פאַר זיך אַליין איז זעלטען צו בעקומען. יודען געהען דאָרט אויפ'ן צעהנדלינג, מנינים־ווייז אינאייגעם. נישט ווייל דאָס איז אַ וואָלוועלע סחורה, ווי אונגערקעס, אָדער רעטיכ־לעך, אַ שטייגער, וואָס צעהען שטיק פאַר אַ גראָשען; נאָר פּשוט דע־ריבער, ווייל יודישע נשמות קלעבען איינע אין דער אַנדערער, ווי הערינג צונויפגעשטיקט אין אַ פעסיל פעסט, שווער זיך אָבצורייסען. טהוט עפּיס וואָס־סאיז איינער, טראָגט עס אונטער באַלד דעם אַנדערען. קוים עפענט עמיצער דאָס מויל צום ריידען, פערחאַפּט זיך און שלאָגט איהם איבער יענער. וויל טאָן אַ טריט גרונם, פלאָנטעט זיך איהם פאַר די פים גימפעל, און לאָז אין אַ ווינקעלע ערגיץ זיך בעהאַלטען בעריל, וואַקסט דאָרט ווי פון דער ערד אויס יענקיל־שמעריל...

אַז רפאל האָט זיך דאָ געלאָזט גאַנץ פריה געהן אויף דער גאַס,

זענען איהם שוין פערלויפען דעם וועג פארשווינדלעך, יאָגענדיג עפּיס גאָר אָהן אַ נשמה, נאָך נישט רעכט אָנגעטאָן. איינער אין שטעקשיכעלעך, אָהן זאָקען, שטופּט־שטופּט לויפענדיג די האַנד אין דעם, מעשה־שטן, אַ ביסעל פערדרעהטען אַרבעל פון דער קאַפּאָטע; דער צווייטער האָט אין איילעניש צו טאָן מיט די קנעפּלעך פון די פּלודערען, מחילה, וואָס ווילען, אויף־צו־להכעיס, נישט זיין צונעשפּילעט; דער דריטער, נישט צו פערגינען זיך איין מינוט צייט אויף אָבצושטעלען זיך, האַלט צווישען די פינגער די נאָז גרייט, ביי דער ערשטער געלעגענהייט זי אויסצו־שנייצען, און דער פערטער פערטשעפּעט זיך לויפענדיג אין איהם־אַקענענלויפענדיגען יודען — און ביידע פאַלען, ציהען זיך, נעבעך, אויס.

גלופּסק ריהרט זיך!...

— רב יוד, רב יוד! וואָס איז אַזוינס אויף איך דאָס לויפע־ניש? שרייט פונדערווייטענס אַ יוד און לאָזט זיך טאַקע אויך לויפען

— רב יוד, זייט־זשע מוחל!... וואָס יאָגט איהר, וואוהין יאָגט איהר? רב יוד, אַ, רב יוד! שרייט צו דעם, צו יענעם אויך רפאל, וואָס ווערט שוין טאַקע גוט אומרוהיג.

שריי „חי וקים“, נישטאָ קיין ענטפער. יודען האָבען נישט קיין צייט!... מען ווייזט איהם נאָר אַלץ מיט די הענד, ווינקענדיג: אַהין, אַהין צום געסיל. איינער נאָר, אַ געזעצטער מענש, ענטפערט קורץ און שאַרף:

— יודען לויפען, לויף איך אויך!...

ביים אַריינגאַנג אין געסיל שלאָגט זיך רפאל אָן אין עפּיס אַ קורצ־זיכטיגע, געקנייטשטע יודענע. זי ברעכט די הענד און טענה'ט אַליין צו זיך, צושאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ, אויף אַ וויינענדיג־זינגענדיג קול, ווי מען בעוויינט אַ טויטען:

— וועה איז מיר, ווינד איז מיר!... אַ גרויסער וועהטאָג, אוי, האָט אונז געטראָפען... ווינד איז מיר, וועה איז מיר!

— האַ, וואָס איז?! פרעגט רפאל אויסער זיך פאַר שרעק: וואָס געטראָפען? וועמען, זאָגט, וועמען געטראָפען?...

— איך ווייס?... עפּיס לויפט מען... טהוט זיך אַ חאַפּ די יודענע, אויפשטעלענדיג אַ פּאָר אויגען, אַ מאַך־געבענדיג מיט די אַקסלען, און געהט זיך ווייטער איהר וועג.

דאָס געסיל איז בעלעבט. יודען אין טלית־קטן'ס, אָהן קאַפּאָטעס,

אין יאַרמולקעס מיט פעדערען, האַלב פערשלאָפען, נאָך נישט „פאַר־טיגע“, שטעהען ביי זיך אין די טירען, די קעפּ מיט שפּיצעכיגע בערדלעך פערריסען, איין האַנד איבער די אויגען, און קוקען, קוקען. פון די פענסטער אויף ביידע זייטען גאַס שטעקען אַרויס ווייבערשע קעפּ־לעך, אויסגעפּריעטע פּנים׳לעך, ערשט פון אונטער די וואַרימע איבער־בעטען, און שרייען זיך איבער צווישען זיך, האָרחלענדיג פון אַ צונגע־לעגערטער ברוסט. אַ עולם יודען, אָהן עין־הרע, דרעהט זיך, די אַהין, יענע שוין צוריק. ס׳איז אַ גערייידעריי, אַ האַנדמאַכעריי, אַ געווערטלעריי, אַ ווערטעלזאָגעריי, איטליכער קומט מיט זיינס:

— שכורים האָבען זיך געבוצקעט!... געפלויגען פעטש... ווי שמחת תורה צו די הקפות.

— וואו געגעצט?... וואו, זאָגט איהר, האָט געגעצט?... וואָס־זשע שחייגט דער געוואַלר־גלאָק?

— אַ בייטעל־שניידער האָט גע׳לקח׳נט!... אוי, האָט ער געליינט, אויף אַ סך קרעמער געזאָגט געוואָרען!...

— שענע מחותנים, קבצנים!... געגוג אויסגעפיהרט אייך, קבצנים, איבער אַלע גאַסען, פאַר אַ האַרטען דרייער, „שבת“! שרייען דאָרט, אין־דער־מיט געג אָבשטעלענדיג זיך, די כלי־זמר.

— אוי, מאַכט מען איהם, דעם שענעם בחור׳ל, דאָרט אַ לויה, אַ גוטע, נישקשה!... די מלאכי־חבלה זענען שוין געקומען.

פון די אַלע זאָגענישען האָט רפאל אַרויסגענומען, אַז דאָ מוז זיין אַ צרה, נישט אַנדערש, אַז הערשעלע איז עפּיס אין איין אומגליק — און ער האָט זיך אַ לאָז געגעבען מיט אימפּעט אַהין צו יענעם עק געסיל, וואו ס׳איז געוועזען דאָס רעכטע געטימעל אַ געזועמעל מענשען. ער שטופּט זיך דורך צווישען דעם עולם, פליהט אַריין אין־דער־מיט רעדעל ווי אַ באָמבע — און עס קומט איהם צו די אויגען אַ מיאוס׳ע מעשה!

הערשעלע, צו׳הרג׳עט, צושלאָגען, מיט אַ בייל אויפ׳ן שטערן, האַלט זיך פעסט מיט ביידע הענד אין אַ יודענע ביי די פּאָלעס, און אַ פּאָליציימאַן האַלט איהם ביי׳ם קאָלנער, דערלאַנגענדיג איהם הינטער־ווייליכס אין קאַרק. הערשעלע טענה׳ט, בעט, שווערט זיך אויף אַ ביטער געוויין, און די יודענע — יענע, די מחותנת׳טע, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג זיך געהעצקעט דאָרט אויף דער גאַס — פלוכט איהם, שילט מיט אַ פּיסק אויף שרויפען, וואַרפענדיג די הענד אין אַלע זייטען.

— וואָס הייסט עס, הא?! מאַכט שטאַרק צוקאָכט רפאל, אַ שטעלנגעבענדיג זיך הערשעלען גלייך אַקעגען.

— אַי, רב רפאל! — טהוט הערשעלע אַ געשריי נישט מיט זיין קול, און אַ נייער קוואַל טרעהרען לאָזט זיך איהם פון די אויגען: טהוט אַ מצוה!... געוואַלד, לאָז זי זאָגען... זאָגען!

— וואָס הערט איהם, דעם גנב! צולאָזט זיך אויף אַ קוויטשינג קול'כעל די יודענע, ווענדענדיג זיך דאָ צו רפאל'ן, דאָ צום פּאָליצייטאַן, דאָ צום עולם און מאָהלט אויסגעמישט האלב יודיש, האַלב גוי'איש, ווי עס קומט אויס צום עסק: חאָראָבי יעמו, רבונו של עולם! איז קעשינאַ אַרויסגעשלעפּט ביי מיר האָט פון דער קעשענע ער!... ניחיי, טאַטע-פאָטער, יעמו מכה מאַקיי באַהאַטשקי ווי דאָס ביטעלע איז... יאַ בידנע קאָביטע, ווערה איז מיר!... וואָס שווייגסט דו, בהמה!? — טרייבט זי אונטער מיט אַ ביזער דעם מאַן, וואָס שטעהט איהר ביי דער זייט, אַ זעץ-געבענדיג איהם מיט דעם איילענבויגען, ער זאָל ריידען — טשויעטע, ניחיי טען צשעלאָוויצשע קאַזשע. — רייד, הונד! אַ רוח דיר אין טאַטען, דבר איהם, דעם ערל, צי טי ני באַטשילי, בהמה, יאַק ווין, דער דאָזיגער שייגעץ...

— וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, צו זיין טאַטען? מאַכט אויף איהר שטייגער ריידען רייזע, אַריינשטופּענדיג זיך אין דער מיט עולם מיט אַ קויש שפּייז, ערשט איינגעקויפט אויפ'ן מאַרק: אַ שען בחור'ל, ב'לעבען!... העון אַ ביסעל אַזעלכע עסקים, האַ!

— יאַק ווין, אַט דער שייגעץ, האַפּאַל דאָס ביטעלע, לאָזט אויס אויף אַ משונה-שטאַרקען קוויטש די יודענע, עדות'דיגען זיך מיט דעם מאַן, און בשעת-מעשה געבענדיג איהם הינטערוויילכס טאַקע אַ גוטען קניפּ.

— אוי, דערבאַרמט אייך! קייכט הערשעלע, וויזענדיג רייזען מיט אַ געבעט אויף דער יודענע: דאָס טראַכט זי אויף מיר אויס בכיון... איך האָב זי דערקענט, אָנווייזען לאָז זי, דאָס וויל איך נאָר, אָנווייזען, וואוהין פערפיהרט האָט זי יענע... יענע!

— איך זאָל עס אָנהויבען צו פערשטעהן! זאָגט רפאל, אַ מאַך-געבענדיג מיט די אַקסלען פערוואונדערט.

- אָט יענע, רייזעניו!... איהר געדענקט, יענע, וואָס אַמאָל... וואָס איבערגעלאָזט ביי אייך די זאַכען! געדענקט איהר?

— אוי, אַ דונער האָט מיך נישט געטראָפען! מאַכט רייזע, פער-

יינג מיט דעם קאָפּ: איך שטיים טיך שוין, אַהאַ! איך פערשטעה, פערשטעה. אַצינד איז שוין רעכט — דאָס איז דאָך האָדיל, די גוטע האָדיל!... פרעגט נישט, רב רפאל, ס'איז רעכט. איהר וועט שוין שפּעטער אַ ביסעל חיסען. זעהט אָקאָרשט, לאָז מען זי נאָר אָבפיהרען אַהינצו, אין דער פּאָליציע.

— אין דער פּאָליציע לאָז מען זי נעהמען, אוי פּאָליציע! לאָזען זיך הערען קולות פונ'ם עולם.

— אַ יושר אַ ביסעל פון יודען! טאַקע נאָר ווי סדום, מאָהלט זיך אין איין אָטהעם די יודענע אויף אַלע כלים: קאָלי יאַ ברעשע, אָ רבונו של עולם, ניחוי מעני יאַזיק סאָחנע! וואָס איז, אַ צויג בין איך דען, נישט קיין יודישע טאָכטער, וואָס איך זאָל ליגען, בילען?... לאָז אָט זאָגען עדות — מענדיק, אַ קרענק דיר, שונאים, אין די ביינער, וואָס שווייגסט דו? דבר איהם, בהמה! — טשויעטע פּאַני! יאַ סעבי אידע, נעה איך מיר, יאַק, ווי זאָגט מען עפּים, יאַק מחותנת'טע... יאַ ראָבילאַ דאָמשקע מאָיע וועסילאַ. חינשויעטע מעני מזל־טוב. נאַטי חאַם לעקיך,... אידע יאַ, האָבי סעבי האָץ־האָץ פּאָ זשידיווסקי. אַ צע צשעלאָוויק מי, מענדיע, אידע טאָזשע. מוזיקאַ איגראַיע, מחיה. טים טשאַסאָם בים פּרינעס אָט צע פיינעם בחור...

— העון אַ ביסעל אַ מאָהלען! — פּאַלט רייזע אַריין האָדלען אין די רייד — וואָס זאָגט איהר, איך בעט אייך, צו איהר טאַטען? מען קען זי, נעבעך, נאָר ניט, ווער זי איז!

דער פּאָליציימאַן האָט געזעהן, אַז ער האָט דאָ אַ עסק מיט צווי צדדים, איז ער געבליבען שטעהן, קוקענדיג אָהן ווערטער צו דעם, צו יענעם, און געוואַרט.

— זייט איהם מטמא! הערט זיך אַ קול פון צווישען דעם עולם.

רפאל האָט געטאָן וואָס מען בעדאַרף... און באַלד טאַקע האָט מען די פיינע מחותנים אינאיינעם מיט הערשעלען אָבגעפיהרט אין דער פּאָליציע.

צחיי מאָל איז שוין האָדיל'ס עלטסטע טאָכטער, ציפּע, געווען אַ כלה, אוןביידע חתנים, איינער נאָך דעם אַנדערען, האָבען אָבגעשיקט די תנאים, ווייל זי, האָדיל הייסט עס, האָט, נעבעך, נישט געקענט סילוק'ן דעם נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט. דער איצטיגער דריטער חתן האָט זיך אויך איינגעשפּאַרט, נישט אַנדערש מען זאָל אָבגעבען דעם נדן, קלינגען און קלאַפּען עד פּרוטה אחרונה. ער האָט נישט געוואָלט

בעשטעהן אויף קיין שום בעוואָהרענישען אין דער וועלט — נישט אויף א וועקסעל, נישט אויך אפילו אויף אַ „שטר חצי זכר“, אַז איבער הונ־דערט יאָהר נאָך איהר טויט זאָל ער נעהמען ירושה די העלפט ווי א זכר. ניין, האָט ער געזאָגט, א ווייב מיט א חצי־זכר טויג ניט, נאָר אינגאַנצען דאָס, וואָס מען האָט צוגעזאָגט.

האָט, נעבעך, די צדקת, האָדיל, גרויס צער געהאַט. אַז אָך און וועה צו איהרע יאָהר, אָט קען דער דריטער חתן אויך אָבלאָזען דעם שידוך, קען דאָך די טאָכטער איהרע בלייבען זיצען א מויד ביז אין גרויען צאָפּ אַריין! פאַר גרויסע יסורים פלעגט זי איהר שוואָער ביטער געמיטה אויסלאָזען צו דעם מאַן איהרען, צו מענדיע׳ס קאָפּ, נעבעך, אַז ער, נאָר ער טאַקע איז שולדיג, אַזאַ בהמה, אַזאַ שוטה, אַזאַ לעקיש! זי האָט זיך נישט געקאַרגט אָבשטעקען איהם אַמאָל אַ פּאַטש אויך — און ער, לאָז איהם עס צו קיין גנאי נישט זיין, פלעגט אָננעהמען אַלסדינג פאַר ליעב, אָנבויגענדיג דעם קאָפּ, שאַ, קיטש... זי האָט נישט גע־לעגט קיין כבוד אַמאָל אויך אויף דעם רבונו של עולם, אַלץ אויפ־וואַרפענדיג איהם, אַז ער פיהרט דאָס וועלטיל זיינס, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, נישט מיט יושר: ער איז מיט דעם רייכען, מיט דעם זאַטען, מיט דעם שטאַרקען. דער רייכער האָט די וועלט און יענע וועלט, און דער שטאַרקער איז פון אויבען. געלד געהט צו געלד, און דעם אָרימאַן געהט עס שלים־שלים־מזל...

אָט דענסטמאָל, אין אַ בייזער שעה, בשעת די מעשה מיט דעם חתן, האָט זיך האָדיל שטאַרק פערעסען, זיך אָנגעטאָן אין גזלן, נאָר עפּיס טאַקע א חיה־רעה בשעת איהרע קינדער דאַרבען, און זיך גע־לאָזט אויף געיעג מיט אַלע כלים, זוכען ווי ווייט מעגליך איהר „גע־פענגעניש“.

און דאָס מזל האָט איהר גראָד געשפּיעלט — זי האָט געפונען געפענגעניש: צווי מיידלעך מיט אַמאָל, ערשט וואָס אָנגעקומענע, שענע, כשר׳ע, גאָט די נשמה שולדיגע, האָט זי מיט איהרע פאַלשע נעגנ פערשלייערט, אין איין חודש, פאַר צוויי פּאַרשוינען פון דער גוטער חברה, וואָס האַנדלען מיט לעבעדיגער סחורה. די שענע לייט זענען מיט דער דאָזיגער סחורה באַלד אַריבער די גרעניץ, און זי האָט געחאַפּט שדכנות־געלד טאַקע אַ גראָב שטיקעל. ס׳איז דאָ נאָך אַ סוחר, איהרער אַ גוטער ברודער, וועלכען זי רעדט אַ שידוך מיט ביילען, ער זאָל זי אָבקויפען אויף אַוועקצופיהרען פון לוי׳ן. די זאַך העננט נאָך לעת־עתה,

נישט איינגאַנצען אָבּגעמאַכט, נאָר ס'איז אַ האָפנונג, אַז עס וועט, אם־ירצה־השם, געהן — און זי וועט, נישקשה, אָבּלעקען אַ פעט בּיינדעל.

האָדיל האָט אויפגעהויבּען די אויגען מיט אַ לויב און אַ דאַנק צו זיין ליעבּען נאָמען, בּרוך הוא וברוך שמו, פאַר די גרויסע נסים און גנאָד זיינע, וואָס ער האָט בּעשיינפערליך געטאָן טאָן איהר און איהר טאָכטער. זי האָט גע'סילוק'ט דעם נדן, געמאַכט דער כּלה, נישט פער־זינדיגען, אַ שענע גאַרדעראָבּע, זיך אַ נייע יופּע און מענדיען אַ נייע קאַ־פּאָטע, און זוכה געווען פיהרען מיט דער קעסעל־פּויק ציפּען אונטער דער חופּה. לוי בּחור מיט דער מוהמע שיינצע האָבּען געגומען אונטער פיהרעניש, און מען האָט געטאַנצט, געלעבּט די גאַנצע נאַכט.

און גאַנץ פריה איז האָדיל די מעקלערין אינאיינעם מיט דעם מאַן העצקענדיג זיך געגאַנגען מיט אַ מאַרש איבּער די גאַסען. ווען הערשעלע זאָל נישט געווען גראָד זי דערקענען און אָנחאַפּען מיט אַ געשריי בּיי די פּאָלעס, וואָלט גלופּסק פערשלאָפען די גרויסע שמחה און זיך נישט צונויפגעלאָפען אָבּגעבּען כּבוד אַזאַ טייערע מחותנת'טע — איינע פון איהרע פיינע פּאַרשוינען...

# דאָס אכטע קאַפּיטעל.

אַ טיעפע פינסטערע גרוב, בעהיט זאָל מען ווערען, איז געווען לוי בחור׳ס קעלער. יענע ווילדע עקשנ׳טעם מיט זייערע מיאוס׳ע קליינשטעדטילדיגע גענג, ווי בושה, אַ שטייגער, טרייבען פון זיך, נישט לאָזען יענעם זיין אַ צו־נאָהענטער שמעלקע — זיי אַז פלעגען אַריין אַהין, האָט די נשמה זייערע זיך אויסגעלייטערט, זענען געוואָרען, נישקשה, בעסער, ווייכער, צוגעלאָזטער און אַרויס פון דאָרט פאַרטיגע מענשען. אַ קעלער איז דאָס געווען נאָר אַ גיהנום, און דער מלאַך־חבלה פול־און־פול מיט אויגען איז אַהונד אַקעגען לוי בחור מיט זיין בלינד אויגעל. אין איהם זענען געלעגען טויזענד רוחות, און דאָס בלינדע אויגעל, וואַרפענדיג זיך, האָט אָנגעמאַכט אַ פּאָרכט עפּיס נאָר ווי אַ מת, אַרומדרעהענדיג זיך איפּ׳ן עולם־התהו. אויף גאָט׳ס וועלטיל דרעהען זיך פיעל אַזעלכע אַרום אין מענשליכע געשטאַלטען, עסען־פרעסען צוזעצטערהייט, טרינקען, פרוכפּערען זיך — דאַכט זיך מענשען. און באמת זענען זיי גאָר טייפעל. דאָס זענען דער נידריגסטער סאָרט, פון אונטער דער ערד בגנבה אַנטלאָפענע טייפעל, געקימען אַהער בלענדזען, מאַכען די שפּיעל, אָנטאָן צרות מענשען און ס׳איז זייערער נישט פּטור צו ווערען. נישט אויסצורויכערן זיי נישט מיט קיין ווייהרויך, אויך נישט מיט קיין טינט, וואָס דער שטן אפילו מיט זיין גאַנצער בגופיא האָבען דערפאַר אַזוי שטאַרק מורא. די גיהנום־פּאָליציי יאָגט זיך נישט אַזוי נאָך די דאָזיגע דעזערטירען, דער רוח וויל זיי נישט נעהמען, צוריק אין דער־ערד אַריין, צו אַלדי שוואַרצע־יאָהר! אַדרבה זיי זאָגען ברוך שפּטרנו — טפו זאָלען זיי ווערען, אָט די שמוציגע מיאוס־פערדאָרבענע רוחות!...

דעריבער, דערהערענדיג נאָר פון דער מוהמע שײַנצען לוי'ס נאָמען אַז ער װעט זי אַרײַנװאַרפען אין קעלער, איז בײלע פערציטערט געװאָרען און געבליבען טויט מיט אַלע אברים.

שװערע מינוטען האָט איבערגעלעבט בײלע, ליגענדיג אין אײנע שרעק אויף דער קאַנאַפּע בײַ זיך אין חדר. איהר ביטערע לאַנגע דענסט־מאָל האָט אויסגעזעהן װי די לאַגע פון אַ מת ערשט אין דעם פרישען קבר, װאָס אָט באַלד בעדאַרף זיך, פּפּי יענע דאָרט שרײַבען, צו איהם ענטפּלעקען דער משונה־װילדער מלאַך־הדומה און דערלאַנגען איהם אַ פּלעם מיט פײַערדיגע אײַזערנע ריטער. דאָס אָבער איז נישט מעהר טאַקי נאָר װי אַ משל, און באמת איז בײלען געװוען צו מוט נאָך פיעל ערגער, גאָר קײן פערגלײַך, װײַל אַ מת אוז דאָך מחויב צו לײַדען, װאָרום דערויף איז ער דאָך געשטאָרבען, אַז װערים זאָלען איהם עסען זײַן לײַב, און יענער מקבל איז דאָך דערויף געשטעלט געװאָרען, אַז ער זאָל קאָטעװוען, נעהמען איהם אין די הענד אַרײַן. זי אָבער, בײלע, אַ לעבעדיג בעשעפעניש, איז דאָך נישט מחויב זיך צו לאָזען לעבעדיגער־הײד פּײַניגען. זי פערשטעהט גאָר ניט, װאָס מען װיל פון איהר האָבען. װאָס פאַר אַ רעכט האָבען דאָ „װערים" עפּים אויף איהר לײַב־און־לע־בען — יענע מיני װערים, װאָס האָבען ביז אַצינד פון איהר לעבען כלל נישט געװואוסט, נישט געפּיהלט דעם צער פון דער מאַמעס טראָגען, איהר בויכװעהטאָג ביים האָבען זי, איהר האַרצװעהטאָג ביים דערציהען זי, איהרע יסורים, קאָפּדאַרעניש, גריזאָטע, אָבקומעניש ביז דאָס קינד האָט געפּאָקט, געמאָזעלט, אויסגעשטאַנען אַלע קינדערשע קרענק און זיך געשטעלט אויף די פיס. פאַר זײ איז זי דאָך גלײַך ביים ערשטען מאָל, דערזעהענדיג זי, געװוען אַ גרויסע, אַ פאַרטיגע, אַ שענע, אַ ליעב־ליכע, װי פון דער הימעל הויט פלוצלים אַזוי אויסגעװאַקסען. אַ בוים פלאַנצט אַ מענש בײַ זיך אין גאָרטען, אַרבעט, שפּאָרט נישט קײן מיה, ניט זיך דערמיט אָב אַ צײַט מיט יאָהרען ביז ער דערלעבט זעהן אַ פאַרטיגע פרוכט, — קומט אײַנער צום גרײַטען, דער רוח װײסט פון װאַנען, און רײסט די פרוכט אָב!... װי מען האָט עס אַ האַרץ צו רויבען בײַ עלטערן אַ קינד, דאָס טײַערסטע, דאָס בעסטע, װאָס קאָסט אַזוי פיעל מיה און געזונד; צו פערביטערן זיסע געפיהלען, אויסצולעשען ליכטיגע האָפנונגען; צו פערדאַרבען אַ לעבען, צו פערװיסטען אַ רײַנע אומשולדיגע נשמה! און מער! — יודען!...

אין אײַנע שרעק ליגט בײלע. פון אַ מינדסטען שאָרך ערגיץ

טיאָכקעט איהר דאָס האַרץ, זי ציטערט, פלאַטערט — אָט־אָט קומט דער מלאַך־חבלה איהרער, אָנצוטאָן איהר גרויסע, שרעקליכע יסורים.

עס הערען זיך טריט, עס עפענט זיך די טיר — און אַ קאַלטער ציטערענדיגע האַנד לעגט זיך ביילע ןפון הינטען אויף די נאַקעטען אַקסלען. אַ פראָסט לויפט איהר איבער דעם גאַנצען לייב, זי טהוט זיך נעשווינד אַ זעץ־אויף, שטאַרק דערשראָקען, מיט אויגען ווי אַ דולע.

וואָס, קאַצעניו, האָסט־דו עס זיך אַזוי דערשראָקען? — האַ, וואָס נישט דערקענט?

ביילע קוקט שטאַרק צוטראָגען און זעהט פאַר זיך דעם „חתן".

יענער פאַרשוין, וואָס מען האָט איהם אַלץ פאָרגעשטעלט ביילען ווי אַ חתן, איז געווען אַ גוט שטיקעל סחורה. דאָס פנים זיינס מיט די רויטע בעקעלעך, די דיקע ליפען, די פליישיגע נאָז מיט גרויסע נעזלע־כער און דערצו דאָס קיילעכדינע בייכעל, האָבען געזאָגט, אז ער איז אַ אָבגעפיינט מענשיל, האָט ליעב זיך צו־צולאָזען תענוג — ער איז איינער פון יענעם סאָרט פיינע־בריות, וואָס אַ כפרה ביי זיי די גאַנצע וועלט פאַר זייער נפש׳ל. מענשען געהערען זיך מיט זיי נאָר אויף אַזוי־ביעל אָן, אויף וויפיעל עס קומט אַרויס, אָדער עס קען אַרויסקומען פון זיי זיך אַ נוצען אָדער עפּיס אַ פערגניגען, יענער מעג דערביי שרעקליך ליידען, אָבגעהן מיט שוויס, נישט דערעסען, נישט דערשלאָפען, עס מעג איהם קאָסטען כבוד, געזונד און לעבען. קיים איז די זאַך אָבגעטאָן, וואַרפט מען יענעם אַוועק ווי אַלטע אָבגע־דיענטע שטיוועל. יענעם׳ס ליידען בשעת מעשה, ווען ער מאַכט זיי דאָס פערגניגען, ריהרט זיי נישט אויף קיין האָר, פונקט ווי דאָס ליידען פון פריש־צאַפּעלדיגע פיש אונטער דעם מעסער: אַדרבה, לאָז זיך עס צאַפּלען, לאָז זיך עס שליידערן, וואַרפען, אָט דרינען ערשט איז טאַקע דאָס גאַנצע פערגניגען. אַ שענער נאָמען, געלערענטקייט, גרייז־גרויע האָר איז אַקעגען זיי קיין בעשיצונג נישט. דעם קליגסטען, אָנגעזעהנסטען מענשען מאַכען זיי וואָכעדיג, ער פערנעהמט ביי זיי נישט קיין אָרט, גלייך ווי ער איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. נישטאָ ביי זיי קיין הייליגקייט, קיין אַכטונג צו קיינעם, קיין געפיהל, קיין באַרמהאַרציגקייט. אין יענעם׳ס צרות און וועהטאָגען זעהען זיי דאָס נאָר, וואָס קומט פאַר עפּיס אַ ביסעל משונה, וואָס קיצעלט צום לאַכען. פאַלט עמיצער, אַ שטיינער,

בֿרעכֿענדיג האַלז און גניק, קײַכֿען זײַ פֿאַר געלעכֿטער, ווי שען ער האָט זיך עס צולעגט! ווײַנט אײנע עפּיס אַ בעטריבֿטע, אַ פֿעראומערטע, האָבֿען זײַ הנאה צוקוקען זיך, ווי עס פֿערפֿאַרבֿען זיך איהר די בֿעקעלעך, מאַכֿענדיג דערבײַ: אַך, ווי שען זי איז, די טרערהרען גיבֿען איהר צו דעם זיבֿעטען חן! עס מאַכֿט זײַ פֿערגניגען, ווען אײנער דראַפּעט זיך אויף די גלײַכֿע ווענד, קלעטערט, דרעהט זיך אויף אַ שטריק פֿאַר דעם שטיקעל זינדיגען בֿרויט; ווען אַ אָרעמינקער, נעבֿעך, לויפֿט אונטערשפּרינגענדיג מיט די בּאָרוויסע פֿיס, ווינטער אין אַ בֿרענענדיגע פֿראָסט! ווען צעהן אָרימע־לײַט שלאָגען זיך ווי די הינד איבֿער אַ בֿײַן, גאָס מען טהוט זײַ אַ וואָרף. — דאָס זענען מיני בעשעפֿענישען, וועלכֿע דער רבֿונו של עולם, דער גרויסער מײַסטער, האָט זײַ אויף אַ ווײַלע אוועקגעלעגט פֿון דער האַנד, נאָך נישט פֿאַרטיג געמאַכֿט זײַ אינגאַנצען, האָט זײַ געשווינד געחאַפּט דער שוואַרץ יאָהר, אין אײַלעניש, אײַ חאַפּעניש אַרײַנגעלעגט אינווײניג אין זײַ אַ שטײן אָנשטאָט אַ האַרץ, אַ נשמה פֿון אַ הונד אָנשטאָט אַ מענשליכֿע, און אַזוי אַרויסגעלאָזט זײַ אויף צרות אין דער וועלט!

— קוצעניאָ! — מאַכֿט דאָס בעשעפּעניש עפּיס ווי געמיוקעט, צושאַרענדיג זיך צו בײַלען ווי אַ קעצעלע: — אָט אַזוי אַז דו בלאָזט זיך, מאַכֿסט פּיסקעלעך, בֿיסט דו עפּיס אַזוי שען, געפֿעלסט דו מיר עפּיס אַזוי שטאַרק

— געהט אַײך, געהט! — מאַכֿט בײַלע, אָבֿרוקענדיג זיך ווײַטער אַ ביסעל,

— אָט געה איך, געה, — זאָגט דאָס נפֿש און שאַרט זיך נעהנטער צו.

— נײַן, נישט אַזוי. ווײַטער אַ בֿיסעל. זײַט־זשע מוחל! — רופֿט זיך אָב בײַלע און טהוט זיך ווײַטער אַ רוק.

— בֿעדאַרף מען דאָך פֿריהער זיך געזעגנען, ווי דער שטײגער איז, אָט אַזוי, אַזוי, — זאָגט דער פֿאַרשוין אויסשטרעקענדיג די האַנד און וויל אַרומנעהמען בײַלען:

—בײַ אונז איז אָהן הענד. —טהוט זיך בײַלע אַ חאַפּ און אַ רוק נאָך ווײַטער.

— וואו בײַ אונז? דאָרט, מײנסט־דו, אין קאַבֿצאַנסק? — דו בֿיסט דאָך נישט מעהר אין קאַבֿצאַנסק, געפֿינסט זיך דאָך הײַנט דאָ. ד, פֿערשטעהסט?

— וואָס האָט איהר, איך בעט אייך, צו מיר, צו אַ פרעמד אָרים מיידעל? נעוואַלד וועל איך שרייען, וואו בין איך? אין אַ וואַלד אָדער צווישען יודען? — רעדט ביילע מיט האַרץ און וויינט מיט בלוטיגע טרעהרען.

— אַז דו וויינסט, ביסט־דו נאָך שענער, מאַקי נאָר עפּיס אַ רויז, אָבגעפּרישט פון טראָפּענס טוי, שאַ! וואָרום איך וועל עס נישט אויסהאַלטען.

— דערבאַרימט זיך, איך בעט אייך, דערבאַרימט זיך אויף מיר, אויף מיינע יונגע יאָהרען!

— זיס ווי צוקער! — מיויקעט דער פּאַרשוין מיט אַ פריקרע שמייכעלע, אַריינלעגענדיג די האַנד אין דער בוזעם־קעשענע.

— דערבאַרימט זיך, ווען נישט אויף מיר, האָטש אויף מיין מאַמע־און־מאַמע! זיי זענען, נעבעך, אַלט, צובראָכען, אַ גאָט'ס רחמנות... אוי, איהר זאָלט וויסען, ווי ליעב זיי האָבען מיך, ווי שווער זיי איז געווען זיך צושיידען מיט מיר!... די נויט נאָר האָט געטריבען, אוי, די נויט, נויט...

— נאַ, מוציקעל, נאַ־נאַ! — מאַכט דאָס נפש מיט אַ קאַלטער לעבער, אַרויסנעהמענדיג פון דער בוזעם־קעשענע אַ גאָלדען בראַסלעטיל און דרעהט עס ביילען האַרט פאַר די אויגען.

— אַוועק, גזלן! — טהוט ביילע אַ געשריי שטאַרק אָנגעצונדען און אַ שטופּ פון זיך דעם פּאַרשוין מיט דעם גאַנצען כח, אַזוי אַז ער איז געפלויגען צו דער טיר און דאָס בראַסלעטיל איז איהם פון דער האַנד אַרויסגעפאַלען.

און באַלד מאַקע ווי דער אַרויס, קומט לוי בחור אַריין. זיין בליק איז פייער, און דאָס בלינדע אויגעל וואַרפט זיך חילד אַ שרעק. ביילע ציטערט, איז בלאַס ווי די וואַנד.

— אַזוי, האַ, מאַמזעלכען, ווערסט־דו עס פיהרען ביי מיר לענדער?!... גאָרנישט, האַ, הפקר, מיינסט־דו, הפקר אַ וועלט! — זאָגט לוי בחור מיט אַ שטילער רציחה, אָננעהמענדיג ביילען ביי ביידע אָרעמס און קלעמט שטאַרק, אַזוי אַז איהר פערחאַפּט דער אָטהעם און פאַר וועהטאָג פערבייסט זי די ליפּען — אַ־יאָ, פויגעלע מיינע, דו האָסט געשפּאַסט? ענטפער, האַרץ מיינס, יאָ?

— אוי, נישט גוט!... לאָזט מיך חאַפּען אַ ביסעל דעם אָטהעם,

ויפצט ביילע און מינעט זיך פאַר גרויסע אַנגסטען, ווי אַ יונג הינדעלע צאַפעלט ביים שפּאַרבער אונטער זיינע שאַרפע נעגעל.

— הייסט עס. אַ פּנים, טאַקע אַזוי, געשפּאַסט! — מאַכט לוי מיט אַ משונה־זיס מינעלע, וואָס הייסט ערגער ווי געשאָלטען אין טאַטע אריין! — ענטפער־זשע, ניבער.

— וואָס ענטפער, וואָס? — שטאַמעלט ביילע שטאַרק צוטראָגען, נבוינענדיג דעם קאָפּ.

— יאָ אָדער ניין, וויל איך וויסען. שאַרף גערעדט.

ביילע שטעהט אין איינע צרות און קען נישט עפענען דאָס מויל. פּלוצלים קומט איהר אויפ'ן געדאַנק די אָפּיצערקע. די אָפּיצערקע, דאַכט זיך, שטעהט איהר אַצונד פאַר די אויגען אין יענער טרויעריגער לאַגע, ווי זי איז צוריקגעקומען פון בקור־חולים: שוואַך, צובראָכען, פערזאימערט, פערשמאַכט, און וויזט איהר אויפ'ן בוים, אויף וועל־כען זי האָט זיך געהאַנגען... „איידער אויפ'ן בוים שפּעטער, נאָך אַ געפּייניגט, וויסט לעבען, בעסער באַלד טאַקע אַ ריינער טויט", אַזוי טראַכט ביילע און זי זאָגט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, בעהאַרצט גאַנץ שאַרף:

— ניין!...

— אַהאַ, ווילסט־דו, הייסט עס, איך זאָל איבערשמועסען אַ ביי־סעל מיט דיר דאָרט אין קעלער! זאָגט לוי, אָנטהויענדיג זיך אין גזלן, און דאָס בלינדע אויגעלע האָט זיך איהם צושפּיעלט: יאָ אָדער ניין? האָסט נאָך אַ ווײלע צייט. איינס, צוויי, דריי...

ווי אַ משוגע'נער הונד, שטיל מיט שוים אויף די ליפּען וואַרפט זיך לוי אויף ביילען, און ווי ער האַפּט זי אָן ביי די האָר, וויל זי שלעפּען, לויפט אַריין די מוהמע שיינצע עפּיס זעהר צוטראָגען, נאָר אָהן אַ נשמה, דאָס טיכעל אויפ'ן קאָפּ פערדוקט, די האַנד אויפ'ן האַרצען, קוים וואָס זי האַפּט דעם אָטהעם, טהוט אַ נעהם לוי'ן ביים אַקסעל און רוימט איהם עפּיס איין אין אויער. ער בלייבט גלייך שטעהן אָבהענדיג, עפּיס נאָר ווי איינער, וואָס מען פּאַטשט איהם אויס.

— ביילעניאָ, האַרצעניאָ, וואָס איז דיר? וועה איז מיר, עפּיס איז דאָך אויף דיר נאָר קיין פּנים נישטאָ! — מאַכט די מוהמע שיינצע צו ביילען מיט גרויס רחמנות, ווי אַ געטרייע מוטער! —

גנה, טאָכטער, אין גאָרטען אַריין, גנה האַפּען אַביסעל פרישע לופט.

ביילע שמעהט אַ ווייַלע נישט טויט — נישט לעבעדיג, ביז זי קומט צו זיך און געהט געשווינד אַרויס.

— אַי, אַ רוח אין איהר טאַטען אַריינגעפלויגען, ברענגען זאָל זי, האָדילע די הצופה, מיט איהר מענדריקען איני־איינעם! — צופלאַקערט זיך די מוהמע שיינצע און שילט, נאָכדעם ווי ביילע איז אַרויסגעגאַנגען! — אודאי זיצט זי דאָרט אַצינד און גאָט דער לעבעדיגער אין הימעל ווייסט, וואָס פאַר אַ שפּיעל זי, די חצופה, די פאַלשע קאַץ, קאָן מיט איהר ביז צינגעל אָנמאַכען אונז. אָבדאַרען זאָל איהר דאָס צינגעל, רבונו של עולם! קענסט זי דען נישט, די כלבתא, ווער זי איז? זי, אַז עס קומט אויס ענג, געפינט תמיד אַ וועג אויסצודרעהען זיך גלאַט און אַנדערע אַריינדרעהען אויף איהר אָרט... „וואו איז דאָס מיידעל? דאָס מיידעל וואו איז?" פרעגט מען און מען וויל וויסען דאָרט, מענשען שטעלען זיך פאַר איהר אַרויס, לעגען אַיין די וועלט. שלעכט! דו פערשטעהסט?

— ווער האָט עס דיר איבערגעגעבען דעם סוד, וואָס דאָרט טהוט זיך: פרעגט לוי דאָס ווייב, וואונדערענדיג זיך.

— ווער מיר איבערגעגעבען? מאַכט די מוהמע שיינצע: איציק פאַקטאָר, וואָס רייבט זיך דאָרט אַרום די אַדונים און הערט זיך צו צו אַלסדינג דאָרט. דו וואונדערסט זיך אפשר מיט וואָס איז היינט ערגער ווי פריהער, פריהער פלעגט מען...

— מילא, צו וואָס טויג מיר מעשיות, וואָס פריהער, — מאַכט לוי אַריינפאַלענדיג דעם ווייב אין די רייד: — היינט וואָס איז?

— היינט איז נישט דאָס וואָס אַ מאָל, — זאָגט שיינצע מיט אַ זיפץ מיעף פונ'ם האַרצען: — אַנדערע צייטען... אויך אַ אַנדער אָדון אין שטאָדט, אַ נייער, ערשט אָנגעקומען, ער קען אונז נישט, מיר קענען איהם נישט, מען זאָגט, ער איז אַ פייער, נעהמען איז ביי איהם אַי־אַי! דו פערשטעהסט?... גאָר ניט קיין גוטער משא־מתן.

— להר"ם! מאַכט לוי, שאָקלענדיג מיט אַ פינגער אַקעגען דעם ווייב: להר"ם הייסט אַ פייג... גאָרנישט, נישטאָ! טאָמער קומט מען, לאָז די שעה נישט זיין, פרעגען — איז איין וואָרט: נישטאָ! דו הערסט? נישטאָ, נישטאָ און נישטאָ.

— יאָ, אַז יענע וועלען זיין נאַראָנים, גלויבען אויפ'ן וואָרט

און נישט שטעלען זיך זי זוכען דאָ. אַ תּירוץ אַ ביסעל פאַר די בענשליכט!

— נאַרישע יורענע! — שפּעט לוי אוים דעם ווייב, שאָקלענדיג אויף איהר מיט׳ן קאָפּ: — מען בעדאַרף ביי־צייטענס דעם חמץ אויס־רוימען, דאָס הייסט, מען בעדאַרף זי אָבפּיהרען אַהין, צו אונזער פּייבלען, שאַ, שטיל, עס זאָל נישט קרעהען קיין האָהן. דו פערשטעהסט?

און דענסטמאָל טאַקע, ביי־נאַכט, האָט זיך געלאָזט הערען אַ גע־קלאַפּעריי פון רעדער ביי לוי בחור אויפ׳ן הויף. דאָס איז אַוועקגעפאָה־רען די מוהמע שיינצע מיט ביילען, אונטער אַ אויסרייד, דורכצופאָהרען זיך אַ ביסעל, כדי זי, ביילע הייסט עס, זאָל עטהמען אַ ביסעל פרישע לופט און לאָז זי, נעבעך, האָבען תענוג עטליכע מינוט.

די מוהמע שיינצע איז דאָך, נאָך אַלע זאַכען, פאָרט די מוהמע שיינצע — אַ טייערע נשמה!...

# דאס זעקסטע בוך

## דאס ערשטע קאַפּיטעל.

די געשעפטען רפאל׳ס האָבען איהם געטריבען קיין לאָדז, זעהען זיך מיט זיינע בעלי־בתים, די פאַבריקאַנטען דאָרט, וואָס זענען גע־שטאַנען שמאָל; נאָר מחמת פיעל וויכטיגע זאַכען, וואָס איהם איז נויטיג געוועז אָבצואַרבייטען דאָ אויפ׳ן אָרט, און טאַקע אַ ביסעל אויך צוליעב דער מעשה מיט הערשעלען, האָט ער אָבגעלעגט די נסיעה זיינע אויף אַ קורצער צייט. אַצונד ווייסט שוין רפאל, וואָס הערשעלעס אָנחאַפּען זיך אָן האָדיל די מעקלערין האָט אַזוינס בעטייט; אַצונד פערשטעהט ער שוין זעהר גוט, אַז די דאָזיגע האָדיל, אויף וועלכער מען טומעלט אַזוי שטאַרק, האָט אָבגעטאָן אַ מיאוס׳ע מעשה מיט אַ יודישער טאָכטער, נעבעך, וואָס מען טהאָר עס בשום־אופן נישט אַזוי לאָזען. ער האָט דעריבער אָנגעווענדט אַלע מיטלען, געאַרבייט מעשים, די זאַך זאָל זיך דערווייזען — וואו איז אַהינגעקומען אַנ׳אָרים מיידעל, נעבעך, און הערשעלע, וואָס זיצט דערווייל אינאיינעם מיט האָדלען פאַר דעם כלבול, וואָס זי האָט אויף איהם געמאַכט, זאָל ריין ווי גאָלד אַרויס פריי. נאָר מעהר פון אַלע זאַכען האָט איהם פערהאַלטען דאָ חנצה. זינט איהם איז געקומען צו די אויערן די שלעכטע לאַגע, אין וועלכער די לאָדזער פאַבריק געפינט זיך, און אַרויסזעהענדיג דעם קלאַפּ אין אַ היבש ביסעל געלד, וואָס לייבצען שטעהט פאָר דורך איהם צו חאַפּען, האָט ער אויסגעמיידט לייבצעס הויז. דאָס האַרץ האָט איהם געצויגען צו חנצה׳ן, אַ פערגניגען צו פערברייגען מיט איהר אַ ביסעל די צייט, אָבער קומען

צו איהר איז איהם געווען שרעקליך שווער. סטייטש, מיט וואָס פאַר אַ פּנים וועט ער קוקען לייבצען אין די אויגען, און דרעהען, אָבליגנערן איהם מיט דער צונג! און ווי שלעכט איהם איז דאָ, ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן, הויבט עס איהם נאָך אָן אינוויינינג צו מאָנטען אָט אַזוי:

„פערדאָרבענער מענש! — רופט זיך אין איהם אָן דאָס געוויסען — זעהען זי ווילט זיך דיר! צוליעב וואָס? צוליעב זיך, פון דיין הנאָה וועגען, צוליעב דיין בענעהרען. דו אַבי געחאַפּט אַ קוק, נאָך אַמאָל אַ קוק, הנאָה געהאַט פון איהר שענקייט, פאָהרסט דו זיך אַוועק, און נאָט ווייסט ווען דו קומסט צוריק, נישט צו בערעכענען זי, נעבעך, אַז דער מח וועט זיך איהר דאָ איבערקעהרען טראַכטענדיג, וואָס דיין פערשוואונדען ווערען פלוצלינג בעטייט, זי זאָל עס חאָטש אָנהויבען צו וויסען וואָס, פאַרוואָס?... זי איז זיך געווען אַ פּשוט ווייבעל, פערשלייערט געוועהנליך ווי אַלע אַנדערע גלופּסקער יודישע טעכטער, נישט צו־פיעל צו דענקען, צו־פיעל איבערצוקלייבען; פאַר איהר איז רעכט געווען אַלסדינג, ווי די וועלט פיהרט זיך, אַזוי איז גוט, אַזוי בעדאַרף זיין. קומסט דו, שענער מענש, צינדסט אין איהר אָן אַ העליש פייער, גיסט איהר אַיין שכל צו פערשטעהן. דאָס פריהערדיגע לעבען איהרס מיט דעם גאַנג פון דער וועלט אַרום איהר הערט איהר שוין אויף צו געפעלען, איהר וועלט אינגאַנצען ביסט דו, דו, נאָר דו — און פלוצים פאָהרסט דו זיך אַוועק, נישט צו דערקלערען איהר פריהער חאָטש פערשטעלט, פאַרוואָס דו פאָהרסט, לאָז זי זיך נישט האַלטען פאַר אַ בעליידיגטע, אַ אַוועקגעוואָרפענע; לאָז זי חאָטש האָבען אַ האָפנונג, אַז דו וועסט צוריקקומען, און פאַר פערדרוס און האַרצוועהטאָג נישט אויסגעהן ווי אַ ליכט".

ביי רפאל'ן איז דעריבער געבליבען נישט צו ריהרען זיך פון'ם אָרט, ביז ער וועט טאָן זיין שולדיגקייט, ריידען מיט חנצה'ן און דערקלערען איהר אָפען אַלסדינג.

עס האָט געקאָסט רפאל'ן גענוג געזונט, ביז ער האָט זיך אויסגעריסען צו חנצה'ן. — קומענדיג שוין צו דער טיר, איז ער געבליבען אַ ווייליל שטעהן צומישט. אַראָבגעלאָזט די אויגען, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געגאַנגען גנב'ענען. שווער ווי דער טויט איז איהם געווען צו לייבצען אין הויז אַריינצוקומען. דאָס איינציגע האָפנונג זיינס איז געווען, טאָמער גראָד, אויף זיין מזל, איז לייבצע אַצינד נישטאָ אין דער־היים. דאָס

האָט איהם צוגענעבען אַ ביסעל מוט און ער איז אַריין אין שטוב מיט אַ פערקלעמט האַרץ.

דער ערשטער, וואָס איז איהם אָקעגען געקומען — איז געווען ליבצע!

— ברוך־הבא, אַ גאַסט! — זאָגט ליבצע, קלאַפּענדיג זיך די נאָז מיט אַ פינגער און צושאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ — אַי־אַי־אַי, פערפאַלען צו ווערען אַזאַ לאַנגע צייט!... נישט שען פון אייך, כ׳לעבען!... האָב מיך עס גאָרנישט געריכט, אָסור... סטייטש, סטייטש, איהר זאָלט אַזוינס טאָן. אי־אי־אי

רפאל ברימעלט עפּיס אָהן ווערטער, צו פערענטפערן זיך כלומר׳שט, און איז צוטראָגען. ליבצע איז אויך עפּיס גאָר צוטראָגען, געהט איבער דער שטוב הין־און־צוריק, צופּט דאָס בערדיל, רייבט זיך דעם שטערן און דאָס פּנים איז איהם פערפלאָמט. בנציה, אין אַ חאַלאַטיל, אין אַ מין קלאַפּענמיצעל עפּיס אויפ׳ן קאָפּ, שטעהט עפּיס שטאַרק צודרעהט אין אַ ווינקעל, מיט גרויסע מראָפּענס שוויים אויף דעם פּנים, בלייך ווי די וואַנד און דאָס אויסזעהן זיינס אינגאַנצען איז גאָר ווי אַ מויז, וואָס מען שלעפּט אַרויס פון זויערמילך. אין דער מיט שטוב ליעגט אַ גרויסער, איינגעפּאַקטער, לעדערנער קלומעק, אָנגעפּוישט מיט אַ בויך, נאָך נישט נעקרעמפּעווט מיט דער שטריק, וואָס פּלאָנטעט זיך אַרום איהם. אַ היבשע ווילע איז שטיל, אַלע שווייגען, גלייך ווי עס וואָלט זיי אָבגענומען דאָס לשון, נאָר מען זעהט, אַז אין ליבצען קאָכט זיך דאָס בלוט.

— אַזוי, אַזוי געהט עס אין דער וועלט! — מאַכט נאָך אַ היבשע צייט שווייגען ליבצע פערטראַכט, אָבשטעלענדיג זיך אַקעגען רפאל׳ן און אָנקוקענדיג איהם שאַרף — נאָך זעהר שען, כ׳לעבען, פון אייך, וואָס איהר זייט חאָטש געקומען, איז דאָס רעכט, האַ? טהוט מען עס אַזוי?... מילאָ, נו!... ווי שטעהען עס, האַ, די — די עסקים?

— בע! — בעקעט רפאל אונטער דער נאָז, אַבי אויסצודרעהען זיך ווי עס איז, טראַכטענדיג ביי זיך: — פע, ליבצע האָט שוין געמוזט אָנשמעקען, ער ווייסט שוין, אַפּנים, מיינע צרות.

— אַזוי, האַ, זאָגט איהר: בע? — מאַכט ליבצע, פערדרעהענדיג די נאָז, נישט אַראָבצונעהמען קיין אויג פון רפאל׳ן, טראַכטענדיג ביי זיך: הע־הע! ער ווייסט שוין אַלסדינג. זיין „בע״ הייסט, אַפּנים,

ער האָט אָנגעשמעקט, וואָס בײַ מיר אין שטוב גײט אַצינד פאָר. נאָר... טאַ! — וואָס קיתּט איהר עס עפּים אַזוי, רב רפאל, און שווייגט?

— עט!... איך קוק מיר אויפ'ן קלומעקיל, קוק איך מיר. ווער קלײַבט זיך עס דאָ בײַ אײַך אין וועג אַרײַן, רב לײַבצע?

— הייסט עס אָט, איהר פערשטעהט!... אדרבּא, אַזוי איז נאָך גלײַכער, אַז איהר פערשטעהט — ענטפערט לײַבצע מיט אַ מינעלע פון אַ יורען אַ פּקח, וואָס שטויסט זיך אויפ'ן חינק. און ווענדענדיג זיך בּאַלד טאַקע צום אײַדעמיל טהוט ער איהם אַ זאָג:

— מעגסט דערווייל געהן, בּנציה, אין דײַן קלײזיל אַרײַן דאָרט. די זאַך בּלײַבּט לעת־עתּה אַזוי, ווי מען האָט גערעדט.

— זאָל איך געהן אַזוי טאַקע אין חאַלאַטיל, אָדער אַרויס־נעהמען פונ'ם קלומעק די לאַסטיקענע קאַפּאָטע מײַנע? — טהוט בּנציה אַ פרעג

— נישקשה אַזוי אויך. וואָס איז דען אַ חאַלאַטיל? דאָס ערשטע מאָל דען איז דיר אַהין, אין קלײזעל, אין אַ חאַלאַטיל!...

„אָהאַ, דאָס שטעקעלע, פערפאַקט דאָס שטעקעלע"! — מאַכט צו זיך אַליין מיט אַ קנײַטשעלע בּנציה, לאָזענדיג זיך געהן מיט די פּיסעלעך צו דער טיר, טהוט אַ קוש די מזוזה און רוקט זיך אַרויס פון דער שטוב שטיל ווי אַ קעצעלע.

— אָט אַצונד קענען מיר שמועסען גאַנץ אָפען — זאָגט לײַבצע, אָננעהמענדיג זיך בּײַם בּערדיל, און שטשירעט אויס איין אויגעל אויף רפאל'ן — צו וואָס לאָמיר זיך דאָ נאַרען, קיין סודות אין דער וועלט איז נישט... די מעשה דערפון איז אַזוי: ס'איז, פערשטעהט איהר מיך, אַ צעשטערט לעבען!... אדרבה זאָגט, איהר קענט דאָך איהם, מײַן אײַדעם. נו וואָס? אַ יונגער־מאַן אַ פײַנער, אַ טאַטענם אַ קינד, אַ צאַצע. איך פון מײַן זײַט האָבּ איהם ליעבּ, און מײַנע אויגען האָט ער דעם זיעבּעטען חן, בּין פון איהם צופרידען. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט. נאָר וואָס העלפט עס אָבער, אַז זי, דאָס ווײַבעל, איז אַ נאַר!... איהר פערשטעהט וואָס? זי, אַ טריאַטער, כ'לעבען! זי איז נישט צופרי...

לײַבצע דערערעדט נישט דאָס וואָרט און וואַרט, קוועטשענדיג זיך, ווי אַ געווינערין, מיט אַזאַ מינע, אַז רפאל זאָל איהם דאָס וואָרט פונ'ם מויל אַרויסנעהמען.

— נישט צופרידען — חאַפּט רפאל און רעדט אַרויס דאָס גאַנצע וואָרט, פיהלענדיג בשעת מעשה, ווי אַ שטיין איז איהם פונ׳ם האַרצען אַראָב, ווייל ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, איז לייבצעס צוטראָגענקייט נישט ווענען געלד-עסקים מיט איהם, נאָר עס בעטייט גאָר עפּיס אַנדערש.

— אָ-אָ-אָט!... נישט צופרידען. נישט ליעב, זאָגט זי — זאָגט לייבצע אויסשפּייענדיג דריי מאָל — פּע! איך דערקען גאָר עפּיס נישט פון אַ צייט מיין טאָכטער, אַזוי געענדערט האָט זי זיך. זי רעדט עפּיס אַזוינס, וואָס פּאַסט גאָרניט פאַר אונז, פאַר אונזער שטאַנד. האָט איהר געהערט אַ זאָג אַ ביסעל — פיינט אַ מאַן! און ווער, נאָך ווער? אַ גע-לעכטער, כ׳לעבען, אַזאַ... אַזאַ... אינגאַנצען, איך בעט אייך מחילה, אַזאַ... עס איז נאָר עפּיס ווי אַ כשוף, איינעמעס אַ אָבגע-טאָנענע זאַך. איהר ווילט עס אפשר נישט ליידען, אייך איז אפשר נישט איינגענאָמען אַזוינס צו הערען?... אדרבה, זאָגט, זייט מוחל, זאָגט, זאָגט!

„אָט פון וואַנען די חמאַרע רוקט זיך אויף מיר אָן! — טראַכט ביי זיך רפאל און עס בעשלאָגט איהם אַ קאַלטער שוויים — לייבצע, אַפּנים, האָט אָנגעשמעקט דאָ דאָס גאַנצע שפּיעל... מיין אַרבייט, מיינט ער, איז עס, און פאָדערט מיך דאָ אויף, איהם עס צו דערקלערען. מיאוס׳ע מעשה!...“

— אַהאַ, איהר שווייגט! — מאַכט לייבצע נאָכדעם, אַז ביידע האָבען אַ ווילע געשוויגען — אַיאָ, איהר האָט מיר ניט וואָס צו ענט-פערן?... נו, הערט-זשע אויס מיך. מילאָ, זאָגסט-דו, הייסט עס, טעכטעריל — פיינט! נו, שאַ, האָב זיך פיינט און ביי דיר בלייב עס. ווערמעס עסק איז דאָס, צו וויסען דיינע חפציות? ליעב-סמיב, פיינט-סמיינט — נאַרישקייטען!... זאַכענישען אַזוינע, נישט ווערטה די רייד, וואָס צווישען מאַן און ווייב, ווער גיט עס אַרויס? — שאַ!... איז דער כישוף אָבער, צו אַלדי רוחות, עפּיס אַזוי גרויס, אַז ניין! איך קען מיט איהם, זאָגט זי, אין איין שטוב נישט זיין. זיצען, זאָגט זי, מיט אַ מענשען, וואָס מען האָט פיינט, איז אַ עברה, בריינגט מיך נישט, זאָגט זי, צו קיין זינד. איך בין נישט קיין בהמה. אַ מענש, זאָגט זי, בין איך, אַ מענש מיט אַ ווילען, מיט אַ דעה!... איהר הערט אַ ביסעל, אַ זאָג פון, מחילה, אַזאַ, אַזאַ... בקיצור, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט — ביז ס׳איז געקומען דערצו, מען זאָל נעהמען דאָס בעל-הבית׳ל, נעבעך.

איהם מיט הכל־בכל, האַק און פּאַק, אָבשיקען צו די עלטערן זיינע אַהיים. — אוי, האָב איך עס היינט אַ טאָג פון מיינע, פון דער טאָכטער און פון דער מאַמען, קאַלט און וואַרים!... ווייסט איהר וואָס — לאָזט אויס לייבצע מיט אַ געבעט — פּאַר אייך, רב רפאל, האָט מען זיך נישט צו שעמען, איהר זייט דאָך אַ היימישער מענש, אונזערער אַ גוטער פריינד, אָט, כ׳לעבען, קומט, לאָמיר אַריינגעהן צו חנצה׳ן, ס׳איז אַצונד דאָרט ביי איהר חושך. איהר וועט זי, אַזוי טאַקע ווי איהר קענט, אַ ביסעל אויסשטראָפען, געבען איהר צו פערשטעהן, אַז זי איז אַ שוטה, אַ נאַריש ווייבעל, ווייסט אַליין נישט, משטיינס־געזאָגט, וואָס זי וויל. אייערע ווערטער, נישקשה, וועלען ווירקען. איהר זייט ביי איהר — דאָס זאָג איך אייך בסוד, צווישען אונז — אַ גרויסער חשוב, היינט וועט איהר דאָך מקיים זיין טאַקע אַ מצוה אויך — אַריינלעגען זיך אין שלום צווישען מאַן און ווייב, צונויפפיהרען אַ פּאָר־פאָלק... אָט, קומט, כ׳לעבען, קומט.

לייבצע שלעפּט רפאל׳ן ביי דער האַנד און געהט פאָראויס. רפאל — אַז אָך און וועה צו איהם, וואָס זאָל ער, נעבעך, טאָן? — לאָזט זיך פיהרען, נישט ווילענדיג, איבער אַ לאַנגען קאָרידאָר און שלעפּט זיך איהם נאָך ווי אַ קוה אַ קעלבעל.

ביים עפענען די טיר אין חנצה׳ס חדר לאָזט זיך פון דאָרט הערען יענטעל׳ס קול, וואָס שטעהט און טענה׳ט האַלב מיט גוטען, האַלב מיט בייזען מיט דער טאָכטער איהרער, וואָס זיצט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט ביידע הענד ביי אַ טישעל אין אַ ווינקעל. קוים איז לייבצע אַריין מיט רפאל׳ן, ווערט מיט אַמאָל איבערגעהאַקט דער שמועס:

— נישקשה, יענטעל! אייגענע מענשען. רב רפאל האָט עפּיס צו שמועסען מיט חנצה׳ן אַ פּאָר ווערטער. — רופט זיך אָן לייבצע, ווינקענדיג, צום ווייב, וואָס האָט אַזוי פיעל געהייסען: מעגסט אַרויס־געהן, זיי מוחל

יענטעל אָבער וויל זיך נישט אָנשטויסען אויפ׳ן ווינק און שטעהט פערוואונדערט, מאַכענדיג מיט די אַקסלען, קוקט אָן דעם מאַן מיט אַ קרום פּנים, וואָס האָט אַזוי פיעל געהייסען: האָסט געמעגט, כ׳לעבען, נישט אַריינקומען, דו לעקיש איינער!

— נו, זיצט, זייט־זשע מוחל, זיצט, מיר בעטען — זאָגט לייבצע, אונטעררוקענדיג רפאל׳ן אַ ביינקעל פונקט אַקעגען חנצה׳ן.

שטאַרק צופרידען מיט דעם אויפטהו זיינעם, רוקט ער זיך צו

באַלד צום חייב, רוימט איהר אַיין עפּיס אין אויער — און ביידע געהען אַרויס.

לייבצעס פינסטער מזל איז בעשיינפערליך טאַקע שוין אַזוי געווען, דער טאַטער צו העלפען אין אַלע איהרע האַנדלונגען פון׳ם אָנהויב אָן ביז איצט, פונקט אַקעגען זיין וואונש. ס׳איז מסתמא פון׳ם הימעל אַזוי אָנגעשריבען געווען, אַז ער אַליין מיט זיינע משונה גענג זאָל אָנמאַכען אַ פערדרעהעניש ביי זיך אין שטוב, עס זאָל דורך איהם אַליין אַרויס־קומען דאָס, פונקט פערקעהרט וואָס ער חיל.

שלים׳מזל׳דינער לייבצע! גיט עס ביי יודען נאָך שלים׳מזל׳דיגע טאַטעס אַזוינע? — ס׳איז כדאי צו וויסען...

רפאל און חנצה זיצען, אָנקוקענדיג זיך פערחאונדערט אַקעגען עטליכע מינוט, נישט צו ריידען אַ וואָרט. דערנאָך איז רפאל צום ערשטען אַרויס מיט אַ ביטער שמייכעלע:

— איהר ווייסט, חנה׳לע, צו וואָס דער טאַטע האָט מיך אַהער געבראַכט? דער טאַטע וויל, איך זאָל „אַייערן", איהר פערשטעהט, פעררעכטען ביי אייך דאָס מזל און אייך טאַקע אַ ביסעל אויסשטראָפען.

— הייסט עס, דעם טאַטעס אַ מענש?! נו שטראָפט־זשע מיך, אַז איהר האָט זיך עס אונטערגענומען — מאַכט חנצה, אַ ביסעל מיט פעררדראָס.

— ניין, חנה׳לע, אויסשטראָפען בעדאַרף מען נישט אַייך, נאָר מיך — זאָגט רפאל מיט אַ זיפץ פון׳ם האַרצען.

— דאָס הייסט אָנצוהערעניש געבען — מאַכט חנצה, רויט ווערענדיג ווי פייער — אַז דרינען, וואָס צווישען מיר און מיינעם, איז אייער שולד, און זיפצט אַצונד דערויף...

— אַי, פלאָגט מיך נישט, איך בעט אַייך, אַי, איהר זאָלט וויסען מיין האַרץ!...

— נו, תאָס־זשע וואָלט געווען, אַז איך זאָל וויסען? וואָלט איך געהאַט פערגניגען פון אַייער געטריישאַפט און איבערגעבעטען אַייך פאַר מיינע רייד אַצונד.

רפאל׳ן האָט זיך נישט געלעגט די צונג באַלד טאַקע אָבצוענטפערן איהר, וויסענדיג ביי זיך, אַז ווען חנצה זאָל חיסען זיין האַרץ, צוליעב וואָס ער איז דאָ געקומען, וואָלט זי קיין גרויס פערגניגען נישט געהאַט, און איהם איבערגעבעטען אודאי נישט בעדאַרפט.

— אָדער אפשר מיינט איהר, אַז איהר פערדיענט, מען זאָל אַייך

אויסשטראָפען דערפאַר, וואָס איהר זייט אַזאַ לאַנגע צייט נישט געקומען צו אונז אין שטוב אַריין, און איהר פיהלט אייער שולד? — וואַרפט חנצה אַריין ווייטער אַ שטעכווערטיל,

רפאל איז שטאַרק צוטראָגען, ער קוקט אויף חנצה׳ן מיט ליעבּ־שאַפט, מיט געבּעט און שוויינט.

— שווייגען הייסט געריעדט — זאָגט חנצה, זעהר געריהרט פון זיין בּליק, אַזוי אַז טרעהרען שטעלען זיך איהר אין די אויגען, און עס רייסט איהר דאָס האַרץ, קוקענדיג אויף איהם — איך בּעט אייך, ערגערט זיך נישט, נעהמט מיר נישט פאַר אומגוט, וואָס איך האָבּ מיך אַ בּיסעל דאָ געהיצט. וואָס זאָל איך טאָן? ס׳איז בּיי מיר היינט שוין אַזאַ טאָג. אוי, אַ טאָג! אוי, שטעה איך עס אויס!...

— טייערע, גוטע, חנה׳לע! מאַכט רפאל, אויפשטעהענדיג צוקאָכט פון׳ם בּיינקעל, ווילל אָננעהמען בּיי דער האַנד חנצה׳ן, אויסגיסען פאַר איהר זיין שווער בּיטער האַרץ, נישט צו בּעמערקען, ווי יענטיל געהט דערווייל אַריין גאַנץ שטיל און מאַכט זיך כּלומר׳שט ווי זי זוכט עפּיס.

— מאַמע! — טהוט זיך אַ חאַפּ חנצה, אַזוי אַז רפאל זאָל וויסען ווער דאָ איז — וואָס זוכסט־דו עס, מאַמע, עפּיס אַזוי?

— גאָרנישט, גאָרנישט! אַ שפּיזעל איז פון׳ם זאַק נישטאָ. דאָ זוך איך, איז נישטאָ. מען בּעדאַרף געהן אַ קוק טאָן בּיי מיר ערגיץ דאָרט — ענטפערט יענטיל, אַרומקוקענדיג זיך און געהט נים ווילענדיג אַרויס

יענטעלס מיין איז גאָר געוועזען אַכטונג צו געבּען צו דער טאָכטער, האָס זיצט מיט אַ יונגען־מאַן אָהן אַ שומר. ווייבּער פיהלען עפּטערס בּיי זיך אין האַרץ בּעסער ווי די מענער. פריהער, אַז חנצה האָט געוואוינט מיט דעם מאַן, ווי דער שטייגער איז, האָט יענטיל זיך נישט געמאַכט דערווים, אַז די טאָכטער פלעגט בּלייבּען מיט רפאל׳ן בּיי זיך אין חדר. אַצונד אָבּער, אַז חנצה׳ן קאָן זיך פערגלוסטען זאָגען, אַז דער מאַן איז איהר נישט צום האַרצען, הע־הע! טראַכט זיך יענטיל, בּעדאַרף מען זיך צו דיר אַ בּיסעל צוקוקען. דאָס האַרץ האָט איהר עפּיס געזאָגט, נישט רעכט צו וויסען וואָס געזאָגט. דאָס שפּיזעל איז געוועזען נאָר אַ אויסרייד. חנצה האָט פערשטאַנען דער מאַמעס מיין, און רפאל האָט אויך געוואוסט, וואָס דאָס שפּיזעל איהרם בּעטייט אַזוינס. בּיידע האָבּען געהאַט פיעל, זעהר פיעל איינע די אַנדערע צו זאָגען און בּיידע האָבּען אַיינגעזעהן, אַז דערצו איז נישט דאָ דאָס אָרט און נישט די צייט אַצונד.

— אַי, יונגה׳לע, האָב איך צו ריידען און צו ריידען! נאָר...

— אַי, רפאל, האָב איך עס צו דערצעהלען און צו דערצעהלען! נאָר... לאָמיר אָבוואַרטען. איך וועל שוין אייך צו וויסען געבען.

— געה איך, הייסט עס — זאָגט רפאל מיט אַ ביטער שמייכעלע — געה איך דערווייל אַהעק דערמיט, אַז איך האָב אייך געזאָגט מוסר

— און דאָס מוסר־זאָגען האָט נישט געהאָלפען! — —

ביים אַרויסגעהן שלאָגט זיך רפאל אָן ביי דער טיר מיט יענטלען, וואָס האָט זיך געיאָגט אָנצוזאָגען דער טאָכטער די גוטע בשורה, אַז דאָס שפּיזעל געלויבט דער אויבערשטער, האָט זיך געפונען!...

# דאס צווייטע קאפיטעל.

רב אשר דער מעקלער איז די לעצטע צייט מיט רפאל'ן שטארק נישט צופריעדען געוועזן. ווי איטליכען איז בעקאנט, בלאזט רב אשר דער מעקלער פון זיך נישט אזוי שטארק, איז מוחל אויף כבוד און קען אראבשלינגען יענעמס א גראב ווארט, נישט צו בעליידיגען זיך, חלילה. איהם ארט נישט, אז יענער האלט איהם פאר א ליגנער, וואו מען בעדארף — קען ער זיך מאכען נישט הערענדיג, נישט זעהענדיג, נישט וויסענדיג און טהון זיך טאקע זיינס. צו די אלע דאזיגע שענע מעלות איז ער אויך נישט פויל אויף א גאנג. הונדערט מאל א טאג ווערט איהם נישט נמאס לויפען צו יענעם מיט עפיס א עסק, אפילו יענער וואַרפט זיך דערפון אב מיט הענד און מיט פיס. איז פאר איהם פערשפארט די טיר, שטופט ער זיך אריין דורכ'ן פענסטער. אזוי אריין אדער אזוי אריין — אלץ איינס, אבי אריין! ביי דער וועלט הייסט עס: רב אשר איז א בריה, א מענש מיט א אייזערנעם כאראקטער — ער קריכט! הויבט ער אן עפיס א זאך — ארבייט ער, קריכט, שטופט זיך ביז ער דערגרייכט טאקע דאס, וואס ער וויל.

פונדעסטוועגען האט רב אשר'ס קריכען מיט זיינע פראיעקטען צו רפאל'ן די לעצטע צייט איהם פארט נישט געהאלפען, זיינע ווערטער זענען צו רפאל'ן צוגעשטאנען אזוי פיעל ווי א ארבעס צו דער וואנד. איינמאל האט רפאל זיך אויף איהם צובייזערט, ווייזענדיג איהם די טיר. מיט א געשריי, אזוי אז אפילו אזא יודען, נישט קיין בעל-גאוה, ווי רב אשר איז, האט עס שטארק אונטערגעטראגען. ער איז, נעבעך, געשווינד

ארויסגעלאָפען אויף דער גאַס, בייז ווי אַ רוח, און פאַר אַנדערע דאָרט אויסגעגאָסען אויף רפאל'ן זיין צאָרען:

— האָט איהר געהערט, יודישע קינדער, אַ יוד זאָל נישט האָבען קיין בטחון — מען זאָל זיך נישט לאָזען ספעקולירען, מאַכען געשעפטען! אַ שענער משא-ומתן, כ'לעבען, וואָלט געווען, אַז מען זאָל געווען וועלען נאָר געהן אויפ'ן אײַזערנעם בריק אין משא-ומתן!... ווי פון דער קעשענע האָט „ער" מיט זיין אײַנגעשפּאַרטקייט מיר אַרויסגענומען אַ פער-דיענסט... איך זאָג אײַך, ברידער, אָט פון די אויפגעיורענע, פון די חקרנים, איז נישט איינער קיין לייט. דאַכט זיך, אַ מענש — אַ סוחר, אַ קעפּיל, אַ פליהענדיגס, האָט געתאַפּט, דאַכט זיך, דעם סחורה פון אונזערע סוחרים דאָ, געדרעהט, געהאַנדעלט גאַנץ נישקשה'דיג — און לסוף האָט די קליפּה טאַקע זיך אַ־ויסגעוויזען — שמעה, טפררו!... נישטאָ ביי אַזוינע קיין גלויבען, קיינער פון יודישע קינדער איז נישט בעגלויבט: נישט גדליה דער שניט-קרעמער, נישט פייטיל דער צעלניקער, נישט אפילו ר' אידיל דער חלפן, און גאָט אַליין אפילו אויך ניט!... איהר פערשטעהט? טאַקע „כל באיה לא ישובון" — איז איינער אַ ביסעל געחאַפּט, זאָל אַ רוח טאַקע אין זיין טאַטען — קיין סוחר וועט שוין פון איהם נישט זיין... אַ יוד האָט נישט ביי „איהם" קיין נאמנות, אַ יודענס אַ וואָרט איז גאָרנישט, אויסציהען, שונאי-ישראל, זאָל ער זיך פאַר איהם, וועט ער איהם נישט געבען אויף באָרג, סיידען קלאַפּ און צעהל. אַ יודענס אַ טראַטע, אַ וועקסעל הייסט ביי איהם אַ קוויטעל אויף עולם-הבא — און ביי אַזעלכען איז נאָר עולם-הזה, פשוט גראָב, מזומנים. עולם-הבא איז גאָרנישט. מלאָכים נישטאָ, שדים און רוחות, להבדיל, נאָר אײַנגערעדטע זאַכען. טאָמער מיינט איהר, איך שפּאַס? — ביי מיין יודישקייט! טויזענט מאָל אודאי האָב איך געשוואוירען ביי מיין חלק עולם-הבא, און ביי איהם האָט עס אַזוי פיעל אויסגעמאַכט עפּיס אַזוי ווי... מאָסקווע מעג גלויבען, לייפציג גלויבט אויך אַ יודען, און אַז עס טרעפט זיך אַמאָל אַ „קוממיות", נו, מה-רעש? מאָסקווע קעהרט זיך נאָך נישט איבער, דער דייטש, נישקשה, גלויבט און באָרגט ווייטער. פע, זאָג איך אײַך, איז מיר דער חקרן, פע, פע, יודישע קינדער!...

יענער פינסטערער מאָרגען, וואָס רב אָשר איז פאַר גרויס פער-דראָס פון דער הויט געשפּרונגען, איז געווען אַ פּאָר טעג אַרום נאָך רפאל'ס בעגעגעניש ביי לייבצען אין הויז. רפאל איז דענסטמאָל געזעסען ביי זיך צו הויז אין איינע צרות, בעטראַכטענדיג זיין לאַגע, און ס'איז

איהם אָנגעזאַלצען אויפ'ן האַרצען. די געשעפטען זיינע טרייבען איהם אין וועג אַריין, און ער קען זיך אָבער נישט ריהרען פונ'ם אָרט. מיט יענצה'ן מוז ער דאָך ריידען, אַרויסזאָגענדיג איהר דעם גאַנצען אמת, די וועהטאָגען זיינע, און וואַרטען אויף דער געלעגענער צייט דערצו, ביז זי וועט איהם שרייבען, לויט ס'איז אָבגערעדט געוואָר'ען צווישען זיי. און אַצינד, נאָכדעם וואָס דאָ טהוט זיך אַזוינס צווישען איהר מיט דעם מאַן, איז ער נאָך צעהן מאָל מעהר מחויב צו ריידען מיט איהר. נאָר וואָס צו ריידען, און וואָס וועט אַרויסקומען פונ'ם ריידען? דאָס ווייסט ער אַליין נישט רעכט גוט דערוויל. די לאַגע איז אַצינד פערדרעהט, פערפּלאָנטעט נאָך מעהר ווי פריהער. ער פיהלט אָבער, אַז אַזוי לאָזען די זאַך טהאָר ער נישט און קען טאַקע נישט; הערשעלען, נעבעך, איבערלאָזען אַזוי אין דער מיט — טהוט איהם אויך זעהר לייד. בימער! ער איז אין דער קלעם, דער קאָפּ שפּאַלט זיך איהם טראַכטענדיג, און פּלוצלים — ברוך־הבא, אַ גאַסט! רב אָשר איז דאָ מיט זיינע פּראָיעקטען. עס פערשטעהט זיך, אַז רב אָשר האָט געחאַפּט זיין עהרליך אויסקומעניש און איז אַוועק ווי אַ אָבגעקאָכטער, נעבעך. פּטור געוואָרען פון אַזאַ גאַסט, האָט רפאל זיך ווייטער פערטיעפט אין די געדאַנקען, איז אַוועקגעזעסען אַ היבשע צייט פערשמאַכט, נישט צו בעמערקען ווי רב אברהם איז אַריין.

— אַ־גאָט־העלף! זאָגט רב אברהם, נאָכדעם ווי ער איז אַקעגען אַ פּאָר מינוט געשטאַנען ביי דער טיר, און רפאל האָט אויף איהם זיך נישט אומגעקוקט.

— האַ, וואָס?! מאַכט רפאל שטאַרק פערדולט, נישט אומקוקענדיג זיך.

— גאָרנישט! אַ־גאָט־העלף זאָג איך. נעהמט נישט פאַר אומגוט, וואָס איך שטער אייך.

— אַ־אַ, רב אברהם!

— איך וואָלט אייך, אָסור, נישט געשטערט, נאָר... איך האָב צו־געזאָגט. איך בין דאָ אַצינד מיט אַ בקשה.

— איהר מיך, רב אַברהם, שטערט! אָ, ניין, ניין, קיינמאָל נישט! זיצט, איך בעט אייך, און לאָמיר הערען אייער בקשה.

— רייזע איז גאָר אוים מענש. קלאָגט זיך עפּיס אויף אייך, רב רפאל. עפּיס פון אַ צייט, זאָגט זי, אַז איהר עסט נישט, טרינקט נישט. וואָס מען זאָל נישט געבען צום טיש. נעהמט מען עס צו כמעט אינ־

גאַנצען צוריק. זי ברעכט זיך, זאָגט זי, דעם קאָפּ טראַכטענדיג, וואָס זאָל עס זיין? זאָל אַייך אפשר דאָס עסען נישט געפעלען? נאָר זי שפּאָרט נישט קיין מיה. טהוט, זאָגט זי, אַלסדינג וואָס מעגליך, דאָס עסען זאָל האָבען דעם זיבעטען טעם. קאַרגט נישט קיין אייער, קיין שמאַלץ, מַכט אויס אַלע מיני געריכטען, וואָס נאָר דאָ: אַ ראָסיל-פליישעל, זאָגט זי, אַ עסיג-פליישעל, אַ זראַזועלע, אַ צימעסיל מיט אַ העלזועל אָנגעפילט אַ מאָל מיט פאַרפעלעך, אַמאָל מיט קאַשע און גריוועו צוגעדעמפּפט, פערברוינט, אַזוי אַז דער מלכות מעג עס עסען. אפשר, זאָגט זי, זייט איהר, חס-ושלום, עפּיס נישט מיט אַלעמען? פאַרוואָס-זשע שווייגט איהר, זאָגט זי, און טהוט עפּיס נישט? דערויף איז דאָך דאָ איף דער וועלט ביי אונז אַ לייב רופא. וואָס טהוען אַנדערע? איז נישט אַ דאָקטאָר, אַ רופא, איז דאָ אַ שפּרעכער, אַזוינער און אַזוינער. עס פאַלט איהר אָב אַ שטיק געזונד, זאָגט זי, אָנקוקענדיג, וואָס פאַר אַ שלעכט פּנים די לעצטע צייט איהר האָט. אָט דאָ ערשט נישט לאַנג האָט זי מיך שטאַרק געבעטען: געהט, זאָגט זי, צו איהם אַריין, און דערגעהט זיך ביי איהם. איהר זייט דאָך, כ'לעבען, זאָגט זי, עפּיס אַ מאַנסביל. וואָס דען? געהט מען און מען טהוט אַ קוק, וואָס איז אַזוינס מיט איהם. — נו, רב רפאל, טאַקע, באמת טאַקע, האַ? וואָס-זשע פּאָרט איז אַזוי די מעשה?

— עט... אַזוי... עס מאַכט זיך אַמאָל מיט אַ מענשען... מיט וועלכען מענשען מאַכט זיך נישט אַמאָל אַ קרענקונג?

— איהר נעהמט אַייך אפשר צום האַרצען די מעשה מיט דעם יתום'ל? אודאי, אַודאי איז דאָס אַ קרענקונג, מיך קרענקט עס אויך זעהר. לייזער-יענקעל, עליו-השלום, האָט איהם איבערגעלאָזט אויף מיר. נאָר פונדעסטוועגען, האַ... און אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צורייד, פרעג איך אַייך טאַקע: ווי האַלט עס עפּיס אַצונד מכח איהם, מכח דעם שקאָץ?

— אַלץ נאָך אין דעם איינענעם שטאַנד וואָס פריהער. הערשעלע שטעהט אַלץ טאַקע אויף דאָס זייניגע: לאָז זי, די יודענע, זאָגען, וואו איז ערגיץ דאָס מיידעל? און יענע ווידער האַלט זיך איהרס: לאָז דער שייגעץ אַזוי וויסען יענעם איבער די קעשענעס קריכען, ווי זי ווייסט פון וואָס צו זאָגען! דערווייל איז שלעכט.

— איז דען נישטאָ דערצו עפּיס אַ מיטעל, רח"ש, אַ שטייגער, דאָס אַלטע, געוויסע מיטעל? ווי געשיקט זיך עס?

— דאָס מיטעל האָב איך שוין געפּרובט טאָן. נאָר ווי ע
אויס, האָט עמיצער, אַ פערבאָרגענער, פון דער יודענעס צד,
געטאָן דאָס אייגענע מיטעל... אַצינד איז די זאַך אַזוי: אָדער בּיידע
זאָלען זיצען, אָדער די גאַנצע מעשה פערשרייבען און בּיידע זאָלען אַרויס
פריי.

— לאָזט זי אָב, כ׳לעבען, אָט די יודענע, ווי הייסט זי דאָרט,
צו וואָס, איך בעט אייך, נצחנות? אָט לאָזען בּיידע אַרויס פריי, און
מיט איין עק!

— עס געהט דאָ נישט, רב אברהם, אין נצחנות, ווי נאָר
דרינען — ס׳איז דאָך אַ רחמנות אויף אַ נפש, אויף אַ יודישער טאָכטער,
נעבעך. גאַנץ געווים, אַז די דאָזיגע האָדיל האָט זי, איהר פערשטעהט,
ערגיץ פערפיהרט.

— ווען אפילו אַזוי, בּרעג איך אייך, נו־נו־נו? ! וואָס איז דאָ אַזוי
די מורא, פערשטעה איך נישט, אַז ערגיץ אַוועקגעפיהרט? אויפּעסען
וועט מען דאָך זי נישט, חלילה, צווישען יודען פערפאַלען ווערען וועט
זי נישט. וועט זיך אויסזוכען, נישקשה!

— אָי, רב אַברהם, ווי זאָגט מען אייך עפּיס... ס׳איז נישט
קיין ריינע זאַך! האָדיל, איהר פערשטעהט, האָדיל שטעהט נישט אין
קיין גוטען רוף...

— וואָס, אַ שטייגער, מיינט איהר דערמיט, רב רפאל? עס מוז
דאָך אַלץ האָבען עפּיס אַ גאַנג.

— עס האָט אַודאַי אַ גאַנג... דאָ שטעקט עפּיס אַזוינס, וואָס אַ
שרעק!

— אַי־אַי, גאָט איז מיט אייך! וואָס קען דאָ, פערשטעה איך
נישט, אַזוינס שטעקען? — לאָז זיין, כ׳לעבען, געגוג געזעסען. אַ
רחמנות, כ׳לעבען, אויף דעם שקאָץ!

— און איהר מיינט, רב אַברהם, אַז דער שקאָץ אייערער וויל
אַרויס אַזוי אָהן איין עק איידער עס וועט זיך דערוויזען, וואו ערגיץ דאָס
מיידעל איז אַהינגעקומען? איהר זאָלט זעהן, ווי ער לעגט זיך פאַר
איהר אַוועק. דאַכט זיך, אַ שטילינקער, אַ שעמענדיגער אויפ׳ן בּליק,
אָבער וואָס פאַר אַ בעהאַרצקייט, וואָס פאַר אַ שטאַרקייט ער האָט אין
זיך, צו שטעהן שטאָהל און אייזען פאַר זיין גערעכטער זאַך. ער איז
ביי מיר אַצינד דערפאַר שטאַרק געהייבען, גאָר לעילאָ ולעילאָ, איך
האָב איהם ליעב בעקומען טיעף פונ׳ם האַרצען. ניין, רב אַברהם, ער

איז נישט קיין צעקראָכענס, קיין שלים=מזלניק ווי אַ ישיבה בחור, אַ קלויזניק. עס חעט פון איהם זיין אַ מענש... שאַ! מען קלאַפּט. דאַכט זיך, אין דער טיר — טהוט זיך אַ חאַפּ רפאל אין דער מיט געשפרעך, צוהערענדיג זיך — אַריין, אַריין!

עס קומט אַריין אַ יונגע בילד=שענע, אויסגעפּוצטע דאַמע און בלייבענדיג שטעהן ביי דער שוועל, וואַרפט זי אַ בליק דאָ אויף דעם, דאָ אויף יענעם פון אונזערע ביידע מאַנסבילען, נישט וויסענדיג צו חעמען זיך צו ווענדען. רב אַברהם ווערט, אויפ'ן יודישען שטייגער, ביים דערזעהן אַ אשה, עפּיס פערשעמט און קעהרט אַוועק אין דער זייט דאָס פּנים. רפאל שטעהט אויף און געהט מיט אַ פריינדליכער מינע דעם גאַסט אַקעגען.

— איך בעדאַרף צו רב רפאל'ן, האָב מיט איהם וואָס צו רעדען, רופט זיך אָב די דאַמע, דורכנעהמענדיג רפאל'ן מיט די אויגען.

— איך בין גרייט מיט פערגניגען אייך אויסצוהערען! — ענטפערט רפאל מיט אַ פאַרבייג.

— דאָס, וואָס איך האָב צו זאָגען, איז נאָר אונטער פיער אויגען.

רפאל האָט פערבעטען די אומבעקאַנטע אין אַ בעזונדער חדר ווינקענדיג צו רב אַברהם'ן, אַז ער זאָל בלייבען אויפ'ן אָרט.

אַ היבשע צייט איז רב אַברהם אַוועקגעזעסען איינער אַליין פאַר זיך, און געדאַנקען משונה'דיגע זענען איהם מיט-געוואַלד געקראָכען אין קאָפּ, גלייך ווי נישטאָ איבער דעם קאָפּ זיינעם קיין בעל=הבית — הפקר אַ וועלט! עס האָט זיך דאָרט געדרעהט האָדיל, זיך ענטפּלעקט עפּיס גאָר חלשות! עס דרעהט זיך אויך הערשעלע מיט דער [illegible] בתולה זיינער דאָרט — און רב אַברהם טהוט זיך אַ חאַפּ, אַ פּאַטש געבענדיג מיט אַ פּאָר פינגער זיך אין שטערען און מאַכענדיג אַהאַ! גלייך ווי ער וואָלט געטראָפען רש״י'ס אַ בעוואָהרעניש מיט'ן כּלומר אַהאַ! איצינד פערשטעה איך, וואָס ער מיינט, וואָס רפאל מיינט, וואָס איז דער טייטש „ערגיץ פערפיהרט"... פע, פע: — מאַכט ער, אונטערהייבענדיג די יאַרמילקע, און פּאָכט מיט איהר איבער'ן קאָפּ ווי אָבצוטרייבען פון זיך פליגען=זלידנעס. די פליגען אָבער טהוען זייערס — געדאַנקען קריכען, פּיקען דעם מוח, די אומבעקאַנטע יפת=תואר פּוץ=אַריין אויך אין דער מיט. עס מאָלט זיך אוים אין קאָפּ אַ שענע גע=

שטאַלט, אַ ליכטיגע צורה, שײַנענדיגע אויגען, עס צוגיסט זיך אַ ליעבע וואַרימקײט — דעם יצר־טוב, אײַ, ווערט נישט גוט!... רב אַברהם ראַנגעלט זיך מיט די געדאַנקען, כאַפּט זיך צו בעשעפֿטיגען מיט ערענסטע זאַכען: אַ נעהם טאָן אַ פּרק־משניות, צענעהמען אַ האַרב שטיקעל „ברטנורא“, זיך פֿערנעהמען מיט אַ שען שטיקעל „זוהר“, נאָר אומזיסט די מיה, געדאַנקען בעפֿאַלען איהם ווי די הײשרעקען, ס׳איז זײ מיט קײן זאַך נישט צונעהמען. זעץ אין קאָפּ תורה, אַז איהם קריכען גאָר עפּיס אַנדערע זאַכען! עס מאָלט־זיך עס, דענקט־זיך, דער רוח ווײסט וואָס אַזוינס... רב אַברהם נעהמט זיך גאַנץ יורישליך ויפּצען און דערבײַ טאַקע, ווי דער שטײגער איז, שרײַבען מיט אַ פֿינגער אויפ׳ן טיש אײן מאָל „פּטום הקטורת“, נאָכאַמאָל „פּטום הקטורת“, אַלײן נישט צו וויסען, אַז ער שרײַבט און וואָס ער שרײַבט.

— אַך, רב אַברהם, האָט מיר קײן פֿאַראיבעל נישט! מאַכט רפֿאל, אַרײַנקומענדיג עפּיס שטאַרק צוטראָגען, און לאָזט זיך אין אײַלע־גיש צו דער קלײדער־שאַפֿע איבערצוטאָן זיך.

— איך זעה, איהר אײַלט זיך זעהר, מיר איז שוין אויך צײַט צו געהן, זאָגט ר׳ אַברהם, אויפֿהײבענדיג זיך פֿונ׳ם בײנקעל, און לאָזט זיך געהן צו דער טיר.

— נישטאָ קײן מינוט צײַט. איך מוז באַלד טאַקע לויפֿען, קומט, קומט אַרײַן צו מיר הײַנט. געדענקט־זשע, נאָך הײַנט. רב אַברהם!

„ס׳איז עפּיס נישט גלאַטיג — דענקט זיך אין רב אַברהם׳ס קאָפּ בײַם אַרויסגעהן פֿון רפֿאל׳ן — ווער זאָל עס זײַן די יפת תואר?... אַ קרובה? וואָס־זשע איז ער אַזוי צוטראָגען? האַ, אפשר אַ ווײַב?! אײַ וואָס, עס הײסט דאָך — ער איז אַ אַלמן? אַ קשיא אויף אַ ליטוואַק!“... באַלד אָבער האָט רב אַברהם תרטה, איז ברוגז אויף זיך דערפֿאַר, וואָס איהם קען גאָר אײַנפֿאַלען, אויף רפֿאל׳ן אַזוינס צוטראַכטען. סטײַטש, רפֿאל, אַזאַ כשר׳ער, ערליכער מאַן מיט אַ גוט האַרץ! ער שאָקעלט פֿאַר גרוים פֿערדראָס מיט דעם קאָפּ, נעהמענדיג זיך בײַ דער באָרד, אוי לאָזט זיך געהן געשווינד.

# דאַס דריטע קאַפּיטעל.

די מוהמע שיינצע, ווערענדיג, ווי עס האָט געהייסען, אָנטאָן פאַרגניגען ביילען, איז זי מיט איהר דורכגעפּאָהרען זיך פאַרנאַכט אויף אַ שפּאַציר, עטהמען אַביסעל פרישע לופט. אַרויס פון שטוב זענען זיי אינצווייען און געקומען צוריק איז איינע — די מוהמע, זי אַליין. די טערקיניע איז געווען פּשוט אויס מענש פאַר גרויס עגמת־נפש וועגען ביילען, נישט צו־חיסען, וואָס אַזוינס איז מיט איהר געשעהען און וואו איז זי הינגעקומען? פאַר יסורים קען זי ניט איינזיצען אויף איין אָרט, נאָר אַרויס — אַריין פון שטוב אין גאָרטען, פון גאָרטען אין שטוב, אומעטום צוקוקענדיג זיך, ניסטערען, אפשר וועט זי עפּיס אָנשמעקען.

זי זיצט זיך אַ מאָל אַזוי, אַ פאַרנאַכט, שטאַרק פעראומערט, צווישען געדיכטע צווייגען אין דעם גאָרטען, הינטער דער שטוב, און ווי איהר אויפ'ץ האַרצען אַזוי איז דער הימעל, פעראומערט, בעלייגט מיט שוואַרצע פינסטערע וואָלקענס. אין דער לופט אַרום און אַרום שמעקט תשעה־באָב! דאָס גרינוואַרג דאַר, אָבגעבליאַקעוועט, בוימער רוישען, זאָגען קינות אויף די בלעטער, וואָס הייבען־אָן געל־צו־ווערען, און אויף דעם אויסגעקראָכענעם שפּיץ קאָפּ זייערען, וואַרפענדיג זיך אין אַלע זייטען, וואוהין דער ווינט טראָגט. אומעטיג, פערזאָרגט שטעהען די פויגעל איטליכער אויף זיין ריטעל, איטליכער אויף זיין צווייגעל, קראַצענדיג זיך מיט'ן שנעבעלע אונטער די פליגעלעך, אויסשטעלענדיג אַ אויגעלע — אַ קוקעלע אַהין, אַ קוקעלע אַהער, אַ טרעסיל מיט די פעדערלעך, אַ גענעץ — און פּוץ אַריין אין די נעסטען — שלאָפען, ניט זאָגענדיג קיין שירה, ווי דער שטייגער זייערער איז, מנחה־צייט. אויך

דעם האָהן, דעם בעל־תאוה׳ניק, פאַרגעהט די לוסט, נאַריש צומאַכען זיך היינט מיט די ווייבער זיינע. ס׳איז גאָר ניט דער שטעל, גאָר ניט דאָס קרעה, וואָס תמיד, עס קומט אויס עפּיס געפּייפט חי פון אַ פסול׳ן שופר. ער שטעהט פערטראַכט, אויסשטרעקענדיג דאָס העלזעל, בלינצעלט מיט די אויגעלעך, אויסדרעהענדיג דאָס פּנים׳ל אַ מאָל רעכטס, אַ מאָל לינקס, און אינגאַנצען, משטיינס־געזאָגט, זעהט ער אויס לעקישעוואַטע. פלוצלים טהוט ער אַ שאַר מיט די פיסלעך, אַ ריק זיך אין דער זייט, אַ קראַץ מיט אַ אַראָבגעלאָזט פליגעל די ערד, פאַרנעהמט די חייבער זיינע און — אַ גוטע נאַכט! אַוועק מיט זיי אין זיין רוה אַריין...
אַ שטילער טרויער שוועבט אין דער לופט, אַ מרה־שחורה — אַרום און אַרום! ביטער און זויער איז אויפ׳ן האַרצען. עפּיס בייַנקט זיך, טרוימט זיך, עס ציהט ערגיץ אַהין — אַהין... און די נשמה וויינט אינוועניג שטיל, צוגיסענדיג זיך אָהן ווערטער.

זעצט זיך אַזוי די טערקיניע צווישען די צווייגען פעראומערט, פערטיפט אין איהרע געדאַנקען. דערוויל פאַלט־צו די נאַכט. חאָם וייטער, וייטער ווערט טונקעלער. די בוימער זעהען־אויס עפּיס אומגעלומפּערט, בעקומען אַ משונה פערענדערט פּנים, און דער כח־המדמה, אָט דער פּאָקופּניק, פאַרבלענדזעט די אויגען מיט אויסגעדאַכטע פּאָקוסען. פונחייטענס, אינ׳ם טונקעלקייט, דאַכט־זיך דער טערקינע אויס, איידעל היינגט אויף אַ בוים, הוידעט־זיך און ווינקט איהר: קום, שוועסטער, קום זיך הוידען מיט מיר אויפ׳ן בוים! זי טהוט זיך אַ חאַפּ דערשראָקען, און איידער נאָך זי ריהרט זיך פונ׳ם אָרט לאָזען זיך איהר הערען טריט, און באַלד טאַקי קומט איהר צו די אויגען די מוהמע שיינצע, שטעהענדיג דאָרט אין גאָרטען מיט איציק פאַקטער — אַ מין בעשעפעניש אַזעלכס, וואָס איז געלייטזעליגט פון זיין ליבען נאָמען מיט אַ ריקען, זעהר געשמיידיג זיך צובויגען, צובוקען; מיט אַ קופּערנעם שטערען; מיט אַ פּאָר גנבה׳שע אויגעלעך און אַ פּאָר הענטעלעך, אַקוראַט ווי עס פּאַסט איהם צו דער פּרנסה. דאָס דאָזיגע בעשעפעניש קניעט זיך, בויגט זיך, קריכט, דורכשטופּענדיג זיך דורך לעבער און שפּאַלטען, שמעקט, טאַפּט, האָרכט־זיך־צו, וואָס טהוט זיך דאָרט אין די הויכע פענסטער, חאַפּט אַ וואָרט און פאַרשלעפּט עס ווי אַ קאַץ פון איין אָרט צום אַנדערן, מאַכט שו־שו און טהוט אַ בים שטילערהייט.

אָט מיט דעם מין בעשעפעניש פיהרט עס די מוהמע שיינצע א׳־צט אַ געשפּרעך, און פונ׳ם גאַנצען שמועס זייערען קומט

דער טערקינע צו די אויערען נאָר איין וואָרט פון צעהגטען — „זיצט . . . האָדיל . . . וואו דאָס מיידעל ? . . . שלעכט . . . אַרבייט, קאָמיסיאָנער רפאל . . . געלט . . . תשובה־געלט, תפילה־געלט . . . צדקה־געלט . . .״ אַזוי רעדט איציק. די מוהמע שיינצע טענה׳ט, פאַר־גלאָצענדיג די אויגען צום הימעל, שטופט אַריין איציק׳ן עפּיס אין דער האַנד און בײַדע ווערען בײַדע פערשוואונדען.

דער טערקינע איז עס אַריין אין דער נאָז, זי שמויסט זיך, אַז דאָס איז ניט גלאַט, דאָ איז עפּיס אַ צרה. וואו איציק פאַקטער ווייזט זיך, דאָרט איז אַ קרעצעל. און פלוצלים פאַלט איהר אַיין אַ געדאַנק, ניט אַנדערש, אַז דער שמועס צווישען דער מוהמע מיט איציק פאַקטער האָט אַ שײַכות צו דער מעשה מיט בײַלען. וואָס מעהר זי האָט צעקיים די ווערטער, וואָס זענען איהר געקומען צו די אויערען, איז איהר געוואָרען קלערער, אַז דער שמועס איז געגאַנגען איבער בײַלען. אַ פּנים, ס׳איז דאָ עמיצער, אַ תקיף, וואָס שטעלט זיך פאַר איהר אַרוים. דערווייל האָט מען עס, אַ פּנים, אַ נעהם געטאָן צום סמיק האָרלען. אַצונד איז שוין פערענטפּערט געוואָרען, פאַרוואָס מען זעהט זי נישט דאָ, ביי דער מוהמען, שוין עטליכע טעג. די מוהמע האָט בײַצייטענס זיך געאײַלט צובעהאַלטען די טרפה סחורה — אָט וואָס דער פּפאַציר איהרער מיט בײַלען בעטײַט!

די טערקינע נעהט פּשוט אוים פאַר רחמנות אויף בײַלען, און גיט זיך אַ וואָרט, נוקם זיך צוזיין פאַר איהר, נעבעך, מיט וואָס נאָר זי וועט קענען.

זי געהט אַרוים פונ׳ם גאָרטען, בלאָנקעט זיך אַרום אין הויף שרעקליך אויפגעבראַכט. און ווי זי שטעהט אַזוי בײַם טויער, דערזעהט זי פאַרבײַפאָהרענדיג אויף דער גאַס אַ פאַיעטאָן, אין וועלכען, גיי זי דערקענט, איז די מוהמע מיט בײַלען זיך דורכגעפאָהרען נעכטען. די פּיס איהרע טהוען זיך אַ לאָז, ווי פון זיך אַליין, און זי שפּרינגט אַרײַן אין פאַעטאָן.

— וואוהין ? — פרעגט דער פוהרמאַן.

— וואוהין ? — מאַכט די טערקינע, בעטראַכטענדיג זיך — אַהין . . . וואוהין נעכטען פאַרנאַכט איהר זײַט געפאָהרען. איצט ווייסט איהר שוין וואוהין ?

— אַ שאלה אַ ביסעל אויב איך ווייס! דער קאָפּ איז מיר נאָך

אויפ׳ן אָרט, ברוך־השם. איך ווייס, וויים, וואוהין איך האָב נעכטען געפיהרט די מוהמען מיט נאָך אַ פאַרשווינדעל. אפשר זייט איהר עס מאַקי די מוהמע אַליין. דער שאַל איז אָנגעריקט איבער׳ן קאָפּ, אַזוי אַז עס זעהט זיך נישט אַרויס דאָס פּנים.

דער פּאַעטאָן איז צוגעפאָהרען צו אַ שטוב ערגיץ אין אַ פאַרלענגען אָרט כמעט אונטער דער שטאָדט.

— טפררררו! — שטעלט אָב דער פוהרמאַן די פערד, ריידענדיג ווי צו זיך אַליין — אַצונד, האַ, זעהט איהר, אַז איך ווייס. אַ חידוש אַביסעל! מיין גאַנץ לעבען אַ פוהרמאַן בין איך, געלויבט דער אויבער־שטער, זאָל איך נים וויסען, וואו וואוינט פייביל דער קליינער! אַ געלעכטער, כ׳לעבען. איך טאַפּ־אָן, ווי אַ רב, אַלע שווערע ערטער דאָ אין דער פינסטער. די פערד מיינע, להבדיל, זענען אויך גרויסע למדנים דאָ... האָט זי עס מיך געפרעגט אַ שאלה: אויב איך ווייס וואו זיצט פייביל דער קליינער!... אָט האָט איהר אייך דאָס הויז פייביל דעם קליינעמס, אָדער פייביל יקטן, ווי ער הייסט ביי אונז!

אַזוי האָט גערעדט פאַר זיך דער בערייִדעוודיגער פוהרמאַן, צוריינלייגענדיג אין קעשענע דאָס פוהרגעלט און אַוועקגעפאָהרען צוריק.

דער טויער פון יקטן׳ס הויז איז געווען צוגעשלאָסען. די טערקינע האָט דאַרויף זיך נישט שטאַרק מצער געווען. ווען אפילו ער זאָל זיין אָפען, וואָלט זי אויך אין שטוב ניט אַריינגעגאַנגען. עס וואָלט געקענט כאַלען אויף איהר אַ חשד און איהר גאַנצער פּלאַן קאַליע ווערען. זי האָט געוואוסט, וועך פייביל דער קליינער איז, אַז ער איז איינער פון לוי בחור׳ס באַנדע, אַ ממזר, אַ פערדאָרבענער ווי ער.

אַצונד איז ביי איהר געווען גאַנץ קלאָר, אַז ביי איהם אין הויז האָט די מוהמע בעהאַלטען ביילען ביז עס וועט איבער־געהן די בייזע שעה. איהר איז געווען, וואָס זי ווייס וואו ביילע געפינט זיך, איצט וועט זי זיך בעטראַכטען, וואָס זי האָט ווייטער צוטאָן.

די נאַכט האָט דער טערקינע זיך נישט צוגעמאַכט קיין אויג. זי האָט אַלץ געטראַכט, וואָס טהוט מען, וואָס הויבט מען אָן?

לסוף קומט איהר אויפ׳ן זינען — דער קאָמיסיאָנער רפאל, פון וועלכען איציק פאַקטער האָט גערעדט, דערביי שטעלט זי

זיך אָב, טראַכטענדיג: אָט דאָס איז דער, װאָס אַרבײַט אַזױ שטאַרק!

אויף מאָרגען האָט זי זיך דערפרעגט צו רפאל'ן, געקומען בשעת ער האָט געשמועסט מיט רב אברהם'ן, און איהם דערצעהלט בסוד די גאנצע מעשה.

---

# דאס פערטע קאפּיטעל.

דער וואָס מיינט, אַז רב אָשר דער מעקלער איז פאַר'ן שלעג-טען בענעגעניש ברוגז געווען אויף רפאל'ן א לאַנגע צייט — האָט, זאָל מוחל זיין, אַ גרויסען טעות. רב אָשר איז דאָך נאָך אַלע זאַכען פאָרט אַ יוד, וועלכען עס מאַכט ניט אַזוי אוים דער נאַרישער כבוד, וואָס נעהמט-אָן פאַר ליב אַ מאָל אויך אַ פּאַטש, נישט צומאַכען זיך דערפון אַזאַ פּירוש, חלילה. וואָלט רפאל געווען אַ „פריץ", מעג מען זיין זיכער, אַז רב אָשר'ן וואָלט כלל נישט איינגעפאַלען פאַראיבעל צוהאָבען, חלילה, אפילו ווען ער, דער פּריץ הייסט עס, וואָלט איהם געגעבען אין קאַרק און אַראָבגעשליידערט פון אַלע טרעפּ. ער, רב אָשר הייסט עס, וואָלט זיך אויפגעשטאַנען, אויב נאָר ער וואָלט ניט געבראָכען האַלז און געניק, מיט דעם אויבערשטענס הילף, אָבגעשאָקעלט די פּאָלעס, געמאַכט מיט אַ קרימעלע: עט! און צוריק אַרויף צום פּריץ מיט אָבשיי, מיט אַ בוק, פּרובען נאָך אַ מאָל טאַקי קריכען צו איהם מיט אַ געשעפטעל, אולי ירחם. און פאַרקעהרט. וואָלט רפאל געווען אַ אידעל, טאַקי אַ אי-דעל וואָס הייסט, מיט די ביינער, וואָלט רב אָשר גערעדט מיט איהם, אָהן מהזקות, ווי אַ יוד מיט אַ יודען, נישט מאַכענדיג קיין צערעמאָניעס, גוט אָבגעשייגעצט איהם ווי ער פאַרדינט, אין דער הייסער רגע טאַקי, און אַוועקגעגאַנגען גאַנץ רוהיג מיט דער דעה, מאָרגען, אם-ירצה-השם, ווידער אַריינגעהן צו איהם, איבערשמועסען דעם עסק אַזוי און פאַרקעהרט. רפאל אָבער איז דאָך ניט דאָס, ניט יענץ, אָדער דאָס און ניט דאָס, יענץ און ניט יענץ. ריידען מיט איהם אויף דעם שטייגער ווי מיט אַ יודען: — איך דיך אַ שטופּ, דו מיך אַ שטופּ; איך דיך אַ

יעהם ב׳ בערדעל, געבענדיג דיר צו פאַרשטעהן מיט׳ן גראָבען פינגער און דו מיך אַ נעהם ביי מיין בערדעל, געבענדיג מיר צו פאַרשטעהן מיט דיין גראָבען פינגער — אַזוינס צו טאָן איז גאָר ניט מעגליך. אמת טאַקי, ער איז מאחינו בני ישראל, אָבער אין דער הלבשה, אין דער בענעהמונג ויינער איז עפּים נישט דאָס... נישט יודישליך. מיט איהם בענעהמען זיך אַזוי־זיך, גוטברידערשאַפט, מעשה־איד — חלילה וחס! אלא וואָס דען־ושע, האָבען פאַר איהם דרך־ארץ, אַראָבשלינגען זיינס אַ בעליידיגונג און שטעהן פאַר איהם ווי אַ קנעכט, אָדער ווי אַ יוד פאַר אַ פּריץ — איז ער דאָך אין־גרונד־גענומען פאָרט אַ יוד, ווען אפילו ניט אינגאַנצען, איז ער וועניגסטענס אַ שטיקעל יוד.

דעריבער איז גאָר קיין וואונדער ניט, אַז אַזאַ שלעכט בעגעגעניש, וואָס רב אָשר האָט געהאַט ביי רפאל׳ן, נישט צו קענען אַראָבשלינגען עס, נישט אָבצוענטפערן צוריק, האָט איהם שטאַרק צומישט, און דאָס האַרץ איז שיער איהם ניט צופּוקעט געוואָרען פאַר כעס אינוועניג אין זיך. אפילו אַ מעקלער אַ מלאַך וואָלט אויך געקענט, שונאי־ציון, צופּוקעט ווערען, נישט אויסהאַלטענדיג אַזוינס. גלייך געטאָן האָט טאַקי רב אָשר, וואָס ער האָט זיך נעשווינד אַרויסגערוקט פון שטוב מיט פערדראָס, ווי באַלד אַרויס אויף דער גאַס, האָט ער אויסגעלאָזט זיין כעס, זיין שווער ביטער געמיט צו רפאל׳ן אונטער די אויגען. און איז געווען זעהר גע־רעכט. להבדיל, אַ הונד אפילו, וואָס חאַפּט זיך אַרויס פון דער קלעהם, פון צווישען דער טיר, אויף דער גאַס, הייבט אויף דעם וויידעל, אָבּ־שטעלענדיג זיך, און בילט אויך פונדערווייטענס. נאָך זעהר שען פון רב אָשר׳ן, וואָס חאָטש מיט׳ן מויל גאַנץ עפענטליך, אין אַזאַ פאַל איז אַ יוד אַ מאָל ניט פויל אויף דער פען, אַריינצושיקען שטילערהייד אַהין, אַהין... שוואַרץ אויף ווייס, אַ „שיר המעלה״ אויך. קוים האָט רב אָשר אויס־געגאָסען דאָס האַרץ, אויסגערעדט זיך פאַר לייטען, איז איהם אָבגע־גאַנגען דער כעס און ער איז אָבגעקיהלט געוואָרען.

„עט, ווי איך בין אַ יוד! — טראַכט ביי זיך רב אָשר, איבערבע־טענדיג זיך מיט רפאל׳ן אין האַרצען — און אַז ער האָט געזאָגט דאָס און דאָס, מכבד געווען מיך מיט אַ וואָרט, אַזוי און אַזוי... מילא איז וואָס? נאָרנישט, כ׳לעבען, הבל הבלים! דער גאַנצער נאַרישער כבוד איז ניט ווערטה קיין גראָשען. און וואָס געהר זיך אָן אַזאַ שטות׳ערייּ צום האַנדעל?... אַ רעכטער סוחר יאָגט זיך ניט נאָך כבוד, אין תכלית. אין תכלית אַריין קוקט ער, אָט וואָס!... נאָך דעם גאַנצען

פירען זיינעם אויף מיר, אז איך בין אזוינער און אזוינער... לאז איך פונדעסטוועגן ניט אב דעם עסק. היינט אדער מארגען וועט ער איהם, מיט רבים אויבערשטענס הילף, אננעהמען, נישקשה! ער טעג זיך בייזערן, שפרינגען „בואי בשלום" גיפיל ער וויל.., דאס איז עס פאר א לשון: איך וויל ניט! „ער" — וויל ניט, און „איך" וואו בין? איך, הייסט עס, בין גארנישט, מיין ווילען איז עט-שמעט?... נאך א טאג, נאך עטליכע טעג וועלען מיר זעהן, וועמענס ווילען איז שטארקער. נישקשה, עס הויבט מיך ניט אן צוארען!... אי-אי-אי — טהוט זיך פלוצלים רב אשר א האפ, קראצענדיג זיך ביי דער פאה מיט א זיפץ — עס הויבט מיך ניט אן צוארען, זאג איך. אוי, ארט מיך, זעהר שטארק אפילו — היינט איז דאך דאנערשטאג, אז אך און וועה מיר ז"

דאנערשטאג איז א שווערער טאג פאר א יודען. דאנערשטאג בעט דאס ווייב געלט אויף שבת. א ארעמער יוד דאנערשטאג איז דאס וואס א בייזע פליג, א זלידנע, סוף זומער: עס קריכט, עכ"ז, ניסטערט, שטעקט אריין דאס נעזעל אין איטליכער זאך, איינשטעלענדיג זיך פשוט דאס לעבען. נאך אלע שווערע מיה רב אשר דעם מעקלערס, נאך זיין ארויסלויפען, פארטראגענקייט הו-הא טאג ווי נאכט, האט ער געלעבט אין נויט. און אלע דאנערשטאג פלעגט איהם, ווי אלע יודען אביונים, די נשמה אויסגעהן פאר א גראשען, ביז איהם פלעגט געראטען ביי איינעם א בעקאנטען צודערטאפען עטליכע גילדען א גמילות-חסד. און אין דעם דאנערשטאג גראד איז איהם געווען ערגער נאך ווי תמיד, ווייל ס'איז שוין ניט געווען מעהר ביי וועמען צולייען. פאלט איהם איין — רפאל! בעטען היינט א גמילות-חסד ביי רפאל'ן. און דאס האט פיעל געהאלפען, ער זאל זיך איבערבעטען מיט רפאל'ן, מוחל זיין איהם, וואס ער האט איהם פוגע בכבוד געווען. „א יוד טאר ניט ברוגז זיין" — טראכט ביי זיך רב אשר, אויסשטעלענדיג אין געדאנק א קלוג שמועסעל מיט רפאל'ן. אנהויבען זאל זיך עס גלאט אזוי זיך, אין דער וועלט אריין, עס וועט זיך אזוי קייקלען, קייקלען, ביז עס וועט צוקומען צו דער מטבע — אט דאס וואס מיינט דער פסוק!... ער גלעט זיך דאס בערדיל, משונה הנאה האבענדיג, גלייך ווי א געפיהלט העכטיל ליגט פאר איהם אויפ'ן טעלער און דער ריח פון שבת'דיגע מאכלים פארגעדט איהם אין נאז אריין. און ווי ער שטעלט א פוס, גרייט צוגעהן, דערזעהט ער פונדערווייטענס פאהרענדיג רפאל'ן, און קעגענדיג אין פנים, אז ער

איז שטאַרק פאַרטראָגען, פאָהרט ניכער אָבאַרביטען אַ געשעפט. רב אָשר'ן האָט עס געגעבען אַ קלאַפּ אין האַרצען, ער בלייבט פערגאַפט, אויפעפענענדיג דאָס מויל און אויפשטעלענדיג די נאָז.

„דאָס איז נישט גלאַט אַזוי זיך אַ פאָהר — טראַכט־איבער בײַ זיך רב אָשר — אוי, פאַרשטעה איך! איך פאַרשטעה, נישקשה, װאָס איז אויף איהם אַזוי דאָס אײלעניש. שווער מיך אָבצונאַרען, דאָס לויפט ער אָבמאַכען דעם עסק אָהן מיר. אוי, ווי זאָל איך עס אויסהאַלטען, נישט משוגע צו־ווערען, אַז איך זעה ווי מײן אַרבײט, מײן מיה געהט פאַר־לאָהרען? איך לייג־פאַר דעם עסק, טהו, אַרבײט, קריך אויס דער הויט, רעד־רעד, ווער צוזעצט רעדענדיג, און ער... ער מיינט, איך בין אַ קינד, אַ מלופּום־קינד בין איך, מעג ער מיט מיר טאָן וואָס ער וויל. ניין, ברודער! איך האָב אַ נאָז און שמעק, פונדערווייטענס שמעק איך אָן”.

און רב אָשר'ס נאָז טהוט זיך אַ קריץ. דער צאָרן איז גרויס, נאָר הײַנט איז דאָך אָבער דאָנערשטאָג. די לײדיגע קעשענע, די בײ־טערע נויט דערמאָנען רב אָשר'ן, אַז אַ יוד אַ קבצן טאָר ניט אין כעס זײן, מוז אָננעהמען פאַר ליעב אַ פּאַטש אויך. װיפיעל יענע זאָלען איהם נים קריוודען, צופּען, רייסען, מוז ער די וועהטאָגען טראָגען שטיל אין זיך, אַרונטערלייגען זיך אונטער יענע שענע לײט, זײ נאָך בענשען — מאריך ימים זאָלען זײ זײן, און לויבען אין טאָג אַרײן מיט אַ זיס פרעהליך פּנים'ל כלומר'שט.

און רב אָשר האַלט־אײן דעם כעס, גלײכט אויס די נאָז. נעהמט אויף זיך אַרויף אַ זיסע ליכטיגע צורה און לאָזט זיך אין אַ פּאָר שעה אַרום געהן צו רפאל'ן, הײבען בײ איהם אַ גמילות־חסד לכבוד שבת. נאָר — װעה איז איהם און דעם פינסטערען מזל זײנעם — נישטאָ רפאל אין דער היים! ער פּוילט זיך ניט געהן נאָך אַ פּאָר מאָל, און אַלץ טאַקי — נישטאָ רפאל! אײן גאָט דער לעבעדיגער ווייסט, ווי שטאַרק אָנגעזאָלצען רב אָשר'ן איז געווען אויפ'ן האַרצען. איז דער טאָג איהם פערגאַנגען אין צרות, דערפאַר האָט ער אין אָװענד זיך אַ ביסעל אונטערגעהעצקעט.

ס'איז געווען „ליהודים” — אַ שמחה, אַ פרייד אויף יודענס קעפּ!

ראש־חודש אָב צום מולד האָט זיך געענדערט די „פּאָגאָדע”, פּונקט פאַרקעהרט ווי דער לוח שרייבט. דאָרט שטעהט: שענע, לויטע־

רע טעג, מיט א מאל גאר איז קעלט און רעגענס זוי אסיענצייט. יודען קריכען, נעבעך, ביז'ן האלז וויט אין די גלופסקער בלאטעס מיט ד' שיך און זאקען, און אידישע טעכטער מיט די זיידענע קליידער און גילדענע בראסלעטען. טילא אויף קליידער, וואס ווערען פארשמירט, פארשלומפערט, איז דער וועהטאג נאך ניט אזוי גרויס, וואָרום דערויף זענען זיי דאך לאנג, אומגעלומפערט, כדי טאקי ארויפגעהמען אויף זיך די בלאטע; וועה געטאן האט יודען דאס הארץ — אויף דער לבנה, נישטא די לבנה! יודען חלש'ען חאטש אויף איין מינוט אנקוקען איהר ליכטיג פנים, סטייטש, ס'איז שוין אוועק דער ערשטער קווארטעל, זי איז שוין אויף דער צייט, אונטערגעוואקסען ווי מען בעדארף, ראוי לברכה, טאקי נעהם און זיי זי מקדש כדת ישראל, גאנץ יודישליך — און זי בעהאלט זיך, עפיס נאר טאקי ווי זי שעהמט זיך... פלוצלים הויבען־אן דאנערשטאג פארנאכט קרעהען די העהנער. עס טהוט א בלאז א ווינטעל, עס צוגעהען זיך די וואלקענס, און א שענע, קלארע לבנה, ווי א אויסגעצוואגענע, אויסגעפוצטע כלה, טרעט ארויס האפערדיג, בעגלייט פון דער גרויסער משפחה שטערען, פיינע מחותנים, איינגעטונקטע אין גאלד, אין בריליאנטען, און גאנץ גלופסק מיט איהרע קאליזשעס בעקומען א שיינענדיג פנים. עס פינקעלט, עס לויכט אומעטום! יודעלעך לויפען אנזאגען די בשורה, אונטערטרייבענדיג איינער דעם אנדערען: גיכער, פייטיל! אהער, אהער, זרח, גרונם, סענדער, פישעל! בעריל דער שוסטער הייבט זיך געשווינד אויף פונ'ם קלעציל, שמעריל דער שניידער לייגט אוועק די ארבייט, פארשטעקענדיג אין לאץ די נאדעל, לויפען ארויס און שטעלען זיך קוקען דער לבנה אין איהר ליכטיגער צורה. דאס גאנצע געזעמעל צושאקעלט זיך, שרייענדיג אויף אלערליי טיני קולות. עס לאזען זיך הערען ביי־קול'כלעך דינינקע פון קליינע יונגלעך, גרעבליכעריע פון בחורים, גראבע, הייזעריגע, פארלעגערטע, באסאווע אויף דער געמבע פון אלטע, בעטאגטע, גרייזגרויע, פאנפעוואטע, לאנגבעזיגע און ברייטבייכיגע בעלי־הבתים. די לבנה געהט זיך איהר וועג און יודען שפרינגען, העצקען זיך איהר אקעגען לעבעדיג, פרעהליך.

אויך אונזער רב אשר העצקעט זיך אויף די שפיץ־פינגער צווישען דעם געזעמעל. דערזעהענדיג דארט נעבען זיך רב אברהמ'ן, טהוט ער זיך צו איהם א בוק עפיס משונה, זאגענדיג מיט א ניגון דריי מאל:

- שלום עליכם!

— שלום עליכם, עליכם שלום ! — ענטפערט־אָב רב אברהם, פּסיק־זייענדיג אינמיטען װאו ער האַלט. און אין אַ מינוט אַרום ביטען זיך די יוצרות. רב אברהם קעהרט אויס דאָס פּנים, זאָגענדיג מיט אַ בוק דריי מאָל „שלום עליכם״ רב אָשר'ן, און רב אשר ענטפערט איהם אָב „עליכם שלום״ בשעת אונטערהעצקען זיך ביים „כשם שאני רוקד״ אַקעגען דער לבנה.

און װי זיי העצקען זיך דאָ ביידע, בוקען זיך און זאָגען „שלום־עליכם״ איינער צום אַנדערען, פאָהרט געשווינד פאַרביי זיי אַ פאַעטאָן מיט דריי פאַרשוינען אינווענינ. רב אָשר דערקענט באַלד דאָרט רפאל'ן און ווערט פערצאַפּעלט מיט די ביינער. עס ענדערט זיך איהם דאָס קול, גלייך װי אַ ביין װאָלט זיך איהם נעשטעלט אין האַלז, פון גראָב ווערט עס דין, און ער לאָזט אויס דאָס דאַװנען מיט אַ װיינענדיגען פּישטש. די נשמה זיינע װיינט אין איהם, פאַר גרוים װעהטאָג און פערדראָס, װאָס רפאל נאַרט איהם, מאַכט שטילערהייט אָב געשעפטען אָהן איהם. ער שמשירעט־אויס איין אויג אויף רב אברהם'ן, קוקט איהם אָן שאַרף, טראַכטענדיג ביי זיך: מען בעדאַרף דיך גוט אויסטאַפּען. איך װעל דיך, פעטער, נעהמען אויף'ן צימבעל. פון דיר װעל איך מיך דערגעהן אַלסדינג !

יודען ענדיגען דאָס דאַװנען און שפּייען אויס, פונאַנדערגעהענדיג זיך איטליכער צו זיך אַ היים. רב אברהם שפּייעט אויך אויס און וויל געהן זיין װעג, נאָר רב אָשר נעהמט איהם אָן ביי דער פּאָלע און זאָגט :

— װאָס איילט איהר זיך אַזוי, רב אברהם ? װאַרט אַביסעל, זייט־זשע מוחל, װעלען מיר געהן צוזאַמען. איהר געהט דאָך אַ היים.

— ס'מהוט מיר זעהר לייד, װאָס היינטינס מאָל האָבען מיר צו־געהן נישט אויף איין װעג — מאַכט רב אברהם — איך נעה צו רפאל'ן, נעה איך איצט.

— אָך, זעהר גוט ! — זאָגט רב אָשר, אַ סמאָרע־געבענדיג — דער נאָז פאַר גרוים הנאָה — אויב אַזוי, װעל איך אייך בעגלייטען, און געהענדיג װעל איך דערװייל שמועסען מיט אייך װעגען עפּיס אַ ענין.

— מהיכא־תיתי, אַז איהר װילט זיך מטריח זיין, אָך !

— מה נאמר ומה נדבר, װאָס זאָל איך זאָגען, װאָס זאָל...

רײדען? — הויבּט־אָן רבּ אָשר געהענדיג זײן שמועס פול מיט שמר־שטיק. אונזער בּעגעגענען זיך דאָ הײנט, רבּ אברהם, איז מן־השמים, טאַקי נאָר פון גאָט. בּעגעגענען אַזאַ מענשען ווי איהר בּאַלד נאָך קדוש־לבנה איז אַ גוטער סימן, ס׳וועט, אם־ירצה־השם, זײן אַ מזל׳דיגער חודש, אָמן. הלואי, רבּונו של עולם! איך זאָג תּמיד, אומעטום, אין מאַרק, אין די קאַנטאָרען, זאָג איך: נאָר בּײ אײנעם איז נאָך דאָ דער אמת, יושר, גערעכטיגקײט אין דאָס פּינטעלע יודישקײט. און בּײ וועמען? — בּײ רבּ אַברהם׳ן! אוי, רבּ אַברהם, רבּ אַברהם, איז עס הײנט אַ צײט, רבּ אַברהם! וואָס ווײסט איהר, וואָס ווײסט איהר... איהר ווײסט אײך אײער בּית־מדרש, איהר זיצט זיך על התּורה ועל העבודה, לערענט, דאַווענט. אַז־וואויל איז אײך! אוי, ווען איהר זאָלט וויסען אונזערע סוחרים, די קרעמער, די מאַרק־מענשען אונזערע — זאָל מיך גאָט נישט שטראָפען פאַר די רײד — אַלסדינג מעגען זײ. נישטאָ קײן וואָהר וואָרט בּײ זײ, יאָ איז ניט יאָ, נײן איז ניט נײן, אַ שבועה ניט קײן שבועה. „ויאמר" איז דער טײטש געבּולען „וידבּר" — מאַני־פאַרגע, הענטשקע־לשון, אַזוי אַלץ הינטען־אַרום, הינטען־אַרום. איטלי־כער מײנט נאָר זיך, זײן טובה, די גאַנצע וועלט איז בּעשאַפען גע־וואָרען נאָר פאַר איהם, פאַר איהם אײנעם. אין פלוג, אָנקוקענדיג זײ, זענען זײ, דאַכט זיך, מענשעי פײנע בּריות, פיהרער נאָר... וואָס העלפט דאָס רײדען — הכּל הבל, ס׳איז גאָרנישט מיט גאָרנישט! מײנט איהר דאָך, אוּדאי קענט איהר דאָך מײנען, אַז ער... רפאל אײערער, למשל... — שטאַמעלט רבּ אָשר ניט ענדיגענדיג זײנע ווערטער, שטעלט אויס די אויגען אויף רבּ אַברהם׳ן שוויַיגענדיג, צווינקט, אויב ער פאַר־שטעהט זיך אויף׳ן ווינק און אויב דער ווינק איז איהם לרצון. און מען מעג אַרויסזאָגען זיך פאַר איהם שוין טאַקי גרעבּליך

— וואָס ער? וואָס, אַ שטײגער, רפאל מײנער, למשל — פרעגט רבּ אַברהם אויפגעבּראַכט — האַ, אפשר איז רפאל קײן אָרענטליכער מאַן נישט?!

— אי־אי, רבּ אַברהם! האָט איהר דאָך, איך בּעט איבּער אײער כּבוד, האָט איהר מיך דאָך נישט פאַרשטאַנען. אַדרבּה, פאַרקעהרט! דער פּשט פון מײנע ווערטער איז אַזוי: קענט איהר דאָך מײנען, אַז רפאל, רבּ רפאל אײערער, איז אויך למשל ווי יענע לײט? חס־ושלום! האָט קײן טעות נישט! זאָג איך אײך, ער איז אַ צדיק תּמים!... בּײ „תּקרנים" איז נאָך דאָ אויך יושר. אַ וואָרט איז בּײ זײ אַ וואָרט. איך

האָב איהם ליעב, באמת ליעב. פונזיינטוועגען בין איך גרייט חאַטש אין פייער, אין וואַסער. איהר מעגט עס איהם מאַקי איבערגעבען. נישקשה, דאָס וועט נישט הייסען קיין רכילות... יאָ, אָבער — שטעלט זיך אָב אין מיטען שמועס רב אָשר מיט אַ זיפץ, ווי ס'איז איהם שווער ארויסצוזאָגען — אָבער ס'איז אַ וועהטיג צו זאָגען, ער... רב רפאל אייערער, איז אַ ביסעל נישט יוצא אַקעגען מיר...

— מיט וואָס, אַ שטייגער? שטאַמעלט ניט, רב אָשר, רעדט ריינע דבורים.

— טאַ, אַז איהר פאָדערט אַזוי, טוה איך אייך זאָגען, רב אַברהם — מאַכט רב אָשר מיט אַ קנייטשעלע, ווי ער טהוט עס נישט גערן — ווערמען זאָל איך זאָגען, ווען ניט אייך, רב אַברהם?... איך בעט אייך, וואָס, אַ שטייגער, וואָלט מעלתו געזאָגט, ווען מעלתו, איהר הייסט עס, וואָלט פאָרגעלעגט איינעם גוטע עסקים, רעיאָלע, געטאָן, געאַרבייט, אָנגערעדט זיך ווי אַ פויק און לסוף וואָלט יענער שטילערהייט אָבגע־מאַכט די עסקים שאַ־קיטש? איהר פערשטעהט דאָך אַצונד אַ קעגען וועמען איך רעד...

— איהר האָט אַ טעות, רב אָשר! רפאל איז ניט דער מענש צוטאָן אַזוינס. ניין, ניין!

— און אַז יאָ, אויב אַזוי ווי איך זאָג, וואָס וועט זיין

— וועל איך געבען קנס, וויפיעל איהר אַליין וועט הייסען.

— אויב אַזוי, זאָל מעלתו זיך מטריח זיין צודערגעהן, וואויהין איז ער עס היינט אַזוי פאַרטראָגען, גאָר אין איין אָטהעם ארומגעפאָהרען דעם גאַנצען טאָג. נאָר, שאַ! זאָל עס בלייבען צווישען אונז. פאַרזיכערט איהר מיך דאַרויף, רב אַברהם, מיט אייער וואָרט, בהן שלכם, מיט אייער הן?

— בהן שלי! — נו, אָט זענען מיר שוין געקומען, רב אָשר. אַ גוטע נאַכט!

— וואָס דיינקט איהר, רב אברהם, אפשר זאָל איך אויך אַריינ־געהן, אַז איך בין שוין דאָ, האַ?

— אַז איהר ווילט, מהיכא־תיתי. ווער לאָזט אייך נים? קומט!

רב אָשר געהט אין אַנגסטען הינטער רב אַברהם'ן און איז איהם מכבד מיט עפענען די טיר.

— פארשלאָסען! — זאָגט רב אברהם — רפאל איז נישטאָ אין דער היים.

— אָ־וואַ! — קרעכצט רב אָשר און שילט אין הארצען דעם פינסטערען מזל זיינעם — וואָס טהוט מען אצונד?

— גאָרנישט! — ענטפערט רב אברהם ווי אַ תּם — אַצינד נעהמט מען אַ היים שלאָפען, אויסרוהען זיך נאָך אַזאַ טאָג ארבייט. איך בעדאַרף נאָך אריין אין אַ אָרט, וועל איך מיר דורכגעהן דורך דעם הויף אויף דער אַנדערער גאַס. אַ גוטע נאַכט!

— וואַרט, זייט מוחל, וואַרט אַביסעל, רב אברהם. ע־ע־ע! — מאַכט רב אָשר ווי מיט אַ האַלבען מויל, קראַצענדיג זיך ביי דער פאה — אָ־וואַ, שלעכט... ערב שבת... פאַרשטעהט איהר?... איך קען ניט, אוי־אוי, קומען אַ היים... אפשר געפינט זיך. אפשר ביי אייך עפּיס געלט? בים־בים־בים!

— מיין גאַנץ פאַרמעגען נאָר אַ קליינינקיים. ווילט איהר, קען איך עס אייך לייען — זאָגט רב אברהם, אריינלעגענדיג די האַנד צו זיך אין קעשענע.

די לבנה האָט צוגעזעהען פונ'ם הימעל די דאָזיגע טרויערדיגע סצענע, איז געווען אַ עדות, ווי יודען, משטיינס־געזאָגט, זענען זיך מפרנס; ווי רב אָשר, דער הויפּטמעקלער, וואָס איז שטענדיג פאַרטראָגען אין געשעפטען, האָט מיט אַ ביטערען זיפץ אריינגעלעגט אין קעשענע דעם גמילות־חסד, וואָס ער האָט גענומען ביי רב אברהם'ן אויף שבת. און נאָך אַזויפיל ארבייט, נאָך אַזויפיל אָנלויפען זיך אַ הונד אַ גאַנצען טאָג, איז ער מיט עפליכע גראָשען, ניט זיינע, געקומען מיד, צובראָכען אַ היים, צום ווייב און קינדער...

די לבנה האָט געזעהן דעם דאָזיגען יודען, זיין קאַפּדרעהעניש, זיין נויט, דאָס ביטערע עלענד זיינס, און איז זיך געגאַנגען אומעטיג פערטראַכט:

און דער הונד דאַרט, אוי־חיה, דער הונד דאַרט בילט!...

# דאס פינפטע קאַפּיטעל.

אַרויסגעהענדיג אין גאַס, אויף יענער זייט הויף, האָט רבֿ אברהם דערזעהן, ווי רפאל שטעהט און רעדט דאָרט מיט דעם אייגענעם ווייבעל, וואָס איז צו איהם געקומען היינט ביי־טאָג. איהר שיינענדיג פּנים ביי'ם אָבגלאַנץ פון דער לבנה נעהמט זיך אויס אין דער טונקעלקייט פון דער נאַכט, ווי אַ ווייס געמאָלט בילד אויף אַ שוואַרצען גרונט, און בעקומט דאַדורך נאָך מעהר חן. ער קוקט זי אָן — און די בילד־שענע „שולמית", וואָס אין „שיר־השירים", טרעט פאַר איהם אין־געדאַנק אַרויס מיט די אַלע פּסוקים, אַלע ליבּעווערטער וועגען איהר דאָרט, וואָס היינטיגס מאָל איז עס איהם נִיט גלאַט אַזוי, אַ משל אַקעגען די כּנסת־ישראל, נאָר טאַקי פּשוט אַ שעהן ווייבעל. רבֿ אברהם טהוט זיך אָן אַ נויט, לאָזט אַראָב די אויגען, דערווייטערענדיג זיך, גלייך ווי נישט בעמערקט. נאָר רפאל אָבער האָט איהם יאָ בעמערקט, געהט ער צו, גיט איהם דעם שליסעל און זאָגט:

— נאַט. געהט אַריין, זייט מוחל, צו מיר. איך וועל באַלד אָנקומען.

די לבנה קוקט דורכ'ן פענסטער אין שטוב אַריין, און אַ ברייטער פּאַס פון גילדענע פליטערלעך ציהעט זיך פון איהר צו רבֿ אברהם'ן, גלייך ווי ער עפענט די טיר. די גילדענע פליטערלעך קלעטערען טאַנצענדיג אַרויף איהם אויף דער ברוסט, אויפ'ן האַלז, פון דאָרט אויף דער באָרד, אויפ'ן קאָפּ. און מיני געדאַנקען, משונה'דיגע, שטופּען זיך מיט געוואַלד אַריין צו איהם אין האַרץ, פאַרפיהרענדיג ווי מיאוסע קונדסים. דער יצר־טוב, נעבעך, ראַנגעלט זיך מיט די דאָזיגע קונדסים,

טרייבט זיי, אָבער עס העלפט ניט — די „שולמית״ געהט ניט אַרויס איהר פונ׳ם האַרצען!

— וואָס איז עפּיס אין דער פינסטער? — רב אברהם — זאָגט רפאל ביי׳ם אַריינקומען — פאַר וואָס האָט איהר נישט אָנגעצונדען קיין ליכט?

— ס׳איז מיר גוט אָהן ליכט אויך, אַזוי ביי דער שיין פון דער לבנה.

— איך זיץ אויך אַ מאָל אַזוי ביי דער שיין פון דער לבנה מיט גרויס פאַרגעניגען — זאָגט רפאל זעצענדיג זיך נעבען רב אברהם׳ן — אין דעם דאָזיגען פאַס ליכט, דאַכט זיך מיר, זעה איך אַ העלען לייטער פון דר׳ערד ביז׳ן הימעל, און די געדאַנקען מיינע קלעטערען אויף איהם ווי די מלאָכים אַרויף און אַראָב. דאָס האַרץ פיהלט, ווי עס לאָזט זיך איהר הערען פונדערווייטענס אַ גרים ערגיץ פון אַ נעבורטס-אָרט העט אַ מאָל, אַ מאָל נאָך גאָר פאַרצייטענס. עס טרוימט זיך איהם עפּיס ניט דייטליך-קלאָרע זאַכען, עפּיס ווי פאַרגעסענע. אַלטע אַ וועלט מיט יאָהרען. עפּיס בּיינקט עס, גלוסט עס, נישט צו-וויסען וואָס און נאָך וואָס?... איהר פיהלט דאָך, רב אברהם, די טיפקייט פון דעם ענין, וואָס אוממעגליך אַרויסצו-זאָגען איהם מיט ריינע ווערטער. איך זאָג תמיד, אַז איהר זייט אַ פּאָעט און די חסידות אייערע איז געטליכע פּאָעזיע. אמת׳ע ריינע חסידות דער-הייבט דעם מענשענס גייסט, ווארעמט איהם, גיט איהם אונטער פייער. התלהבות הייסט עס, ווי גוטער אַלטער וויין, און פאַרטראָגט די נשמה העט-העט אין די הויכע עולמות אַריין, אין יענע הייליגע וועלטען, וואו ס׳איז דאָ טרייסט, רוהע און אייביגער פרידען... דאָס אַלסדינג איז טאַקי זעהר גוט, פונדעסטוועגען אַ ליכט אָנצינדען בּעדאַרף מען פאָרט.

— טאָ, אויב איהר ווילט! — מאַכט רב אברהם, אַ חאַפּ-טהוענדיג זיך, ווי ער וואָלט אויפגעשטאַנען פונ׳ם שלאָף.

— אצינד זענען מיר דאָ, אויף דער וועלט — זאָגט רפאל, אָנ-צינדענדיג אַ ליכט — ס׳איז דאָ נייעס, רב אברהם! דער יתום איז בּע-פרייעט.

— ווער?... דער „שקאָץ״?!

— דער שקאָץ! אויך דאָס מיידעל האָט זיך געפונען.

— געפונען!.. וואו איז זי געווען?

— אין אַנאַ אָרט, וואו צדיקים שטעהען דאָרט נישט. עס האָט

געקאָסט גענוג מיה צוצופרייען די פון יודישע הענד. אַ נס וואָס דאָס פריילין האָט זיך אונטערגעהאַפּט. זי האָט געראַטעוועט.

— זי! אָט די, וואָס איז היינט געקומען צו אייך? דאָס האַרץ אָבער האָט מיר געזאָגט, אַז איהר קומען איז ניט אומזיסט. איך בין זיך מודה, אַז פון דער צייט, וואָס איך האָב זי געזעהן, איז זי מיר ניט אַרויס פון׳ם זין. זי האָט געטאָן אַ גרויסע מצוה, „יהי חלקי עמה״ איך מיר געזאָגט געוואָרען אַ חלק עולם־הבאָ; וואָס זי האָט דערמיט פאַרדינט!

— אויב איהר ווילט, ר׳ אברהם, זיין אַ שותף, האָבען מיט איהר אַ חלק אין עולם־הבאָ, מוזט איהר דאָך האָטש וויסען איהר ביטערען חלק עולם־הזה, ווי ביטער איהר איז דאָ.

און רפאל נעהמט זיך דערצעהלען רב אברהם׳ן די מעשה מיט ביילען און מיט דער טערקיניע, דורך וועלכער ביילע האָט זיך אויפגע־זוכט ביי פייבעל דעם קליינעם אין הויז, וואו די מוהמע שיינצע האָט זי בעהאַלטען, אויסלאָזענדיג די טרויערדיגע געשיכטע, שטאַרק אויפגע־בראַכט מיט אַזוינע שטעכעדיגע ווערטער:

— אָט האָט איהר אייך אייערע יודעלעך! שענע מעשיות, עפּיס נאָר טאַקי ווי אין סדום!

רב אברהם זיצט צוקאָכט ווי אַ אָבגעבריהטער, פאָכענדיג מיט דער יאַרמולקע איבער׳ן קאָפּ און זעהר משונה אָנקוקענדיג רפאל׳ן.

— וואָס איז, רב אַברהם, אייך געפעלט נישט, אַ פּנים, וואָס איך זאָג, ווי אין סדום?

— אודאי, אַודאי! זאָגט בעסער, ווי אין גלות. ס׳איז אַ גרויסער חילוק. אין סדום זענען די מענשען, ווי אין פּסוק שטעהט, בטבע געווען שלעכטע און זינדיגע. אין גלות אָבער מאַכט מען פון גוטע מענשען שלעכטע, פון פרומע — זינדיגע. נויט, זאָגען אונזערע הייליגע חכמים, צווינגט דעם מענשען צוהאַנדלען אי אַקעגען זיין פערשטאַנד אי אַקעגען גאָט. נויט, איז דאָ דעם עולם׳ס אַ ווערטעל, נויט ברעכט אייזען.

— מילא ווי די מעשה איז, אַזוי צי אַזוי, די זינד בלייבט אַ זינד. דאָס יודישע פאָלק צייכענט זיך דערוויייל מיאוס אויס.

— אָט דאָס איז טאַקי די צרה, ווי באַלד אויף דעם אויף יענעם אַ חטא, איז שויז כל־ישראל!... דאָס פאָלק ישראל וואָס — הא האָט געטאָן?

— אָט דאָס טאַקי איז דער חטא זיינס, וואָס עס האָט נישט געטאָן, טראַכט נישט צו טאָן און נעהמט נישט קיין מיטעל אָקעגען די מיאוסע זאַכען, וואָס טהוען זיך ביי איהם.

— אי-אי, כ׳לעבען! — זאָגט רב אַברהם, קרימענדיג זיך — ווילט איהר, הייסט עס, אַז רבנים, דיינים וכדומה אַזוינע כשרע, לייטישע מענשען, זאָלען געהן צו אַ לוי-בחור. אַ פּייביל דעם קליינעם אין די הייזלעך, שטראָפען, זיך מיאוס-מאַכען דאָרט מיט אַ מוהמע שיינצע, אַ האָדיל די מעקלערין, מיט נאָך חצופות, דראַבקעס אַזינע, וואָס אַ חרפּה גאָר צוברייננגען זיי אויפ׳ן מויל? נאָר כבוד שוין אפילו אין דער זייט, מען וועט זאָגען מוסר, וועט עס דען העלפען?

— ווי אַ טויטען באַנקעס, מוסר זאָגען איז ווי פאַררייידען די ציין, ווי אָבשפּרעכען קרחת, אַזאַ האָפּט האָט עס — זאָגט רפאל צוהיצענדיג זיך און שטעהט-אויף פונ׳ם אָרט — אוי, די מוסר-זאָגער, די מוסר-זאָגער! אוי קען איך זיי, אונזערע מוסר-זאָגער. קענען ניט צוזעהען יענעמס זינד ווי אַ האָר און זעהען נים ביי זיך ווי אַ באַלקען אַ דיקע. געגוג, איבערגעגוג מוסר-זאָגער ביי אונז. נים זיי בעדאַרפען מיר האָבען, נים אין אָפּענע מיילער געגנויטיגען מיר זיך. די דאָזיגע סחורה, און כמעט נאָר די דאָזיגע, איז ביי אונז דאָ זעהר פיעל, ברוך-השם. מענשען טהוערס ברויכען מיר צוהאָבען, מענשען אַרבייטער, פאַרשטענדיגע, פּראַקטישע, וואָס בעדאַרפען טאָן, די זינד נים צו-צולאָזען, וואָס בעדאַרפען אָננעהמען מיטעל, זיך שטעלען אָקעגען די הענדלער מיט לעבעדיגער סחורה, וואָס פאַרפיהרען יודישע טעכטער. דאָס זענען די שרצים, וואָס ווימלען אין דעם שמוץ, אין די אָנגעמאַכטע, פון פרעמדע און פון אייגענע, פערשימעלטע בלאָטעס. דאָס זענען די ווערים אין אינזערע וואונדען, אין אונזער צעפּאַלען לייב, צעריסענע גלידער און פיילע ביינער! פון יענע פאַררופענע ערטער שרייען-אַרוים צו אייך, יודען, אומגליקליכע נפשות — יודישע טעכטער, אייערע שוועסטער, געפאַנגענע, אין דער נעץ אַריינגענאַרטע! נפשות פאַרפיהרטע, קרבנות, נעבעך, וואָס זאַטע לאָזען זיך ברייגגען פון הונגעריגע, געבאַלעוועטע — פון אָרימע, נויטבעדערפטיגע! טהוט, טהוט עפּיס פאַר אייערע אַריינגעפאַלענע, אומגליקליכע שוועסטער יודען!

— גרינג צוזאָגען! וואָס קען אַ פאָלק אַ דערשלאָגענס. אַ דערנידעריגט, נעבעך, טאָן? אין חבוש, קיין געפּענטעטער, מוציא עצמו,

קען זיך אַליין ניט בעפרייען מבית־אסורים, פון דער תפיסה, זאָגען אונזערע חכמים.

— קיין כלל פונדעסטוועגען איז עס ניט, קיין דין אויך נישט. אין לעבען געשעהען פיעל־מאָל זאַכען, וואָס פונקט פאַרקעהרט. די נויט גיס־אַיין דעם מענשען שכל און קראַפט צו טאָן אַזוינס, ווי פון איהר פּטור צו ווערען. וויפיל, אַ שטייגער, געפענטעטע בינדען זיך־אויף און ווערען פריי. ווער עס זיצט פאַרלייגט די הענד און וואַרט אויף הילף, דער איז נישט ווערט געהאָלפען צו ווערען. יושר, רחמנות — דאָס זענען פונקען, וואָס פליהען פונ'ם האַרטען קרעמען, אַז מען שלאָגט איהם, שלאָגט מיט דעם שטאָהל. — קומט. רב אברהם, קומט צו די קינדער!

— וואו זענען זיי, די קינדער!? — פרעגט רב אברהם, גיך אויפהייבענדיג זיך פונ'ם אָרט.

— איך האָב זיי אַריינגעפיהרט צו רייזען. זאָלען זיי עסען און זיך אויסרוהען דערווייל אַביסעל.

דורך דער אָפענער טיר שטרעקט עמיצער אַריין די האַנד מיט אַ בריף. רפאל נעהמט, עפענט דעם בריף און די פאַרב קומט איהם אין פנים אַריין — דאָס איז אַ בריף פון חנצה'ן, אין וועלכען זי גיט איהם צו־וויסען, אַז די מאַמע איז היינט אַוועקגעפאָהרען צום טונעיאַדעווקער, זאָל לעבען, וועגען מאַכען אַ שלום, אַ גוט־לעבען צווישען בנציה'ן מיט'ן ווייב, מיט איהר, הייסט עס, און דער טאַטע איז געפאָהרען זי ביז העלפט וועג צובעגלייטען. לכן, איז איצט דאָ אַ גוטע געלעגענהייט צו־ריידען וועגען זייערע זאַכען. זי וואַרט אויף איהם, שרייבט זי, היינט אין אָוועגד.

רפאל געהט צוזאַמען מיט רב אברהם'ן ביז דער טיר פון רייזעס הויז, דאָרט שיידט ער זיך מיט איהם און געהט זיין וועג

פאַרוויסט, פאַרזאָרגט איז ביילע געזעסען ביי'ם טיש, ווי אַיינע, וואָס איז געווען מסוכן קראַנק און איז ערשט אַראָב פונ'ם בעט. שטיל, אָבגעשוואַכט איז זי געזעסען אין אַ מין משונה קליידעל מיט נאַקעטע אָרעמס און אַ פינסטער טרויערדיג פנים, אַזוי ווי עס וואָלט דערצעהלט די וועה־טאָגען איהרע, די יסורים, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען; דערצעהלט ניט מיט שטעכווערטער, מיט פאַרדראָס, נאָר מיט אַ בקשה, אַ בעטען זיך רחמים. זי האָט ניט אָבגעזאָגט רייזען צופאַרזוכען אַ ביסעל יויך, ווי אַ קראַנק קינד טהוט צוליב דער מוטער און נעהמט־אַיין אַ לעפעלע פונ'ם

רעצעפט, וואָס זי גיט איהם. און הערשעלע, ער שטעהט אָקעגען איהר, קוקט מיט ליבשאַפט, נישט רעכט גוט נאָך צופאַרשטעהן דעם טעם פונ'ם שרעקליכען וועהטאָג, וואָס איז איהר געשטאַנען אויסגעדריקט אויפ'ן פנים, אויף די בלאַסע ליפען. און וואָס אייגענטליך איז אַזוינס געלעגען אין די טרערען, וועלכע האָבען איהר געטריפט פון די אויגען אין דעם לעפעל געקעכטס, ביי איטליכס מאָל צוטראָגענדיג עס צום מויל. דאָס האַרץ האָט איהם געצויגען צו איהר, געצויגען שטאַרק מיט אַלע כחות, עס האָט זיך איהם געוואָלט האַלזען זי, ליובען זי, אויסגיסען זיך אין טרערען מיט איהר אינאיינעם, און ווען מען וואָלט איהם געזאָגט: טהו זי אַ קוש און שטאַרב! וואָלט ער עס געטאָן גערן בשמחה רבה. דאָך איז ער אָבער געשטאַנען פונדערווייטענס, ניט צוריהרען זיך פונ'ם אָרט, פאַר גרויס בושה. די בושה איז אַזוי שטאַרק ביי יודישע קינדער, אַז זי מאַכט זיי פאַר גרויסע עקשנים, דער טיט מעג זיך זיין נישט אַרויס־צווייזען עפענטליך די ליבע... ער איז געשטאַנען און זיך געשעהמט, געחאַפט נאָר פונדערווייטענס בגנבה אויף איהר אַ קוק. רב אברהם מיט רייזען זענען געשטאַנען בעזונדער אין אַ ווינקעל, זי — קלאַפענדיג זיך אַלץ אין האַרצען און ווישענדיג די נאָז, מיט אַ פאָהר איבער דעם אַרבעל, און ער — רייבענדיג זיך די אויגען, פערלאָפענע מיט טרערען. ביידע שאָקלען מיט'ן קאָפּ, אַ מאָל אויף ביילען, אַ מאָל אויף הערשעלען... רב אברהם גלעט די באָרד, רייבט דעם שטערען — און דאָס האַרץ וויינט אין איהם, שרייעט: אוי־וועה, רבונו של עולם, קוק און זעה אונזערע בזיונות, די בזיונות פון דיין פאָלק ישראל!

# דאָס זיבעטע בוך.

## דאָס ערשטע קאַפּיטעל

פרײטאָג. אַ שענער פריהמאָרגען. ליכט, וואַרימקײט און אַשײנענדיגער הימעל. דער רעגען, וואָס האָט געגאָסען בײ דער נאַכט מיט דונערן און בליצען, האָט אָבגעפרישט די אַלע געוועקסען, וועלכע האָבען אָנגעהויבען געלבליך צו ווערען פון די גרויסע תמוזדיגע היצען, און איבער אַ נײעס געוואָרען אָבגעלעבט גרין ווי פריהער. אַקעגען טאָג כאַפּט זיך אויף אַ ווינטעל, עס צעגעהען זיך די וואָלקענס, עס ווײזט זיך די זון אין די וועלט ווערט אָבגעטונקט מיט ליכט

בעשעפּענישען אין וואַלד, אין פעלד וואַכען אויף און דערזעהען פאַר זיך אַ ליעבע וועלט: די גראָזען פריש, די בוימער אָבגעצוואָגען, טראָפּענס טוי פינקלען דרויף ווי דימענטען — און זײ שעפּען גרויס תענוג פון זײ. אַלע לעבעדיגע בעשעפּענישען, פון׳ם קלײנעם ווערעמיל ביז די פײגעל, געהען אַרויס צו זײער אַרבײט, שמוצערען, צוויטשערען, שפּרינגען און פליהען, קריכען און קלעטערען. און די גלופּסקער פאַרשוינען פעדערען זיך אויך און געהען — בחורים, מײדלעך, קינד און קײט — אַרויס פון דער שטאָדט צו דער רויטער קרעטשמע, מיט אַלע מיני כלים אין די הענד, קויפען דאָרט וואָלוועלען בראָנפען לכבוד שבת, ווי דער שטײגער זײערער איז פון תמיד אָן.

און האַרט נעבען וואַלד, בײ דער זײט וועג, וואָס פיהרט פון גלופּסק צו דער רויטער קרעטשמע, איז ליהודים. מיחיי דער שבת-גוי וואָס הײצט בײ יודען די הרובעם און לעשט אוים די בענשליכט שבת,

וואָס האַנדעלט אָב פּסח דעם גאַנצען חמץ פון דער שטאָדט, — ער הוליעט עם מיט גבריל'ען דעם שטאָדט־פּאַסטוך פון יודישע בהמות און ביידע זענען לעבעדיג־פרעהליך. פאַר גרויס שמחה זינגען זיי דאָס גוטע יודיש ליעדעל מיט אַ ניגונ'דיל פון אַ שיכור, טאַנצענדיג שטאַרק פער־פּלאָמט האָפּ־האָפּ צום טאַקט פון סטעמפּעניו'ס צושפּיעלען אויפ'ן פיעדעלע.

אָט דער דאָזיגער סטעמפּעניו איז עפּיס ניט ווי אַלע אַנדערע מענשען מיט זיין פנים'ל, מיט זיינע תנועות און מיט דעם גאַנצען אויס־זעהן זיינעם, משטיינס־געזאָגט. ביי מענשען האָט איטליכער פאַר זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיין איינען געשטאַלט, זיין איינען פנים, חאָטש פרימעטעס אַראָבצונעהמען פון איהם. אָבער סטעמפּעניו, איז שווער צו־זאָגען, וואָס אייגענטליך פאַר אַ פנים ער האָט, ווייל וואָס אַ רגע ווערט עס אַלץ אַנדערש, לויט דעם וואָס איהם אויף דער לונג, אויף דער צונג, און לויט די אָנשטעלען זיינע בשעת מעשה אין דער מינוט. מאַלפּעס מיט זייער שטיינער נאָכקרימען זיך, האָבען זיך געמענגט בע־גראָבען אַקעגען זיינע העוויה'לעך. נישט תמיד אָבער האָבען אַלע טיילען פונ'ם פנים אינאיינעם אויסגעדריקט איין זאַך, נאָר אַמאָל האָט איטליכער פון זיי אויסגעדריקט עפּיס גאָר אַנדערש, בשעת איין זייט פנים איז פער־אומערט איז די אַנדערע פול פרייד, איין אויג וויינט, די אַנדערע לאַכט. מעוברת'ע איז געווען אַ סכנה אָנצוקוקען איהם דענסטמאָל, זיי זאָלען נישט מפּיל זיין פאַר שרעק. קיינמאָל האָט מען נישט געזעהן סטעמפּעניען אין שוהל נים אינדערוואָכען, נים שבת און יום טוב. אויך האָט מען איהם נישט געזעהן האַלטען יודישקייט. פונדעסטוועגען האָט דאָס קיינעם נים געאַרט, גאָרנישט מאַכענדיג זיך פון איהם, גלייך ווי זיי וואָלטען איהם אַרויסגעלאָזט פון דער ערבות, און זאָל ער זיך טאָן וואָס ער וויל, געגוג, זיי זענען שוין מעהר נישט ערב פאַר איהם. סטעמ־פּעניו וויים שפּרוכען צו קדחת, צו צאָהן־וועהטאָג און צו נאָך און מכות. ליעבע־פלעשלעך אַזוינע האָט ער געהאַט, וואָס איין טראָפּען דערפון אַרויפגיסענדיג ביי אַטאַנסביל אויפ'ן קלייד אָדער ביי אַ נקבה איז נענוג געווען, ער זאָל זיי אָנצינדען אַ פייערדיגע ליעבע אין האַרצען. און אַ סך בעלנים פונ'ם עולם זענען געווען אויף די דאָזיגע פלעשלעך זיינע, וואָס זענען בעקאַנט געווען אונטער זיין נאָמען.

אַ מין פידעלע עפּים האָט סטעמפּעניו געהאַט, אויף וועלכען ער פלעגט, משטיינס־געזאָגט, שפּיעלען אין די וועלדער, אין דערפער, אין

שענקען און אין אַלע יענע ערטער, וואו שקצים מיט שיקסעס פלעגע טאַנצען אין זייערער אַ חגאָ. ער פלעגט דאָרטען לוסטיג מאַכען דעם עולם אויך מיט פאָקוסען און אָנשטעלען. שלינגען שטיקער פייער אי' ציהען פונ'ם מויל לאַנגע שטענגעס, צוברעכען אייער אין זיין היטעל אין אַרויסלאָזען דערפון פליהענדיגע טויבען; נעהמען עפּעס אַ מטבע ביי איינעם, אַ בלאָז־געבענדיג אויף איהר און זי פלעגט נישט ווערען, און פלעגט זיך דערנאָך געפינען אין קעשענע ביי יענעם. האָט ער געוואָלט — איז פון דער העלער הויט ביי עמיצען געהאַנגען אַ שלאָס אויפ'ן מויל.

סטעמפּעניו איז ניט אַיינגעזעסען אויף איין אָרט, נאָר אַרומגע־וואַנדרעוועט שטענדיג פון איין אָרט צום אַנדערען, וואו עפּיס אַ געזע־מעל, אַהאַ, דאָרטען איז ער.

אַצינד שפּיעלט ער פאַר מיחייען מיט גברילאָ'ן. ער ריפּעט אויפ'ן פידעל. זיי שפּרינגען, טאַנצען און ווער עס נעהט שטעלט זיך אָב, אַזוי אַז ס'האָט זיך פאַרקליבען אַרום זיי אַ גרויס רעדעל פון גלופּסקער עולם, קינד און קייט, וואָס זעהען־צו די שמחה וואונדערענדיג זיך, וואָס איז היינט אַזוינס פאַר אַ יום־טוב, וואָס איז דאָ די שמחה אַזוי גרויס אויף זיי.

און אין מיטען דער דאָזיגער חדוה, שפּרינגט פונ'ם עולם אַרויס אַ יודענע מיט אַ יאָמער, אַ געוויין, ברעכענדיג די הענד און שרייענדיג געוואַלד אויף דער פרעהליכער קאָמפּאַניע: אוי, רצחים, מערדערס... און פאַלט טאַקי באַלד אין חלשות.

עס איז אַ מהומה, אַ געטימעל, אַ שרעק און אויס שמחה. עס פידעלט נישט סטעמפּעניו, מיחיי מיט גברילאָ'ן ניב־טערען זיך אויס פאַר שרעק. און דאָס פּנים ווערט זיי בלאַס ווי די וואַנד.

— ווער איז דאָ, ווער, וואָס? — פרעגען איינער ביי דעם אַנדערן, מיט גרויס וואונדער.

— דאָס איז בתיה שמואל דעם טאַנס־דעטניקס ווייב.

בתיה, אָט דאָס איז די יודענע, וואָס איז נעכטען געקומען אין בית מדרש געוואָהר ווערען, פאַר וואָס איז איהר משה'לע, וואָס לערענט דאָרטען, ניט געקומען אַ היים נישט האָבענדיג אין מויל דעם גאַנצען טאָג. און וואו איז ער? אַז זי האָט איהם דאָרטען נישט געפונען און רב אברהם האָט נישט געוואוסט צו זאָגען איהר, וואו ער איז, איז זי פון דאָרט אוועק מיט אַ געבראָכען האַרץ.

די זון איז שוין פערגאַנגען. עס איז שוין פינסטערליך און בתיה זיצט בײ זיך אין שטיבעל פעראומערט, פערזאָרגט אויף איהר טײער װהנדעל. איהר גדולה, װאָס איז אַ בענשונג פון גאָט. זי זיצט אין אײנע צרות פאַרגעסענדיג זיך אין אַלע אַנדערע הײזליכע זאַכען, זי פאַרגעסט איהרע קלײנע שעפעלעך, אַז זײ זענען הונגעריג, אַז ס'איז שוין צײט אָנצוצינדען אַ ליכט, אַײנהײצען דעם אײװען און אָבצוקאָכען דאָס טעפּעל געקעכטס אויף בײ=דער=נאַכט. און די קלײנע קינדערלעך זענען אויך פערטרויערט, זיצען פערשלאָגענדיג זיך װי שעפּעלעך אַלע אינאײנעם אין אַ װינקעל מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּעלעך און אַרױסברענגענדיג פון זיך שטילע זיפצען. און װער װײסט — ביז װאַנען װאָלט בתיה אַזױ געװען געזעסען, װען נישט די קאַץ, װאָס אויפחאַפּענדיג זיך פונ'ם שלאָף אויפ'ן אױװען װאָלט ניט אַראָבגעשפּרונגען צו איהר אויפ'ן באַנק, אַײנהאָרבענדיג זיך און רײבענדיג זיך אין איהר פאַר ליעבשאַפט. בתיה טהוט זיך אַ חאַפּ, דערמאָנענדיג זיך אין דעם, אַז זי האָט אויף זיך אַ הויז, קינדערלעך. און אויך אין שמואליקען איהרען דערמאָנט זי זיך, אַז אַ גאַנצען טאָג, נעבעך, יאָגט ער זיך נאָך דער שװערער ביטערער פּרנסה זײנער, אויסזײענדיג אין אַלע גאַסען, אין הײזער און הויפען. און אויף דער נאַכט ערשט קומט ער, נעבעך, אַ הײם מיד, הונגעריג, — דאַרף זי דאָך איצטער זעהן װאָס צוגרײטען צו װעטשערע. װי זי טראַכט דאָ אַזױ װעגען דעם מאַן, פאַלט איהר אײַן, אפשר האָט ער עס גענומען משה'לען און זענען בײדע אַװעק. הײנט איז דאָך דאָנערשטאָג, װען שמואל געהט, װי דער שטײגער זײנער איז תּמיד, מיט דעם פּעסעלע צו דער רויטער קרעטשמע ברײנגען פון דאָרט בראַנפען פאַר די בעלי=בתּים זײנע. אַ טאָג איז דאָך געװען הײנט אַ ליכטיגער, אַ שײנענדיגער און אַ װאַרים װינטעל האָט געװעהעט אין גאָטס װעלטיל, אויף די פעלדער פול תּבואות און גרינמאַרג נאָר אַ גן=עדן, ריחות פון שמעקענדיגע קרײטעכצער מחיה נפשות — איז אפשר שמואל, װעלענדיג אָנטאָן אַ פערגניגען משה'לען, אַרײַן צו איהם אין בית מדרש און גענומען דורכצוגעהן זיך מיט איהם אַביסעל אין פרײען פעלד. װאָס זאָג איך אפשר, געװיס האָט שמואל אַזױנס געטאָן, און געטאָן זעהר גלײך. משה'לע אונזערער, אונזער מתּנה פון גאָט, װײסט דאָך נישט מעהר װי דעם בית מדרש, װאו ער פאַרברײנגט די גאַנצענע טעג אין לערנען תּורה. ער איז, נעבעך, שװאַך, דאַר=קװאַר, אינגאַנצען נאָר הויט און בײן (מיר פאַר זײן קאָפּ). װאָס פאַר אַ תּענוגים, משטײנס=געזאָגט, האָט ער בײ אונז אָרימע טאַטע=מאַמע?

תענוגים זאָג איך, איז עס ניט אַ געלעכטער? ווי קומט צו אונז תענוגים? הלואַי, לעבעדיגער גאָט, טאַטע-פאָטער, מיר זאָלען איהם קענען געבען צו יעדער צייט חאָטש דאָס נויטיגסטע צום לעבען! חיסט איז דער מאַמע זיינער! און ער אַליין, דאָס טייער קינד, פאַרדערט ער דען פון אונז וואוילטאָג? אַ שטיקעל דאַרען ברויט, אַז ער איז הונגעריג, איז פאַר איהם גענוג; אַ שוך אַז ס'צערייסט זיך איהם אַ מאָל, ס'קוקען אַרויס די פינגער, איז פאַר איהם אויך רעכט אָנגעהטענדיג עס פאַר גוט. אפילו גענוג לופט, וועה איז מיר, קענען מיר איהם אויך נישט געבען: אַ דירה אַ ביסעל, ענג, נידעריג, מען זיצט דאָ, משטיינס-געזאָגט, איינער ביי'ם אַנדערען אויף די קעפּ. אַז איך הער איהם אַמאָל ביי דער נאַכט הוסטענ-דיג, נעהמט מיר די נשמה אויס. זעהר גלייך האָט געטאָן שמואל, וואָס האָט אַוועקגענומען משה'לען אַביסעל פון דער גמרא, ער זאָל זיך דורכ-געהן מיט איהם אַביסעל אין פרייען פעלד. אַ גרויסע מצוה האָט ער אין איהם געטאָן. זאָל משה'לע שעפּען אַביסעל פרישע לופט, אויסגלייכען זיך די ביינער און זאָל ער וויסען פון אַ גוטע מינוט אין זיין לעבען.

טראַכטענדיג אַזוי האָט זיך בתיה באַלד בערוהיגט. זי שטעהט אויף, צינדט-אָן אַ ליכט און נעהמט זיך צו דער אַרבייט, לעבעדיג, אויפגעראַמט. דאָס האָט געווירקט אויף די קינדערלעך און זיי האָבען זיך געלאָזט אונטערהעלפען דער מאַמען מיט חשק. די שיילט קאַרטאָפלעס, די טראָגט-צו אַ קריגעל וואַסער, די טהוט אַ שפּרונג און ברייננט דאַרע שפּענדלעך, די צולייגט עס אויפ'ן פריפּעטשיק, און בתיה צינדט אונטער, צובלאָזט דאָס און מאַכט אַ פייער און שטעלט-צו דאָס טעפּעל. די שפּענדלעך טרעשצען, פונקען פליהען, דער פלאַם האַפּט אַרום דאָס טעפּעל — און ס'איז ליכטיג-פרעהליך די קינדער אויף די הערצלעך. די קאַץ זיצט זיך אויפ'ן געזעסעל, וואַרימט זיך אַנטקעגען דעם פייער, לעקט די לאַפּקעס און האָט הנאָה.

— אַ קאַץ וואַשט זיך, איז אַ סימן אויף געסט — זאָגט דאָס עלטע-רע מיידעל.

— דער טאַטע וועט באַלד קומען מיט משה'לען — מאַכט בתיה מיט אַ פרעהליך שמייכעלע.

און אַ מיידעלע, דאָס יונגסטע פון די קינדער, שפּרינגט אַרויס מלא שמחה, פּאַטשט מיט די הענטלעך און זינגט זיך דאָס געוויסע לידעל:

פּי — פּי — פּי
וואו איז דער טאַטע ?
ניטאָ איהם הי ;
ווען וועט ער קומען ?
מאָרגען פריה !
וואָס וועט ער ברייננען ?
אַ גלעזעלע ביר !
וואו וועט ער שטעלען ?
אונטער דער טיר !
מיט וואָס וועט ער צודעקען ?
מיט אַ שטיקעל פּאַפּיר !
ווער וועט דאָס טרינקען
איך מיט דיר !

— אַלע מיר טרינקען, אַלע ! — צושרייען זיך אויף איהר די קינדער, מאַכענדיג צו דער מאַמען : יאָ, מאַמע, אַלע ?

— אַלע, קינדערלעך, אַלע, — נעהמט זיי איין די מוטער מיט גוטע רייד, — באַלד וועט דער טאַטע קומען, ברייננען געלד. איך וועל קויפען מעהל, מאַכען חלה אויף שבת, קויפען פיש, מאַכען אַ קוגעל און ס׳וועט זיין גוט.

האָץ, האָץ, האָץ,
לעבעדיג, פרעהליך אַלי
מאַמע באַקט די חלה !
האָץ, האָץ, האָץ,
דער טאַטע גיט געלט,
די מאַמע קוועלט,
— קינדער צום טיש !
נאַט אייך יויך אַ שיסעל
פון אַ הוהן אַ פיסעל,
פון אַ הערינג ס׳קעפּעל,
און אַ קוגעל פון עפּעל !
האָץ, האָץ, האָץ,
חנה, לאה, צפורה !

האָץ, האָץ, האָץ,
אסתּר, שרה, דבורה!

דאָס ליעדעל זינגט שפּרינגענדיג־טאַנצענדיג פּאַר גרויס פרייד אַ שען קלוג מיידעלע, אַבאָרוויסע, אין איין העמדעל, און ביי׳ם אויסלאָזען איטליכען גראַם חאַפּט זי די קאָץ ביי די אויערען, — ענטפערט זי איהר אָב אויף איהר קול מיט אַ מיאַויקע.

קיין זאַך קען נישט דערוואַרמען דאָס האַרץ, איינגעבענדיג איהם הייליגע געפיהלען, אַזוי ווי די אָרימקייט, ווען נאָר זי איז אַ בעהאַלטענע, אַ ריינע און ניט קיין שמוציגע, אָבגעלאָזענע. אָרימקייט מאַכט קלוג, אָרימקייט איידעלט דאָס האַרץ מיט גוטע געפיהלען, גוטע מידות. אָרימקייט מאַכט הויזליכע צופרידענקייט — צוגעלאָזטקייט פון עלטערן צו קינדער און פון קינדער צו די עלטערן. וויפיעל גרויסע תּענוגים מען דאַרף אויסטראַכטען, כּדי צופריעדענשטעלען זאַטע רייכע קינדער, וואָס באָדען זיך אין וואוילטאָג, און וויפיעל מיטעל דאַרף מען עס טאָן, אויפצובלאָזען איין פונק פון רחמנות און פון מענשליכע געדאַנקען אין זייער נשמה, וואָס איז פערזונקען אין דעם טיעפען שמוץ פון גראָבע תּאוות. די נשמה פון אָרימע אָבער — זי קען ריהרען אַ מינדסטע קלייניג־קייט, און ווערט פול מיט זיסע געטליכע געפיהלען. עפּיס נאָר אַמינדס־טע זאַך אַגוטע אין דעם לעבען פון אָרימע מענשען — ווערען זיי מונטער און מלא שמחה. פון אַ נייע קאַפּאָטע, אַ שטייגער, נייע שיך, איז אַ גרויס נחת; קרעפּלעך אָדער עפּיס אַזוי אַ גוטע געריכט, וואָס מען מאַכט אַמאָל, איז אַגאַנצער יום־טוב. דאָס הויזליכע לעבען ביי פיינע, אָרענט־ליכע אָרימע לייט איז פול מיט פּאָעזיע.

דרך־ארץ פאַר קבצנישע קינדער! פון זיי קומט אַרויס דער גרעססטער טייל פּאָעטען!

דערווייל געהט אַוועק אַ היבשע צייט און שמואליק מיט משה׳לען זענען נישטאָ. דאָס פייער אויפ׳ן פריפּעטשאָק געהט פאַמעליפען אויס, דאָס צוגעשטעלטע טעפּעל קאָליש זידט, קאָכט אַלץ שטילער, שטילער. דאָס ליכט צאַנקט, אַלץ טונקעלער, פינסטערער ווערט אין שטוב און אויך בתיה׳ן אויפ׳ן האַרצען. די מרה־שחורה חאַפּט זיך ווידער צו איהר אַריין, פריהער אין האַרצען — שאַ, ניט קיין וואָרט! נישט מצער צוזיין די קינדערלעך, נעבעך. און שפּעטער אַביסעל, העה־העה, לאָזט זי זיך שוין הערען מיט ווערטער! אַצינד איז בתיה׳ן אַ וועהטאָג אינצווייען: זי זאָרגט

זיך אי פֿאַר׳ן מאַן, אי פֿאַר׳ן זוהן. דער שטיינער שמואליקס איז געווען צוקומען אַ היים, אַ גאַנצע וואָך — פֿאַרנאַכט, דאָנערשטאָג נאָך אַ ביסעל פֿריהער, כּדי צו געבען בייצייטענס עפּיס געלט אויף שבת. און היינט, ס׳איז שוין האַלבע נאַכט, העהנער קרעהען — און ער איז ניטאָ! ס׳איז ניט קיין גלאַטע זאַך, עס מוז דאָ עפּיס זיין. וואָס-זשע אַזוינס? אָט דאָ צושפּילט זיך ביי בתיה׳ן דער כּח-המדמה, זי טראַכט איבער שרעקליכע זאַכען, גאָר אַ מורא, אַזוי אַז די שטיל-פֿאַרבאָרגענע מרה-שחורה חאַפּט זיך אַרויס פֿונ׳ם האַרצען, אויסגיסענדיג זיך אין טרערען, און ביטערע קרעכצען. די קינדער, קוקענדיג אויף דער מאַמע, ווי זי וויינט, זיפֿצט, זענען זיי טרויעריג אַוועק אין אַ ווינקעל צונויפֿשטיקענדיג זיך דאָרט אין-איינעם, פֿעראומערט מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּלעך. דאָס ליכט האַלט שוין איינגאַנצען ביי׳ם אויסגעהן, אויסשעפּענדיג שוין דאָס לעצטע ביסעל חלב אין לייכטער, קיין פֿונק פֿייער שוין ניטאָ אויפֿ׳ן פּריפּעטשאָק, קאַלט ווי אייז שטעהט דאָס טעפּעל, קיינעם קומט אויפֿ׳ן זינען ניט אַרויף דאָס עסען. אַלע זענען פֿעראומערט, אפֿילו די קאַץ פֿאַרלייגט דעם ווײדעל, געהט אַנגעדרודעלט און ציהעט זיך אויס אויף דעם אויוועז ווי זי דרעמעלט. די מולטער אפֿילו, וואָס מען פֿאַרקנעט אין איהר חלה אויף שבת, שטעהט ליידיג אין אַ ווינקעל און זעהט אויס פֿאַרלאָזט, פֿאַרוויסט. און די גריל, וואָס הייבט אָן געוועהנטליך צוגרילען ביי נאַכט, בשעת אַלע אין שטוב לייגען זיך שלאָפֿען, שטעהט היינט, אַרויסשטרעקענדיג דאָס קעפּעל פֿון דער לאָך, קוקט ווי אַ גולם און ניט קיין פּיפּס. איין גרויסע פֿליג נאָר טיילט זיך אָב פֿונ׳ם איבעריגען עולם פֿליגען, וואָס שלאָפֿען, אָנהאַלטענדיג זיך מיט די פֿיסלעך אויפֿ׳ן סופֿיט, אויף די ווענד, און לאָזט זיך געהן ווי צו-חלום, בעאומרוהיגען מענשען מיט איהרע נאַרישע אָנשטעלען: טהוט זיך אַ דרעה, אַ פֿליה, הין-און-העהר פֿלינק-געשווינד ווי אַ רוח, אָנשלאָגענדיג זיך אָט אין אַ פֿענסטער, אָט אין עפּיס אַ כּלי, אָט גיט עס מיט איהר אַ טראָג פֿאַרביי אַ אויער טאַנצענדיג, וזשענדיג דער רוח ווייסט זי וואָס.

און ווי די דאָזיגע פֿליג אַזוי האָבען זיך געטראָגען בתיה׳ס געדאַנקען, אויפֿריהרענדיג איהר דעם מוח. עס ווערט איהר איינג אין שטוב און ווייל אַרויס אין גאַס זוכען איהרע ליבע און נאָכפֿרעגען זיך אויף דעם מאַן ביי יענע בעלי-הבתים, וואָס ער ברייננט זיי תּמיד בראַנפֿען אין דעם טאָג. נאָר באַלד בעטראַכט זי זיך, ס׳איז דאָך שוין לאַנג פֿאַרמאַכט אומעטום טיר און טויער און מען שלאָפֿט. זי גיט אויך אַ קוק

אויף איהרע בידנע קינדערלעך װי זיי ליגען צונעמולעט איינס צום אַנדערען; ווי איהרע ליבע, טײערינקע פּוינעלעך — טראַכט זי — קומען עס, נעבעך, אָב און שווײנען. אַ לעבען, משטיינס־געזאָגט, אין צרות — און עס דערלאָזט איהר ניט דאָס האַרץ אַװעקװאַרפען זיי ביי נאַכט אַליין אין שטוב. אין־מיטען־דרינען טראָגט דער רוח אָן פון ערגיץ עפּיס אַ הונד, ער שמעלט זיך אונטער׳ן פענסטער, אַראָבלאָזענדיג דעם ווײדעל, פערדרייסענדיג הויך דעם קאָפּ, און הויבט־אָן רויען, מיט אַ יאָמער אַ שרעק. דאָס רויען פונ׳ם הונד, וואָס לויט מען זאָגט, בעווייזט עס ניט אויף קיין גוטס, האָט בתיה׳ן גאָר צודרעהט. פאַר שרעקעניש, פאַר צוטראָגעניש טהוט זי אַ נעהם די קאָטשערע, לויפט געשווינד אַרויס און פערטרייבט דעם הונד, אויסלאָזענדיג צו איהם איהר שווער ביטער גע־ביטהה מיט טויטע קללות. דער הונד אַנטלויפט, שטעלט זיך אָב פונדער־ווייטענס און הויבט אָן בילען שוין מיט זיין געוועהנטליכען קול, גלייך ווי ער טענה׳ט זיך אוים מיט בתיה׳ן, ווי בלעם׳ס אייזעל אַ מאָל, פרענענדיג זי: „וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטאָן, וואָס דו האָסט מיך געשלאָגען מיט אַ שטעקען? אַי, נאַרישע יודענע! ווייסט דאָס דען ניט, אַ הונד אַז רויעט, איז גאָרנישט, שוטים נאָר שרעקען זיך דערפאַר?“

ריין, לויטער איז געווען דער הימעל אין אָנהויב אָוונד. עס האָט זיך געלאָזט זעהן אַ פערטיל פון דער יונגער לבנה צווישען אַ גרויסען עולם ליכטיגע שטערען, שטעהענדיג אויף דער וואַך. באַלד אָבער האָט דער רוח אָנגעטראָגען די שוואַרצע־חברה וואָלקענס, זיי האָבען זיך ביסליכווייז צוהוליעט, ווי דער שטייגער איז געאַרבייט מעשים, ביז ס׳איז געוואָרען אַ קאָכעניש, אַ שטורם און שטאָק־פינסטער. עס האָט געבליצט, געדונערט, און טרערען — גאַנצע טייכען וואַסער, האָט געגאָסען דער הימעל. דער עולם אין שטאָדט איז געשלאָפען, נישט אָנגעהויבען וויסען, וואָס טהוט זיך אַזוינס אין־דרויסען. געפּיהלט האָט עס נאָר איין יודע־נע — בתיה מיט איהרע קינדערלעך, וואָס די צרות זייערע האָבען נישט געלאָזט זיי שלאָפען.

אויף מאָרגען פריה איז בתיה אַוועק, נאָכדעם ווי זי האָט אָנגע־זאָגט צפּורה׳ן, דער עלטערער טאָכטער, אַכטונג צוגעבען אין שטוב אויף די קינדער, און איז געגאַנגען אַהין צו דער „רויטער קרעטשעם“ געוואָהר־ווערען דאָרט וועגען דעם מאַן. אַ ברכה פון גאָט איז אומעטום, אַ גרוים גערעטעניש אויף די פעלדער, עס שמעקט, עס זינגט, עס לעבט —

און בתיה געהט פאַרזאָרגט, פּעראומערט, איהר געהט ניט אין קאָפּ די שענע וועלט אַרום איהר.

אין דער „רויטער קרעטשעם" האָט מען איהר געזאָגט, אַז שמואליק איהרער איז, ווי דער שטיינער זיינער תמיד, געווען נעכטען דאָרט, גענומען דאָס פּעסעלע בראַנפען זיינס און אַוועק דערמיט צוריק אין שטאָדט. נאָר אין פּנים ביי די שטוב מענשען איז גרינג געווען צודערקענען, אַז שמואליקס פּערפּאַלען־ווערען איז זיי אַ גרויסער וואונדער. מיט'ן מויל מאַכען זיי כּלומר'ש: עט, גאָרנישט, כּדי צוטרייסטען בתיה'ן, זי זאָל זיך אַזוי ניט ערגערן, ניט אַזוי וויינען, אָבער אין האַרצען דיינקען זיי, אַז ס'איז עפּיס ניט גלאַט, דאָ מוז זיין עפּיס גאָר אַ מיאוסע מעשה. בתיה געהט פון דאָרט אַוועק ווי אָהן אַ קאָפּ פאַר גרויס עגמת־נפש. זי געהט ביים ברעג וואַלד, ניסטערענדיג מיט די אויגען און פאַרשטעלענדיג זיך שרעקליכע זאַכען — גזלנים, חיות רעות וכדומה אַזוינע אָנשיקענישען, וואָס קענען זיך מיט מענשען אין אַ וואַלד מאַכען — און פלוצלים דערזעהט זי פאַר זיך אַ רעדיל מענשען. סטעמפּעניו שפּילט אויף זיין פידעלע, מיחיי און גאַברילאָ טאַנצען, נעהמענדיג זיך אין־מיטען־דרינען טאַקי צו אַ פּעסעלע בראַנפען, וואָס ליגט צווישען זייערע זאַכען אונטער אַ ביים. בתיה שטופּט זיך צווישען דעם עולם, טהוט אַ קוק — אוי־וועה, ס'איז דאָך דעם מאַנס פּעסעלע! זי וואַרפט זיך אויף דיביידע גוים מיט אַ געוויין, אַ געשריי ווי אויף רוצחים, נישט אַרויסרעדענדיג עס שאַרף, פאַר גרויס האַרצקלעמעניש, און פאַלט חלשות.

יענער שבת אין גלופּסק דענסטמאָל איז געווען שבת־פּעטריכע ואַלעקסי — דאָס הייסט, צוויי פאַרשוינען אַזעלכע, וואָס זענען דעם שבת דערהויבט געוואָרען. אַז מיחיי און גאַברילאָ, אויף וועלכע ס'איז געפאַלען אַ חשד, אַז זיי האָבען גע'הרג'עט שמואליק'ן מיט דעם זוהן, זענען אַריין אין דער תּפיסה, איז די יודישע שטאָדט גלופּסק געבליבען אַ אַלמנה. יודען זענען אויסגעשטעלט, וואָס וועט מען טאָן אָהן אַ שבת־גוי? ווער וועט זיי פאַרלעשען די ליכט און טאָן ביי זיי אין שטוב געוויסע אַרבייט? סטייטש, איז עס דען מעגליך, יודישע קינדער אָהן גוים! האָט מען דערווייל אָנשטאָט דעם שבת־גוי מיחיי יוצא געווען מיט פּעטריכען, מיט אַ גויע, וואָס מעלקט יודישע בהמות בשעת אַ יום־טוב. און אויפ'ן אָרט פון גאַברילאָ'ן דעם אויבער־פאַסטוך איז אַרויף זיין תּלמיד אַלעקסי, אַ קליין שייגעצעל. נאָר ביידע אָבער האָבען ניט געטויגט צו זייער אַרבייט. פּעטריכע, וואָס איז אַ נקבה, נישט האָבענדיג דעם כּח

פון אַ מאַנסביל, אַריינגיסען אין זיך די אַלע גלעזעלעך בראַנפען, וואָס מען בעקומט פאַר ליכט־אויסלעשען, איז באַלד נאָכ'ן פערטען כּוס שוין שיכּור געוואָרען. איז זי, נעבעך, געפאַלען פון די פיס. האָבען אַ סך ניט אויסגעלאָשענע ליכט אין פיעל הייזער געשמאָלצען, אָנגעמאַכט אַ רויך מיט אַ טשאַד, און יודען האָבען ווערה געטאָן, ניט היינט געדאַכט, די קעפ. און וואָס נאָך? יענעם שבת האָבען יודישע בהמות זיך געמאָלקען שפּעט, ערשט אַרום האַלבען טאָג. ווייל פּעטריכע איז געלעגען טויט שיכּור, נישט צוקענען דערוועקען זי, אַזוי האָט זי געפּאָפען. מיט אַלעק־סי'ן איז אויך געווען ניט קיין שענע מעשה. ווי באַלד דאָס קליין גוי'עלע איז געוואָרען אַ פריץ איבער בהמות, האָט ער מיט גדלות ביי זיך גע־מיינט, איז די בייטש ביי איהם אין דער האַנד, מעג ער שוין טראַסקען מיט איהר, שלאָגען ווען ער וויל און וועמען ער וויל. בעדאַרף זיך טרעפען, אַז ער הייבט אויף די האַנד מיט דער בייטש אויף יונגלעך, וואָס שפּילען זיך רוהיג אויף דער גאַס. ווערט אַ דראַקע, אַ ליאַרם, אַ געשריי — די בהמות בלייבען דערווייל אָהן אַ פּאַסטוך און צולויפען זיך אין אַלע זייטען.

---

# דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

אַ שרעקליכע מינוט, וואָס שווער צוגעפּינען איהר גלייכען, איז געווען יענע מינוט בשעת פאַרשווינדענדיג ווערען דאָס וועגעלע מיט די „חאַפּערס”, נאָך וועלכס שמואליק דער טאַנדעטניק האָט זיך האַסטיג נאָכגעיאָגט. אַזאַ צרה, ווי אַ טרייער פאָטער זעהט זיין ליעב קינד ביי גזלנים אין די הענד, נישט צוקענען עס ראַטעווען — דאָס לאָזט זיך מיט דעם מויל ניט איבערגעבען, עס נעהמט דענסטמאָל אָב דאָס לשון, נישטאָ קיין ווערטער, קיין יאָמערען, קיין קלאָגען — אַ געשריי האָט שמואליק געטאָן און געפאַלען, בעך אויף דר׳ערד!

וואָס־זשע פאָרט איז דער סוף מיט איהם געווען? אפשר איז ער פאַר גרויס האַרצוועהטאָג משוגע געוואָר...  אָדער אפשר גאָר געבליבען טויט אָהן אַ נשמה?

חס־וחלילה! שגעון דאָס איז פאַר נגידים. אָט די אָבגעהיטע מענשלעך קענען ניט איבערטראָגען קיין יסורים. פון עפּיס אַ שרעק קעהרט זיך זיי איבער דער מוח, פון עפּיס אַ צער געהען זיי אַראָב פינ׳ם זינען. נישט אַזוי אָבער זענען די קבצנים. קבצנים זענען פון אַייזען, קיין קויל נעהמט זיי נישט — ניט קיין קעלט, ניט קיין הונגער, ניט קיין נויט און ניט קיין לייד, מכות, פורעניות, וואָרום דאַרויף זענען זיי דאָך געבוירען געוואָרען, פערשוואַרצט צו־ווערען, צולײדען און אָבצוקומען זייער גאַנץ לעבען. און דער רבונו של עולם גיט זיי יסורים מיט דער פולער מאָס און אַ אַייזערנעם כח, אויסצושטעהען די צרות, ניט משוגע־צו־ווערען און צושטאַרבען פון זיי.

אמת טאַקי, גרויס צער האָט שמואליק אַיינגענומען פון זיין זוהן,

וואָס גזלנים האָבען איהם נעהאַפּט, ביטער און פינסטער איז איהם געווען, נאָר וויפיל אַזעלכע געבראָכענע הערצער, ביטערע געמיטהער ווי ער זענען געווען ביי יודען דענסטמאָל, אין יענע שלעכטע צייטען; וויפיל טייכען טרערען, אוי, רבונו של עולם, האָבען זיך, אין יענע צייטען, אַריינגעגאָסען אין דיין לאָגעל, טרערען פון אָרעמינקע עלטערען, ביי וועלכע מען האָט אַוועקגענומען זייערע קליינע קינדערלעך, נעבעך, בשעת שלאָפענדיג ביי־נאַכט אין די בעטעלעך און זעהענדיג גוטע חלומות; טרערען פון מאַמעס, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען זייערע בני־יחידים; טרערען פון וויסטע אַלמנות, טרויערדיגע אויף זייערע אוועקגענומענע קינדער, יתומים, דאָס איינציגע טרייסט, דאָס איינציגע אָנהאַלטעניש זייערע אין לעבען! פיל נעסטען, אוי, זענען פאַרוויסט געוואָרען, יונגע פויגעלעך געראויבט געוואָרען, דאָס האַרץ פון עלטערן אויף שטיקער צעריסען געוואָרען — און פונדעסטוועגען, נישקשה, האָט מען אויסגעהאַלטען. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, שהחינו, וואָס האָט געלאָזט אונזערע דאָזיגע קבצנים לעבען, וקימנו והגיענו, און געלאָזט זיי דערלעבען ערגערע נייע צייטען, צוצוזעהען ווידער דאָס אַוועק־נעהמען ביי זיי די איבעריגע קינדער!...

שמואליק האָט אַ געשריי געטאָן, אָבער ניט משוגע געוואָרען; שמואליק איז געפאַלען, אָבער די נשמה איז איהם ניט אויסגעגאַנגען. עס עפּענט אונטער איהם זיך אויף דער גיהנם, מלאכי־חבלה רייסען איהם דאָס האַרץ, ער אָבער איז ביי די געדאַנקען, ער ווייסט, אַז משה'לע זיינער איז געפאַנגען, אַז ער מוז זיך יאָגען ראַטעווען איהם. אַי וואָס, בערעכענען זיך, צו וועלען איהם דינען די פּיס נאָכצויאָגען זיך — דאָס פאַלט איהם גאָר ניט אַיין. אַ טאַנדרעטניק, וואָס וואָגעלט זיך אַרום פון מאָרגענס פריה ביז אין דער נאַכט איבער אַלע גאַסען און הויפען, וואָס קריכט אַרויף־אַראָב הונדערטער טרעפּ אַ טאָג, וואָס הערט אַזעלכער פּיס? קבצנישע פּיס, משטיינס־געזאָגט, ווער בערעכענט זיי, ווער פרעגט זיי, אויב זיי ווילען אָדער ניט ווילען געהען אַ גאַנג? און נאָר אַ הוץ־דעם, וואָס שמואליק איז אַ טאַנדרעטניק, איז ער דאָך דערצו עפּיס נאָך אַ יוד אויך, און דאָס געהען ביי אַ יודען איז עפּיס אַנדערש, ניט ווי ביי לייטען -- דער קאָפּ זיינער איז איהם אין הימעל, ווי דער לאָקאָמאָטיוו פליהט ער פאָראויס, און די פּיס שלעפען זיך איהם נאָך, ווי די וואַגאָנעס, אויף דר'עריד

עס ברענט, קאָכט שמואליקס האַרץ ווי אַ קעסעל, עס רוישען,

קלאַפּען זיינע נעראַנקען, טהוען איהם אַ הייב=אויף פון דער=ערד, בע=וועגען, טרייבען די פיס — און זיי לויפען געשווינד, געשווינד.

דער וועג, אויף וועלכען די „חאַפּערס” האָבען זיך געלאָזט פאָהרען, איז געווען אַ שמאָלער, אין דער זייט פון׳ם ברייטען שליאַך. ער האָט זיך געצויגען ווי אַ סטענגע צווישען גראָז און תבואה, פאַרקריכענדיג אַ מאָל אין אַ קאַליזשע, אָדער פערפאַלענדיג וועדען אונטען ערגיץ אין אַ טאָל, און פון דאָרט ווידער זיך אַ וויז טאָן, אַרויפקלעטערענדיג אויבען אויף אַ באַרג.

שמואליק לויפט מיט אַלע כּחות, צוהערענדיג, צוקוקענדיג זיך דערביי וויט אַרום. נאָר אומזיסט די מיה — אומעטום אויפ׳ן וועג איז שאַ, שטיל! ער הערט ניט נאָר דעם שאָרך פון זיינע טריט. ער זעהט ניט נאָר דעם אייגענעם שאָטען זיינעם, וואָס טאַנצט איהם ביי דער זייט אַקעגען דער שיין פון דער יונגער לבנה, וואָס זעהט=אויס שווימענדיג ווי אַ זילבערען שיפעל הויך אין הימעל. אַ מאָל צוליינט זיך דער שאָטען אויף דר׳ערד צוויי=מאָל אַזוי גרוים ווי ער אַליין איז, און אַ מאָל קלע=טערט דער שאָטען זיינער אַרויף אויף תבואות, אויף בוימער, קרימט זיך, ברעכט זיך ווי די קונצען=מאַכער אין די צירקען.

אמת, צוויי מאָל האָט זיך איהם געדאַכט ווי עפּיס אַ קול ערגיץ פונדערווייטענס, נאָר באַלד טאַקי האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דאָס איז געווען טריט פון אַ האָז, וואָס דערשרעקענדיג זיך פאַר אַ שאָרך פון אַ אַראָבגעפאַלען בלעטעל, אָדער פון עפּיס אַ קריכענדיג ווערעמיל, איז ער שפּרינגענדיג איהם פאַרביי=געלאָפען הענדום=פּענדום, און פוץ אין תבואה אַריין! און דאָס צווייטע מאָל האָט זיך דערוויזען, אַז דאָס איז איהם גע=קומען צו די אויערען טאַקי זיין אייגען קול — אַ זיפץ, וואָס האָט זיך איהם אַרויסגעריסען טיף פון׳ם האַרצען בשעת די האָפנונג, צודעריאָגען דאָס וועגעלע, האָט אָנגעהויבען ביי איהם שוואַך צו=ווערען. איז דען מעגליך, אַז אַ מענש, ווי גרינג אפילו ער זאָל זיין אויף די פיס, זאָל זיך פאַרהערען אין לויפען מיט אַ פערד, און נאָך ווען, אַז מען טרייבט עס מיט בייטשען? — אוי, ניט מעגליך! טראַכט ביי זיך שמואליק מיט אַ שווער געמיט, קלאַפּענדיג זיך אין האַרצען און אַ מאַך=געבענדיג מיט דער האַנד, ווי איינער רעדט: פאַרפאַלען! פונדעסטוועגען לויפט ער ווייטער, באַרג אַרויף, באַרג אַראָב, גלייך מען וואָלט איהם געשטופּט פון הינטען, געטריבען מיט גוואַלד.

עס גערויערט אַ היבשע צייט און שמואליק ווערט מיד. עס פלאָנ=

טען זיך איהם די פּיס, ער געהט און פאַלט, שטעהט-אויף און פאַלט ווייטער. שוואַכער, שוואַכער ווערט אין איהם די קראַפט פונ'ם ברענענ-דיגען פייער, עס שטופּט שוין ניט אַזוי שטאַרק ווי פריהער. עפּיס טאַקי נאָר ווי אַ לופטבאַלאָן, פון וועלכען עס געהט ביסליכווייז אַרויס דער גאַז, וואָס ביים פאַלען ריהרט ער אָן די ערד אונטערשפּרינגענדיג, אונטערשפּרינגענדיג ביז עס געהט פון איהם אַרויס אינגאַנצען דער גאַז, און ער בלייבט ליגען אויפ'ן אָרט — שמואליק פאַלט, אויסציהענדיג זיך פאַרדולט אויף דר'ערד!

עס דאַכט זיך איהם עסק, זאַכען, אין וועלכע דער קאָפּ זיינער ליגט איהם תמיד. עס דאַכט זיך איהם — שמאַטעס. עס טהוען זיך אַ וויז פאַר איהם אַ היבש ביסעל שמאַטעס, כל-המינים: שמאַטעס זיידענע, איידעלע, פון מיוחסים, פיינע-בריות אין שטאָדט, און שמאַטעס גראָבע, שמוציגע, פונ'ם פּראָסטען עולם; הויזען, פּליודערען און תחתונים, טלית-קטן'ס און קאַמעזעלקעס, קאַפּאָטעס און פראַקען, ספּאָדקעס און קאַפּע-ליושען, איין שמאַטע ניט בעסער פון דער אַנדערער — אַלע גאַנץ נישט-קשה'דיגע שמאַטעס! ס'איז דאָ, אָהן עין-הרע, סחורה, גענוג שמאַטעס, ברוך-השם, אויף דער וועלט... נאָר וואָס קומט אָבער אַרויס דער-פון, אַז דער האַנדעל מיט שמאַטעס איז שווער היינטיגע צייטען. נישט צו-צוטרעטען צו יענעמס שמאַטעס, אַזוי טייער זענען זיי, און פאַר דיינע — וויל מען צעהן פאַר אַ גראָשען. דעם גאַנצען טאָג איז ער היינט זיך אָבגעגאַנגען די פּיס, שרייענדיג אין אַלע הויפען: שמאַטעס, בעלי-בתים אַרויס מיט אייערע שמאַטעס! ער איז הייזעריג געוואָרען שרייענ-דיג, און די שמאַטעס עפּיס נאָר ווי זיי לאַכען איהם אויס. ער האָט זיך געלאָזט אויף הויכע טרעפּ אַריינגעהן אין אַ שטוב, האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אויף איהם הויזען פאַרריסענע, שטאַרק בלאָזענדיג פון זיך, אַזוי אַז איהם איז שטאַרק ניט גוט געוואָרען און האָט זיך אַראָבגעקויקעלט פון אַלע טרעפּ אויף דר'ערד, ברעכענדיג האַלז און געניק, נישט צו-זויסען אויף וואָס ער איז פאַר אַ וועלט. —

קומענדיג שפּעטער אַ ווייַלע צו-זיך און עפענענדיג די אויגען, ער-זעהט שמואליק אַ לבנה מיט שטערען, אַ וואַלד, אַ פּע'ר ניט הבואה, ער דערמאָנט זיך אין דער מיאוסער געשיכטע ניט דעם זהן, שפּרינגט-אויף פונ'ם אָרט און נעהמט זיך לויפען מיט אימפּעט, אַ וויס-נעהמענדיג זיך די אויגען קוקענדיג — און נישטאָ דער וואָגען! ער רייסט אויף זיך די האָר, וויינט אָהן טרערען, און לויפענדיג אַזוי באַרג-צו-ראָב

פלוצלים — אָ, דערבאַרעמדיגער גאָט! — וואַקסט פאַר איהם אויס דער וואָגען אין אַ קאַנאַווע, נעבען אַ בריקעל איבער אַ טייכעל, און ער האָט זיך איבערגעקעהרט אַראָבּיאָגענדיג זיך האַסטיג פונ׳ם באַרג און צוּבראָכען אַ אַקס, און די שענע פאַרשוינען אַרבּייטען אויף איהם.

שמואליק וואַרפט זיך אויף די פאַרשוינען ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה אויף די יענערס, וואָס האָבען, נישט גוט דערשיסענדיג זי, גערויבט איהר געליבט קינד — און עס הויבט זיך אָן אַ מלחמה, אַ בלוטיגע מלחמה. בשעת איינער פון די לייט האַפּט זיך שפּאַנען דעם וואָגען, האָט שמואליק ווי אַ פּיאַווקע זיך איינגעגעסען מיט די ציין דעם צווייטען אין די פיס און מיט די הענד געריסען משה׳לען צו זיך. די ליבשאַפט צום קינד, דאָס שרעקליכע אומגליק און דאָס ברענען זיך נוקם צוזיין — די אַלע דריי זאַכען אינאיינעם האָבען פון דעם שוואַכען שמואליק׳ן געמאַכט אַ שמשון הגבור. נאָר אַקעגען יודישע־פלשתים אָבער העלפט שמשון־הגבור׳ס גבורה אויך נישט. פיער הענד, חוץ פיס און ציין, האָבען איהם געשלאָגען וויפיל ס׳איז אין איהם אַריין. משה׳לע האָט בעזונדער געלייזט, געהאַט זיין עהרליך אויסקומעניש דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ניט געקענט פערהאַלטען רוהיג בשעת יענע האָבען זיך אָבגערעכענט מיט זיין טאַטען.

— רב הערש־בער — זאָגט איין חאַפּער צום אַנדערען — צו־וואָס טייג עס, מיט דעם דאָזיגען אידלאַק זיך דאָ אַזוי באַקברען? ער איז אַ עקשן, האַלט זיך פעסט אין דעם וואָגען, וויל ניט אָבלאָזען — נו, מהיכא־תיתי! אדרבה גוט... זאָל ער זיך טאַקי בלייבען דאָ אין וואָגען און עס זאָל אויסקומען ווי דער פסוק: „אותו ואת בנו״ דער טאַטע מיט דעם זוהן... נישט קיין נייעס. מען האָט שוין געזעהן, געהערט אין דער וועלט אַזוינע זאַכען.

— יאָ, זעהר גלייך טאַקי זאָגט איהר, רב שניאור־וואָלף — ענטפערט יענער — אין צווייען איז שטאַרקער. זייט זיך נאָר מטריח און העלפט בינדען דעם דאָזיגען באַראַן

און רב שניאור־וואָלף איז ניט פויל, אַרבּייט געשמאַק, בינדט שמואליק׳ן מיט אַלע דינים ביים בינדען אַ קרבן, עס זאָל עס איהם אָנהויבען אַרען, וואָס יענער, נעבעך, צאַפּעלט, קרעכצט, שרייעט נאָר אַ שרעק. דאָס פערד איז אַיינגעשפּאַנט, דער וואָגען גרייט. אָט טהוט מען אַ שמיץ, אַ טרייב: היידאַ, ניאָ, ניאָ! און דער טאַטע מיט דעם

זוהן ווערען געפיהרט צו דער עקדה, די כפרה צו־ווערעןביידע אין איין טאָג.

אַ ביטער געשריי טראָגט זיך ווייט אין דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט, אַ געשריי פון געהאַפּטע, געפאַנגענע שפּאַלט די הימלען, געהט־אַרויף צו גאָט מיט אַ קלאָג: אוי־ווער, רבונו של עולם, אוי, ווער געשריגען אויף דיין פאָלק ישראל!...

דער סאַלאָוויי אויף זיין צווייגעל, דאָרט אין וועלדעל, בלייבט ווי דערוואָרגען אינמיטען זינגען, אויך די פרעש אין דעם טייכעל ווערען פאַרשטומט, בעהאַלטען זיך אין וואַסער, דערהערענדיג דעם יאָמער איי געשריי פון די אומגליקליכע, נעבעך. —

אַך, ווי שרעקליך, ווי שרעקליך עס קלינגט אַ געוויין אין דער שטילער נאַכט!...

און אַ קול לאָזט זיך הערען: וויאָ, וויאָ, וויאָ!

די יונגע לבנה, איינגאַנצען אַ וואָך אַלט נאָכ'ן מולד, געהט, ווי אַ קינד, פריה אין איהר רוה אַריין, צומאַכענדיג אַ אויג. און דאָרט וואו זי פאַרגעהט בעדעקט זיך דער הימעל מיט שוואַרצע וואָלקענס. עס בליצט און עס דונערט.

און פלוצלים פערטראָגט זיך אַ קלאַפּעריי פון רעדער. עס דויערט ניט לאַנג, פאָהרט אָן אַ קאַרעטע און מענשען שפּרינגען אַראָב געוואָהר צו ווערען, וואָס אַזוינס דאָס שרייען בעטייט. זיי טהוען אַ קוק — און בלייבען פערגאַפט! באַלד ווערט אַ ליאַרעם, אַ געפילדער, אַ זיד־לעריי. עס שטרעקען זיך אוים הענד, עס ווייזען זיך קולאַקעס. שניאור־וואָלף און זיין שותף פאַרשטעהען, וואָס מען מיינט מיט די הענד, און פאַלען אויף אַ שכל בייציטענס, איידער מען גיט קלעפּ, זיך געשווינד אָבצוטראָגען.

די פינסטערע וואָלקענס זענען זיי בייגעשטאַנען — און זענען אין דער פינסטערניש געלם געוואָרען.

---

# ׳אם דריטע קאַפּיטעל

שען איז די שטאָדט ז..., די הויפּטשטאָדט פון וואָהלין! ניט קיין פּאַלאַצען האָט זי, ניט קיין הויכע טורעמס, ניט קיין טייערע פּאַרציהרטע געביידען — און איז דאָך מלא חן. אַרומגערינגעלט מיט בערג איז זי, מיט וועלדער, מיט פליִיצענדיגע טייכען און טאָלען; ס׳איז אין איהר דאָ אויך גערטנער, בולוואַרען, און אָט דאָס איז איהר ציהרונג, איהר שענקייט. אַריינפאָהרענדיג אין איהר דורך דער גלופּסקער גאַס, אין אַ העלער זומערנאַכט, ווען פון צווישען בוימער זעהען זיך אַרויס נעטע הייזער מיט צוגעמאַכטע לאָדען, און אומעטום הערשט אַ שטילע רוהע — קען מען זיך זאַט ניט אָנקוקען אין איהר, אַזוי שען איז זי, נאָר עפּיס מאַקי ווי אַ פאַרצוויבערטע שלאָפענדיגע בת-מלכה אין די מעשה-ביכלעך. די נאַכט דעקט זי איבער מיט אַ טונקעל-בלויען שאַל, געשפּריינקעלט מיט גילדענע שטערען, און די לבנה, אַ מיסטעריִן אין ליבעס, פאַרקוקט זיך אויף איהר מיט אַ זיס-שיינענדיגע צורה. בליהענדיגע אַקאַציעס, שמעקענדיגע קרייטעכצער טראָגען איהר אונטער ריחות פון בשמים. אַ קריסטאָל-קלאָר וואַסערעל, רינענדיג ערגיץ פון אַ סקאַלע, ברומט איהר אונטער פונדערווייטענס, דער סאָלאָוויי שפּילט-צו א ליבעס-לידעל — און זי שלאָפט און טרוימט.

און אין יענער נאַכט, ווען ס׳איז זיך פאַרלאָפען די מעשה מיט שמואליק׳ן, און אַז די דאָזיגע שענע בת-מלכה, גוט אָבשווייגענדיג זיך אין דעם שלאַקס-רעגען דענסטמאָל, האָט ווי נאָך אַ באָר געשמאַק געשלאָפען, איז אַריינגעפאָהרען אין שטאָדט געשווינד אַ קאַרעטע. די פערד לויפען פאַרשוויצט, די רעדער קלאַפען אויף די שטיינער פון דער אויס=

געפּ׳ אַסטערטער גלופּסקער גאַס אַזוי שטאַרק אַזש פֿונקען פֿליהען. צוקו־מענדיג צו אַ טויער פֿון אַ הויף, שטעלט זיך די קאַרעטע אָב. דער שמייסער קריכט אַראָב פֿון דער קעלניע, צוויי פֿאַרשוינען, וואָס זענען געזעסען דאָרט צוזאַמען מיט איהם, געהען אויך אַראָב גלייך נאָך איהם. בּיידע מיט געגאָלטע בּערד, געקליידט דייטש. דער שמייסער, אַ געזונטער, אַ יונג מיט בּיינער, געהט־צו און קלאַפּט אין טויער מיט דעם גאַנצען כּח

— ווער קלאַפּט עס ווי אַ גזלן אַזוי שטאַרק אַזש די ווענד ציטע־רען? — הערט זיך פֿונ׳ם הויף אַ מענשענס קול, וואָס איז שרעקליך אין כּעס — נישטאָ קיין רוה, ניט בּיי־טאָג, ניט בּיי־נאַכט!

— האַלט מויל און ביל נישט, הונד איינער! — בּייזערט זיך דער שמייסער אויף אַ קול, וואָס לעבערט דעם מוח — געשווינד עפֿען דעם טויער! דו הערסט?

— אויף קראַנקע אפילו האָט מען ניט רחמנות... מען קלאַפּט און שרייעט... מען שרייעט אין איין אָטהעם... טאָמער ווייסטו וואָס? — מורמעלט דער שווייצאַר אונטער דער נאָז, שפּייענדיג מיט פֿאַרדראָס, שטעקט אַריין דעם שליסעל אין שלאָס, דרעהט, דרעהט מיט מאַטער־ניש בּלומרשט, שילטענדיג דערבּיי מיט טויטע קללות.

ווי נאָר דער שווייצאַר האָט געעפֿענט דעם טויער און דערזעהען די קאַרעטע און די מענשען פֿאַר איהם אין דרויסען, איז ער בּאַלד ווי איבּערגעבּיטען געוואָרען, האָט געשווינד אַראָבגענומען דאָס היטעל מיט אַ זים מינעלע און געשטאַנען מיט גרוים אָבּשיי ווי אַ קנעכט פֿאַר׳ן פּריץ.

— געה — זאָגען איהם די מענשען, וואָס שטעהען פֿאַר׳ן טויער — געה וועק־אויף דעם „אויפֿזעהער״ פֿונ׳ם „בּקור־חולים״, דער „אופּראַוולִיאַיושטשי״ פֿונ׳ם אַקציז רופֿט איהם. ער זיצט דאָ אין דער קאַרעטע.

— בּכּבוד גדול, מיינע הערען! — זאָגט דער שווייצאַר מיט אַ חניפה׳לע, מאַכענדיג זיך, בּיים שטעלענדיג אַ פֿיס צוגעהן, ווי ער רעדט בּלומרשט צו זיך אַליין — וואָס הייסט ניט פֿאָלגען אַזעלכע גוטע, גרויסע לייט ווי די הערען אַקציזניקעס? אומזיסט זענען זיי ניט מטריח קיינעם. וואָס פֿאַר אַ בּעטרעף איז בּיי זיי אַ עמער בּראַנפֿען?

— אייך, ראָחלין, בּעראַרף איך דאַנקען פֿאַר דעם כּבוד, וואָס

דער שווייצאַר האָט מיר דאָ איצט אָבגעגעבען — זאָגט איינער, דער יונגסטער פון די צוויי מענשען, צום אַנדערן שפּאַסענדיג, נאָכדעם ווי דער שווייצאַר איז אַוועקגעגאַנגען — אַט דער שוטה, ווייל ער האָט מיך געזעהען שטעהענדיג מיט אייך, האָט געמיינט, איך בין אויך אַ אַקציזניק ווי איהר, און געקוקט אויף מיר מיט דרך־ארץ. ווען ער זאָל געוועהן וויסען, אַז איך בין אַ פּראָסטער בשר־ודם, איינער פון די שילער, הע, הע, וואָלט ער מיט אַנ'אַנדערע לשון גערעדט מיט מיר. נאָר טאַקי אייער זכות, אַקציזניקעס, שטעהט אונז בײַ היינטיגע צייטען, אונז בידנע משכילים, נעבעך. אייך איז קיין זאַך ניט פאַרבאָטען, אַלסדינג מעגט איהר, מען איז אייך מוחל און מען גיט אייך אָב כבוד. אַז־וואויל איז אייך אויף דער וועלט! עולם־הזה האָט איהר, און מיר, אוי... ווען ניט איהר, וואָלט געוואָרען פון אונז אַנ'עק, חס־ושלום!

— קלאָגט זיך ניט אַזוי, ריבקין — טרייסט איהם ראָחלין אויך מיט שפּאַס — דערפאַר וועט איהר, משכילים, דאָך האָבען עולם־הבאָ און זוכה זיין צו דער סעודה פונ'ם לויתן.

— ווילט איהר, ראָחלין, מאַכען מיר אָב אַ עסק גיך און געשווינד, ווי מיר שטעהען דאָ אויף איין פוס. מיר וועלען אייך געבען פון אונזער חלק עולם־הבאָ: אַ גוטע פּאָרציע פונ'ם לויתן, פונ'ם שור־הבר און יין־המשומר, און איהר זאָלט אונז געבען פון אייער חלק עולם־הזה: פלייש, פיש, בראַנפען און נאָך עפּים...

— אַ־אַ, וועגען דעם מוז מען פריהער זיך אָנפרעגען אויף דער בירזע, אויב אייערע אַקציעס און וועקסלען אויף עולם־הבאָ וועלען האָבען אַ אָבגאַנג צווישען סוחרים. איך פון מיין זייט בין שטאַרק מסופק, אויב אַ יוד, אַ סוחר, אפילו פון די גרויסע מאמינים, וועט געבען פאַר זיי אַ צעבראָכענעם העלער. דאָס גלויבען — דאָס איז פון די זאַכען, וואָס מיט'ן מויל און ניט מיט דער קעשעניע. נישטאָ קיין גרעסער אפּיקורוס, וואָס לייקענט אין „רוחניות", שטאַרק דערוויטערענדיג זיך דערפון, ווי די קעשעניע פון נגידים. אָט, אַ שטיינער, וועל איך אייך וויזען, אָנרופענדיג מיט די נעמען. נאָך... נישט דאָס אָרט דאָ, נישט די צייט. אָט געהט דער משגיח!

עס הויבט־אָן גרויען דער ראַנד הימעל אויף מזרח־זייט. איינער, ניט רעכט נאָך אָנגעטאָן, געהט אין איילעניש און שטעלט זיך אָב בײַ דער קאַרעטע.

— הערר אויפזעהער! — לאָזט זיך הערען אַ ווייכע שטימע פונ'ם

ביידעל אַרוים — איז דאָ ביי אייך אין ספּיטאָל אַ אָרט פאַר צוויי קראַנקע?

— נישטאָ אַצינד אפילו איין בעטעל אַ לעדיגס. איהר, מיין הערר, ווייסט דאָך זעהר גוט, אַז דער „בקור חולים" איז קליין אין־פערגלייך מיט דעם היגען עולם יודען, וואָס פאַרגרעסערט זיך אַלץ ווייטער ווייטער זינט עס האָט זיך דאָ געעפענט צוויי נייע קוואַלען פון תורה און פרנסה די ראַבינער־שול מיין איך און די אַקציזנע הויפּט־קאָנטאָר. אַ קאַטאָוועס אַביסעל וויפיל מענשען פון אַלערליי סאָרטען קומען־אָן אַהער! די שטאָדט פיהרער מאַכען אסיפות, אַלץ וועגען בקור־חולים, מען רעדט שרייעט, מען איז זיך מישב — און גאָרנישט.

— נו?!

דער דאָזיגער „נו" האָט געהאַט אין זיך פיל טייטשען. עס האָט געקענט הייסען ווי אַ פרעגע: נו, עס וועט שוין נעהמען אַ עק דיינע פּלוידערייען? געקענט אויך הייסען אַ וואונדער: נו, אם־כן וועט מיין בקשה ניט דערפילט ווערען! אויך געקענט הייסען פאַרדראָס: נו, שווייגען איינער! נאָך און נאָך טייטשען. דער אויפזעהער, וואָס איז באמת געווען אַ פלוידערזאַק און געהאַט צופערדאַנקען מיט זיין שטעלע דעם „אופּראַוולואַיושטשי", האָט געפיהלט אין דעם דאָזיגען „נו" אַלע טעמים, אַלע טייטשען מיט־אַ־מאָל, דעריבער האָט ער זיך פערהאַפּט צופאַרגלעטען דעם פעהלער אַזוי:

— דאָס אַלסדינג האָב איך נאָר געזאָגט גלאַט אַזוי־זיך, עס שאַדט ניט, איהר זאָלט ווימען, וואָס דאָ טהוט זיך, פאַרשטעהט איהר מיך. וואָס אָנבעלאַנגט אָבער אייער בקשה — אָח! מאָרגען דערפיל איך זי מיט דעם גרעסטען כבוד. וואָס הייסט, אַז איהר בעט!...

— אַ שענעם דאַנק אייך! די זאַך אָבער קען מען ניט אָבלייגען אויף מאָרגען. זעהט נאָר, די קראַנקע ליגען אָט דאָ אין וואָגען.

— הערט נאָר אַ מעשה, אָט דאָ אין וואָגען און איך האָב ניט בעמערקט!... אָט אַצינד זעה איך שוין, זעה איך. זיי ליגען דאָך כמעט אָהן אַ סימן לעבען. אַ מעשה, אַ מעשה!...

— אָט דאַריבער טאַקי בעט איך דאָך, אַריינגעהמען זיי אין בקור־חולים באַלד אָהן שהיות.

— היי, איוואַן! — רופט דער אויפזעהער דעם שווייצער — גיב ער בריינג אַהער די מענשען מיט די אַלע זיבען זאַכען אויף צונעהמען טראָגען פונדאַנען די קראַנקע

— ריבקין! — זאָגט דער אופראַוולי‌איושטשי, אַראָבגעהענדיג פונ׳ם וואָגען — נאַט אייך מיין קאַרטעל צום דאָקטאָר פון בקור=חולים, פאָהרט, זייט מוחל, און ברייננט איהם באַלד אַהער אין מיין קארעטע. און איך וועל געהן אַ היים צופוס. נישקשה, נאָך אַזאַ לאַנגע צייט זיצען, איז נוט דורכצוגעהן זיך אַביסעל. און אייך, הערר ראָחלין, בעט איך — זאָגט ער פריינדליך, אומקעהרענדיג זיך צו איהם מיט׳ן פנים — איהר זאָלט ניט אַוועקגעהן פונדאַנען ביז מען וועט די קראַנקע אָבגעבען זייער אָרט און טאָן זיי, וואָס מען בעדאַרף.

דערוויילע הויבט=אָן ברעכען אויף טאָג, עס פערפאַרבט זיך רויט דער הימעל אין מזרח=זייט און שמואליק מיט משה׳לען, דער טאַטע מיט דעם זוהן, ליגען ביידע אויף איין בעטעל דערוויילע אין פאָרהויז ביז עס וועט גרייט ווערען פאַר זיי אַ בעזונדער אָרט. ביידע זענען צוהרגעט, צובייזלט, ליגען פאַרדולט בלייך ווי די וואַנד



# דאָס פערטע קאַפּיטעל.

יענער דור, אין שמואליקס צייט, איז געווען אַ דור פון משׂכּילים, חוקרים הייסט עס, און פון אַקציזניקעס. די יודען דענסטמאָל האָבען שטאַרק קיין חשק ניט געהאַט אָנגעהמען די „השׂכּלה״, וואָס מען האָט עס „פון אויבען״ פאָרגעשריבען זיי פאַר אַ רפואה צו זייערע אַלע מכּות. זיי האָבּען זיך געשטעלט אין געזאָגט: „שקאָלעס ני זשעלאַיעם!״ שקאָלעס, הייסט עס, ווילען מיר ניט. האָט די וועלט שטאַרק פאַראיבּעל געהאַט דערויף, מורא־האָבּענדיג, זי זאָל ניט חרב ווערען, חס־ושלום, צוליב דעם נאַרישען פאָלק ישׂראל, וואָס וויל זיך ניט בּילדען. און גאָט דער לעבּעדיגער ווייסט, וואָס עס וואָלט געווען דער סוף פון דער וועלט, פון גוים און יודען, להבדיל, אינאיינעם, ווען ניט דער מלאך פון פרנסה זאָל זיך ניט געווען אונטערחאַפּען מיט הילף אין דער בּייזער שעה, ניט דיינט געדאַכט. אָט דער דאָזיגער מלאך פון פרנסה, וואָס דרעהט דאָס רעדיל פון׳ם יודישען מזל מיט דער גאַנצער לעבּענס־געשיכטע זינט גלות מצרים בּיז היינטיגען טאָג; וואָס גיט מיט דער פולער האַנד כּבוד די נגידים און חכמה יענע, וואָס מיט בּרייטע, פולע קעשענעס — ער האָט זיך געגריבּעלט אין אַלע יענע מיני פּרנסות, וואָס זענען געווען בּכח אָראָבּצופיהרען יודען פון׳ם וועג אין געוויסע צייטען, און נישט געפונען קיין בּעסער מיטעל צופאַרדרעהען זיי מיט השׂכּלה, ווי דער אַקציז פון בּראַנפען. גוט איז ער דערמיט, וואָס די ממשלה זיינע וועט זיך פערשפרייטען אומעטום, וואו יודען מעגען זיצען; וואָס ער וועט בּעשעפטיגען מיט פאַרשיעדענע מיני שטעלעס טויזענטער מענשען פון׳ם געהויבּענעם אין געמיינעם עולם, און פון זיי ווידער וועלען האָבּען שפּע שיינקערס, בּעלי־

אכסניות, אַרבייטער, בעלי־מלאכות, קרעמער, סתם בעלי־בתים און אויך אפילו מקבלים, כלי־קודש, בטלנים, קבצנים, און וואָס נאָך, וואָס דער אַקציז פאַר זיך אַליין, בראַנפען הייסט עס, האָט געגוג כח צו געוועלטי־גען איבער דעם מענשענס נשמה. שטאַרקער פון משקה איז נישטאָ אין דער וועלט. משקה נעהמט צו דאָס געלד, דעם שכל און דאָס האַרץ, מאַכט וואָס טרפה כשר און וואָס כשר — טרף. און פאַר די אַלע מעלות, אַרויסגעזאָגטע און נים אַרויסגעזאָגטע דאָ, וועט יודען נים אַזוי אַרען די גיינג פון די אַקציזניקעס, די גבאים פון דער משקה, וואָס כמעט אַלע וועלען נים זיין קיין צדיקים, און מען וועט זיי מוחל זיין אויף אַלע עבירות, וואָס צו גאָט און וואָס צו לייט, אויך אויף אַזעלכע עבירות, וואָס מען טאָר נים זאָגען. און אַז מען וועט זיך מאַכען נים ווייסענדיג, אַזוי קוקען פון די גרעסערע, וועלען זיך נעהמען צו בילדונג די קלענערע. עס וועלען ווי גרינגע גראָז זיך אָנהויבען ווייזען יונגע לייט. פריש־צאַפּעלע־דיגע משכילים, אין שטעדט, אין דערפער, וועלען לערנען, אַריינקוקען אין די ביכלעך, פריהער בשתיקה: אויף בוידעמער, אין קעלערס, אין דער ווייבערשער שוהל, אויך אין באָד, להבדיל, און דערנאָך שוין גאַנץ אָפען אַרייַנגעהן אין שולען, גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטען, טראָגענדיג פאָרמעס מיט מעשענע קנעפּ. עס וועט זיין ליהודים, יודען — ליכטיג און די וועלט, גוים הייסט עס, וועלען גאָר אָנקוועלען.

און אַזוי טאַקי איז געשעהן! אין יענע שלעכטע צייטען, אַז ס'איז געווען בימער און „פינסטער“, האָט זיך איבערגעדרעהט מיט אַ מאָל דאָס רעדעל — יודען האָבען גענומען די אַרענדע פון בראַנפען, האָבען זיך באַלד אַ ווייז געטאָן אין דער יודישער גאַס אַקציזניקעס און אַ פריש־מחיה'דיג ווינטעלע האָט געוועהט אין די געצעלטען יעקב'ס!

און אַקציזניקעס זענען געווען פאַרשיעדענע, פון אַלערליי סאָרטען מענשען. דער מיטעלער סאָרט פון זיי, כתם אַקציזניק, הייסט עס, און דער גרעסטער טייל פון זיי פאַרדי ענען זיך מיט איהם דאָ בעסער און פריהער פון אַלע

דער דאָזיגער מין סתם־אַקציזניק איז געוועהנטליך אַ נעבוירענער ערגיץ אין אַ יודיש שטעדטיל. דער טאַטע זיינער, אליקום־געציל, אַ יוד אַ קבצן, אַ ליטישער אָנגעזועהענער אָרימאַן, האָט איהם אַ נאָמען געגעבען פייבוש, און איהם מגדל געווען, ווי דער שטייגער איז, לתורה ולחופה. תורה האָט ער געלערענט קינדרווייז אין חדר און בחור־ווייז אין אַ ישיבה, אגב טאַקי חתונה געהאַט און דערנאָך... אַוועק אָדער אַנטלאָפען פון

זיין שטעדטיל, פון זיין „געבירט" און פון זיין פלונית'טע, דאָס מיינט מען זיין ווייב, אויף אַ צייט-לאַנג, אָדער אויף לעולם-ועד. אַצינד טראָגט ער זיך דייטש, מיט דער מאָדע, מיט ווייסע קרעגענדלעך וועבּעלנע, אָדער אפשר גאָר פּאַפּירענע, וואָס צוויי אַ גראָשען. דאָס רעקעלע זיינס, וואָס איז איהם ממש אַ דערקוויקעניש, פאַרקירצט ער אַזוי, אַז דערגרייכט קוים ביז'ן העלפט געזעסעל, מחילה, אויף צו-להכעיס דער קאַפּאָטע, עליה-השלום, וואָס האָט זיך נעשלעפּט ביי איהם אַ מאָל ביז די פיאַטעס. דאָס איינענע מאַקי איז ביי איהם אויך מיט די פאות. זאָל דער אויבער-שטער שומר ומציל זיין, אַז פייבוש בן-אליקום-געציל זאָל איבערלאָזען דערפון חאָטש עפּיס אַ סימן! דעפּאַר אַ „טשוב" פאַרלאָזט ער זיך דוקא אַ גרויסען. מיט דער באָרד און וואָנסעס האָט ער געגוג אַרבּייט, פריהער בּוצט ער די באָרד מיט אַ שערעל און דערנאָך גאָלט ער זי גאָר אָב, צו אַלדי רוחות. די האָר שמירט ער, זיי זאָלען גלאַנצען, אָנלייגענדיג געגוג פּאָמאַדע, און ביי עפּיס אַ שמחה'לע בעשפּריצט ער די קליידער בּיט פּאַרפומע, עס זאָל שמעקען. זעהר וויכטיג איז ביי איהם דאָס געהן נ'הן אַ היטעל. באַלד ווי ער קומט ערגיץ אריין, איז איידער ער טהוט אוים די קאַלאָשען, נעהמט פון זיך אַראָב דאָס מאַנטעל, שטעהט ער שוין מיט אַ הוילען קאָפּ, און נישט דוקא אַריינקומענדיג אין אַ הויז, וואו מענשען, נאָר אין אַ וועלכען געביי ס'איז, אפילו אין אַ סערייּ, אין אַ שטאַל וכדומה. הכלל, אַלע גויישע זאַכען, וואָס פייבוש האָט אָנגענומען, היט ער פיעל מעהר אָב ווי דער גוי אַליין, וויל וואָס ניי איז זעהר חשוב, און נאָך מעהר דערפון, וויל עס פיהלט זיך עפּיס אַ בעזונדער טעם אין דעם וואָס מען טאָר נישט. אַ ציגאַר, אַ שטיינער, יום-טוב רויכערט זיך זעהר געשמאַק דעם פרומען יודען, וויל עס קומט איהם אוים עפּיס אַ חידוש — רויכערען ווען מען מאַכט קידוש, מען עסט פיש, יויך און צימעס! און שבת אַ ציגאַר איז שטאַרק געשמאַק דעם ניט-פרומען, וויל רויכערען שבת איז פאַרבאָטען. פייבוש שעהמט זיך ריידען יודיש און שניידט אַ מין גוי'איש, משטיינס-געזאָגט, אומברחמנות, אַזוי אַז ער מאַטערט אָב זיך אַליין, נעבעך, און יענעם ווערט נישט גוט הערענדיג. ווי פערעל שיטען זיך איהם פון מויל, הויך און שאַרף, נאָר יענע מיאוסע זידעל-ווערטער און אויך יענע מיני ווערטער, וואָס ווערען געבריכט אין די אַקציזנע קאַנצעלאַריעס, ווי אַ שטיינער: אָבּנאַשעניע, ראַספּאַראַ-זשעניע וכדומה. פייבוש איז שוין פיי איהם פּע, ער לאָזט זיך רופען פּאַוונוטיע אַקימאָוויטש, און אַ שטיק געזונד קומט איהם צו הערענדיג,

אז דער צלם=אלהים איז פון איהם אראָב. אזא מין שבח גיט איהם אונ=טער שטאַרק חשק נאָך מעהר פּאָמאָדע אַרויפליינגען אויפ'ן קאָפּ. נאָך מעהר קוקען אין שפּיגעל און לערנען זיך האַלטען די נאָז אַזוי, אַז זי זאָל ניט אויסגעבען איהם פונוואַנען ער שטאַמט. אין דאָרף, אָדער אין שטעדטיל, וואו עס קומט איהם אויס צו=וואוינען, רייבט ער זיך אַרום די דאָזיגע בעאַמטע און פּריצים'לעך, עס ציהעט איהם, זיצען מיט זיי בי"ם גרינעם קאָרטען=טישעל און עסען ביי איין טיש מיט זיי. איז ביי זיי אַ חגא, אָדער אַ געבורטס=טאָג, פּוצט ער זיך אויס יום=טוב'דיג, קאַרגט ניט אויף זיך קיין פּאָמאָדע, קיין פּאַרפומע און קומט גוט=יום=ביטען, מזל=טוב אָבגעבען מיט אַ פאַרבויג און מיט אַ מתנה. און אַז דאָס מזל שפּילט איהם און ער איז זוכה צוזיין פאַרבעטען ווי אַ גאַסט צום טיש, מישט ער מילכיגס מיט פליישיגס, קאָלבאַסען מיט קעז איינאיינעם, עסט, רייבט אויף וואָס די וועלט שטעהט, אַלע זאָלען זעהן, אַז ער האַלט ניט פון זאַבאַבאָנעס, ווי יענע פאַנאַטיקער. פונ'ם פערפלאַמטען פנים און די אויגען זיינע, וואָס וואַרפען זיך, בשעת=מעשה, אין אַלע זייטען, זעהט אויס, ווי ער מיינט, אַז ער טהוט זיי דערמיט אַ טובה, וואָס זיי וועלען עס איהם קיינמאָל ניט פאַרגעסען. און אַז זיי שפּאָטען, ווי געוועהנטליך, פון יודען, אָדער טאַקי פון איהם אליין, כלומר'שט גוטברודערשאַפט, איז אַ מאָל שווייגט ער, ניט וויסען=מאַכענדיג זיך, און אַ מאָל לאַכט ער אויך פון שלום וועגען. באַלד בי"ם אויפשטעהן אין דער פריה, נאָך האָט ער די הענד ניט געוואַשען, דאָס מויל ניט אויס=געשווענקט, האַפּט ער זיך עסען, האָטש עס ווילט זיך איהם ניט, נאָר כדי מקיים צוזיין די עבירה פון עסען אָנשטאָט דאַוונען. פונדעסטוועגען איז ער גאָר נישט אַזאַ רשע אַקעגען גאָט, ווי עס דאַכט זיך. אין האַרצען ביי זיך איז ער אַ בעל=תשובה, בעט=איבער דעם רבונו של עולם. אויף אַ טייל עבירות איז ער איהם מודה, און אויף אַ טייל ברייננט ער איהם אַ היתר פון פיעל ערטער געוויסע, וואו עס שטעהט, אַז מען מעג. אָדער ער ווייזט איהם אויס, אַז אייגענטליך זענען זיי געמאַכט געוואָרען נאָר כדי צופאַרהיטען דורך זיי פון עבירות. עפענטליך עסט ער גוי'אישע מאכלים, דאָך אַז ס'קומט איהם אויס אַ מאָל עסען יודישע מאכלים, עסט ער מיט אַפּעטיט, שמאַכענדיג דערביי פאַר זיך מחמת גרויס הנאה. ד'עפּגליכען איז ער ניט אַזוי שלעכט אויך צו לייט — ער איז זעהר גוט צו יודישע טעכטער, פערהאַלט זיך אַקעגען זיי נישט אַזוי ערענסט, פונ=דערווייטענס אָבהיטענדיג זיך מיט אַ וואָרט, ווי פרעמדע מענשען צווישען

זיך, נאָר פריינדליך מיט ליבשאַפט ווי מיט איינענע שוועסטער, איז מיט זיי אַ נאָהענטער שמעלקע, וואָס אויף דער לונג, דאָס איז איהם אויף דער צונג, נישט מאַכענדיג, חלילה, אַ אונטערשיעד צווישען אַ בעל־הבתישע טאָכטער און אַ דינסט, אַדרבה די וואָס אַ אָרימענקע איז אַ מצוה, זי מעהר מקרב צוזיין, זיין צו איהר נאָך מעהר צוגעלאָזט. עס האָט זיך געמאַכט אַ מאָל אַ מעשה מיט דער טאָכטער פונ׳ם בעל־הבית, וואו ער איז געשטאַנען סטאַנציע, אַ אויסגעגעבען ווייבעל אין דער פּרעמד ערגיץ אין אַ שטעדטעל, וואָס איז געקומען אַ היים, זעהן זיך מיט דער משפחה. אַ שמחה, אַ פרייד ביי׳ם קומען איהרס אויף איטליכען אין שטוב, אַלע קושען זי, האַלזען זי, און זי קושט, האַלזט יעדען בעזונדער. און בשעת חדוה איז פייבוש אויך דאָ אין דערמיט, ביידע, ער מיט איהר, האַלזען זיך, קושען זיך אויף דער זייט, אויף יענער זייט פנים נאָר אין איין אָטהעם. אַז ס׳איז אַריבער די הייסע רגע, דער עולם האָט זיך אָבגעקיהלט אַ ביסעל, הויבט־אָן דאָס ווייבעל צוקוקען זיך צו די קרובים, אויספרעגענדיג איינעם נאָך דעם אַנדערען, וואָס ער מאַכט, וואָס ער טהוט? און אַז ס׳קומט צו פייבושען און זי שטעלט אויס אויף איהם אַ פּאָר אויגען פערוואונדערט, טהוט ער זיך אַ האַפּ, מאַכענדיג אויך פער־וואונדערט: וואָס הייסט! ווער איך בין ווייסט־דו ניט? איך בין דאָך — דער הינער אַקציזניק!!...

און באמת טאַקי איז אַ אַקציזניק געווען אַ גרויסער פּאַרנעהם אין זיין אָרט, ווייל פיעל מענשען האָבען בעדאַרפט צו איהם אָנקומען. ווער שמועסט די שיינקאַרעס, וואָס רעכנען זיך אין שטאָדט פאַר שענע, אָנגעזעהענע בעלי־הבתים און שפּילען אַ ראָליע כמעט ווי די וואָכערניקעס דאָרט, זיי זענען געלעגען ביי׳ם אַקציזניק אין [illegible]ער האַנד און געהאַט פאַר איהם דאָס ניין־יעהריגע קרחת.

שניידער, בדחנים וכדומה חברה פ״ע, די פּאָלקס־פּיטנים, וואָס מאַכען לידלעך אויף אַלע מיני שלעק, משלחת׳ן אין זייער צייט, און מען זינגט זיי דערנאָך אומעטום צווישען דעם יודישען עולם — זיי האָבען עס געמאַכט אויף די אַקציזניקעס פון פייבוש׳עס שניט, נישט מעהר ווי דאָס דאָזיגע לידעל:

„און אַקציזנע יונגע לייט
זענען פערשייט:
גאָלען די בערדעלעך
און פאָהרען אויף פערדעלעך

געהען אין קאַלאַשען,
און עסען אונגעוואַשען.
זיי געהען אין די טראַקטירען,
טרינקען טעה
און דעם ווייבעל איז ווינד און וועה".

און דאָס איינציגע לידעל אפילו, איז אויך נישט געווען פאַרשפּרייט צווישען דעם פאָלק און ס'איז ניט אָנגענומען געוואָרען, גלייך ווי פיעל שטיקלעך פיוט אַזוינע, צווינגען עס ביים עולם. און דאָס דינט פאַר אַ בעווייז, ווי שטאַרק די פרנסה ווירקט, אַז זי איז מכפּר אויף אַלע זינד.

נידעריגער מיט אַ שטאַפּעל פונ'ם מיטעלען סאָרט אַקציזניקעס זענען יענע, וואָס אַנגעשטעלט געווען אין „גאָראַלניעס", אין אַמבאַרען, שפּייכער, קעלערס פון בראַנפען און שומרים אַרומפּאָהערענדיגע אויף פערד. צווישען די דאָזיגע לייט איז אַ אויסמישעניש פון אַלערליי מיני נפשות: געוועזענע קרעמערלעך, מאַרק־מענשען, מעקלערס, משרתים אין אַכסניות. צום־טייל גרויסע גראָבע יונגען, „געשלאָגען אויף דער עברי", וואָס האָבען בעקומען שטעלעס נאָר צוליב דעם, וואָס זיי זענען אַרצ־פּיאַסקע־עזות־פּנים'ער מיט הערצער פערשטאָקטע, האַרטע ווי שטיין, און אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געקענט, משטיינס־געזאָגט, קוים רעכנען ביז „תשבורת", דורך איבערגעגעבענע זיי בסוד־סודות עפּיס אַזוינע מיני כללים, און מאַכען „כפל" אויף די צונויפגעשטעלטע פינגער, ווי אויך אַרויס מיט אַ גויאיש וואָרט, משטיינס־געזאָגט, אַז מען האָט בעדאַרפט אַ מאָל.

עס זענען דאָ אין דעם דאָזיגען פּעקעל אויך געוועזענע מלמדים, וואָס מיט זייער בייזקייט, מיט זייער פריי־זיין אויף דער האַנד זענען זיי ווי געוואונשען צוגעפּאַסט צו זייערע איצטיגע שטעלעס. עס געפינען זיך דאָ אין צעטעל אויך בטלנים, טויגעניכטסען, גאָרנישטען, סווישטשעס, וואָס האָבען קיין פינגער אין קאַלט וואַסער קיינמאָל ניט אַריינגעטאָן, טויגען ניט אַ קאָץ אַנ'עק צופאַרבינדען, שטעהען ווי די אָנגעמאַלטע, ליימענע גולם'ס אויף זייערע שטעלען, און פרעגט זיי בחרם, וואָס טהוט זיך דאָ מיט זיי אַזוינס — דאָס זענען אָרימע קרובים פון די געהויבענע אַקציזניקעס, פון זייערע ווייבער פון זייערע ליבהאָבערינס, אָדער פון גבירים, נגידים, מוסרים און תקיפים, וואָס מען האָט געמוזט צוליב־טאָן און געבען זיי שטעלעס פון־יוצא־וועגען.

אָט די דאָזיגע משה־מחויבניקעס זענען געבליבען דאָס, וואָס זיי זענען געווען, ניט אָראָבגעהמענדיג זיך פונ׳ם רעכטען וועג, חס־ושלום, טאַקי די אייגענע ווי פריהער: מיט די אייגענע קליידער, מיט די אייגענע נעמען, חצקיל געהייסען און חצקיל געבליבען, אויך מיט דעם אייגענעם לשון, גערעדט מאַמע־לשון, יודיש, הויך מיט אַ ניגון, מאַכענדיג מיט די הענד, נישט נאָר צווישען זיך, נאָר אויך מיט דעם אָדון זייערען. אַז דער אָדון פלעגט אַ מאָל פלוצלים אָנפאָהרען מיט דער פּאָרטע און זיי אַ פרעג טאָן עפּים וואָס ס׳איז, פלעגען זיי ענטפערען קורץ און שאַרף: מיר וויסען גאָרנישט, רב... רב (אַזוינער און אַזוינער) האָט אונז דאָ אַנידערגעשטעלט, און מיר שטעהען. פונדעסטוועגען אַ שטיקעל אפּיקורסות האָט זיך צו זיי דאָך צוגעקלעפּט — די באָרד און פּאות, אַ שטיינער, פלעגען זיי אויסקעמען אין מיטען־וואָך און אַ מאָל טאַקי שבת אויך. די נאָז פלעגען זיי ניט שנייצען פראַנק און פריי, איטליכען אין די אויגען, נאָר זיי האָבען זי, די נאָז הייסט עס, געלעהרענט דרך־ארץ, אָבטאָן איהר זאַך שטיל, אין דער זייט, און טאַקי אָבווישען זיך מיט אַ טיכעל, נישט דוקא מיט דער האַנד, אָדער מיט אַ עק קאַפּאָטע. דעם דאַווענען פלעגען זיי אַ מאָל אָבמאַכען בקיצור, ווי מען זאָגט: סור־בור ומפליא לעשות. פאַר דעם אָדון זייערען פלעגען זיי אַראָבנעהמען דאָס היטעל און שטעהן פאַר איהם מיט אַ הוילען קאָפּ. זיי פלעגען אַ מאָל הערען ניט קיין שענע ווערטער פון זייערע חברים, אַקציזניקעס, נישט אָנצו־ן בייזערען זיך אויף זיי, אדרבה, אָפּט פלעגען זיי נאָך דערפון הנאָה האָבען. יענע גראָבע יונגען, מיאוסע עם־הארצים צווישען די אַקציזניקעס, פלעגען ריידען ניבול־פה, טאָן אַ עבירה, ניט בכיוון, אויף להכעיס, חלילה, נאָר פשוט דערפילען דערמיט זייערע תאוות. אויסגענומען די געוועזענע מלמדים, זיי האָבען געטאָן טאַקי אַ עבירה בכיוון, צוליב דער עבירה אַליין. דער חילוק צווישען זיי און סתם אַקציזניק פונ׳ם מיטעלען סאָרט איז נישט מעהר אין דעם: יענער האָט געזינדיגט און הנאָה גע־האַט, און זיי האָבען געזינדיגט און קיין הנאָה ניט געהאַט. יענער האָט געזינדיגט מיט שעטנז, אַ שטיינער, אין אַ מלבוש, און זיי — אין אַ לאַטע פון וואָל אויף ציצעניסענע לייווואַנדענע פּליודערען. יענער האָט גע־זינדיגט, מישענדיג פלייש מיט מילך, האָט ער געגעסען אַ היהנערעל מיט פּוטער, אויך פערטרונקען מיט „נסך", דעם טייערסטען וויין, און זיי — האָבען געגעסען אַ פּיסגע קאָליש, געקאָכט אין אַ פליישיג טעפּעל, מיט אַ מילכיגער לעפעל. און דער וויין, וועלכען זיי האָבען אַ מאָל זיך פאַר־

גונען טרינקען, נאָכדעם ווי זיי האָבען איהם נעמאַכט „נסך" דורך דעם אָנריהרען פון אַ גוי, איז נעווען ראָזינקעס־ווײַן. דאָס איז נאָך גאָרנישט, זיי פלעגען זיך נאָך אַ מאָל נאָר נוימען צו טאָן אַ עבירה, חאַטש יי אין פריקרע, אַקעגען זייער נאַטור, ווי אַ שטײנער, עסען ראַקעס.

אַ העכערער גראַד פון דעם מיטעלסטען סאָרט זענען געווען די געהויבענע אַקציזניקעס — „אופראַווליאַיושטשעס", אַ שטײגער, וואָס איטליכער אין זײַן אָרט איז געווען אַ גרויסער פריץ, געהאַט צוזאָגען איבער אַלסדינג, וואָס שײַך צום אַקציז. אויך רעוויזאָרען, שרײַבערס, בוכהאַלטערס, סעקרעטאַרען אין די קאַנצעלאַריעס און אין דער הויפּט־קאַנטאָר פונ'ם אָדון איבער אַלע אדונים, פריץ איבער אַלע פריצים, פונ'ם אַרענדאַר, הגביר הגדול והנורא — פון איהם אַליין! מײנסטענס זענען די דאָזיגע געוועזען פאַרשטענדיגע, געבילדעטע, אָרענטליכע. לײַטישע מענשען.

אָט די דאָזיגע אַלע מיני אַקציזניקעס, פון קלײן ביז גרויס, זיי זענען עס די טאַטעס פון דער „השכלה" אין דעם פריהערדיגען דור.

און מיט די קינדער זײערע, די משכילים הײסט עס, איז געווען אויך דאָס אײגענע וואָס מיט די טאַטעס, די אַקציזניקעס. צווישען די משכילים איז אויך געווען אַ ערב־רב, אַ אויסמישעניש פון אַלע מינים — משכילים מיט פולע, נגעשטאָפּטע קעשענעס און לעדיגע מוחות, פון סוחרים, „פּאָדריאַדטשיקעס" וכדומה. אויך משכילים פון מלמדים געוואָרענע לעהרער אין די שולען, וואָס פלעגען אויסלעהרנען מיט די שילער די ערשטע פרשה בראשית אין אַ שטיקעל „חיי אדם" מיט'ן „דײַטשרישען איבערזעץ", משטײנס־נעזאָגט. חלילה, זאָגען „ברא" בעשאַפען, נאָר „שוף". דאָס זענען געווען די אַפּיקורסים, די חקרנים, די „בעל־לשון'ס" אין יענער צײַט. אויך איז געווען משכילים בטלנים, וואָס פלעגען זיך קרימען אויף פּיוטים, אויפּוויזענדיג אין זיי פעהלער. פאַרברײַנגען די גאַנצע צײַט זײערע אויף אײַנבײַסען אַ האַרבען פסוק, אַ קרײַטיש שטיקעל אגדתא, געבען מײנסטענס צו־פאַרשטעהן זײערס אַ אויפטהו מיט משלים פון דעם שטײגער פּיה־גנג אין דער וועלט און פון דער פּאָליטיקע. די מגילה — דאָס איז פאַר זיי געווען אַ אָרט, אַרײַנצולײגען דאָרט טיפע כונות אין די ווערטער פון המן און אחשורוש, געגריבעלט זיך מיט אַ

קוועטש אין איטליכס וואָרט פון מרדכי'ן אין אסתר המלכה און עס דערקלערט שכל'דיג על-פי חכמת הפאָליטיקע עף-עף! פון „כפרות שלאָגען" האָבען זיי נישט אַזוי געהאַלטען, פלעגען איבערהיפען געוויסע שטיקלעך „יוצרות" און צובאַמקען יענע, וואָס האָבען פערלאַנגט „רעפאָרמעס" אין דעם שלחן-ערוך.

פונדעסטוועגען בעדאַרף מען נישט אַזוי גרינג אַוועקמאַכען די משכילים פונ'ם פריהערדיגען דור, מען מוז געדענקען די צייט, ווען, און דאָס אָרט, וואו זיי האָבען געלעבט. עס מעג זיי ביי-שטעהן אויך דער זכות, וואָס ווען נישט זיי, וואָלטען היינטיגע חכמים, אין אונזער צייט, זיך נישט גענומען אויף דער וועלט. און איהר, בייזע צינגער, אָנשטאָט צווידלען, צונישט מאַכען יענע, וואָס אַ מאָל, זידעלט בעסער די, וואָס היינט. וויפיעל, אַ שטייגער, משכילים-עמי-הארצים, אויסגעלאַסענע, בטלנים, האָט איהר אַייך אי אַצינד אין איערע צייטען. מילא אויף די אַמאָלדיגע איז נאָך דאָ אַ תירוץ — מענשען זענען דאָס איינגע וואָס אַ שטארק צונויפגעשטיקטע לופט, אַ שטייגער, צו אַין זייט. ערגיץ עפּיס, ווי באַלד עס שפּירט זיך אַ מינדסטע עפנונג, טהוט זי זיך אַ שטופ מיט איספעט, פער-פליהענדיג פריי העט ווייט צו דער אַנדערער זייט. האָט פונ'ם בית-המדרש צו דער „השכלה" זיך געעפענט אַ ביסעלע די טיר, האָבען יודישע קינדער אַ לאָז געטאָן זיך ווי די דולע, פערקריכענדיג ווייט. מיט וואָס אָבער קען מען פאַרענטפערען די היינטיגע, וואָס די-טיר צו דער השכלה איז נישט געווען פערשלאָסען קיינמאָל פאַר זיי? די פריהערדיגע זענען געווען פערפיהרט אומגערן, ניט-וויסענדיג, און די היינטיגע — מאַקי ווייסענדיג. און נאָך אַלע זאַכען זענען דאָך נישט אַלע אין יענעם פריהערדיגען דור געווען פערדאָרבען, חלילה. ווי צווישען די אַקציזניקעס האָבען זיך געפונען איינצעלנע לייטישע מענשען, אַזוי אויך צווישען די משכילים. פיעל גרויסע לומדים, חכמים, געלעהרענטע, זענען פון זיי אין יענער צייט געווען, בע-ריהמטע שריפטשטעלער, פּאָעטען, וואָס מאַכען כבוד זייער דור יודען, און די שפּעטערדיגע דורות.

און איהר, חכמים פונ'ם נייעם דור, בעריהרט ניט דעם כבוד פון די חכמים פונ'ם אַלטען דור דערפאַר, וואָס זיי האָבען נישט געהאַט צוטאָן איבער אַ זאַך, ווי בית-שמאי מיט בית-הלל, אַשטייגער, איבער אַ איי, וואָס איז ערשט נולד געוואָרען איצט. אין

פערלויף פון פערשיעדענע ציימען וועלען נייע געדאנקען און אנדערע בעדערפנישען נולד ווערען ביי איזערע קינדער, נאך אייך. מעגליך, אז יענע קינדער אין זייער צייט וועלען אויך לאכען פון די טאטעס, פון זייערע חקירות און זייערע חלומות. איטליכע צייט איז מיט איהרע פויגעלעך. נייע פויגעלעך — נייע לידלעך!...

---

# דאס פינפטע קאַפּיטעל.

די מעשה מיט שמואליק דעם טאַנדעטניק, זי בעווייזט אויך זעהר גוט, ווי נאָך טיזענטער אַזעלכע בעווייזען, אַז אַ יוד בעדאַרף אָננעהמען פאַר ליעב איטליכע מכה, איטליכען קלאַפּ, אי אַ פּאַטש אויך, אפילו ווען עס מהוט איהם שטאַרק וועה; ער בעדאַרף גלויבען, אַז דער פּאַטש איז, נישקשה, ניט אומזיסט, נאָר פון זיין טובה וועגען, אויב נישט באַלד אין דער הייסער מינוט, איז שפּעטער. ווי עס זעהט־אויס, איז שוין, אַ־פּנים, דעם יודען אויבען אַזוי אַגנײַשריגען ביי'ם נעבוירען־ווערען, אַז ער זאָל ניט האָבען קיין לעק עולם־הזה אָהן צער און יסורים. דעם יודענס מזל ליגט אין אַ האַרטער כפול־שמונה'דיגער שאָלעכטס, ווי דאָס קעריל פון אַ נוס, וואָס קומט אָן זעהר שווער צודערטאַפּען עס ביז מען ברעכט ניט שיער אויס די ציין קנאַקענדיג.

שרעקליכע וועהטאָגען האָט שמואל'ק, נעבעך, נעליטען יענע נאַכט, אי האַרצוועהטאָג, אי וועהטאָגען פון די קלעפּ, וואָס ער האָט געחאַפּט, נאָר ווען ניט זיי, וואָלט ער דאָך ניט זוכה געווען צוהאָבען דעם כבוד, אַז מיכאל ספיר, דער עלטסטער גבאי פון אַלע אַקציזניקעס אין וואָהלינער גובערניע, זאָל זיך מיט איהם אָבגעבען, אַריינגעהמען צו זיך אין דער קאַרעטע איהם מיט זיין משה'לען און אָבפיהרען זיי ביידע אין בקור־חולים. און ס'איז באמת אַ כבוד, אַ גרויסער כבוד, וועלכען צווישען איז אין שטאַנד נאָר אַזעלכער, וואָס איהם איז גוט בעוואוסט דער שטייגער לעבען פון אונזערע יודען אין היגען ווינקעל, זייער פיהרונג און מינהגים אין יענע צייטען

אונזערע זיידעס האָבען געגלויבט: דאָס גאַנצע לעבען אויף דער

געלט איז נאָר צוליעב יענער וועלט. „דער מענש ווערט געבוירען אויף מקיים צוזיין מצוות לשם־שמים און שטאַרבען דאָ כדי צולעבען דאָרט“. דעריבער איז אַלסדינג, וואָס ער געברויכט דאָ אויף דער וועלט, נישט צוליעב דערהאַלטען דעם גוף און פון זיין הנאה־וועגען, נאָר צוליעב דעם. כדי מקיים צו זיין אַ מצוה. זיי האָבען געגעסען, אַ שטייגער, אין אַ וואָכענדיגען טאָג, כדי צו מאַכען „המוציא“ און בענשען, און שבת אויך כדי מקיים צוזיין „שלש־סעודות“. האָבען פערזוכט זומער די פירות כדי מאַכען ברכה מיט אַ „שהחיינו“. וויין האָבען זיי געטרונקען פסח מקיים צוזיין אַרבע כוסות. זיי האָבען חתונה געהאַט ניט ווי אַלע אַנדערע לייט, נאָר אויפ׳ן יודישען שטייגער, כדי מקיים צוזיין די ערשטע מצוה. אין באָד זענען זיי געגאַנגען, נישט זיך צוליעב, נאָר לכבוד שבת, לכבוד יום־טוב. מיט׳ן נעגעל־וואַסער און די הענד וואַשען זענען זיי ניט אויסען געווען אַזוי דעם פוץ, דאָס ריינקייט, ווי די ברכה, „על נטילת ידים“, דעם „אשר יצר“. און אַ פשיטא־שיין ניט קיין נויטיגע זאַכען, וואָס גלאַט שען פאַר דעם אויג וכדומה נאָך אַזוינע תענוגים — דערפון האָבען זיי כלל וכלל ניט געהאַלטען. זאָקען, ליינווענדענע תחתונים, אַ טלית־קטן און אַ קאַפּאָטע, איינע אַ וואָכענדיגע און איינע אַ שבת׳דיגע, אָט דרינען איז בעשטאַנען זייער גאַנצע גאַרדעראָבע. יודען זענען נישט קליין געווען געהן צופוס, נישט האָבענדיג קיין קאַרעטעס מיט פערד. זענען אויסגעקומען אין שטוב אָהן שענע טייערע מעבעל, אָהן פּאַרקעטען און מירמעלשטיינערנע זיילען, אָהן שווייצאַרען מיט טרעסטען, מעשענע קנעפּלעך און אָהן גלעקלעך ביי די טירען. די טיר איז געשטאַנען אָפען, ווער עס האָט בעדאַרפט, איז פריי אַריין. איז יענער פערגאַנגען העט אַהין צום בעל־הבית, צו דער בעל־הבית׳טע אין שלאָפצימער, איז אויך געווען נישקשה. אין יענער צייט זענען ניט געווען בנמצא קיין יודישע „טשינאָווניקעס“, קיין ראַבינער, קיין סטראַפּציעס און געשוואוירענע אַדוואָקאַטען, קיין יודען מיט אויבעלעך, מיט אָרדענס און מיט טיטלען, חוץ פרנסי־חדשים און קהל׳ס־לייט: שמשים, חאַפּערס, קברנים, מלמדים, ראשי ישיבות, פרושים, כלי־קודש, קבצנים, מקבלים און בטלנים. די צייט איז זיך נעגאַנגען איהר וועג, יודען זיצען זיך וואו זיי פּעגען, גאַנץ יודישליך — די יאַרמולקעס מיט די היטלען אויף די קעפּ, שמיצען געשמאַק, און נאָרנישט! וואָס הערען זיי אַ וועלט? איין יוד שטעלט אַרויס אַ פייג דעם אַנדערען, קליין און גרויס אַלץ איינס, כל ישראל אחים — אַלע גלייכע פריצים!... דאָרט ביי זיך,

אויף דער יודישער גאַס, זענען יודען טאקי בני־מלכים, פּרינצען, האָנאָ־רעוואַטע. אָבער ביי׳ם אַרויסגעהן אין דער וועלט, צווישען לייט, לעגען זיי אַוועק אין דער זייט זייער כּבוד, זייער שטאָלץ, בּעקומען, משטיינס־געזאָגט, אַ פּנים פון קנעכט, קניען זיך, בוקען זיך, דערנידעריגען זיך פאַר אַ ליאַדע פריצ׳ל צוליעב דאָס שטיקעל זינדיגע פּרנסה, שטעהען פאַר איהם אָהן אַ היטעל, אַלץ מיט אַ פאַרבּייג, מיט אַ חניפה׳לע, אַ מורא־האָבּענדיג, אַ מבטל־זייענדיג איהם אין האַרצען צוגלייכער צייט.

אין די אַקציזניקעס, אַט די נייע מיני פאַרשווינען דענסטמאָל, זיי זענען עס געווען, קען מען זאָגען, די ערשטע אין דער יודישער גאַס, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט פון אַנדערע מיט זייער שטיינער לעבען, מיט זייער הלבשה, מיט אַל׳ע גיינג און די פיהרונגען זייערע. זיי האָבען עס אָנגעהויבען ווערען „טשינאָוניקעס״, בעאַמטע, העכערע און קלענערע, שטעהענדיג איינע אונטער די אַנדערע און הערענדיג איינע די אַנדערע לויט די שטעלעס. וועלכע זיי האָבען פערנומען. דער עלטסטער, דער גרעסטער פון די אַקציזניקעס, האָט געפיהרט דאָס רעדעל אין זיין גובערניע בגראַנדע, האַלטענדיג יעדען אין דער מורא. זיין הויז איז תמיד פול געווען מיט מענש׳ן — דער איז געקומען בעטען אַ שטעלע, און יענער בעט, מען זאָל איהם פון דער שטעלע זיינער ניט אָבזאָגען. איין שענקער קלאָגט זיך, וואָס מען האָט אַוועקגענומען זיין בראַנפען, און דער אַנדערער בעט רחמים, אַראָבצונעהמען פון איהם דעם קנס, וואָס מען האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט. איטליכער קומט מיט זיינס, אַלע שטעהען אָהן היטלען, וואַרטענדיג אין פאָר־צימער די שעה, וואָס מען וועט רופען איינעם נאָכ׳ן אַנדערן צום אָרון הגדול אין קאַבּינעט. און משרתים, בעדינטע, לויפען ווי די רוחות אַהין־אַהער. נעהען פאַרביי דעם וואַרטענדיגען עולם שווייגענדיג מיט שטאָלץ, און אַז וואויל איז יענעם, וועלכער איז זוכה צוחאַפּען פון זיי אַ וואָרט, אַ בּליק. אַט די דאָזיגע נייע־מאָדנע לייט זענען פאַררעכענט געווען ביי יודעלעך, שוואַכענדיגע, ציטע־רענדיגע, ווי אמת׳ע פּריצים. סטייטש, זיי האָבען דאָך אויך עולם־הזה: זיצען אין שענע דירות, פּאַלאַצען, מיט טייערע מעבּעל, טראָגען אפילו אין דערהאָבען שענע בגדים, פאָהרען אין קאַרעטעס, און דער שליסעל פון פּרנסה איז ביי זיי אין די הענד. מיט אַזעלכע אדונים, אַ קליינינקייט פּנים, איז נים שייך זיך אויפצופיהרען כּמנהג יוד, פּשוט, אָהן צערמאָ־ניעס, אָהן דרך־ארץ, ווי אחינו בני ישראל צווישען זיך. פאַר אַזעלכע

טעג מען זיך דערנידעריגען, בוקען זיך, קושען די הענד, שטעהן אָהן א היטעל און מאַכען זיך עפּר־ואפר, נישקשה!

נאָר דעם גרויסען כבוד האָט מען אַזעלכע אַקציזניקעס אָבגעגעבען צוליעב דער פּרנסה. אין האַרצען האָט מען פון זיי געטראַכט אַנדערש ווי גערעדט מיט׳ן מויל, ווייל זיי האָבען זיך דאָך ניט געפיהרט יודישליך. גאָר עפּיס אַנדערש איז דער הערר מיכאל ספּיר, אַ מענש אַ גוטער, אַ פרומער, די גאַנצע פיהרונג ביי זיך אין הויז איז יודישליך — איהם האָט מען טאַקי נעאַכט, ליעב נעהאַט באמת פונ׳ם האַרצען. ער איז געוועזען אַ געבילדעטער מענש אי אַ וואויל־לערנער, האָט געקענט לשון־קודש, ליעב געהאַט זיין פאָלק און זיך געלאָזט דערקענען מיט געלט צו אַ נויטבעדערפטיגען, צו אַ יודישען מחבר. אַ מחבר אין יענער צייט ביי יודען איז געוועהנטליך געוועזען אַ אָרימאַן, וואָס ער פלעגט שוואַרצען דאָס פּנים, אַרומגעהענדיג פאַרטיילען זיין ספר. אמת, היינט זענען אויך דאָ אַ טייל מחברים קבצנים, נאָך אפשר גרעסערע פון די פריהערדיגע, נאָר די אָרימקייט זעהט זיך ביי זיי ניט אַזוי אַרוים. זייערע ספרים פאַר־טיילען זיי נישט אַליין, נאָר דורך גרויסע שרייענדיגע, אומגעלומפּערטע מודעות אין די צייטונגען. און אויב יודען פאַרשעהמען זיי, קויפען ניט, איז דאָך דאָס פאַרשעהמען יענעם אונטער די אויגען ניט אַזאַ בזיון ווי פאַרשעהמען איהם אין די אויגען. מיכאל ספּיר אָבער האָט זיך בע־נומען פריינדליך מיט אָרימע מחברים, פלעגט גערן נעהמען זייערע ספרים, זעהר שען זיי בעלוינען און אָפט נאָך פאַרבעטען זיי צום טיש. איבערהויפּט איז מיכאל ספּיר געוועזען אַ פריינד פון די משכילים און לעהרער אין די יודישע שולען, וואָס זענען ביים עולם אין יענער צייט נישט בעליעבט געוועזען. ער האָט גערעכענט זיך פאַר אַ שולד, אַריינ־צוגעבען זיין איינציגען זוהן אין דער ראַבינער־שול, וואָס אין דער שטאָדט ז... כדי אַנדערע רייכע לייט זאָלען איהם דרינען נאָכטאָן. און אָט דעם יונגען מאַן, ריבקין, איינער פון די בעסטע ראַבינער־שילער, פון אַ העכערער קלאַס, איהם האָט ספּיר אַריינגענומען צו זיך אין הויז, ער זאָל לעהרנען מיט זיין זוהן. ריבקין האָט געטאָן זיין זאַך געטריי און ספּיר האָט איהם דערפאַר זעהר ליעב בעקומען, זובענדיג תמיד אַ גע־לעגענהייט, פערשאַפען איהם וואָס ס׳איז אַ פערגניגען. גראָד אין יענעם טאָג, ווען די מעשה מיט שמואליק׳ן, האָט מיכאל ספּיר בעדאַרפט צוליעב עסק פאָהרען ניט ווייט אין אַ דאָרף, דער טאָג איז געוועזען זעהר

אַ שענער, האָט ער מיטגענומען ריבקינ'ען, ער זאָל אַביסעל זיך דורכ־פאָהרען אויף דער פרייער לופט.

אמת טאַקי, אַ גרויסער כבוד איז פאַר שמואליק דעם טאַנדעטניק, וואָס אַזאַ מאַן ווי מיכאל ספיר האָט איהם בעפרייט פון די חאַפּערס הענד און אָבגעפיהרט איהם מיט משה'לען אין בקור־חולים; פונדעסט־וועגען איז נאָך אָבער ניט אויסגעמאַכט, אויב שמואליק וואָלט פאַר דעם דאָזיגען כבוד גענומען פון־לכתחילה אויף זיך, צולײדען אַזעלכע שווערע, ביטערע יסורים. אפשר וואָלט ער גאָר געזאָגט: ניט קײן חאַפּערס און ניט קײן בּעפרייער, ניט קײן מכּה און ניט קײן רפואה, ניט קײן וואונדען און ניט קײן בקור־חולים. איז דען טאַקי ניטאָ בײ אונז אַזוינע קבצנים, עזות־פנים'ער, וואָס פאַרגעסענדיג דאָס גוטס, וועלכס מען טהוט זיי, טרעטען זיי אַרויס אַקעגען אַלע אונזערע גבאים און יענע מיני בעלי־טובות מיט אַ ליאַרם, אַ געשריי: פיל גלייכער וואָלט געווען פאַר אונז און פאַר כל־ישראל, אַז איהר וואָלט גאָר ניט געבוירען געוואָרען!... מילאָ, בכן וואָלט כבוד נאָר אַליין ניט גענוג געווען פאַר שמואליק'ן, ווען מיט דעם כבוד צוגלייך זאָל זיך ניט געווען אויס־דרעהען פאַר איהם אויך אַ גוטע נוצליכע זאַך.

# דאס זעקסטע קאפיטעל

נישט אזוי גיך איז שמואליק אויסגעהיילט געוואָרען פון די וועה־טאָגען זיינע. אז זיין משה׳לע איז אַרויס פונ׳ם בקור־חולים געזונט, איז ער נאָך געלעגען מסוכן קראַנק, און אַ לאַנגע צייט ניט אַראָב פונ׳ם בעט. אין דער צייט, ווען דער דאָקטאָר אין בקור־חולים האָט זיך שטאַרק אָבגעגעבען מיט איהם, בזכות מיכאל ספיר, היילען דעם צע־בראָכענעם גוף זיינעם, האָט ריבקין, דער ראַבינער־שילער, זיך שטאַרק אָבגעגעבען מיט משה׳לען, היילען איהם זיין נפש, בילדען איהם הייסט עס, אויסלערנען איהם לייענען ביכלעך און שרייבען. געטאָן האָט עס ריבקין נאָר פאַר רחמנות — ער האָט געזעהען אַ אָרים־בחור׳ל, אַ קראַנקס, נעבעך, איז איהם דאָס הארץ פאַרלויפען מיט בלוט קוקענדיג אויף איהם. אַלע טאָג פלעגט ער קומען איהם מבקר־חולה זיין און זיך ניט דערוויי־טערט פון איהם נאָכדעם אַז ער איז רעכט געזונט געוואָרען. און לסוף, געפינענדיג אין איהם גוטע מעלות, אַז ער האָט אַ גוט קעפעל צום לערנען, האָט ער איהם שטאַרק ליעב בעקומען, געלויבט איהם אין טאָג אַריין. מיכאל ספיר האָט זעהר הנאָה געהאַט, וואָס דורך איהם איז אַרויס אַ ישועה אַ וואויל קינד, און זיך בעטראַכט, העלפען אַזאַ בחור׳ל און אַריינגעבען איהם אין דער ראַבינער־שול, ער זאָל ווערען מיט דער צייט אַ ניצליכער, אַ פאַרטיגער מענש. צו־צוגרייטען איהם האָט זיך אונטערגענומען ריבקין און געלעהרענט מיט איהם געשמאַק.

מיט דער נייער תורה האָט אָנגעהויבען אין משה׳לען צו־יאוירען און אויפגעהן עפּיס משונה נייע געדאַנקען — אַזאַ יאוירען, וואָס ווערט אין טייג און אויך אין אַ פאַרזייהט קערענדיל, אויפבורענדיג אַלע טייל־

כלעך אין איהם, און וואָס אָהן דעם איז דאָס שפּראָצען און וואַקסען ריין אוממעגליך. די תורה פון דער „השכלה“ האָט, ווי זויערטייג, אָנ־געמאַכט אַ האַלעבורדע אין משה'לעס האַרץ, אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין זיינע געדאַנקען; זאַכען גאַנץ קלאָרע פריהער, הערען־אויף קלאָר צו־זיין אַצינד. וואָס גוט וואָס שלעכט, וואָס שען וואָס מיאוס, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט איז איצט ביי איהם די שאלה, אויב ס'איז אַזוי. פאַרצייטיגע חכמים קומען ניט צו די היינטיגע, אַלטע געהען אַראָב פון'ם מאַרק — אָבער אַזוינס דויערט ביי איהם נישט לאַנג. דאָס לערנען קינדרווייז אין חדר; דאָס זיצען און לערנען שפּעטער אין בית המדרש, אונטער דער השגחה פון'ם ליעבען רב אברהם'ן; דאָס בּיינקען נאָך טאַטע־מאַמע, פאָרשטעלענדיג זיך ווי עס האָט זיך ביי זיי געלעבט, ווי ס'איז צוגעגאַנגען די שבתים און ימים־טובים — אָט דאָס איז איהם ביי־געשטאַנען בשעת דאָס יאווירונג אין איהם, אַז עס זאָל געהן ריכטיג, און די נייע וועלט זיינע זאָל זיין געבויעט אויף דעם פונדאַמענט פון דער וואָס אַ־מאָל. דערצו נאָך האָט דאָס מזל איהם אויך געדינט, צושיקענ־דיג איהם אַ גוטען רבּי'ן, ווי ריבקין, און אַ גוטען חבר, ווי מיכאל ספּיר'ס זוהן — ביידע געזעצטע, מיט אַ גוטער אויפפיהרונג, וואָס האָבען דערמיט אויף משה'לען גוט געווירקט. משה'לע בילדעט זיך, וואַקסט, וואַקסט מיט דער צייט, ביז ער פּיקט זיך אויס ווי אַ היהנדעלע, וואָס עפענט די אויגען און דערזעהט פאַר זיך צום ערשטען מאָל די וועלט, גלייך ווי זי איז אויך ערשט בעשאַפען געוואָרען!

אַ היבשע צייט איז שמואליק אַוועקגעלעגען אין בקור־חולים און אַז ער איז אַרויס פון דאָרט איז ער נאָך אַלץ צו די קרעפטען ניט גע־קומען, און נעשטיצט פון גוטע מענשען איז ער פאַרבליבען אין ז... ביז ער וועט אינגאַנצען געזונט ווערען און זיין אין שטאַנד צו־אַרבּייטען.

שמואליק זעהט זיין זוהן אַרומפיהרענדיג זיך מיט שילער און האָט הנאָה, טראַכטענדיג ביי זיך: דאָס זענען אַוודאי ישיבה־בחורים, מיט וועלכע ער לערענט צוזאַמען אין בית־המדרש, זיי האָבען זיכער אָנ־געשמעקט אין איהם, ווי גוט ער קען די גמרא און איטליכער האַלט פאַר אַ כבוד צוזיין מיט איהם חבר. דאָס איז געווען שמואליקס איינציגע טרייסט אין זיין ביטערער לאַגע, פאָרשטעלענדיג זיך אַלץ, ווי דער שטיי־גער זיינער איז תמיד, דאָס גרויסע גליק, וואָס דערוואַרטעט איהם שפּעטער, אם־ירצה־השם. עס דאַכט זיך איהם, דער זוהן איז אַ רב

ערגיץ בײ יודען, ער זיצט מיט ברײטקײט אויפֿ'ן בײנקעל, דײנים מיט
דעם שמש אַרום איהם, די טיר בײ איהם אין שטוב מאַכט זיך נישט-צו
פֿונ'ם עולם מענשען, וואָס געהען צו איהם, דער מיט אַ דין-תּורה, דער
מיט אַ שאלה, דער אַזוי, יענער אַזוי, אַלע בענשען זיך מיט איהם
און זאָגען: אַז-וואויל איז אײך, רבֿ שמואל, וואָס איהר האָט זוכה גע-
ווען בײ גאָט צוהאָבען אַזאַ זוהן

און ווי שמואליק טרײסט זיך דאָ אַזוי מיט גוטע האָפֿנונגען אויף
שפעטער, מיט אַ-מאָל קומען איהם צו די אויגען עפּיס ביכלעך, ניט
קײן כשר'ע, וואָס משה'לע האָט, נישט-וויסענדיג, זײ אין שטוב פֿאַר-
געסען. דערזעהענדיג זײ איז איהם פֿינסטער געוואָרען אין די אויגען!
געוואַלד, רבונו של עולם, משה'לע זײנער, פֿאַר וועלכען ער האָט זיך
אַזוי מקריב געווען, אויף וועלכען ער האָט דעם לעצטען גראָשען רבי-
געלט אויסגעגעבען, צולערנען איהם תּורה — סטײטש ער, משה'לע,
זאָל אַזוי פֿאַרפֿיהרט ווערען, אַרײנקוקען אין די טרפה-פסל'ן! דאָס גאַנצע
לעבען זײנס איז ער ווי אַ הונט אַרומגעלאָפֿען איבער די גאַסען, זוכענ-
דיג דאָס שטיקעל ברויט, שוואַרצענדיג זיך דאָס פּנים, און די גאַנצע
האָפֿנונג זײנע איז געווען דער זוהן, ער וועט עם איהם שפּעטער אָנ-
טאָן כבוד, צוטײלען גליק און גרויס נחת — הײנט אַז דער זוהן זײנער
איז אַראָב פֿונ'ם רעכטען וועג, איז דאָך אויס אַלע האָפֿנונגען, וואָס-זשע
טויג איהם אַצינד גאָר דאָס לעבען, זײן הינטיש-לעבען? חרב געוואָרען
איז זײן וועלט מיט אַלע גוטע זאַכען, וועלכע ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט
אויף שפּעטער; אונטערגעגאַנגען איז דער ליכטיגער שטערען פֿון
טרײסט, וואָס האָט איהם געשײנט, געפֿינקעלט פֿונדערווײטענס — וויסט
און פֿינסטער איז איהם!

דעם עולם'ס וואָרט: „אָדם קרוב לעצמו“, איטליכער מײנט זיך,
איז געזאָגט געוואָרען אויך אויף דער ליעבשאַפֿט פֿון טאַטעס צו קינדער.
ווי גרויס און שטאַרק ס'איז די מיה פֿונ'ם פֿאָטער צום-גוטען פֿאַר די
קינדער, איז דרינען דאָ, מעהר אָדער ווייניג, זײן אײגענער אינטערעס —
האָבען כבוד פֿון די קינדערס כבוד, זײן בעריהמט דורך זײער רוהם,
שטאָלץ און גרויס דורך זײער גרויסקײט. דאַריבער אַז שמואליק דער
טאַנדעטניק האָט דערזעהען, אַז זײן זוהן איז אַוועק אין אַ שלעכטען וועג
און צעשלאָגען זײנע האָפֿנונגען, האָט עס געהײסען בײ איהם אַזוי פֿיעל,
ווי ער בעגזלט איהם, נעהמט בײ איהם צו אַלסדינג וואָס ער האָט גע-

מיינט האָבען דורך איהם שפּעטער — נו, איז אוים רחמנות, און ער ווערט אויף איהם אין כּעס, פלאַם־פייער.

שמואליק איז שטאַרק אָנגעלאָדען און וואַרט, אַז משה׳לע וועט קומען, וועט ער אויסלאָזען צו איהם דעם גאַנצען צאָרן.

משה׳לע איז געקומען — און מיט איהם צוגלייך ריבקין.

— אַ היים לאָמיר פאָהרען, קיין גלופּסק! — טהוט שמואליק אַ געשריי אויף משה׳לען, רויט ווערענדיג פאַר כּעס ווי אַ אינדיק.

משה׳לע בלייבט שטעהן צומישט, נישט צופאַרשטעהן וואָס דאָס געשריי בעטייט.

— קיין גלופּסק! — שרייעט שמואליק, ציטערענדיג מיט אַלע אברים.

משה׳לע רוקט זיך אָב אין דער זייט אָהן לשון פאַר גרויס וואונדער, אַ שרעק, און ריבקין ענטפערט אָב אָנשטאָט איהם:

— רב שמואל, קיין גלופּסק וועט אייער זוהן ניט פאָהרען!... דאָ, אין דעם אָרט פון תּורה, וועט ער בלייבען און מען וועט איהם געבען אַלע זיינע בעדערפעניש.

— און מען וועט איהם געבען אַפּיקורסישע ביכלעך — מאַכט שמואליק מיט גאַל, שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ, — אַפּיקורסישע ביכלעך, האַ, וועט מען איהם געבען, אַראָבפיהרען איהם פונ׳ם וועג!...

— טאַטע, וואָס רעדסט־דו?!...

— שטום! מיך נאַרען מיינסט־דו? אָ, ניין! איך האָב, נישקשה, געפונען די ביכלעך, דיינע ביכלעך, האָב געזעהן, געזעהן...

— וואָס געזעהן? — פרעגט איהם ריבקין.

— געזעהען, אַז דאָס זענען די אַפּיקורסישע ביכלעך.

— איהר האָט אַ טעות, רב שמואל! אַ גראַמאַטיקע אַ יודישע אַ רוסישע און אַ געאָגראַפיע האָט איהר געזעהן!

— צו־וואָס? איהם צו־וואָס טויגען אַזוינע ביכלעך?

— סטייטש, צו־וואָס?! יודיש, לשון־קודש הייסט עס, מוז ער קענען, ער איז דאָך אַ יוד. רוסיש מוז ער אויך, דאָס איז דאָך די לאַנדס־שפּראַך. וואו ער זיצט, און קענען די וועלט־בעשרייבונג מוז ער אויך, ער איז דאָך אויך עפּיס אַ מענש. איהר פאַרשטעהט, רב שמואל, דאָס אַלסדינג איז אַ מוז!

— נאַט אייך אַ מוז! אַ נייער „מוז״, וואָס שטעהט ניט אין די צעהן געבאָט. מיר, אין גלופּסק, האָבען עס ניט געהערט. די גלופּ־

סקער לעבען, ברוך־השם, אָהן דעם געבאָט אויך. האָבּן עס ניט גע־קענט אַ מאָל, קענען עס ניט היינט און זענען פונדעסטוועגען כשר'ע יודען, פיינע מענשען און שענע סוחרים לכל־הדעות, קומט איצט משה'לע מיינער און מאַכט עס אויף זיך פאַר אַ הייליג געבאָט!

— יאָ, דאָס מוז ער אויך צוליעב דעם — זאָגט ריבקין מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּען — אויך צוליעב דעם מוז ער עס, כדי אַריינצוטרעטען אין אונזער בית־מדרש — אין דער ראַבינער־שול.

— אוי, אַז־אָך און וועה צו אַזאַ בית־מדרש, אַז־אָך און וועה צו זיינע רבנים, משטיינס־געזאָגט, און אַז־אָך און וועה צו מיין זוהן, וואָס פאַרלאָזט אונזער בית־מדרש און געהט אַריין אין זייערען, להבדיל!... וואַרף אַוועק דיינע גיינג, מ ש ה, און קום צוריק קיין גלופּסק!

— אייער זוהן אָבער איז דאָך אַ שלאָפינקער, נעבעך, און בע־דאַרף האָבען, א י ן ל ע ב ע ן א ר י י ן, אַ גוטע נאַהרונג — זאָגט ריבקין מיט אַ געבעט, צודערוועגען אין דעם טאַטענס האַרץ רחמנות אויף זיין קינד — זעהט, וויפיל ער האָט געליטען, נעבעך, אין זיין לעבען: מאַנגעל, יסורים און לייד, און ווי בלייך ער איז, וואָס פאַר אַ פּנים, נעבעך, ער האָט פון די מכות, וועהטאָגען, וואָס ערשט נישט לאַנג. און איהר טאַקי אַליין, רב שמואל, זייט דאָך, נעבעך, אויך ג אָ ר א ו י ס מ ע נ ש, נישט געקומען נאָך צו די קרעפטען, נישטאָ קיין כח צוהאַנדלען. וואָס־זשע פאָרט וועט איהר טאָן אין אַ י י ע ר גלופּסק, מיט וואָס וועט איהר דאָרט מפרנס זיין אייער ווייב און קינדער.

שמואליק טהוט אַ קרעכץ און טרערען שטעלען זיך איהם אין די אויגען. ריבקין בענוצט זיך מיט דער גוטער מינוט, לייגט אַרויף די האַנד שמואליק'ן אויפ'ן אַקסעל און זאָגט:

— בערוהיגט־זיך, רב שמואל, און בלייבט דאָ, ביז איהר וועט רעכט געזונד ווערען. הייבט אויף די הענד מיט אַ לויב צום הימעל, דאַנקט דעם אויבערשטען, וואָס ער האָט אייך צוגעשיקט אין דער נויט אַזאַ גוטען טייערען מענשען, ווי מיכאל ספּיר. נישקשה, ער וועט אייך ניט פערלאָזען. איהר פאַרשטעהט?... איהר וועט נאָך זוכה זיין צולעבען, אם־ירצה־השם, פון פיעל גוטס און נחת. אייער זוהן וועט ענדיגען די שול, בעקומען אַ גוטע, איינטרעגליכע ראַבינער־שטעלע — און עס וועט מיט דעם אויבערשטענס הילף גוט זיין אייך ביידען.

הלואי, מען זאָל ניט געפּרופט װערען װאָס שמואליק דער טאַנ־דעטניק איז אױסגעשטאַנען אין יענער מינוט צייט. דער יצר־טוב מיט דעם יצר־הרע האָבען בײדע זיך געראַנגעלט אין איהם, איטליכער קומט מיט זײנס. דער פון דער רעכטער זייט שטעלט־פאַר שמואליק'ן אַ ר ב, אַ דאַרען־מאָגערען מיט אַ געקנײטשט־בלײך פּנים'ל, װאָס פאַסט תעניתים, זיצט אין טלית און תפילין און לעבט פון ר ו ח נ י ו ת, מאַכענדיג דער־בײ צו שמואליק'ן: אָט דאָס איז אַ לײט, אַז־װאױל איז איהם! און יענער פון דער לינקער זייט שטעלט שמואליק'ן פאַר אַ ר אַ ב י נ ע ר, אַ דיקען־פעטען מיט אַ בײכעל, טרינקט און עסט פאַר צעהן, שפּילט אין קאָרטען און לאָזט זיך־צו עולם־הזה, מאַכענדיג דערבײ: אָט אַזעלכען געהט עס גוט אויף דער װעלט! אײנער זאָגט: מײן רב איז שטאַרק געהויבען אין זײן אָרט. און דער אַנדערער זאָגט: מײן ראַבינער איז אַ תקיף אַין די הויכע פענסטער דאָרט. דער זאָגט: נעהם דײן זוהן און געה קײן גלופּסק. זײ אַ שמאַטניק, האַנדעל מיט שמאַטעס און מײד־אױס די משכילים. װאָס טויג זײער עהרליכקײט, זײערע חסדים, אַז דעם רבונו של עולם איז ניט ליעב זײער יודישקײט. און יענער זאָגט: פע, גלופּסק לאָז די גלופּסקער, שמאַטעס — די שמאַטניקעס און דו בלײב דאָ. דאָ איז אַ האָפנונג, דו זאָלסט געהאָלפען װערען. דער רעכטער זאָגט: אַז װאױל איז דעם רב מײנעם, אַי־אַי, װעט ער עס אויף יענער װעלט האָבען אַ חלק עולם־הבא! און דער לינקער זאָגט: אַ כפּרה דײן רב פאַר מײן ראַבינער, דײנעם װעט דער יונגער דור ניט װעלען קענען און מײנער װעט האָבען עולם־הזה אי עולם־הבא דאָ בײם לעבען — שמואליק שלאָגט זיך אין דער דעה און שטעהט װי אַ גולם, ניט אַהער, ניט אַהין.

— האָב ניט מוראָ, טאַטע! — בעט זיך משה'לע בײם פאָטער אויף אַ ציטערדיג קול, װערגענדיג זיך מיט טרערען — זײ זיך ניט אַזױ מצער פאַר מיר, טאַטע, און לאָז מיך דאָ לערנען. פון אַלסדינג, װאָס מיט אונז האָט דאָ פּאַסירט, זעהט אויס, אַז דער אױבערשטער װיל מסתמאָ אַזױ.

משה'לעס װערטער טהוען אַ קאַפּעלע אַ בױג שמואליק'ן צו יענעם פון דער לינקער זײט. ער טאַפּט זיך בײ דער פּאָה און זאָגט שטאַמלענדיג:

— און װאָס װעט אָבער זײן מיט דײן יודישקײט?

— נישקשה, זי װעט זײן בײ מיר דאָס אײגענע װאָס אין גלופּסק.

— איהר מיינט, רב שמואל — רופט זיך אָן ריבקין, אונטער־העלפענדיג משה'לען — איהר מיינט, אַז דאָס יודישקייט איז געגעבען געוואָרען נאָר די גלופסקער, און ווען ניט די גלופסקער איז, חלילה, אויס יודישקייט. אַ טעות, כ'לעבען, רב שמואל!

— און די גלופסקער גלופסקער יודען, זיי וואָס וועלען אויף דיר זאָגען? — רעדט שמואליק ווי צו זיך אַליין, נישט רעכט הערענדיג ריבקינס ווערטער, און אַ צורה פון אַ רב שטעלט זיך איהם פאָר אין־געדאַנק, אַ צורה אַ פינסטערע, אַ בייזע.

— אַז־אָך און־וועה דעם יודישקייט, אַז דערמיט וואָס עס זיפּעט האָט עס צופּערדאַנקען נאָר די גלופסקער — זאָגט ריבקין, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — אַ שען פּנים, כ'לעבען, וואָלט עס געהאַט! אָט דאָס איז טאַקי די גאַנצע צרה, וואָס איהר, און נאָך אַ סך אַזעלכע ווי איהר, ווילט אין אַלסדינגג, וואָס איהר טהוט, נאָר יוצא זיין פאַר אייערע גלופסקער. די זאַך אַליין, צי איז זי גוט, אָדער שלעכט, געהט אייך ניט אָן צו־וויסען, אייך געהט נאָר דרינען, וואָס וועט דער גלופסקער עולם דאַרויף זאָגען... אָט, כ'לעבען, רב שמואל, פאַרגעסט זיך אין זיי און אויך אין אייערע שמאַטעס! דער הערר ספיר וועט אייך געבען אַ שטעלע, איהר וועט זיין אַ אַקציזניק און משה'לע אייערער — ראַבינער.

דער רב ווערט פאַרשוואונדען, לאָפּנעט חי אַ זייפענבלעזעל, און אַ ראַבינער אין דער מענדע־ווערענדע ווייזט זיך אויף זיין אָרט — שמואליק בעטראַכט זיך, גיט־נאָך, מאַכענדיג:

— טאַ!...

# דאס אכטע בוך.

## דאס ערשטע קאַפּיטעל.

דאָס דאָרף נ... איז איינס פון יענע שענע ערטער אין וואָהלינער גובערניע, וואָס דער רבונו של עולם, דער מייסטער פון דער וועלט, האָט זיך געפלייסט צו־צוגעבען זיי בעזאָנדערס אַ געטליכען חן, און גע־וואָלט אויסדרוקען מיט זיי, ווי מיט אותיות, רוה, פאַרגניגען, וואָס זענען איהם געלעגען אין געדאַנק. אויב די קאַווקאַזער און שווייצער הויכע בערג דרוקען אוים די גבורות הבורא, קוקען אויף דיר אַראָב מיט שטאָלץ, אַ שרעק, סכנות גאָר צוטרעטען אויף זיי, און אויב דער רוי־שענדער ים מיט זיינע אויפגעטורעמטע פאַליעס דערצעהלען רעש'נדיג גאָטס שרעקליכע וואונדער, איז די בערגלעך דאָ אַרום דעם דאָרף גריסען דיר גאָר פריינדליך, פאַרבעטען דיך ליבליך, קומען צו־גאַסט און אויסציהען זיך אויף זיי וויפיל דאָס האַרץ גלוסט. די שטילע גרינע טאָלען דאָרט גיבען דיר אונטער חשק — קום, פעטער, לייג זיך אויפ'ן גראָז און לאָז דיר־צו אַביסעל פאַרגניגען. אויך דאָס טייכעל לויפט, דרעהט זיך דיר פאַר די אויגען, דאָרט אויף דער לאָנקע, שפּילענדיג זיך אין בעהעלטעניש — אָט בעהאַלט זי זיך צווישען דעם טשערעט, ווערט פערשווינדען, און אָט שפּרינגט זי פון דאָרט אַרויס, ווייזענדיג זיך פאַר דיר מיט דעם גאַנצען פוץ: מיט בריליאַנטען, גילדענע פליטער־לעך — מתנות, וואָס די זון, די ליעבע מחותנת'טע, גיט איהר, קושענ־דיג, שפּיגלענדיג זיך אין איהר. זי ווינקט דיר, קנייטשלענדיג זיך, אונטערמורמלענדיג שטיל — און דו צענאַרטעלסט זיך, און, ווי די מאַמע

האָט דיך געהאַט, אַריין צו איהר, אָבפרישען זיך מיט גרויס חשק! עס שטעהט פאַר דיר דאָרט אַ וואַלד, בוימער־סאָסנעס, הויכע אין הימעל אַריין; די געדיכט פערוואַקסענע קעפ פאַרפלאָנטען זיך אינאיינעם, אויס־מאַכענדיג איין געוועלבט קופאָל אויבען; די גלאַטע שטאַמען זייערע זענען ווי הויכע גלייכע זיילען, ווייטליך אָבגעטרעטען איינער פון דעם אַנדערען; דאָס גרינע גראָז ליגט, ווי אַ זיידענער מיט בלימעלעך גע־שפריינקעלטער קאָווייאָר, זיי ביי די פיס. אָנקוקענדיג עס דאַכט־זיך דיר עפּיס נאָר טאַקי אַ בית־המקדש. דאָס שמעקענדיגע סמאָלע פון די בוי־מער — דאָס איז קטורת, דאָס שפּילען פון די פויגעלעך אויף די צווייגען — דאָס איז דער געזאַנג פון די לוים. עפּיס פיהלט זיך דיר אַ הייליגקייט, אַ שטילע־זיסע רוהה, אַ בענקען, אַ ציהען צו אַ לעבען — אין האַרצען אַ הייסע תפילה צו דעם, וואָס לעבט אייביג!...

און אין די דאָזיגע געטליך־שענע געגענדען קומט דער מענש און שטעלט אַ „גאָראַלניע“, אַ בראַנפין־ברענעריי, לכבוד דעם גאָלדענעם קאַלב! דאָס דאָזיגע הויז הויבט אויף מיט חוצפּאָ אַקעגען הימעל די נאָז זיינע, דעם קוימען הייסט עס, פון וועלכען עס זעצט אַרויס אַ רויך, ווייט טראָגענדיג זיך אין דער וועלט אַריין, פאַרשטעלענדיג די שיין פון דער זון און פערשוואַרצענדיג אַלסדינג, וואָס שטעהט איהם אין וועג. די נידעריגע פויערשע הייזלעך זעהען זיך אָן ווי גאָרנישט אַקעגען יענעם הויכען הויז, ווי די אָרימענקע פויערען אַליין אַקעגען דעם פריץ פונ׳ם דאָרף.

יאָ, אַזוי איז עס טאַקי, שענעס און מיאוסעס, גוטס און שלעכטס געפינען זיך איינע אַקעגען די אַנדערע זינט די וועלט שטעהט, און וואָס דער אַלמעכטיגער טהוט אין זיין וועלטעל, טהוט־נאָך דער שטן איהם אַקעגען. מיט וואַסער האָט דער רבונו של עולם בעשטראָפט פאַר־צייטענס די זינדיגע מענשען, איז געקומען דער שטן צו זיי מיט זיין שטראָף—מיט וויין, מיט בראַנפין. און די שטראָף איז נאָך פיעל ערגער פון דער ערשטער. וואַסער — דאָס איז געווען אַ צרה נאָר אויף אַ צייט, פאַר דעם דור המבול, בראַנפין אָבער, דאָס איז אַ צרה אַ אייביגע. נח, דער ערשטער „ערד־אַרבייטער“, דער בעריהמטער פויער אין זיין צייט, האָט געלעבט, ער מיט זיין הויזגעזינד בשלום, ברידערליך אינאיינעם; ווי באַלד ער האָט ליב בעקומען דעם טרונק, געוואָרען שכור, איז גע־שעהען מיאוסע זאַכען... און אָנשטאָט שלום, פריינדליכקייט, ברודער־

שאַפט ווערט אַ דערוואַיטערונג, קריג, פיינדשאַפט צווישען זיינע קינדער, און חם — חם ווערד אַ עבד כנעני, אַ קנעכט צו זיינע ברידער!

פון יענע צייט־אָן ציהעט עס זיך די קנעכטשאַפט און איז געוואָרען אַ צרה, אַ קלאָג אויף דור־דורות!

דעם רעגענבויגען האָט דער אויבערשטער געמאַכט אין וואָלקען צום צייכען, עס זאָל מעהר ניט זיין קיין מבול, די וועלט צופעררארבען, און גאָראַלניעס, שענקען שטעלט דער שטן, שכור צו מאַכען אַ וועלט מענשען. כל־זמן שכרות וועט זיין, וועט אָרימקייט, גראָבקייט, אונווי־סענהייט, געשלעג, אויסגעלאַסענקייט נישט אויפהערען — און חם וועט זיין אַ עבד כנעני צו זיינע ברידער!

אַ לאַנגע אַלעיע צווישען צוויי שורות הויכע בוימער פיהרט פונ׳ם דאָרף נ. . . ביז צום פריץ׳ס הויף, וואו עס געפינען זיך שענע געביי׳ען, פרוכטגערטנער מיט נאָך גוטע זאַכען צום פערגניגען, און העט חייט אַרום ציהען זיך פעלדער, לאָנקעס, וועלדער איבער בערג, איבער טאָלען, וואָס גיבען־צו דעם הויף דעם זיבעטען חן. אָט דאָ וואוינט עס דער פריץ יאַהן, לעבט זיך אָב גוטע יאָהרען.

אין איינע פון די שענע זומערטעג, פאַרנאַכט, איז אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר טייערע פערד געפאָהרען פונ׳ם הויף דורך דער אַלעיע און צו־קומענדיג צום טראַקט ביים דאָרף האָט זי זיך אָבגעשטעלט. אין קאַרעטע זענען געזעסען צוויי פאַרשוינען, די פנים׳ער האָבען זיי געלויכטען, ווי געוועהנטליך נאָך אַ גוטען געשמאַקען מיטאָג. פונדעסטוועגען איז געווען גרינג צודערקענען אין דעם פנים פון איינעם, אַז ער איז אונטערוואָרפיי דעם צווייטען, אַ גרעסערן פון איהם.

— גוט וואָס איך האָב מיך דערמאָהנט! — זאָגט דער גרעסערער פאַרשוין, אַרויסנעהמענדיג פון דער בוזעמקעשעניע אַ פער׳חתמ׳עט ברי־וועל — דאָס בריוועל האָט מיר געגעבען דונאים זוהן צום פאָטער, דעם „אויפזעהער״ דאָ אין קעלער פון בראַנפין, און פאַר כעס אויפ׳ן פּעהלער, וואָס איך האָב בעמערקט דאָרט, איז מיר דאָס בריוועל דער־ווייל אַרויס פונ׳ם זינען.

— איך פאַרזיכער אייך, הערר רעוויזאָר — זאָגט דער אַנדער פאַרשוין מיט אזא מינע, ווי ער פאַרענטפערט זיך — איך פאַרדעק ניט די פּעהלער פון די מענשען, וואָס דינען אונטער מיר. ניט איין מאָל נאָר האָב איך דונאיען געוואָהרענט. וואָס טהוט מען אָבער מיט מענשען,

אַבי ווער אַזעלכע, וואָס בעקומען שטעלעס נאָר ווייל זיי האָבען אַ שטאַרקען צד, אויף וועלכען זיי דופען?

— איבערהויפּט זעה איך, אַז דונאַי פאַרשטעהט זיין זאַך, און ניט זיך מיה צוטאָן זיין שולדיגקייט — זאָגט דער רעוויזאָר, פאַרקרימענ־דיג די נאָז, געבענדיג דערמיט אָנצוהערעניש, אַז די מסירה שמעקט איהם ניט.

— גאַנץ ריכטיג, מיין העררר. פון די אָנגעזאָרפענע מענשען שטעהט דונאַי פיעל העכער אי מיט זיין פערשטאַנד, אי מיט זיין אָרענטליכקייט און מיט דעם גאַנצען בענעהמען זיך זיינעם. אַלע אַכטען איהם דאָ דערפאַר. דער פריץ האָט מיר אויך געזאָגט היינט ביים מיטאָג: „שמו׳ל איז אַ בכבודיג אידעל!״

— און וואָס טהוט מען מיט דעם דאָזיגען בריוועל?

— ניט עס מיר. וועל איך עס אָבטראָגען און באַלד צוריק־קומען.

— אַ שענעם דאַנק אייך, העררר יאַרחי!

כדי צופאַרקירצען דעם וועג איז יאַרחי דורך די גערטנער געגאַנגען צו דונאַי׳ס וואוינונג.

אין יענעם טאָג איז געווען עפּיס אַ חגא, זענען די פויערען, פון קליין ביז גרויס, געשטאַנען נאַנצע רעדלעך אויף דער גאַס, צוישען זיי אַביסעל בעזויפענע, אויפגערויטטע, אַלע אָהן היטלען, און שטיל איבעררעדענדיג־זיך צווישען זיך, געקוקט פונדערווייטענס אויף דער קאַרעטע מיט גרויס אָבשיי. דער עלטסטער פון די קליינע שקצימלעך וויזט מיט אַ פינגער אויף דער קאַרעטע, האַלטענדיג די האַנד אויפ׳ן מויל, וואָס ס׳בעטייט: שאַ, דרך־ארץ פאַר די ארונים!

— אַז זיי זענען פאָליצייסקע, טאָ וואו זענען ביי זיי די מעשענע קנעפּ? — וואונדערט זיך איין שייגעצעל.

— עפּיס גאָר ניט דאָס מאַכען מיט די הענד, ניט דער קוק, דאָס דרעהען מיט די אויגען, און ניט דאָס קול ווי ביי פּאָליצייסקע — זאָגט דער צווייטער, שושקענדיג זיך אויף אַ קוויטש — אַ פּאָליצייסקער אַז ער רעדט, געהט דאָס קול איהם אַרויס ווי פון בויך, די אויגען פאַרלויפען איהם מיט בלוט. ער איז ביי אַ שרעק און קלאַפּט מיט די קולאַקעס. מיקיטאַ אונזערער איז איינמאָל געפאַלען אויף דר׳ערד, בעקומען די נכפּאָ פון ייענעמס אַ היק. מיחים ווייב האָט ספּיל געווען פאַר שרעק פון

זײַנס אַ געשרײַ. און די דאָזיגע, אָט־אָ, רײדען עפּיס גאָר שטיל און קוקען ווי אַלע מענשען. ווער זאָלען זײ זײַן?
— לאַפּציזניקעס. שאַ!
— וואָס?
— שאַ, שאַט, שאַ.
די קלײנע ווילען אײַנשטילען אײנע די אַנדערע מיט אַ מין שושקעניש, נאָר טויב צו־ווערען.
„לאַפּציזניקעס און יענע אַדונים מיט די מעשענע קנעפּלעך, ווער פון זײ איז גרעסער?" — די דאָזיגע שאלה ווערט פאַרגעבען צווישען די גרויסע, דערוואַקסענע פויערען, און פיעל פערטראַכטען זיך אויף איהר, קנײטשענדיג דעם שטערען.
— קײן גרעסער פונ'ם שר־המשקים, וואָס האָט צוזאָגען איבער'ן בראַנפּין, איז נאָר ניטאָ! — פּסק'ט אײנער אַ אַלטער, וואָס האָט ניט פײַנט דעם ביטערען טראָפּען.
— אָט די לאַפּציזניקעס עסען וואַרמעס אין הויף — העלפּט־אונטער נאָך אײנער דעם ערשטען — זײ עסען, טרינקען בײַ אונזער פריץ. עפּיס אַ שפּאַס!
— און זײ זענען יודען?
— יודען. דערקענסט זײ דען ניט אין דער נאָז
— און עסען חזיר?
— עסען חזיר און האָבען הנאָה. לעקען די פינגער.
— און שמול זאָגט — מאַכט מיט געשפּעט אײנער פון די דאָרפבלצים — שמול אונזערער זאָגט: חזיר — פע!... טרפה!... אוי־וועה מיר, בתיה, ני מי (גיב מיר) קוגעלע!... קוגעלע — גוט! צימעס — אַי־אַי!... אײנמאָל האָב איך צוגעלײגט אַ פינגער איהם צום מויל, זאָגענדיג: נאַ, חזיר! אַז שמול מײנער צעשרײַעט זיך: אוי־וואַי, גלײַך ווי איך וואָלט איהם געקוילעט. ווישט די באָרד, די ליפּען, שרײַענדיג אין אײן אָטעם: אוי־וואַי, אוי־וואַי!...
— שבת, פרײַטאָג צו נאַכט, קום איך צו שמול'ן אין שטוב, פאַרלעשען די ליכט — דערצעהלט יורקע, דער שבת־גוי — אויפ'ן טיש בײַ איהם איז חלה, קעלעשקעלעך, אַ פלעשעל בראַנפּין, שאַרפער, טאַקע וואָס בראַנפּין הײסט, און דער ריח פון פיש פאַרגעהט מיר אין דער נאָז. שמול זיצט זיך בײַם טיש, דאָס פּנים שײַנט איהם, און ער טערעלײקעט, מורמעלט־אונטער, עפּיס קלאָגענדיג, ווײנענדיג, עפּיס בעט ער

זיך ווי אַ קינד, אַלץ טאַקי: אוי-אוי, טאַטעלע, מאַמעלע! איך ווייס ניט וואָס ער וויל? חלה איז דאָ — עס! בראַנפּין דאָ — טרינק! צו-וואָס, האַ, וויינען? בתיה זיינע אָבער ווייסט, גערהט זי און ברייננט איהם צימעס. עסט ער אָב דעם צימעס און ווייטער טאַקי געטערעלייקעט, ווייטער טאַקי געוויינט. איך שטעה, וואונדער מיך און דאָס האַרץ רייסט מיר פאַר רחמנות אויף איהם. לסוף טהוט ער זיך אַ חאַפּ, גיט מיר אַ גלעזעל בראַנפּען מיט אַ שטיק חלה און איך געה אַוועק פרעהליך.

— אמת טאַקי — רופען זיך אָן אַ טייל פויערען — שמול איז אַ יוד, פונדעסטוועגען אַ עהרליכער מאַן איז ער טאַקי. וואָס אמת איז אמת. אַ-מאָל אין אַ נויט האָט מען פון איהם אַ טובה אויך.

— געהט, הערט, וואָס דער דאָרף-שרייבער אונזערער זאָגט אויף איהם און אויף אַלע יודאַקעס פון זיין „נאמנה" — מישט זיך אַריין מיט אַ וואָרט פאַחאָם פּאָנפּאָוואַטע, אַ שטיקעל קהל'ס-מאַן אין דאָרף — דער שרייבער זאָגט, אַז זיי זענען פּיאַווקעס, זויגען אויס אונזער בלוט, פרעסען-אויף אונזער מיה, אַלסדינגג וואָס אין דער קאָרט. זאָגט ער, זענען זיי.

— עט! — מאַכען אַלטע, נעניטע פויערען — פון אַזעלכע ווי דער שרייבער איז קיין ראיה ניט. זייער פעהלער לייגען זיי אַרויף אויף אַנדערע. מיינען, פאַרבלענדזען אונז דערמיט די אויגען. חאַפּט זיי אַלע דער רוח!

— פאַר אַלע איז ניט גענוג איין רוח — לאָזט זיך הערען אַ שטימע אין דעם עולם — זיי זענען זעהר פיעל דאָ, אָט די שענע לייט. אָט זאָלען זיי געהן צו אַלע, אַלע רוחות!

דער דאָזיגער שמול, אָדער דונאַיסקע ביים שפּיץ-נאָמען, איבער וועלכען עס רעדט זיך דאָ — דאָס איז אונזער שמואליק דער טאַנדעטניק, וואָס געפינט זיך אויף אַ שטעלע ביי דער „גאַראַלניע". אין דאָרף שוין אַ פיער יאָהר. און משה'לע זיין זוהן לערענט אין דער ראַבינער-שול.

ירחי איז צוריקגעקומען און די קאַרעטע האָט זיך גערירט פונ'ם אָרט. די דאָרפסלייט בעגלייטען זיי מיט די אויגען. שטעהען נאָך אַ היבשע צייט און פילאָזאָפירען, ביז די זון האָט זיך געזעצט און די טשערעדע איז רעש'דיג געקומען פונ'ם פעלד.

און אין דער איינענער צייט ווען די קאַרעטע איז אַרויס פון איין

זײט דאָרף, איז פון דער אַנדערער זײט דאָרף אַרײַן אַ װאָגען און צונױ־
פאָהרען גלײַך צו שמואליקס וואוינונג. אַ אַלטער מאַן נעהט אַראָב פון׳ם
וואָגען מיט אַ קלײַן קליםעקעל אין דער האַנד און נעהט אַרײַן דורך
אַ נידעריג טירעל אין אַ פּאַרצוימטען הויף. ווי נאָר שמואליק און בתיה
האָבען איהם בעמערקט, זענען זײ געלאָפען איהם אַקעגען מיט אַ שמחה,
אַ פרייד, ביידע אין איין קול:

— רב אברהם!

# דאס צווייטע קאפיטעל.

רב אברהם האָט זיך שטאַרק געעלטערט פאַר דער צייט פון די לעצטע פיער יאָהר. די צוגעקומענע קנייטשען איהם אויפ׳ן שטערען זענען אַזעלכע, וואָס צרות מאַכען זיי, און פיעל פון זיי האָט איהם משה׳לע געמאַכט. די מעשה מיט משה׳לען איז פונ׳ם אָנהויב ביז׳ן סוף געווען אַ לאַנגע קייט פון יסורים און האַרצוועהטאָג פאַר רבי אברהם׳ן. די מ״רערען פון משה׳לעס מוטער, ווען זי איז אַריינגעפאַלען אין בית־המדרש מיט אַ געוויין: געוואַלד, רבי אברהם, וואו איז מיין זוהן?! און די מיפ״ות, וואָס זענען איבער משה׳לען געפאַלען דערנאָך, האָבען ווי אַ מעסער געשטאָכען רב אברהם׳ן אין דער זיבעטער ריפ. ער האָט אַלץ בעשולדיגט זיך אַליין, אַז די גאַנצע צרה איז נאָר צוליב איהם. ער האָט דאָך משה׳לען געשיקט אויפצוזוכען ערגיץ הערשעלען. משה׳לע איז אַוועק און ניט מעהר צוריקגעקומען. און אַז שפּעטער האָט זיך צוטראָגען איבער דער גאַנצער שטאָדט דאָס נייעס, אַז שמואליק דער טאַנדעטניק איז דערהרג׳עט געוואָרען, און די רוצחים זיינע, מיחיי און גברילאָ, זיצען אין טורמע, איז רבי אברהם שיער ניט אַראָב פונ׳ם זינען, אַזוי שטאַרק געערגערט האָט ער זיך.

— אוי־וועה! — האָט דאָס האַרץ אין איהם וועה־געשריגען — מיחיי און גברילא האָבען גע׳הרג׳עט שמואליק׳ן און איך — משה׳לען! זיי האָבען גע׳הרג׳עט דעם טאַטען, און איך — דעם זוהן. זיי האָבען געמאַכט בתיה׳ן, דאָס ווייב, פאַר אַ אלמנה, און איך האָב געמאַכט בתיה׳ן, די מוטער, פאַר אַ וויסטער, טרויערדיגער מאַמען. איך אין־איינעם מיט די רוצחים האָבען מיר פאַרוויסט דאָס הויז פון אָרימענקע.

נעבעך, װאָס זײער טײערער זוהן איז זײ געװען דער אײנציגער טרײסט אין דער ביטערער נויט, און די לעצטע האָפנונג זײערע אויף שפּעטער. אַצינד איז נישטאָ, נישט קײן פאָטער, נישט קײן זוהן — און בתיה מיט די קינדער זענען געבליבען עלענטע אָהן אַ שום אויהאַלטעניש. אפילו געהן צו זײ מיט אַ טרײסטװאָרט פאַרטראָגט מי דאָס האַרץ נישט, װאָרום װי װעל איך קוקען זײ, די אומגליקליכע נעבעך, אין פּנים אַרײן?

און אַז דערנאָך האָט זיך דערװוּזען אויף קלאָר, אַז שמואליק מיט׳ן זוהן זענען נאָר אַרײנגעפאַלען אין יודישע הענד, אין די הענד פון שניאור־װאָלף און זײן שותף, װאָס זענען „חאַפּערס״, און דורך גרויסע נסים זענען זײ אַרויס פון זײערע הענד און ליגען בײדע קראַנק, צעשלאָגענע, פערוואונדעטע אין ז״ער בקור־חולים — האָט רב אברהם געדאַנקט, געלויבט דעם אויבערשטען מיט פרײד, װאָס משה׳לע מיט׳ן פאָטער לעבען. נאָר מיט דער פרײד צוגלײך איז געװאַקסען זײן צער, אַרויסזעהענדיג, אַז אין דעם אומגליק איז ניט שולדיג קײנער, ניט מיחײ, ניט גברילא, נאָר ער אײנער, דערמיט װאָס עס האָט זיך בענאַרישט, גלויבען אײנעם עפּיס, אַ װילד־פרעמדען, װאָס הײסט שניאור־װאָלף, נישט צודערװיסען זיך פריהער, װער איז ער און פונװאַנען איז ער? טאַקי געלויבט דער אויבערשטער, װאָס ער האָט בעפרײט כּשר׳ע, רײנע נפשות פון די „חאַפּערס״ הענד, װען ניט, װאָלט דאָך שמואליק און משה׳לע געװען אַצינד זעלנער, זיך געלערענט האַלטען אַ ביקס, װי צושיסען אין דער מלחמה — און דער געדאַנק אַליין, אַז דורך זײן בענאַרישען זיך האָט געקענט אַזױנס זײן, געקענט אומגליקליך װערען אַ גאַנצע פאַמיליע, איז נענוג געװען, אָנצומאַכען איהם גרויסע יסורים. דערצו נאָך האָט איהם געקרײנקט אי דאָס אויך, װאָס בײ יודען זענען דאָ אַזעלכע מיאוסע נפשות, גזלנים, חאַפּערס און פאַר האַרצװעהטאָג אַרויפגעלײגט די שולד אויך אויף פיעל אַנדערע פון אונז יודען. רב אברהם איז בטבע דאָך אַ פּאָעט, און װי אַ פּאָעט, אַז איהם צושפּילען זיך די געבליטען, האָט ער אויסגעלאָזט זײן שװער ביטער האַרץ צו אַלעמען. געקלאָגט און געזאָגט:

„אוי, װי טיף געפאַלען דו ביסט, מײן פאָלק, מײן אָרים, אומגליקליך פאָלק! אַלע אײערע הונדערט־טויזענטער, װאָס זענען געקוילעט געװאָרען פון טיטוס הרשע בשעת דעם גרויסען חורבן; װאָס זענען אומגעקומען, פאַרברענט געװאָרען אויפ׳ן פײער אין שפּאַניען, נאָך און נאָך

אַזעלכע געשאָכטענע, אומגעקומענע — די אַלע אינאייגעם פאַרביטערען מיר נישט אַזוי דאָס לעבען, ווי די נעז, וועלכע יודען אַליין רייסען זיך איינע די אַנדערע אָב, ווי די צרות און לייד, וועלכע איהר אַליין טהוט איינער דעם אַנדערען אָן. אויף יענע דער'הרג'עטע, אומגעקומענע אין פייער, אין וואַסער האָב איך נאָך אַ טרייסט: גבורים! זיי זענען געשטאָרבען פאַר דעם פאָטערלאַנד. קדושים! זיי זענען אומגעקומען אויף קדוש=השם. אָבער געוואַלד וואָס זאָל איך זאָגען אויף די וואָס ווערען דער'הרג'עט דורך אייער בייזער צונג, אויף די וואָס ווערען די כפרה דורך אייך אַליין. אויף פעטש פון פרעמדע וויין איך און זאָג: נישקשה, גוטע און שלאָפע ליידען אָפט אין דער וועלט. מעגליך אפשר, יענע וועלען נאָך אַ מאָל זיך בעטראַכטען און חרטה האָבען. נאָר אַז געפּאַטשטע פאַטשען, אַז צודראָפּעטע דראָפּען, געפאַנגענע פאַנגען, געפּייניגטע פּייניגען איינער דעם אַנדערען, וויין איך און האָב — אוי=וועה! — גאָר נישט וואָס צוזאָגען... אוי, ווי געפאַלען, טיף געפאַלען! דו ביסט, מיין פאָלק ישראל!"

און וויפיעל קנייטשען האָט געמאַכט אויף רב אברהם'ס פנים די מעשה מיט הערשעלען און ביילען! רב אברהם האָט זיך שטאַרק מצער געווען אויף די דאָזיגע אומשולדיגע קינדער, נעבעך, אויך דאַרויף, וואָס ביי אונז געפינען זיך הולטייעס אַזוינע, וואָס פערשוואַרצען דאָס פנים פון ישראל מיט זייערע מיאוסע מעשים. און אין אַזאַ צייט, ווען רב אברהם האָט זיך געגייטיגט אין רפאל'ס געזעלשאַפט, אַרויסצושלאָגען אַביסעל פון זיך דעם צער אין אַ שמועס מיט איהם, בעדאַרף זיך גראָד אַזוי מאַכען, אַז רפאל פערלאָזט אויף תמיד גלופסק און בעזעצט זיך אין דער בעריהמטער האַנדעל=שטאָדט לייפּציג. און דאָס בעזעצען זיך זיינס דאָרט איז איהם געקומען גאָר אומגעריכט דורך רב אָשר דעם מעקלער.

אַז רב אָשר האָט געזעהן, רפאל הויבט=אָן איינצוהאַלטען זיך מאַכען עסקים און עם העלפען ניט קיין טענות, קיין דרינגעניש איבערצורייד ען איהם, האָט ער מטריח געווען די נאָז זיינע, אָנצושמעקען גוט דעם טעם דערפון, פאַר וואָס געהט רפאל האַרט ביי דר'ערד. געמיינט האָט ער דערמיט ניט אַזוי די הנאָה פון'ם שמעקען ווי, נעבעך, די פרנסה. וויל די פערדינסטען זיינע, מעהר אָדער ווייניג, האָט זיך געווענדט אין דעם, ווי גרויס די עסקים רפאל'ס זענען געווען. אַז רפאל האָט דאָ היינט שטאַרק פאַרקלענערט זיינע עסקים, איז רב אָשר'ן שטאַרק ענג

געוואָרען, און האָט געליטען מאַנגעל. די נייע קאַפּאָטע, וואָס ער האָט זיך גענעהט, בשעת רפאל האָט דורך איהם געמאַכט גרויסע געשעפטען, האָט זיך אויסגעריבען, ניט געהאַט שוין קיין פּנים, ער אַליין האָט אויך פאַרלוירען דאָס פּנים, איז שוין ניט אויפגענומען געוואָרען בּיי די קרעמער בּכבוד אַזוי ווי פריהער. איז ער אַ מאָל אַריין ערגיץ אין אַ קלייט, האָט מען איהם געזאָגט „בּרוך הבּא!" מיט אַ האַלבּען מויל, קוקענדיג איהם אין פּנים, אפשר איז ער געקומען מיט אַ געשעפט; זעהענדיג אָבּער, אַז ס'איז נישטאָ פון וואָס צורייזען, איז שוין נישטאָ מיט וועמען צוריידען, מען האָט פּשוט מעהר קיין קוק אויף איהם ניט געטאָן, גלייך ווי ער איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. אמת טאַקי רב אָשר האָט דענסטמאָל געהאַט נענוג צייט זיך צוּבּעשעפטיגען מיט פּאָליטיקע, וואָס ער האָט ליעב געהאַט ווי דאָס לעבּען. מענשען בּטלנים, וואָס לעכצען נאָך נייעס, פלעגען זיך אַרומקלייבּען אַרום איהם אין מאַרק, אין בּית־מדרש, און ער פלעגט זיי איבּערגעבּען וואָס עס טהוט זיך דאָרט אין די הויכע פענסטער, וואָס עס פאַרלויפט זיך אין די מדינות, דערקלערענדיג אַלס־דינג מיט זיין גלאַט צינגעלע — אָבּער פאַר אַזוינע דרשות פלעגט ער ניט בּעקומען קיין גראָשען. און „פראַנקרייך זיינע", וואָס זי איז איהם טייער געווען מעהר פון אַלע מדינות און פלעגט זיך שטאַרק אָבּגעבּען מיט איהר, הייבּען זי אויף דרוקעס, האָט איהם קיין איין פּרוטה ניט אַיינגע־טראָגען אויף זיינע בּעדערפעניששען. דעריבּער איז רב אָשר געצוואונגען געווען מטריח צו זיין די נאָז זיינע, צו שמעקען און צו געפינען דעם טעם, פאַר וואָס האָט רפאל אויפגעהערט מאַכען געשעפטען — און כּפי דעם מעקלערישען שכל זיינעם האָט ער געשמעקט און טאַקי געפונען.

רב אָשר האָט, אָנשטויסענדיג זיך מיט זיין קעפעל פון איין זאַך אויף דער אַנדערער, געמאַכט אַ געדראַנג אַזוי: רפאל איז דאָך אַ גרויסער בּריה, פססס! אַ לויתן צווישען אונזערע סוחרים, קליינטשקע פישעלעך, וואָס איז פאַר אַזעלכען גלופּסק? אַ קליין טייכעל! ער בּעדאַרף האָבּען אַ ים, אויסצושפּרייטען די פלעדערפלאָסען און שווימען דאָרט פריי. אַזאַ ים איז נאָר אָדער מאָסקווע, אָדער לייפּציג, צוויי בּעריהמטע פלעץ אין דער מסחר־וועלט, מילא מאָסקווע בּין איך מוחל, ווייל וואוינען דאָרט קומט אָן אַ יודען מיט גרינע ווערים, מיט אַזעלכע מיטעל, וואָס זענען ניט לכבוד פאַר אַזאַ מענשען ווי רפאל. מוז איך, הייסט עס, זאָגען — לייפּציג. און אַזוי טאַקי איז מחייב דער שכל, גלופּסקער קרעמער בּע־ציהען דאָך טאַקי סחורה פון לייפּציג, קוקען שטאַרק אַרוים אויף לייפּצי־

נער סתירה. פון דער לייפּציגער בּויד אליה-לייזער רעם בּעל-העגלה׳ס איז אייך געדרונגען, אַז ס׳איז אַזאַ. וואָרום זאָלט-עס אַנדערש זיין אַז ניט אַזוי, איז דאָך די קשיא, וואָס לאָזט מיך די בּויד הערען, און אליה-לייזער, ער וואָס לאָזט מיך הערען? נאָר ניט איטליכער סוחר אָבּער קען אַהינצו פאָהרען. ווייל ס׳איז זעהר ווייט, עס בּרויכט גרויסע וועג-הוצאות, דאָס לשון דאָרט איז משונה, דאָס לעבּען ווילד משונה און דער נאַרי-שער דייטש איינגאַנצען איז משונה. נו, בּכן?... בּכן איז געדרונגען, אַז רפאל וועט זיך בּעזעצען אין לייפּציג. דערמיט ווערט שוין פאַרענטפערט, וואָס מען האָט איהם די טעג געזעהן עטליכע מאָל ריידענדיג מיט אליה-לייזערען. איינמאָל האָט מען איהם אפילו געזעהן בּעטראַכטענדיג די יאַזדע און צוקוקענדיג זיך צום קליין קופערנעם פערדעל, וואָס טאַלע-בּענדעט זיך הינטער דער בּויד סאַמע אינדערמיט. יאָ, רפאל מיינט לייפּציג. די שאלה איז אָבּער, פאַרוואָס? דאָס הייסט, וואָס מיינט ער דערמיט? אַ מענש, ווי מיר ווייסען, נעהמט דאָך ניט פּלוצלים פון דער העלער הויט און איז משנה מקום, גלאַט אַזוי זיך, פריש, געזונד און משוגע, סיידען ער מיינט דערמיט עסק, אַ שטיקעל פאַרדינסטעל. טאָ וואָס-זשע פאָרט איז רפאל׳ס מיין? מוז מען זאָגען, אַז ער מיינט ווערען אין לייפּציג אַ קאָמיסיאָנער, צי אַ עקספּעדיטאָר פאַר אויסלענדישע סוחרים, דאָס הייסט, ער וועט זיצען אין לייפּציג און ליפערן סחורה פון די דאָרטיגע פאַבּריקעס אַהער, צו אונז אין לאַנד. אם-כּן... אויב יאָ אַזוי — טראַכט ער אַ ווייל, טהוט אַ שטעל-אויף די נאָז, אַ רוק דאָס היטעל, און אַ פּייערעל ווייזט זיך איהם אין די אויגען פאַר פרייד, ווי געטראָפען אַ רעטעניש — האַ-האַ! אָט דאָס מיינט טאַקי דער פּסוק: „שמח זבולן בּצאתך!“ — פרעה זיך, מעקלער, מיט דיין אַרויסגאַנג. געה, טהו, רבּ אָשר, לטובת די היגע קרעמער און אויך פון דיין טובה, פון דיין הנאה וועגען!

און רבּ אָשר׳ן טהוען זיך אַ הייבּ די פּיסלעך, עס צענעהמען זיך איהם פון דער קאַפּאָטע די פּאָלעס, ער לויפט, זאָגט אויס דעם סוד די קרעמער, פאָרשטעלענדיג זיי מיט זיין פה-קדוש די גרויסע טובה, וואָס קען זיי דערפון אַרויסקומען, אם-ירצה-השם. אין דער צייט פונ׳ם אַרום-לויפען זיינעם ווערט אויס פּאָליטיקע אין גלופּסק. די בּטלנים לעכצען, נעבּעך, נאָך נייעס, רופען איהם: רבּ אָשר! וואָס הערט זיך עפּיס חדשות? און ער — קיין וואָרט, ווינקט נאָר פונדערווייטענס מיט אַ פינ-גער און לויפט.

און בשעת רב אָשר לויפט דאָ אַזוי אַרום, זיצט רפאל בײ זיך צו־הויז אין געהאַקטע וואונדען. ניט פאַר אײך געדאַכט, זײנע יסורים, יודישע סוחרים! אָנזועצען איז דאָך בײ אונז אַ גאַנץ געוועהנטליכע זאַך. אַז אַ סוחר זועצט אָן, אפילו עטליכע מאָל, איז וואָס? גאָרנישט! אָדער ער פאָהרט זיך אוועק אויף אַ קורצער צ ט ער גיץ, אָדער ער פערשפאַרט זיך אין דער היים בײ זיך טאַקי, טהוט זיך וואויל, מאַכט זיך אַ קיםפעט און וואַרט איבער ביז דער רעש ווערט געשטילט. ניט אַזוי איז אָבער רפאל. קוים האָט ער בעמערקט אַ לאָך אין די עסקים זײנע, האָט זי' איז נאָך געוועזען פאַרדעקט, איז איהם געוואָרען אַ לאָך אין האַרצען. ער האָט זיך גענעסען פאַר זײן האַפּעניש, אײלעניש די לעצטע צײט, צוזאַמען געשעפטען נישט גוט בערעכנען זיך, אַזוי ווי פריהער. בלײבען דאָ, אין גלופסק, איז איהם אוממעגליך געוועזען, ווידער־זשע אַנטלויפען פונדאַנען, מעשה־גנב, איז אויך שלעכט. ס'איז איהם ביטער און פינסטער.

און אַז רפאל האָט זיך גענומען אַ טאָג, אַנידערזועצען זיך אײנער אַלײן בײ זיך אין צימער נעבען די ביכער און מאַכען אַ קלאָרען חשבון, איז דוקא דאָס הויז פול געוועזען ווי אַ בירזע מיט קרעמער און עס האָט זיך דעם גאַנצען טאָג נישט צוגעמאַכט די טיר, דער אַרויס, דער אַרײן, אַלע ווילען מאַכען דורך איהם געשעפטען מיט די דײטשען, מיט די פאַבריקאַנטען אין לײפּציג, וואוהין ער פאָהרט, הײסט עס, זיך דאָרט צובעזועצען, פאָרלײגענדיג איהם פאַר זײן טרחא גוטע קאָנדיציעס. פריהער האָט רפאל אָבגעלײקענט די גאַנצע זאַך, אַז גאָר לא היה, איהם איז אפילו ניט אײנגעפאַלען זיך בעזועצען אין לײפּציג. נאָר דאָס אָבלײקענען זײנס, האָבען די קרעמער געטײטשט, דאָס איז פון רפאל'ס זײט אַ אויבער־הסברא, ער וויל זיך אויסדרעהען, מיט זײ נישט האַנדלען, האָט עס זײן שטאַרק געאַרט. ווי ער וואָלט זײ אָבגענאָסען, מחילה, מיט אַ פּאָמוינציע אויב אַזוי, האָבען די בעלײדיגטע, נעבעך, זיך אײנגעשפּאַרט, שטעהען פאַר זײער כבוד, רײדען איבער איהם אַזוי לאַנג, ביז זײ וועלען איהם איבעררײדען. אַז רפאל האָט געזועהן ווי ווײט די זאַך געהט, האָט ער זיך אָנגעהויבען צובעטראַכטען, האַ, אפשר איז עס באמת פאַר איהם אַ גלײכע זאַך? אפשר איז עס אַ ווינק פונ'ם אויבערשטען ווי אַרויסצוחאַפּען זיך פון דער קלעהם און פטור ווערען פון אַלע צרות. שאָקעלט ער מיט'ן קאָפּ צו די קרעמער אויף יאָ, הײסט עס, און זאָגט, פריהער שטאַמלענדיג, דערנאָך טאַקי רײנע ווערטער: איך טהו אײך צוליעב,

רבותי! נאָר אַ תּנאי רייד איך מיט אייך אויס, איהר זאָלט אָבצאָהלען באַלד אויף די וועקסלען אייערע פאַר לאָדזער סחורה, מיר זאָלען ענדי־גען אונזערע עסקים דאָ פאַר מיין אַוועקפאָהרען. די קרעמער איז דער דאָזיגער תּנאי געווען ביטער־נאַל, זיי אָנגעמאַכט בויכוועהטאָג, נאָר פאַר גרויס חשק צום האַנדעל מיט לייפּציג האָבען זיי כּלומר׳שט אָנגענומען אַ שיינענדיג פּנים. רב אָשר דער מעקלער פון זיין זייט האָט זיי אונטער־געשטופּט, אונטערגעטריבען, נביאות־זאָגענדיג, אַז זיי שטעהט־פיר גרויסע פאַרדינסטען. די קרעמער האָבען זיך נעמאַכט האַרץ, געצאָהלט די חובות אויף די וועקסלען — און רפאל איז אַרויסגעפאָהרען פון גלופּסק אין אליה־לייזערס בויד מיט דריי פערד — זיי, קלינגענדיג מיט קליינע גלעק־לעך אויף די העלזער פאָרענט, און דאָס קליינע קיפערנע פערדעלע, באָמבלענדיג זיך, קלאַפּענדיג אין דער בויד פון הינטען. אַזוי טשאַקענדיג איז רפאל געפאָהרען, זיך אָנגעפאָהרען און געקומען קיין לייפּציג, וואו ער האָט געעפענט זיין עקספּעדיציאָנס־קאַנטאָר.

שווער איז געווען רב אברהם׳ן שיידען זיך מיט אַזאַ געטרייע פריינד ווי רפאל, און שווער איז עס אויך געווען הערשעלען. רפאל האָט דאָך איהם אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, זיך מיט איהם אָבגעגעבען, איהם געהאָלפען ווי ווייט מעגליך, היינט נאָך רפאל׳ס אַוועק־פאָהרען איז ער דאָך געבליבען ווי אויף׳ן וואַסער. ער בייגקט, ער ליידט אַ שרעק און איז שטאַרק פונ׳ם פּנים אַראָב. שעה׳ן־לאַנג זיצט ער אין בית־המדרש, אין אַ ווינקעל, די גמרא ליגט אָפען פאַר איהם אויפ׳ן שטענדער און ער לערענט ניט, נאָר זיצט שטיל פאַרטיפט אין די געַ־דאַנקען. ער טראַכט און האָט אויף וואָס צוטראַכטען ער טראַכט פון רפאל׳ן, דעם ליבען טייערען רפאל׳ן, וואָס געהט איהם אַזוי אָב. אויך פון ביילען, זיין האַרץ, זיין נשמה, וואָס איז אַוועקגעפאָהרען אַ היים, צוריק צו די עלטערען איהרע. ער טראַכט אויך פונ׳ם „ווינשפינגערל״ און דעסגלייכען וואונדערליכע זאַכען, פון וועלכע מען קען רייך ווערען. ער האָט זיך שטאַרק נעבאָברעט אין יענע מיני ספרים. ווי דער ספר „מפעלות אלהים״ פון רב יואל בעל־שם, און דער ספר „תולדות אדם״ פון רב אליה בעל־שם, וואו מען לעהרענט אוים צומאַכען על־פּי קבלה קונציגע זאַכען, ווי אַ שטייגער „צווזהן די בעשערטע כּלה אין חלום, אַ בתולה, אַ אַלמנה אָדער אַ גרושה״; „צו זיין אַ רואה ואינו נראה״, דאָס הייסט, זעהן איטליכען און פון קיינעם נישט געזעהן צו־ווערען. „צו־צאַפּען ויין פון דער וואַנד״, און דעסגלייכען. יענע מיטעל װי צו זעהן

די כלה, האָט הערשעלע געטאָן, ווי עס שטעהט געשריבען, און ער האָט געהאָלפען — ער פלעגט טאַקי זעהן ביילען און גוט פאַרברייננגען די צייט מיט איהר אין חלום. נאָר וואָס אַנבעלאַנגט צאַפען וויין פון דער וואַנד, און די קונץ, צו זיין אַ רואה ואינו נראה, פלעגט תמיד, מעשה שטן, זיך טרעפען עפּיס אַ פעהלער און ס'איז קאַליע געוואָרען אינדערמיט אַרבייט. הערשעלע פונדעסטוועגען פלעגט ביי זיך ניט אַראָבפאַלען, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אָנהויבען די זאַך אויף־דאָס־ניי, ווייל ער האָט געזעהן די ישועה זינע, אויפגעריכט צו־ווערען אין נסים און וואונדער־קונציגע זאַכען. ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות — די ישועה איז איהם גאָר געקומען פון חנצה'ן!

# דאָס דריטע קאַפּיטעל

נאָר מעהר פון איטליכען איז רפאל אָבגעגאַנגען חנצה'ן, זיין אָוועקפאָהרען איז געווען ווי בוימיל אויף דער פייערדיגער ליבשאַפט איהרער. — אַ פייער האָט אין איהר געגליהט, איהר געברענט די נשמה, אַ פייער אַ שטילס, אַ פאַרבאָרגענס אין האַרצען. חנצה'ס ליעבע איז אַ שווייגענדיגע, אָהן ווערטער. דאָס מויל רעדט נישט, די האַנד אָבער שרייבט. זי שרייבט עפטערס, שיקט בריוולעך אויף דער פאָסט און נעהמט דאָרט אָב בריוולעך דורך הערשעלען, און אַלץ שאַ, שטיל. הערשעלע איז אַ שטענדיגער אורח אויף שבת און יום־טוב ביי לייבצע דעם רויטען. דאָס האָט געמאַכט רפאל פאַר זיין אָוועקפאָהר. מסתמא האָט ער געוואוסט, וואָס ער טהוט. חנצה האָט זיכער אויך געוואוסט, אַ סימן, הערשעלע איז איהר שטאַרק געפעלען פון דער ערשטער מינוט. אַצינד, נאָך רפאל'ס אָוועקפאָהרען, איז הערשעלע איהר געווען בעליבט נאָך מעהר, דורך איהם פלעגט זי שיקען איהרע בריף און פאַר איהם איז אָפען געווען איהר סוד.

יאָ, אַ ברענענדיג פייער איז די ליעבשאַפט ביי חנצה'ן אין האַרצען, און לייבצע, דער פאָטער איהרער, איז — ניט וויסענדיג אַליין — אַ גוטער בלאָז־זאַק, וואָס בלאָזט־אונטער דער טאָכטערס ליעבשאַפט, צופלאַקערט זי מיט זיין אייגען מויל. ביי איטליכס מאָל ריידענדיג פון רפאל'ן פלעגט ער איהם לויבען אין טאָג אַריין — רפאל איז אַ חכם־עתיק, אַ „בריה־נפלאה", אַ קאָפּ־מענש, קיינער דאָ פאַרשטעהט אַ עסק ווי ער, אויסלאָזענדיג תמיד מיט אַ קרעכץ, אַז היינט זענען ניט די עסקים, ניט די פאַרדינסטען ווי אַ־מאָל אין רפאל'ס צייט. דאָס איז וואָס

צו לייט, אָבער וואָס צו גאָט און יודישקייט איז לייבצע פון רפאל'ן ניט צופרידען געווען, פלעגט, צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, אַלץ זאָגען: אָ־וואַ, אַ שאָד, וואָס אַזעלכער איז ניט פון „אונזערע״, וואָס גלויבט ניט, האַלט ניט פון אונזערע פרומע און גוטע — גלויבט ניט אפילו אין נישט־גוטע, אין רוחות, אין שדים...

די דאָזיגע מעשה־רע, וואָס דער פאָטער האָט געפונען אין רפאל'ן, האָט גראָד ניט געאַרט חנצה'ן, דערפאַר אָבער די שבחים זיינע אויף איהם זענען איהר אַריין אין האַרץ, אויספילענדיג עס אינגאַנצען, ניט איבערצולאָזען דאָרט אַ ברעקעל פלאַץ, ווי אַ שפּילצען־קעפּעל, פאַר בנציה'ן.

בנציה איז אינדרויסען —

און חנצה איז טאַקי אַלץ נאָך אַ עקרה!

יאָ, יענטיל איז טאַקי געווען ביי'ם „אַלטען״, זאָל לעבען, מיט אַ קוויטעל וועגען דער טאָכטער, די עקרה, און ער האָט צוגעזאָגט אַ קינד חנצה'ן, נאָר אַז חנצה איז אַ „ווידערשפּענענדיגע״, וויל ניט וויסען פונ'ם מאַן, וואָס־זשע איז דער צדיק שולדיג, אַז די הבטחה זיינע איז ניט מקויים געוואָרען? און אַז חנצה איז אַ ווידערשפּענענדיגע — וואָס־זשע זאָל בנציה טאָן?

בנציה, וואָס דאָס קעסט־עסען, ביים שווערער, איז ביי איהם דער עיקר, די הויפּטזאַך, און דאָס ווייב נאָר אַ צוגאָב צו דעם, ער טהוט זיך זיין זאַך — עסט־טרינקט אויף וואָס די וועלט שטעהט, און ווייטער געהט איהם גאָרנישט אָן. אַקעגען־זשע חנצה, איז פיינדשאַפּט און ליעב־שאַפּט עסען איהר ליב, זי פאַלט־איין, געהט אַראָב פונ'ם פּנים פון טאָג צו טאָג.

עס קלאָגט זיך יענטעל פאַר איהרע חברטעס אויף די צרות איהרע פון דער טאָכטער, און די חברטעס טרייסטען זי — זיי מיט יענטלען, אַלע טאַקי אין איין קול — יענטיל זאָגט, קלאַפּענדיג זיך אין האַרצען: געל און גרין, וועה איז מיר, ווערט מיין טאָכטער, אַלץ טאַקי ניט מעוברת! וואָס פאָרט האָב איך דען שוין ניט איבערגעטאָן? — און די באַרמהאַרציגע ווייבער לאָזען זיך הערען אויף קולות, אַלץ טאַקי מיט איהר, אַרויסזאָגענדיג טרייסט־ווערטער מיט אַ שטאָך אינאיינעם. עס הערט זיך אַ קול: יענטיל! קיין צער, כ'לעבען, יענטיל! נו, אַז אַ גרין פּנים מילא וואָס? נישקשה! אַ ווייבעל נאָכ'ן האָבען אַ קינד בעקומט אַ שען־לויטער פּנים. — שרייט אַריבער אַלע נאָך אַ קול: צו קינדער טויג

נאָר איין קאָנדראַטיכע די גויע! — לאָזט זיך הערען אויף אַ קווימש נאָך מעהר אַ שטאַרקער קול: בולאַן, דער טאַטער, איז פיל בעסער! ער האָט דערצו עפּים אַזאַ שפּרוך, און עס העלפט. — האָדיל, ציפּא, פּיינע־סאָסיע, לאָזט זיך דינען! — שרייט־אויס אַ הויכע דינע שטימע — ניטאָ קיין בעסער מיטעל צו קינדער פון די וואַרמבעדער אין אויסלאַנד! — שפּרינגט אַרויס איינע מיט אַ פּיסק, אַ צינגעל ווי אַ גלעקעל, און באַ־סעוועט־אונטער דער פריהערדיגער, מאַכענדיג: שאַ! אַט האָט אירר אייך אַ מעשה מיט אסתּר־צביה'ן, אַ בילד־שענע יונגעגד, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר אַ אַלטען מאַן, פאַר רב יחיאל דעם נגיד. האָט זי אויך אַ צייט־לאַנג ניט געהאַט קיין קינד, איז זי געפאָהרען אין די וואַרעמבעדער און איז טאַקי מעוברת געוואָרען. פון דענסטמאָל־אָן פאָהרט זי אַהין אַלע יאָהר, קומט צוריק אַ בויך און האָט אַ קינד. פיער קינדער, ברוך־השם, האָט זי אַצינד. איז דיק, בעלייבט, שען, ס'איז איהר אין פּנים ניט אַריינצוקוקען ווי אין דער ליכטיגער זון. נאָר וואָס איז מיר אסתּר־צביה? זי איז ניט איינע אויף דער וועלט, ניט קיין בת־יחידה ביי גאָט. נאָך פיעל אַנדערע ווייבער ווייס איך, וואָס פאָהרען אין די וואַרעמבעדער, האָבען דאָרט די רפואה און פאַרגעהען אין טראָגען. מען זאָגט, באשר אין דעם וואַסער דאָרט ליגט עפּים אַזוינס, וואָס העלפט, בעזונדערענס העלפט עס ווייבער־עקרות.

— ממש טאַקי ווי די שטעקלעך יעקב אָבינו'ס, פון וועלכע, ווי דער פּסוק זאָגט, די שאָף האָבען זיך דערהיצט און געוואונען — ניט פיינע־ברכה די חזנ'טע צופאַרשטעהן דעם טעם פון דער זאַך, אויף אַ גראָב קול ווי דאָס קול פון אַ זכר.

ווי באַלד אַזוי, איז נעבליבען ביי יענטעלם אַלע חבר'טעס, אַז חנצה זאָל אויך פאָהרען אין די וואַרעמבעדער, און טאַקי נים לאַנג שהיות מאַכען.

נאָר וואָס קען עס אָבער העלפען צו חנצה'ס ביטער געמיטה, אַז די ליבשאַפט מיט דער פיינדשאַפט, די ביידע מאַכען זי קראַנק? און אַזוי ווי זי טראָגט שווייגענדיג אין זיך די ליעבע, אַזוי שווייגענדיג טראָגט זי אין זיך די שנאה. זי ווייסט, אַז אַלע טענות איהרע אַקעגען בנציה'ן ווערען נים אָנגענומען, ס'איז זעהר שווער פּטור צו־ווערען פון אַזאַ שלימזל. בנציה איז שטאַרק בעליבט ביים פאָטער איהרען, ווייל דורך דער מחותנ'שאַפט מיט בנציה'ס נעהייבענער משפחה, אַ[?] דער פאָטער געהייבען געוואָרען, איז אַריין צווישען די שטאָדט־פיהרער, איז

אַ גבאַי אין בקור-חולים, אין שוהל, אין תלמוד-תורה און האַלט אָרעמע-לייט אין דער מוראָ. פריהער אַז זי האָט די שנאָה צום מאַן אַרויס-געזאָגט דעם פאָטער, האָט ער, שטאַרק אויפגעבראַכט אויף איהר, זי געשטראָפט אַזוי: ווי קומט, טאָכטער, צו דיר אַזוינע ווערטער?... וואָס הייסט, דו האָסט פיינט? אַ יודישע טאָכטער ווייסט נישט, וואָס פיינט, וואָס ליעב!... אַ ווייב בעדאַרף זי זיין, טאָן וואָס דער מאַן וויל... טאָן, זאָג איך דיר, דו פאַרשטעהסט? טאָן, טאָן טאַקע, ניט אַריינגעהמען זיך אין קאָפּ נאַרישקייטען — פיינט-שמיינט, ליעב-שמיב ווי די גויעס... האָרך-זשע, טאָכטער, זיי ניט משוגע און זיי אַ ווייב כּכּתוב, ווי אַלע יודענעס!...

חנצה האָט געהערט דעם פאָטערס שטראָפרייד און פערשטאַנען, אַז קלאָגען זיך פאַר איהם קען זי שוין ניט מעהר. האָט זי די צרות געטראָגען אין זיך, פאַרביסען די ליפּען און שאַ! די צרות אָבער האָבען מיט דער צייט זיך אָנגעקליבען אין האַרצען אַזוי, אַז די נערוען האָבען שוין ניט געקענט אויסהאַלטען, כּמעט ניט געווען צודערקענען זי, אַזוי פאַרענדערט האָט זי זיך. און דער לעבעדיגער גאָט ווייסט, וואָס דער סוף וואָלט געווען, ווען עס זאָל זיך ניט מאַכען גאָר אומגעריכט אַ מעשה — אַזעלכע, וואָס דענסטמאָל, אין דער השכּלה-צייט, איז עס גע-ווען אַ גאַנץ געוועהנטליכע זאַך, און היינט וועלען פאַר גרויס וואונדער אַלע פערוואָרפען מיט די קעפּ הערענדיג אַזוינס.

גאָר תּחילת, ווען די „השכּלה", די בילדונג הייסט עס, איז אַריינגעפאַלען אין דער „יודישער גאַס", איז זי — ווי ס'איז שוין דאָ אויבען געשטאַנען — געגאַנגען ווי אַ מגפה, ניט-היינט-געדאַכט, אָנחאַ-פּענדיג אַ יודען פּלוצלים. עס זיצט זיך אַ יוד על התּורה ועל העבודה, אָבגעשיידט פון דער וועלט, ווייסט ניט מעהר ווי גאָט און ציצית, נעהמט ניט אין מויל קיין זאַך, אפילו קיין טרונק וואַסער אָהן אַ בּרכה, — פּלוצלים, אוי-וועה! טהוט איהם אַ נעהם די קליפּה, קעהרט איהם איבער אויף דער „לינקער" זייט און ער ווערט, הייסט עס, געבּוּלבּעט! אָדער איינער פון די ישיבה-בחורים, אַ בחור אַ געזונטער, מיט הענד, מיט פיס, וואַרפט פון זיך אַראָב דעם יאָך פון אַרבייט, עסט טעג — ביי איטליכען בעל-הבית, הייסט עס, אַ טאָג אין דער וואָך, און קוועטשט די באַנק, — פּלוצלים געפינט זיך, מעשה-שטן, צווישען די בּלעטלעך פון דער אָפענער גמרא זיינער השכּלה-ביכלעך. אַי-אַי, ער איז גאָר אַ ווערעמדיגער בחור!... אַ אשה צנועה, אַ שטייגער, איז

זיך מקיים די דריי מצוות, חנ"ה, איהרע, נאָלט חי געהעריג דעם קאָפּ, בעדעקט איהם גוט מיט אַ קאָפּקע, לייגט קנייטלעך צו די ריינע נשמה־ליכט, וויינט־קלאָגט בײַ די תחינות, פּלוצלים חאַפּט זי דער רוח, מאכט אין איהר אַ איבערקעהרעניש — וואַרפט זי פון זיך אַראָב דעם שלייער, טראָגט איינענע האָר ווי די הולטייקעס. וואָס נאָך? זי לייגט אַרונטער הינטען, מחילה, אונטער'ן קלייד אַ קישעלע, עס זאָל אויסקומען גרעבער, מיט דער מאָדע, און ברעכט די צונג, נעבעך, צו פּלאַפּלען עפּיס אַ מין גוי'איש... און אַזוי ווי בשעת אַ מגפה היט מען זיך שטאַרק, אויסצומיידען עפּיס וואָס־ס'איז אַ שעדליכע זאַך, אַזוי האָט מען אויסגעווייכט יענע לייט, וואָס זענען געווען אײַנגעשטעקט פון דער השכלה.

וועמען וואָלט עס גאָר אַרויפקומען אויפ'ן געדאַנק, אַז אויף בנציה'ן זאָל אויך קומען די מגפה! טאַקי זעהר ריכטיג זאָגען אונזערע חכמים: „בשעת אַ מגפה, קלייבט דער מלאך־המות ניט איבער" — און בנציה־צדיק, וועה איז איהם, איז אויך נעחאַפּט געוואָרען ווי אַ פויגעל אין דער נעץ. פאַרוויסט איז ער און פאַרחיסט איז דאָס לעבען זיינס!

בנציה'ס קוילער, דער מלאך־המות זיינער, איז געווען אין גע־שטאַלט פון אַ ליטוואַק, אַ מלמד! אויסגעזעהן האָט דער מלמד אַ גאַנץ פרומער יוד, אַ כשר'ע נשמה, מיט באָרד און פאות. ער איז געווען אַ למדן מופלג, געקענט תנ"ך ווי אַ וואַסער. גערעדט האָט ער שטיל, געלאַסען, אויף אַ ביסעל אַ הייזעריגליכע שטימע, און פון איהם האָבען זיך געשאָטען פּערעל. זיין מלבוש איז געווען ריין אָהן אַ שפּרינקעלע, אָהן אַ פלעק, ווי עס מאַכט זיך אַ מאָל בײַ אַ יודען, פון אַ שמיר מיט דער נאָז, אָדער מיט די פינגער נאָך אַ פעט עסען. אַלע האָבען פון איהם געהאַלטען, מחיה־נפשות געווען זיינס אַ וואָרט. זיינע תלמידים זענען געווען בחורים, חתנים, וואָס זענען שוין אַליין פאַר זיך שטיקלעך מענשען, און דאָס וואָס זיי לערנען, לערנען זיי עס ניט געצוואונגען, נאָר מיט זייער אייגענעם ווילען. בײַ'ם לערנען מיט זיי תנ"ך פלעגט ער אויסמישען רש"י מיט ביאור, מדרש מיט פשט אינאיינעם, צוגעבען נאָך דערצו, אַ מאָל, שאַרפע טראָפּענס חקירה איבער נסים, ווי שפּאַלטען דעם ים, אַ שטייגער, וכדומה, האַרבע קשיות איבער „ידיעה ובחירה", „שכר ועונש" — דאָס הייסט, אַז גאָט ווייסט נאָך פריהער דעם מענשענס מעשים שפּעטער, טהוט דאָך דער מענש זיי ניט מיט דעם פרייען ווילען,

נאָר חאַס־ושע זאָל ער דערפאַר בעלוינט אָדער בעשטראָפט ווערען? — פון דעם דאָזיגען רעצעפּט פלעגט ער די תלמידים איינגעבען אַ היבשע פּאָרציע, עס זאָל אָבריינגען די נשמה פון צוגעקלעפּטע, איינגעגעסענע אין איהר פוילע זאַכען. דאָס איינגעהמעניש האָט געווירקט, עס האָט אינווייניג אין־זיי געוויירען, געווירען — און זיי זענען געוואָרען אויפגעוויירען...

און פאַר די זינד פון שנאת־חנם, וואָס בנציה פלעגט פיינט האָבען ליטוואַקעס, אָבלאַכען פון זיי, זיצענדיג אין שטיבעל מיט'ן פּעקעל חסידים, האָט דאָס פינסטערע מזל זיינס אָנגעשיקט אויף איהם אָט דעם מלמד, דעם ליטוואַק. געלאַסען, מיט גלאַטע, זיסע ווערטלעך האָט דער מלמד זיך צוגעשאַרט צו בנציה'ן און איהם גאָר צוטומעלט, בעצויבערט מיט זיין גלאַט צינגעל, ווי יענע פּאָקוסניקעס, וואָס ווייסען אַ שפּרוך צו פאַרצויבערען שלאַנגען. מיט צוקער־זיסע ריידעלעך האָט ער ביסליכווייז, ביסליכווייז אַריינגעלאָזט אין בנציה'ס האַרץ גיפטיגע טראָפּענס פון אפּיקורסישע געדאַנקען. דאָס גיפט איז זיך צוגאַנגען אינווייניג אין איהם אַלץ ווייטער, ווייטער, ביז ס'איז מיט אַ מאָל געוואָרען אויס בנציה!

דאָס קעריל פון דעם מלמד'ס תורה האָט בנציה ניט פערזוכט, ער האָט נאָר געהאַפּט דאָס שאָלעכטס. די חברים זיינע האָבען אין איהם בעמערקט עפּיס אַ פערענדערונג — ס'איז עפּיס ניט דער ברען, ניט דער בנציה, וואָס פריהער, עפּיס פאַרביינט ער אין דער פריה די מקוה, שטופּט זיך ניט ווי פריהער צום יאָהרצייט־בראַנפין — פונדעסטוועגען האָבען זיי ניט געטראַכט אויף איהם קיין בייז. אדרבה, מען האָט עס נאָר געטייטשט — עטע־טע־טע! דאָס איז, האָט מען געזאָגט, אַ ירידה, אַ פאַלען, ווי ס'איז בעקאַנט — ביי די גרויסע, איידער זיי טהוען זיך אַ הייב צו דער הויכער מדרגה. זאָל ער פאָהרען צום „אַלטען", וועט ער איהם צורעכט מאַכען... נאָר וואָס העלפט עס אָבער, אַז די צונג איז דעם מענשענס ערגסטער שונא — היט מען נישט די צונג, בעגראָבט זי דעם בעל־הבית איהרען!

איינמאָל זענען די חסידים געזעסען אין בית־מדרש אונטער'ן אויבען און דערצעהלט, ווי דער שטייגער איז, מעשיות פון בעל־שם, מופתים פון צדיקים, גוטע יודען, פלוצלים שיסט אויס בנציה מיט אַ זאָג, אַז ס'איז לוימער־ליגען — ניטאָ קיין מופתים! די חסידים זענען געבליבען פערגאַפט, שטאַרק צוקאָכט. סטייטש, סטייטש! האָבען זיי געשריגען, ס'איז דאָך אַ חלול־השם, ווי קען מען הערען אַזוינס און שווייגען? הייבען

יי זיך אויף, פאַטשען איהם גוט אויס און װאַרפען איהם אַרויס פונ׳ם בית־מדרש. די מעשה איז זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער שטאָדט און לייבצע דער רויטער האָט זיך פאַר חרפה שיער ניט בעגראָבען. אַז בנציה איז אַריינגעפאלען אין לייטישע מיילער, האָבען זיך שוין געפונען גוטע מענשען אַזױנע, װאָס האָבען זיך ניט געפױלט צו־צולייגען איהם קנייטלעך, פערברייטען איבער איהם שרעקליך מיאוסע זאַכען, אַזוי אַז ער איז געװאָרען שטאַרק פאַררופען. ס׳איז אַזוי װײט געגאַנגען, ביז בנציה איז געװען געצװאונגען צופאַרלאָזען גלופּסק —

און חנצה איז געװאָרען אַ גרושה!

# דאס פערטע קאפיטעל

אין אַז ס'איז געקומען די צײַט, ווען ווײַבער מיט ספּאזמעס פּאָה־ען אין די וואָרעמבעדער, האָט חנצה זיך צוגעגרייט, לויט די גליפּסקער דאָקטוירים האָבען איהר גע־אטהען, פּאָהרען קיין וויען, זיך צו בעראטהען מיט די פּראָפּעסערס וועגען איהר קרייִנק און אין וועלכער באד זי בעדארף פון דאָרט פאהרען. יענטעל איז שטארק בעשעפטיגט געווען מיט איינגעמאכטס פרעגלען, מיט באקען א לעקעך, פוטערקיכלעך, פלעדלעך, מלכות-ברויטלעך פאר דער טאכטער אין וועג אריין. זי רעדט אליין, רעדט איבער חנהצ'ן, וואהרענט זי, למען-השם אבצוהיטען איפ'ן וועג זיך אליין און די זאכען איהרע, געבענדיג איהר עצות און ברכות אהן א צאהל. און לייבצע שווייגט, קרימענדיג די נאז מיט א זויער פנים, ווי ער איז נישט צופרידען פון אלסדינג, וואס דא טהוט זיך פאר איהם.

און אז לייבצע זיצט זיך איינמאל איינער אליין ביי זיך אין צימער שטארק אנגעבלאזען, קומט אריין צו איהם רב אברהם, און נאך א קורץ שמועסיל, גלאט אזוי זיך פון יוצא ווענען, ווי דער שטיינער איז, טהוט ער א זאג:

— איך קום היינט פארלייגען עפּיס פאר מעלתו און פאר אייער טאכטער, דער גרושה.

— א שידוך פאר איהר, מיינט איהר? — זאגט לייבצע, א קרים-געבענדיג די נאז און א מאך מיט די הענד, ווי ער שאקעלט זיך אב. חיל ניט הערען.

– כמו אַזוי ווי אַ שידוך — מאַכט רב אַברהם מיט אַ גוט שמייכעלע, ווי אַ מענש אָהן חכמות.

— אַ־אַ! דאָס געהער זיך ניט אָן מיט מיר. ניט מיין זאַך, מיין זאַך, רב אַברהם! — מאַכט לייבצע, אויפשפרינגענדיג פונ׳ם אָרט און שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ, מיט ביידע הענד — אַ וועלט אַ נייע איז היינט... אַ אַנדער וועלט, אַנדערע מנהגים... היינט איז אויס כבוד־אָב, וואָס איז מיר אַ טאַטע? כבוד־בנים איז דאָ. וואָס די קינדער זאָגען מהו, שאַ! אויב ניט...

— בערוהיגט אייך, רב לייבצע! אַ שטיקעל אמת איז דאָ אין אייערע ווערטער, נאָר עס געהער זיך ניט אָן צו דעם, וואָס איך וויל. איך וויל אייך פאָרלייגען גאָר עפּיס אַנדערש. די מעשה דערפון איז אַזוי — זאָגט רב אַברהם, אַ פיהר־געבענדיג די האַנד איבער׳ן פּנים און אָנקוקענדיג לייבצען שאַרף מיט אַ פּאָר אויגען — אַזוי, אַזוי איז די מעשה, רב לייבצע. הערשעלען קענט איהר דאָך, אָט דעם בחור׳ל, דעם יתום, וואָס עסט ביי אייך שבת און יום־טוב, וואָס רפאל האָט אייך פאַר איהם געבעטען. בקיצור, קומט מיר אָן די טעג אַ בריף פון רפאל׳ן, ער בעט מיך, שיקען איהם דעם יתום קיין לייפּציג, געלט אויף הוצאות האָט ער אויך מיר אַריינגעשיקט. ווייס איך איצט ניט צומאָן. דער וועג אַהין איז אַ ווייטער, ווער ווייסט, וואָס קען זיך טרעפען? ווי־זשע שיקט מען אַזאַ שנעק, נאָך גאָר אַ פּריץ, איינעם אַליין? דער פאָטער זיינער, עליו־השלום, אַ כשר׳ער יוד, אַ בעל־תפלה געווען אַ מאָל אין בית־מדרש „פועלי צדק“ דאָ, האָט פאַר׳ן טויט איבערגעגעבען מיר אָט דעם זוהן זיינעם, און איך האָב הייליג צוגעזאָגט, האָבען אויף איהם השגחה. אַצינד, אַז ער וועט זיך לאָזען אין וועג אַליין און מיט איהם וועט זיך, חס־ושלום, עפּיס מאַכען, וועל איך דאָך מיך פאַרשולדיגען פאַר׳ן פאָטער זיינעם אויף אייביג. איך האָב געהערט זאָגענדיג, אַז אייער טאָכטער קלייבט זיך קיין אויסלאַנד, בין איך דאָ געקומען מיט מיין בקשה, זאָל אָט דאָס בחור׳ל מיטפאָהרען מיט איהר. פאַרשטעהט איהר שוין? אויב אומעטום איז, ווי דער פסוק זאָגט, אינצווייען בעסער ווי אַליין, אַ פשיטא שוין אין וועג!

— נאָך מיין מיינונג איז אַ יושר אייער בקשה ניט אָבצוזאָגען, נאָר די מיינונג אָבער פון אַ טאַטען איז היינטיגע צייטען ניט אַזוי וויכטיג. געהט, זייט מוחל, רב אברהם, צו מיין טאָכטער און פּרובט זיך איהר פאָרלייגען אייער בקשה

געהט רב אַברהם צו חנצה׳ן, און קוים רעדט אַרויס: איך האָב מקבל געווען אַ בריף... פאַלט זי איהם אַריין, פאַר אײלעניש, צעטראָגעניש, אין־דערמיט רייד מיט אַ זאָג:

— מקבל געווען... איך אויך, רב אַברהם!

רב אַברהם קוקט זי אָן פאַרוואונדערט. און זי פאַרטראָגען, פערפלאַמט, מיט אַ פריינדליך שמייכעלע אַלץ טאַקי אין איין אָטהעם:

— איך ווייס, רבי אַברהם, ווייס, ווייס... הערשעלע פאָהרט מיט מיר.

— איידער נאָך איך האָב געבעטען, ענטפערט איהר שוין! איך האָב נאָך ניט געזאָגט, ווייסט איהר שוין וואָס! — מאַכט רב אַברהם, אָנקוקענדיג שאַרף חנצה׳ן — פונוואַנען ווייסט איהר עס?

— פונוואַנען איך... פונוואַנען? — שטאַמעלט חנצה, רויט־ווערענדיג, וואָס זי האָט זיך אומבערעכענט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, און געוואָלט פאַרריכטען דעם פעהלער — פון הערשעלען ווייס איך... האָב מקבל געווען... אָנגענומען זיין בקשה, צו וואָס דאָ איבעריגע רייד? הערשעלע פאָהרט מיט מיר!

רב אַברהם ענטפערט נישט קיין וואָרט, שטעהט אַ ווײלע אָנבויגענדיג דעם קאָפּ און קנייטשענדיג דעם שטערען, ווי ער טראַכט עפּיס איבער אַ זאַך, וואָס ס׳איז איהם ערשט אײנגעפאַלען, דערנאָך טהוט ער זיך אַ חאַפּ און מאַכענדיג מיט אַ פינגער ביי דער נאָז, זאָגט ער פריינדליך:

— שקאָץ!...



נאָך חנצה׳ס ערשטען בריעף פון וויען איז אַוועק עטליכע וואָכען, און פון איהר איז ניט געווען קיין אײנגעטונקטע פען. די עלטערען מיט דעם גאַנצען הויזגעזינד האָבען זיך שרעקליך בעאומרוהיגט. האָבען זיי געפרעגט רב אַברהם׳ן, אפשר האָט הערשעלע איהם געשריבען עפּיס־וואָס וועגען איהר, זאָגט רב אַברהם: ניין! קיין שום בריוועל האָט ער נאָך פון הערשעלען ניט דערהאַלטען און האָט גרויס עגמת־נפש דער־פון. בטלנים, ליידיג־געהער, געהענדיגע־גאַזעטען, וואָס פאַרזאָרגען די שטאָדט מיט נייעס, האָבען גענומען די זאַך אויף זייערע כלים, אַריינ־

לייגענדיג דרינען שרעקליכע פירושים און אויספיהרענדיג דערפון אַ מוסר פאַר עלטערן איבערהויפּט, אַז זיי זאָלען ניט לאָזען זייערע טעכטער — גרושות, אַלמנות, אַלץ איינס — אַרומשלעפּען זיך אין דער וועלט, בפרט נאָך מיט בחורים, אפילו מיט יונגלעך.

און ווי דאָ טהוט זיך אַזוי, קוממ=אָן פון חנצה'ן אַ בריעף, אַרויס=געשיקט פון לייפּציג, און הויבט זיך אָן אָט מיט וואָס:

„מזל=טוב! איך האָב חתונה געהאַט מיט רפאל'ן!"...

— אַ=אַ, פאַרברענט זאָלען ווערען אַלע וואָרעמבעדער! — טהוט לייבצע אַ געשריי, שטאַרק אויפגעבראַכט.

— אוי, איך וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן, אַ חתונה אָהן טאַטע=מאַמע! — וויינט יענטעל.

— אַצינד איז שוין רעכט!... ס'זעהט=אויס, אַז איז בייז זיי געווען פריהער אַ אָבגערעדטע זאַך, און דער שקאָץ האָט גע=וואוסט — זאָגט רב אַברהם מיט אַ צופרידענע שמייכעלע.



# דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

אין משה׳לעס בריעף צו די עלטערען, װעלכען ירחי האָט איבערגעגעבען, שרייבט ער זיי אַזוי:

„אַ אָנגעלייגטער גאַסט װעט אַנגיבען צו אייך קומען, אַ טייערער מענש, װעלכען איך בין שולדיג אַ אייביגען דאַנק פאַר דער גרויסער ליעבשאַפט זיינער צו מיר און פאַר די מדות טובות זיינע, פון װעלכע איך האָב, װי װייט מעגליך, מיך אָבגעלערענט אין דער יוגענד און האָב נאָך פיעל אָבצולערנען זיך אויך היינט — דאָס מיין איך אונזער ליבען רב אַברהם׳ן, װאָס איז דאָ איצט אין מיין שטאָדט. ער איז געקומען אויף דער חתונה ביי זיינער אַ אייניקעל, אַ מיידעל דער טאָכטערס זינער, װאָס איהר מאַן איז אַ זעצער אין אַ היגער דרוק. איך האָב איהם ביים ערשטען בעגעגעניש אָבגעגעבען „שלום״ מיט אַ שמחה-אַ פרייד, און ער מיר צוריק — הערט אַ מעשה! — עפּיס מיט אַ האַלבען מויל, װי ברוגז. דאָס האָט זיך דערנאָך דערקלערט אין אַ ברייטליכען שמיעס צווישען אונז, װאָס האָט געדויערט אַקעגען אַ פּאָר שעה. אויך די אייגענע מעשה, װאָס איז פאָרגעגאַנגען, טאַטע, צווישען אונז, ביים אַריינטרעטען מיינעם אין דער ראַבינער-שול — אַ רוגז, אַ צאָרען גאָר אַ שרעק! אַ רוגז, אַ פייערן אויף יודישע שולען, משטיינס-געזאָגט, איבערהויפּט, און אויף דער ראַבינער-שול בפרט, אַז זיי זענען פון לכתחילה געמאַכט געוואָרען ניט אין דעם יודישען גייסט, ניט דורך יודען אַליין, נאָר דורך פרעמדע; אַ רוגז אויף די אויפזעהער, אויף די לעהרער און אויף די תלמידים, בעזאָנדערס אויף די ראַבינער-שילער. אַז די אויפפיהרונג זייערע איז ניט קיין שענע און יודיש נעהמען זיי אין מויל ניט אַריין,

חילען עס ניט וויסען — אַ טייל געהען אַריין אין שול עמי-הארצים און געהען אַרויס עמי-הארצים, און די וואָס געהען אַריין מיט יודיש, פאַרגעסען עס באַלד און געהען אַרויס מיט גאָרנישט. אָט אַזעלכע חטאים האָט רב אברהם אויסגערעכענט, שאָקלענדיג אויף מיר מיט'ן קאָפּ, ווי אויף אַ פערפאַלענעם מענשען, וואָס איז אַראָב פונ'ם רעכטען וועג. אויבענדערען זיין מיינונג איבער אַנדערע מיינע חברים איז מיר ניט געראָטען. און האָב טאַקע ניט געקענט, ווייל אין פיעל זאַכען איז ער טאַקע גערעכט, דערפאַר האָט מיר געגאָלטען איהם צו בעווייזען מיט ראיות. אַז איך בין דער אייגענער וואָס פריהער, נישט, חלילה, פאַרפיהרט געוואָרען אויף אַ האָר. דערוויסענדיג זיך עס, האָט ער מיך אַ קוש געטאָן מיט גרוים ליבשאַפט, זאָגענדיג, ווי דער שטיינער זיינער איז אַ שקאָץ!

אַ קענען וואָס זאָג איך אייך דאָס אַלסדינג? אָט אַקעגען דעם, וואָס אין אַ געשפּרעך צווישען אונז זענען מיר אַרויף אויף זעהר אַ וויכטיגער שאלה, וואָס מיין שולדינקייט איז, אייך, מיינע טייערע עלטערען, זי צו מעלדען.

ווי באַלד מען מוז זאָגען, אַז די יודישע שולען, דאַרונטער אויך די ראַבינער-שול, זענען געפאַלען ביי אונזער פאָלק, ווייל זיי זענען ניט געמאַכט און ווערען ניט געפיהרט אין יודישען גייסט און דורך יודען אַליין. איז ממילא אַרויף די שאלה: צו וואָס פאַר אַ תכלית לערען איך דאָ אין אַרבייט אַזוי? — צו זיין אַ לעהרער ערגעץ אין אַ שול? אַך, גאָט מיינער! מיט וועמען וועל איך לערנען, אַז ס'איז כמעט ניטאָ דאָרט קיין תלמידים. דער יודישער לעהרער איז אונטערגעוואָרפען, אונטערטעניג דעם גויאישען אויפזעהער, וואָס האַלט איהם אין דער מוראָ און טהוט וואָס ער וויל, פונקט ווי דיזער גוי, דער דירעקטאָר אין דער ראַבינער-שול, וואָס געוועלטיגט שטאַרק איבער אונזערע יודישע לעהרער, רעכענענדיג זיי פאַר גאָרנישט. דורכדעם פאַלען די לעהרער אַראָב ביי די תלמידים. און מיט דעם פאַלען פון די לעהרער פאַלט אַראָב אויך דער כבוד פון די יודישע למודים. — און אַז ניט קיין לעהרער, אפשר-זשע וועל איך זיין אַ רב, אַ ראַבינער, הייסט עס? אוי, אַז-אַך און-וועה צו אַזאַ רבנות, וואָס ס'איז ניט אַזוי ווי רבנות בעדאַרף צו זיין, וואָס ס'איז אָנגעוואָרפען אויפ'ן עולם מיט געוואַלד! אַזאַ רבנות, וואָס איז נאָר אַ כנייטשע זאַך, וועט מיט דער צייט אָנמאַכען צרות — פאַרטייען, קריג, יסעניש-בייסעניש אין יודישע שטעדט און שטעדטלעך. זעהר פיעל האָב

איך געטראַכט אין דעם דאָזיגען ענין, און ס׳איז לסוף בײַ מיר געבליבען, אַז נאָכ׳ן ענדיגען די ראַבינער-שול זאָל איך אַרײַנטרעטען אין אוניווער-זיטעט, צולערנען דאָקטאָריע. אַ טייל פון די בעסטע שילער, מײַנע חברים, טראַכטען אויך טאָן אַזוי ווי איך. רב אברהם איז מסכים דער-צו, אַצינד לייג איך פאַר דעם פּלאַן אײַך, און בעט דערויף אויך אײַער הסכּם.

באַלד הויבען זיך אָן די עקזאַמענס בײַ אונז אין שול, און איך לערען אַצינד געשמאַק צו דעם עקזאַמען אינאײנעם מיט מײַן חבר ספּיר, דעם הער מיכאל-ספּיר׳ס זוהן. אַז גאָט וועט מיר העלפען אויסצוהאַלטען דעם עקזאַמען, וועט מיר איבערבלײַבען נאָך אַ יאָהר ביז דעם ענדיגען דאָ אין שול.

דער יונגער ספּיר, דער חבר מײַנער, האָט זיך פּשוט פערליבט אין רב אברהם׳ן. רב אברהם׳ס שטײַגער אָנרופען זײַנע ליבע — „שקאָץ״! איז אַצינד בײַ אונז אַ ווערטיל. דער הערר ספּיר האָט פאַרבעטען רב אברהם׳ן צו זיך אויף שבת, בײַ׳ם טיש זענען געווען נאָך אורחים, פון וועלכע מען האָט געהערט אַ יודיש וואָרט און תּורה. רב אברהם קוועלט גאָר אָן פונ׳ם הערר ספּיר, אין וועלכען ס׳איז דאָ תּורה און חכמה יודישקײַט און השכּלה אינאײנעם. הלואַי, זאָגט ער, אַ סך אַזעלכע בײַ יודען! אין חאַראַקטער האָט רב אברהם זיך נישט געענדערט, דער אײ-גענער טאַקי וואָס פריהער מיט געפיהל, מיט אַ וואַרם האַרץ. נאָר דער קערפּער זײַנער איז אָבגעשוואַכט פאַר גרויסע צרות, וואָס ער האָט גע-האַט, געבעך, די לעצטע יאָהרען. ער בעדאַרף נויטיג אין לעבען אַרײַן פאַרבעסערען דאָס געזונד. איך בעט איהם, בעט, ער זאָל פאָהרען צו אײַך אין דאָרף אויף אַ צוויי-דרײַ חדשים; די גוטע, רײַנע לופט, דער ריח פונ׳ם שמעקענדיגען גראָז, פונ׳ם פעלד און דעם גרינעם וואַלד וועט איהם צוגעבען געזונד און לעבען. איך ווייס וואויל, ווי שטאַרק ליעב איהר האָט רב אברהם׳ן, וועט ער דאָך בײַ אײַך זײַן זעהר אַ אָנגעלייגטער גאַסט. רב אַברהם האָט אײַנגעווילינגט, און נאָך אין עטליכע טעג אַרום וועט איהר איהם האָבען צוגאַסט!״

דער דאָזיגער בריף משה׳לעס האָט זיך פערהאַלטען אין וועג און איז אָנגעקומען צו די עלטערען אין אײן צײַט מיט רב אברהם׳ן.

אַז רב אברהם האָט פאַרפיהרט אַ שמועס איבער משה׳לען, דער צעהלענדיג וועגען איהם איטליכס פּיצעלע בעזונדער, און געזאָגט, אַז

שהל'ע וועט זיין א דאָקטאָר, האָט אויף שמואליקס ליפּען א שיין געטאָן א זיס שמייכעלע פון גרויס הנאה.

אָט דאָס שמייכעלע איז ווערט אין די קראָניקעס עס אריינצושטע־לען. קראָניקעס־שרייבער, חקרנים, וועלען פון דעם דאָזיגען שמייכעלע אויסדרינגען, ווי וויט דער כח פון השכלה אין יענער צייט איז געגאַנגען. סטייטש, פריהער א ביסעל האָבען מיר געזעהען, ווי א יוד וויינט, קרעכצט, וואָס מ'ען ווארפט אוועק דאָס לערנען תורה; קיין בעסערס, קיין גרעסערס אין דער וועלט פון אַ רב, א מורה־הוראה, איז ביי איהם ניטאָ, און דער אייגענער יוד טאַקי פאַרבוינגט דערנאָך אין א זייט דעם רב, עס געפעלט איהם אַ דאָקטאָר, קוועלט גאָר אָן פון איהם מיט אַ זיס שמייכעלע — און צווישען דעם געוויין און דעם שמייכעלע, צווישען דעם רב און דעם דאָקטאָר איז נישט מעהר ווי אַ פיער יאָהר צייט!

און ווער איז דער דאָזיגער יוד? שמואליק! דער, וואָס פון א טאַנ־רעטניק איז ער געוואָרען א אקציזניק!!

# דער סוף פון דער מעשה.

בשעת די „פּאָגראָמען", ניט היינט געדאַכט, אין די אַכטציגער יאָהרען, וואָס האָבען יודען אין פיל שטעדט גרויסע צרות אָנגעטהאָן, האָט קאַבצאַנסק, נעבעך, אויך שטאַרק געליטען. די בעלי־הבתים דאָרט זענען געוואָרען קבצנים, און די קבצנים, נייע אי אַלטע, איז אַ טייל זענען אַוועק, שלעפּען זיך אַרום אין דער וועלט, און אַ טייל שטעהען מיט די טאָרבעס גרייט אַוועקצושלעפּען זיך אַהין, וואוהין די אויגען טראָגען.

פּאָגראָמען און שרפות — דאָס זענען צוויי מחבלים, אַ אָנשיקעניש אויף יודישע קינדער, וואָס פערוויסטען זיי מיט זייערע הייזער און דעם פערמעגען און מאַכען אָן אביונים, אלמנות מיט יתומים אימעטום, וואו זיי וואוינען. דאָס זענען שרעקליכע מחבלים, וואָס אַרויסבריינגענדיג נאָר פאַר'ן מויל זייער נאָמען שטעלען זיך דעם יודען פאָר פירכטערליכע סצענעס: אַ אויסזעטצען פענסטער, טהירען; אַ ברעכען כלים; אַ רייסען קישענס, אַ פליהען פון פעדערען — בלוט, פייער און געוואַלדען!

קאַבצאַנסק איז וויסט. שטיל איז אין די גאַסען — און אויפ'ן בית־עולם דאָרט איז אַ יאָמער, אַ קלאָג!

און די צייט איז ניט אלול־צייט, די צייט פון געבעט, פון געוויין ביי יודען, און די צייט פון אומער אין דער וויסט־ווערענדיגער נאַטור, ניין! ס'איז וועסנע־צייט, ליכטיגע טעג, גרינע פעלדער און אַ לויטערער הימעל. עס שפּראָצט, עס וואַקסט, עס בליהט און עס לעבט אין דער וועלט — ס'איז די צייט, ווען ס'איז פערבאָטען דאָס געיעג אויף חיות און עופות, און עס שטעהט פריי, אוי־ווע, דאָס געיעג אויף יודען!

און די אומגליקליכע קאַבצאַנסקער, וואָס נימאָ פאַר זיי קיין טריסטער צווישען לעבעדיגע מענשען, שטרעקען זיך אויס אויף די קברים פון זייערע עלטערען, וויינען און בעטען רחמים פון מייטע. וויבער רייסען קברים מיט אַ ביטער געוויין, וועגען די געשטאָרבענע, די אומגעקומענע קדושים, ניבער זאָלען זיי געהען בעטען דעם פאָטער אין הימעל און זיין פירשפרעכער, גוטע מליצים פאַר דעם כסא-הכבוד אויף די וויסטע בידנע קינדער ישראל! און יענע, וואָס קלויבען זיך אין וועג אַריין איבער די ווייטע ימים, געזעגנען זיך מיט די קברים פון זייערע ליבע, וועלכע זיי וועלען שוין ניט מעהר זעהן. זיי וויינען און מאַכען וויינענדיג אַנדערע מיט זיי אינאיינעם, אַלע זיפצען און פאַרגיסען טייכען טרערען.

רבונו של עולם! אויב דיין לאָגעל, דער לאָגעל טרערען ביי דיר, איז נאָך ניט פול פון דיינע יודענס טרערען, קען מען, חלילה, אַ טעות האָבען מיינען, אַז ער, דער לאָגעל, איז ווי יענץ פעסעל אין גיהנום אָהן אַ דעק, און אייביג וועט ער ניט פול ווערען. איז דאָך די קשיא, צו-וואָס איז דיר דער לאָגעל, צו-וואָס איז דאָס גיסען דרינען די טרערען, און צו-וואָס נוצט עס איננאַנצען?

און בשעת קאַבצאַנסק ווינט דאָ אַזוי, פאָהרט-צו צום בית-עולם אַ קאַרעטע, און אַקעגען אַ פערציג-יעהריגער פאַרשוין, רייך געקליידט, געהט אַראָב. די אָרימע-לייט, וואָס שטעהען אין-איינגשאַפט ביים טויער, מאַכען איהם אַ פרייען דורכגאַנג, אויסשטרעקענדיג צו איהם די הענד, ער גיט איטליכען אַ נדבה און געהט אַריין אינ'ם הייליגען אָרט. יודען דערזעהען איהם דאָרט, בלייבען זיי פערגאַפט, מיינענדיג, אפשר איז דאָס אַ גרויסער אָדון, אַ חשוב אין הויף, און ווייסען ניט וואָס צו-טהאָן. פאַר גרויס צעטראָגענקייט האַלטען זיך אַ טייל ביי די היטלען, דיקענדיג זיך פאַמעליכען אַהינטער, ווידער אַ טייל בוקען זיך, שטעה-ענדיג אויפ'ן אָרט, נאָר די היטלען ריקען זיך אַהין-אַהער אויפ'ן קאָפּ, און דאָס געוויין הערט מיט אַ מאָל אומעטום אויף. ווייבער, זאָגערינס, קלאָגערינס ווערען אויך אַנשווייגען אַלע גלייך, שנייצען די נעז, קוקען מיט נאַסע, רויטע אויגען אויף דעם נייעם פאַרשוין, איבערווינקענדיג זיך און שושקענדיג איינע די אַנדערע אין אַ'ייער אַריין.

דאָס פנים ביי די קאַבצאַנסקער אין יענער מינוט האָט אויסגעזעהען זעהר משונה. ס'איז אין איהם געלעגען אויסגעדריקט שרעק, דערנירע-רינונג, געפאַלענקייט פאַר געהייבענע, שטאַרקע פריצים. אַלע זענען

געשטאַנען פאַרגליווערט ווי אַ מאָל לוט'ס ווייב איז געוואָרען אַ שטיק זאַלץ.

שאַ, שטיל!...

— וואו איז דאָ דער שמש? — פרעגט דער פאַרשוין אויף יודיש.

די דאָזיגע ווערטער זענען פון'ם פאַרשוינס מויל איטליכען בעזונדער אין די אויערען אריין, און אַלע זענען לעבעדיג געוואָרען, דערהערענדיג, אַז דאָס איז אַ יוד. עס האָט זיך זיי אויסגעגלייכט דער געבויגענער רוקען, זיך פעסט אָנגערוקט אויפ'ן קאָפּ דאָס היטעל, און זענען געוואָרען ביי זיך שטאַרקער.

— העיע, אַז ער איז גאָר אַ יוד, וואָס־זשע זענען מיר...? — מאַכען יענע, וואָס האָבען פריהער זיך אָבגערוקט ווייטער, לאָזענדיג זיך אַצינד נעהענטער צום פאַרשוין, און קוקען־אָן איהם אין זיינע מלבושים.

— אַז ער איז מאחינו בני ישראל, זענען מיר דאָך..., — מאַכען די וואָס זענען געבליבען פריהער שטעהען אויף די ערטער, קומען־צו און שטעקען אָב דעם פאַרשוין אַ „שלום עליכם!"

— ער רעדט אידעש, רעדט ער! — שרייען אויס די ווייבער הויך אויף אַ קול, טייטענדיג מיט די פינגער אויף דעם פאַרשוין און אויסשטעלענדיג אויף איהם די אויגען, מיט אַ פנים האַלב אַ לאַכענדיגס, האַלב אַ טרויעריגס, ווי ביי אַ קינד נאָכ'ן וויינען.

— ווייזט מיר, איך בעט אייך — זאָגט דער פאַרשוין צום שמש, אָס איז צו איהם באַלד צוגעקומען — וואו איז דאָ ערגעץ דער קבר פון לייזער־יענקיל?

— לייזער־יענקיל, לייזער־יענקיל?! — וואונדערען זיך די קאַבצאַנסקער יונגע לייט — ווער איז דער לייזער־יענקיל?

— האַ, דער וואָס איז געווען ביים לעבען אַ בעל־תפילה? — רופען זיך־אָן אַלטע לייט, דערמאָנענדיג איהם צום גוטען — אַ כשר'ער יוד געווען לייזער־יענקיל, געדאַווענט אַ גאָטס וואונדער! ער האָט געזעצט ווערטער ווי פּערעל, איטליכס וואָרט זיינס איז זיך צעגאַנגען איך אַלע גלידער. פון זיין „ונתנה תוקף", וויינענדיג אויף „מי יחיה ומי ימות" שטיל, שטיל ווי אַ קינד, דערנאָך אַ ברום־געבענדיג מיט אַ געשריי, אויסדרעהענדיג „מי ינוח ומי ינוע־ע־ע", איז מען צעגאַסען גע־

פֿאָרען פֿאַר געווען. אַ שטיין אפילו האָט געקענט צענעהן. נישטאָ היינטיגע צייטען אַזאַ בעל־תפילה ווי ער, ניטאָ, אָך־חאָ־חאָ!

לייזער־יענקעלס קבר איז שוין לאַנג פֿאַרוואַקסען מיט גראָז, די מצבה דאַרויף איז כמעט אינגאַנצען איינגעזונקען אין דער־ערד, ס'איז אָנגעקומען שווער איהם אויפֿצוזוכען. דער חזן האָט געמאַכט אויפֿ'ן קבר אַ „מלא" און אַז ער האָט אויסגעשריגען „את־נשמת אליעזר יעקב", האָט זיך דעם פֿאַרשוין געשטעלט טרערען אין די אויגען, ער האָט זיך אָבּגעקעהרט אין אַ זייט און געוויינט.

פֿון דאָרט איז דער פֿאַרשוין צוגעקומען צו אַ קבר האשה מלכה־טויבא. דער חזן האָט געמאַכט אַ „מלא" אויף איהר אויך, נאָר דאָ האָט דאָס קול זיינס נישט אַזוי זיך געהערט איבער דעם שרעקליכען געוויין פֿון פֿיל מענשען אויף אַ פֿריש־אָנגעשאָטען בערגעל דערביי — דאָס איז אַ קבר פֿון אַ מוטער מיט צוויי טעכטער, וואָס זענען געגוואַל־דעוועט און גע'הרג'עט געוואָרען אין יענעם פֿינסטערען טאָג — און פֿון צווישען דעם געוויין האָט זיך געלאָזט הערען פֿונ'ם „אל מלא רחמים" הויך אין הימעל אַריין: „את נשמת הקדושה האשה ביילא בת בנציון ונשמות בנותיה הקדושות והטהורות..."! דאָס קול האָט זיך געטראָגען ווייט, איבערשרעקענדיג פֿויגעל אין דער לופֿט, קראָהען אויף די שפּיצען בוימער זענען ניט טויט ניט לעבעדיג געשווינד אַוועקגעפֿלויגען מיט רעש און געשריי.

דערהערענדיג דעם נאָמען ביילא, איז דער פֿאַרשוין פֿאַרציטערט געוואָרען מיט אַלע אברים. ער איז געשטאַנען אַ ווייַלע צעדולט, אַראָבּ־לאָזענדיג דעם קאָפּ, דערנאָך האָט ער אַ בראָך געטאָן די הענד מיט אַ שווערען זיפֿץ פֿונ'ם האַרצען, איז גיך אַוועק, אַריין אין קאַרעטע און צוגעפֿאָהרען צו דער אַכסניאָ זיינער.

אויף־מאָרגען האָט דער פֿאַרשוין זיך געלאָזט גערן אין שטאָדט איבער די גאַסען, איז אַריין אין די פֿאַרוויסטע הייזער, חורבות, אין די נערויבטע, אויסגעליידיגטע קלייטען און האָט אַלץ פֿערצייכענט ביי זיך אין אַ ביכעל. גרויסע נסים איז דענסטמאָל געשעהן קאַבּצאַנסק, וואָס איהר האָט זיך ניט איבערגעקעהרט דער מוח קלערענדיג, ווער זאָל דאָס דער פֿאַרשוין זיין, און וואָס האָט ער דאָ אַזוינס צוטאָן?

און איך, מענדעלי, בין גראָד דענסטמאָל געווען אין קאַבּצאַנסק. אַז דער פֿאַרשוין איז נאָר־וואָס אַריין אין שוהלהויף און מיך דערזעהן שטעהענדיג דאָרט, ווי דער שטייגער מיינער איז, מיט מיין ביידעל

ספרים, האָט ער מיך באַלד דערקענט, איך האָב נאָך אַ ווײַלע אָנ־קוקענדיג איהם אויך דערקענט און מיר האָבען אײנער דעם אַנדערען געגעבען שלום!

דעם ראָזינגען פּאַרשױן האָב איך דאָס ערשטע מאָל געזעהן אין טונעיאַדעווקע. דאָרט האָבען מיר זיך בעקענט, איך בין איהם געפעלען, און מיר האָבען גערעדט איבער וויכטיגע זאַכען. איך אין טונעיאַדעווקע האָט זײַן קומען אָנגעמאַכט אַ רעש. דאָס פערשלאָפענע טונעיאַדעווקע האָט זיך אויפגעחאַפּט, אויסשטעלענדיג אויף איהם די אויגען פאַרגאַפט — וואָס איז אַזעלכער פון דער העלער הויט געקומען זיי צו חלום! עס האָט אויסגעזעהן, ווי מען קוסט פלוצלים אַרײַן מיט אַ ליכט אין אַ פינסטער אָרט, וואו עופות דרעמלען, זיצענדיג אויף דער סידעלע, זיי בלינצלען מיט די אויגעלעך האַלב פערשלאָפען און פרעגען זיך פערוואונדערט, קרעכצענדיג דערבײַ, מיט אַ נאַרישער מינע: ווי געהט מען עס אַצינד משוגענערווײַז אַרום?!

דער טונעיאַדעווקער עולם איז מיר געלאָפען אַקעגען בײַ מײַן װאַרײַנפאָהרען אַהין, מאַכענדיג אַלע אין אײן אָטעם: אַ מין פּאַרשוין, רב מענדעלי, עפּיס אַ מין פּאַרשוין איז פלוצלים צו אונז ווי פון הימעל אַראָבגעפאַלען!... עפּיס קוקט ער זיך אומעטום צו אַלץ צו, הערט זיך צו, ניסטערט, פאָרשט, קריכט אין אַלע לעכער: אין הקדש, אין תלמוד־תורה, אין די חדרים, אין שוהלען און שטיבלעך. וואָס קען עס זײַן? ס'איז אַוודאי נישט אומזיסט. אפשר איז ער אַ אונטערגעשיקטער? האַ, זאָגט, רב מענדעלי! אין די קלײַטלעך האָט מען, עס פאַרשטעהט זיך, מבער חמץ געווען. אַ קשיא אויף אַ מעשה!... אויף די מלמדים ציטערט די הויט... יודען מיט יאַרמולקעס דרעהען זיך נישט אַזוי אַרום.

אַז איך האָב מיך אָבגעפאַרטיגט פון דער אַרבײַט, צופאַקט דאָס פעקעל סחורה, אונטערגעפאַקט אַביסעל דאָס פערדיל און אַלײן אויך געוואָלט עפּיס פאַקען, טהו איך אַ בליק, אויפ'ן שוהלהויף פאַקט זיך עפּיס אײנער, אַ מענש אין די מיטעלע יאָהרען, טראָגט זיך דײַטש נאָך דער מאָדע, און נעהמט זיך אויס פונדערווײַטענס, משטײנס־געזאָגט, עפּיס גאָר חוזק, ווי אײנער וואָלט אין באָד, וואו מענשען געהען נאַ־קעט, אַרײַנגעקומען אין דעם אָנטהאָן. צו־וואָס, איך בעט אײַך, זיך פוצען און פאַר וועמען זיך פוצען, אַז בײַם טונעיאַדעווקער עולם איז אויסגעטרעטענע פּיאַטעס, הוילע לאָפּעטקעס, בלויזע הערצער און אויס־

געריבענע עלענבויגענס אויף זעהר רעכט, נישט, חלילה, אזא פאר־ברעכען?... מיינער האט זיך שוין אנגעשטויסען, אז יענער איז עס דער נייגעקומענער פארשוין און האב איהם נעקוקט עפּיס נישט אזוי פריינדליך. צוקומענדיג צו מיין ביידעל שטעלט ער זיך אב, קוקט־אן שווייגענדיג מיך, דאס פערדעל, דאס פעקעל סחורה, דערנאך טהוט ער מיך א פרעג:

— וואס זענען דאס ביי איך, רב יוד, פאר ספרים?

— עט, ספרים!... — ברומעל איך אונטער דער נאז, בכדי פון איהם זיך אויסצודרעהען, טראכטענדיג ביי זיך: פאקט־זיך, רב קרוב, ווייטער אביסעל!

— פארט וואס? — מאכט ער מיט א בנעימותדיג שמייכעלע, אריינקוקענדיג מיר אין די אויגען עפּיס אזוי גוט, אזוי מילד, אז ער האט מיך דערמיט גענומען. איך הער מיך אויף צובלאזען און ענטפער איהם שוין ווי א מענש, מיט ווערטער:

— יודישע ספרים: סדורים, מחזורים, סליחות, תחינות, קינות, ווי געוועהנטליך.

— אט דאס אינגאנצען? — טהוט ער א זאג און בעקומט פון מיר א תשובה:

— ס'איז דא נאך. נאר קנאפּליך. ס'לוינט זיך ניט צופיהרען השכלה־ספרים, לשון־קודש'דיגע—שטיינער! היגע יודען ווילען אזעלכע אין האנד אפילו ניט נעהמען.

— היגע יודען — מאכט ער מיט א זיפץ — היגע יודען, נעבעך, בעדארפען ברויט. ברויט בעדארפען זיי, ניט קיין ספרים!

— וואס? — רוף איך מיך אן, ווי מיט א בייזער. עס פארדריסט מיך טאקע אביסעל אויף איהם, וואס ער צעשטערכעט מיר אינגאנצען מיין קרעמעל — ברויט, זאגט איהר, ניט קיין ספרים, בעדארפען אונ־זערע יודען דא האבען? פונדעסטוועגען קען איך אייך פערזיכערען, אז ס'איז נאך אזא נוטע צייט אויף מיינע ספרים — אויף קינות, אויף תחינות, אויף סליחות און אויף תהלים'ס, ווי די היינטיגע צייט קיינמאל גאר ניט געוועזען.

— חלילה: — פארענטפערט זיך דער פארשוין — נישט אייערע דאזיגע ספרים מיין איך, חלילה! יענע מיין איך, יענע וואס אלץ מיט שטראפווערטער, מיט מוסר, מיט עצות, מיט אויפטהוועניש און א גע־פילדער: פע, אבגעלאזקייט! פע, דאס, פע, יענץ! אט יענע, וואס

היגע יודען, ווי איהר זאָגט, חילען זיי אין די הענד ניט נעהמען. גע־רעכט! ברויט, פּרנסה בעדאַרפען זיי. דרשות, רעדעריי איז קיין סילוק נישט פאַר אַ ליידיגען מאָגען. איהם מיט אַ פּזמון, מיט איבערגעשפּיצטע מימרות, מיט מוסר און מליצות קען מען נישט אָבקומען. קלאָגען זיך אויף אַוועקגעשטעלטע מאַשינעס, פאַרוואָס זיי פוילען, שימלען דאָרט ערגעץ אין אַ ווינקעל, איז נאָר אַ געלעכטער. נעהמט, הייבט זיי מיט אייערע הענד אויף, שטעלט זיי צו דער אַרבייט ווי געהעריג, מיט חירקליכע מיטעל, נישט מיט ווערטער, וועלען זיי, נישקשה, ניט שימלען, נאָר אַ אַנדער פּנים בעקומען. נאָר אויף וויפיל איך בין בעקאַנט מיט דעם היגען ווינקעל, דאַכט זיך מיר, אַז פראַקטישע מענשען זענען ביי אייך וועניג. ביי אייך דרש'ענט מען זעהר שען, מען חכמה'ט זיך, מען האַמפּערט זיך, מען פאַלט אויף הסברות, מען טרייבט־אונטער מיט'ן מויל — און טהאָן טהוט מען וועניג אָדער כמעט גאָרנישט.

די דאָזיגע ווערטער זיינע זענען מיר גיט אין קאָפּ אַריין: איז דען אפשר ביי אונז טאַקע ניט אַזוי? די צייט איז זעהר אַ שלעכטע, צרות, פּורעניות, פרישע אַלע טאָג. דו קאַבצאַנסק, דו טונעיאַדעווקע און נאָך יודישע שמעדט אַזוינע, ליגט איהר אין צרות פאַרזונקען, ווי אַ בהמה ביז'ן האַלז אין בלאָטע, און יענע בעלי־דברן'ס ריידען, וועקען די אַזוי:

— שטעה אויף, קאַבצאַנסק! ריהר זיך, דיהר זיך, חאַפּ־זיך אויף, טונעיאַדעווקע!

און נאָך אַנדערע שטראָפען, שרייען:

— געוואַלד, קבצנים! געוואַלד, בטלנים! געוואַלד, דערשלאָגענע, דערנידעריגטע, אויסגעפּאַטשטע, קראַנקע, צעבראָכענע, שטאַרקט זיך און שטעהט־אויף! אַז ניט איהר פאַר אייך, ווער־זשע דען פאַר אייך? קאַבצאַנסק, זייט ניט קאַבצאַנסק! טונעיאַדעווקע, זייט ניט טונעיאַדעווקע!...

און אַלע אין קול:

— אַרויס, בהמה, פון דער בלאָטע! טהו זיך אָן אַ כח, בהמה, שטרעק אויס דעם עק, מאַך מיט די פיס, הייב זיך, ציה זיך, אַ צית אַהין, אַ ציה אַהער און ראַטשקעווע זיך אַרויס!...

אַ היבשע ווייל בין איך געשטאַנען שטיל, וואונדערענדיג זיך עפּיס גאָר אַנדערע ווערטער, גאָר אַ נייער מין פאַרשוין, נישט ווי געוועהנליך די „בריות" וואָס ביי אונז! האָט איהר געהערט אין אייער־

לעבען, אַ „בריה״, אַ דייטש זאָל מיט דעם געמיינעם יודישען עולם זיין איינס, נישט אַוועקמאַכען, חלילה, זיינע ספרים און נישט האַלטען גאָר פון יענע, זיין גלייכען, דאַכט זיך? עפּים מאַקי אַ נייער שניט, ווי זאָל איך עס אָנרופען — דייטש אונטער־געשלאָגען מיט חסיד. פּראַק־לייבסערדאַק אינאיינעם... נאָר אַ שפּאָגעל נייער מין, אויף וועלכען מען בעדאַרף מאַכען שהחיינו! — דאָך האָט מיך אין האַרצען אויף איהם פערדראָסען, מיט וואָס פאַר אַ רעכט בעשולדיגט ער עס אַנדערע, אַז נאָר זיי ריידען און טהוען נאָרנישט — און ער וואָס טהוט? ווער איז ער, פונוואַנען איז ער און ווי קומט ער אַהער, אין אונזער ווינקעל? האָב איך מיך מאַקי בעטראַכט, וואָס האָב איך מיך פאַר איהם צושעהמען, איך וועל מיר טהאָן מינס, ווי דער שטיינער איז פון אַ יודען ביים ערשטען שלום עליכם, און באַלד מאַקי טהו איך איהם אַ פרעג:

— מה שמכם? וואָס פאַר אַ געשעפטען האָט עם מעלתו? און פונוואַנען איז עם אַ יוד?

קיין ענטפער אויף מיינע דאָזיגע שאלות האָב איך ניט בעקומען, נאָר אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ און אַ שמייכעלע — אַ פּנים, איך בין דעם פאַרשוין שטאַרק געפעלען. נאָך אַ ביסעל אַ גרעסערער בעקאַנטשאַפט שפּעטער האָט ער מיך פאַרבעטען צו זיך אויף דער אַכסניא, מיך מכבד געווען מיט אַ גלעזעל פּונש, מיך פאַרהאַלטען אַ גוטע פאָר שעה, אויספרעגענדיג מיך, ווי אַ געניטען מענשען, אויף כמה וכמה זאַכען, און מיר האָבען זיך אַריינגעלאָזען ביידע אין אַ טיפען שמועס. ער האָט מיר איבערגעגעבען, צווישען זיך גערעדט, אַ טייל פון וויכטיגע זאַכען. הייסען הייסט ער הענריך כהן. ער איז איינער פון די דעלעגאַטען, דעפּוטאַטען, משולחים, הייסט עס, וואָס אַ רייכע חברה אין אויסלאַנד שיקט צובעטראַכטען די יודען, וועלכע האָבען געליטען פון די פּאָגראָמען. זייער זאַך איז צוקוקען זיך גוט צום יודישען לעבען אין די ערטער, וואו זיי וואוינען, צו זייערע פרנסות, צו זייערע בעדערפניש, און איינזעהען מיט וואָס פאַר אַ מיטעל קען מען פאַרבעסערען זייער צושטאַנד, אַז זיי זאָלען, חס־ושלום, ניט אויסגעהן. דערווייל קענען זיי האָטש מיט וואָס ס׳איז אונטערהעלפען אָרימע אומגליקליכע, צודערהאַלטען זייער נשמה. די דאָזיגע משולחים פאָהרען עס אַרום צווישען אונזערע יודען, מאַכען אסיפות און רעדען זיך מישב מיט פאַרשטענדיגע מענשען. הענריך כהן, אַ געלערענטער, זעהר אַ פיינער, אָנגעזעהענער מענש — ער פאָהרט עס אַרום איין דער גאַנצער גלופּסקער געגענד

פון יענער ערשטער בעגעגעניש אין טונעיאָדעווקע ביז אונזער בעגעגעניש אין קאַבצאַנסק דאָס צווייטע מאָל איז אַוועק אַ חודש צייט, און פאַר דער קורצער צייט האָט ער זיך פאַרענדערט אין פנים, אַזוי אַז איך האָב איהם נישט דערקענט ערשט נאָכדעם ווי אָנקוקענדיג איהם אַ ווײַלע.

— וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? — וואונדערט ער זיך — נישט דערקענט? זינט אונזער צושיידען זיך איז דאָך אַוועק עפּיס אַזויפיל טעג!

— נאָך אײַער פאַרענדערען זיך אין פּנים קען מען מיינען, אַז ס'איז שוין דרינען עטליכע יאָהר. עפּיס אַלט זענט איהר געוואָרען, מיין הערר, פאַר דעם ביסעל טעג! — זאָג איך, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, ווי עס רייסט מיר דאָס הארץ אויף איהם.

— און נאָך דער צאָהל צרות בעשטעהט דאָס ביסעל טעג ווי עטליכע יאָהר. אוי-אוי, רב מענדעלי, שרעקליך איז דאָס עלענד פון יודישע קינדער, וואָס איך האָב מיך אָנגעזעהען אין דער קורצער צייט, זייער אומגליק איז גרויס, און די צרות זייערע — אַ טיפער אָבגרונט! קומט נאָר, איך בעט אייך, צו מיר אין אָוועגד, וועלען מיר טרינקען טעה און ריידען. אַצינד מוז איך מיך זעהען דאָ מיט די שטאָדט-פיהרער, בעהילפיג צוזיין מיט וואָס איך קען, מיינע אָרימע קאַבצאַנסקער ברידער.

אַריינקומענדיג צו איהם אין אָווענד האָב איך איהם געטראָפען זיצענדיג איינגעבויגען, פאַרטיפט אין שרייבען. אויפ'ן טיש ליגען פּאַפּירען און אָפענע ביכער. ווי נאָר ער האָט מיך בעמערקט, האָט ער מיך געלאָזט שען בעטען, צוזעטצען זיך איהם אַקעגען.

גוט, כ'לעבען, וואָס איהר זענט געקומען — זאָגט ער מיר פריינדליך, אויסגלייכענדיג דעם רוקען — אייער קומען גיט מיר אַ שעה רוהה פונ'ם שרייבען און דענקען אין די יודישע צרות. אָט די דאָזיגע אַרבייט, וואָס ליגט אויף מיר, נעהמט ביי מיר צו דאָס געזונט, די לעצטע טעג. וויל אַצינד, אין די לעצטע טעג, און דאָ אין דעם אָרט, איז די אַרבייט מיינע געוואָרען ביי מיר אַזעלכע, וואָס אָהן האָפנונג אויף עפּיס גוטס, אויף אַ תכלית שפּעטער, ווי איך האָב געדיינקט גאָר אינאָנהויב. די אַלע פריהערדיגע געדאַנקען זענען צעשלאָגען געוואָרען, ווי אַ אונטערגעהענדיגע שיף, פון אַלסדינג, וואָס מיר איז אויסגעקומען די לעצטע צייט זעהען מיט מיינע אויגען.

— פונדעסטוועגען בעדאַרף מען ניט פאַרלירען די האָפנונג — נעהם איך איהם אַיין, ווי דער שטיינער איז, טרייסטען יענעם מיט גוטע ווערטער — לאָמיר זאָגען אַפילו, אַז דאָס אַלסדינג, וואָס איהר האָט נעטראַכט פריהער אין אויסלאַנד וועגען אונז, זענען נישט מעהר ווי חלומות, בעדאַרפט איהר וויסען, אַז ביי אונז יודען דאָ האָבען חלומות אויך עפּיס אַ שטיקעל ווערטה, פונקט ווי וועקסלען פון יענע געוויסע סוחרים, און מיר קומען מיט זיי און מיט נאָך חלומות אונזערע צום רבונו של עולם, בשעת ער איז בעשעפטיגט מיט כהנים־דוכנען און האָט ניט אַזוי צייט אַרומצוקוקען זיך, זאָגענדיג איהם גיך, אָבהאַפּענדיג אַ יהי רצון: חזקם ואמצם — אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין די חלומות צובע־שטעטיגען. ואם צריכים רפואה — אפשר בעדאַרף מען זיי אַ ביסעל מלאָכה׳ן, טהו עס מיט דיין גוטען ווילען!...

— זעהר גלייך געזאָגט! — מאַכט ער מיט אַ לייכט שמייכעלע און דערביי טאַקי גאַנץ ערנסט — דאָס וואָס מען דיינקט פון אַייך, רוסישע יודען, אין אויסלאַנד איז באמת טאַקי נאָר חלומות, און אַזוי טאַקי פּאַסט זייערע נעדאַנקען צורופען. אונזערע ברידער דאָרט מיינען, אָדער עס חלומט זיך זיי, אַז די פּאָגראָמען דאָ איז נאָר אַ אונטערגאַנג; אַז דורך גוטע פירשפּרעכער אויף אייך אין די הויכע פענסטער און דורך הילף מיט געלד, וואָס רייכע יודען דאָרט און דאָ וועלען געבען די נויט־בעדערפטיגע, וועט מעגליך זיין, מעהר אָדער ווייניגער, פאַרבעסערען זייער שלעכטע לאַגע; אַז די רוסישע יודען זענען אַלע גרויסע גראָבע יונגען, מיאוסע שנאָרערס, ווילדע אומגעבילדעטע בּרואים, וואָס ווייסען ניט קיין דרך־ארץ — בכן איז שטאַרק נייטיג זיי צובילדען. און איינער דאָרט אַ גרויסער מיליאָנער, וואָס האָט קורח׳ס אוצרות, וויל טאַקי אַריינטראָגען עטליכע צעהנדליג מיליאָן אין דער קאַסע פון דער מלוכה, אַז זי זאָל מאַכען דערפון שקאָלעס עקסטרא פאַר יודישע קינדער — אָט אַזוי מיינען זיי דאָרט, נאָר די ווירקליכקייט אָבער ווייזט, ווי גענאַרט זיי זענען! פון אַלסדינג, וואָס איך האָב חוקר ודורש געווען און געזעהן דאָ מיט מיינע אויגען, איז מיר געוואָרען קלאָר, אַז איך מיט זיי אינאיינעם דאָרט האָבען מיר וועגען דעם ענין געלעבט אין חלום. די פּאָגראָמען, אוי־וועה, איז ניט גלאַט אַזוי זיך אַ אונטערגאַנג. שתדלנות, פירשפּרעכעריי הייסט עס, לא די וואָס קען ניט העלפען, וועט עס נאָך שאַדען, וויל עס שמעקט מיט „מה־יפית״ און עס ליגט דרינען אַ דערנידערונג, אַ פּחיתת־הכבוד פאַר׳ן פאָלק ישראל. די אָרימקייט פאַרמעהרט זיך, פון

טאָג צו טאָג קומען צו אָרימע־לייט גאַנצע מתנות. דאָס אָרט, וואו זיי מעגען וואוינען, איז פאַר זיי איינג און די „טויערען פון פּרנסה" זענען פאַרשלאָסען פאַר זיי. און אַז די נויט דריקט, נישטאָ מיט וואָס צודער־האַלטען די נשמה, וואַרפען זיי אַוועק זייער היים, בלאָנקען זיך נעבעך אַרום ווי די בלודנע שאָף אין דער וועלט, שלאָגען אָב די שוועלען ביי די גבירים, ביי בעלי־צדקות, בעטלען, קבצ'נען, וואָס זאָלען זיי טהאָן, און ווערען צושאַנד ביי לייטען. צדקה אַליין וואָס פאַר אַ מאַכט, וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט זי אַקעגען אַזאַ תּהום אָרימקייט, אַקעגען אַזעלכע מחנות אָרימע־לייט, וואָס קומען־צו דורך דער נויט פריש־צאַפּעלדיגע אַלע טאָג! די צדקה, וועלכע אונזערע אויסלענדישע ברידער שיקען אַהער, קען העלפען די געפאַלענע אָרימע־לייט נאָר אויף דערוויל, אַי דאָס, שטאַרק בצמצום. און אַייערע לייט דאָ בעטייליגען זיך אין דער דאָזיגער צדקה כמעט ניט — אַ טייל קענען געבען און ווילען נישט, אַ טייל ווילען און קענען נישט. אומגליקליך זענען די היגע יודען ניט וויל זיי זענען ווילדע, ניט געבילדעטע, אדרבה, פאַרקעהרט, זיי זענען אומגליקליך וויל, לויט שונאים זאָגען, זענען זיי געבילדעטער פון „זייער" גראָבען עולם. די יודען, אַזוי טענה'ן זיי, זענען צופיל פאַרשטענדיג, צופיל געבילדעט און אומעטום, אין אַלסדינג האָבען זיי אַ האַנד — אין האַנדעל, אין באַנקגעשעפטען, אין פאַבריקעריי, אין אַלע צווייגען פון חיסענשאַפט, פּרנסה און עקאָנאָמיע, איז דעריבער מוז מען זיי האַלטען וויט פונ'ם פּראָסטען עולם זייערען, וואָס ער איז אַ תּם, ווייסט נישט און קען נישט מיט זיי קאָנקורירען.

— וואָס־זשע זאָל מען טהאָן? — טהו איך אַ פרעג.

— אוי, רבונו של עולם, העלף דו דיין פאָלק, דיין אָרים פאָלק ישראל! — ענטפערט ער מיט אַ זיפץ.

— די דאָזיגע תּפילה אַייערע, דאָס איז פיזעם, אַז ס'איז שוין פאַרפאַלען, נאָך אַלע היום'ס — זאָג איך ווי פאַראיבעל־האָבענדיג אַביסעל — פאַר אַזאַ מאַן ווי איהר פּאַסט ניט ווערען אָבהענגיג.

— אָט די צוויי גרויסע ביכער, וואָס איהר זעהט דאָ — זאָגט ער, ווייזענדיג מיר מיט אַ פינגער אויפ'ן טיש — איז אין איינעם פערשרייב איך אַלסדינג, וואָס איך האָב געזעהן און געהערט אין די אַלע יודישע מקומות, וואו איך בין געוועזן. און אין דעם צווייטען מאַך איך אַ סך־הכל פון אַלע מיינע בעטראַכטונגען און לייג פאָר פּלאַנען, זיי און מיט וואָס צופערבעסערען די לאַגע פון היגע יודען. איך זאָג אייך אַרויס

גאַנץ אָפען, פיל איז דאָ דרינען אַזוינס, וואָס אַצינד קומט עס פאַר מיר אַליין נאַריש, און פיל זאַכען דאָ שטעהט מיר פאַר, צוגעאַרבייטען אויף־ס'ניי לויט דער ענטוויקלונג פון יענער געוויסער, וויכטיגער זאַך, וואָס האָט אָנגעהויבען פונ'ם איצטיגען מיש־מאַש, פונ'ם תהו־ובהו פאַר אונז, צושרייען אין אונזער יודיש וועלטעל, און איז לעת־עתה נאָר ווי די רויטקייט ביים ברעכען אויף טאָג פאַר'ן זונען־אויפגאַנג אין מזרח־זייט. די אַרבייט, וואָס ליגט אויף מיר, איז אַ גרויסע, זעהר אַ שווערע, און ס'איז מיר אַצינד אוממעגליך אָבצוגעבען זיך מיט איהר. די יודישע צרות האָבען ביי מיר צוגענומען די לעצטע כחות.

— אייער צער אויף יודישע צרות — רוף איך מיך אָן — דאָס מאַכט אייך גרויס כבוד. אייערע חברים, די משולחים, זיי, ווי מען זאָגט, עסען זיך ניט אָב אַזוי דאָס האַרץ.

— מיינע חברים, זאָגט איהר? — מאַכט ער אויפהייבענדיג זיך פונ'ם אָרט — מיינע חברים זענען מענשען פון „משה'ס גלויבען". איהר פאַרשטעהט? און איך בין אַ פאָלקס־קינד, אַ יוד ווי אַלע מיינע עלטערען, טאַטעס און זיידעס. איך בין אַ פעדעמיל איינגעוועבט אינאיינעם מיט זיי און אין דעם גרויסען שטיק מאַטעריע, וואָס געהט אונטער דעם „יוד" פון אייביגע צייטען אין דער וועלט. מיינע חברים זענען געבירטיגע אויסלענדער, און איך — אַ געבירטיגער אַ קאַבצאַנסקער...

— איהר אַ קאַבצאַנסקער, איהר! — מאַך איך שטאַרק פערוואונדערט.

— צופיהלען דעם [illegible] צרות און זיינע וועהטאָגען — רעדט ער אַלץ ווייטער — קען נאָר אַזעלכער וואָס איז ביין פון זיין ביין, פלייש פון זיין פלייש, וואָס האָט געליטען איינע צרות, איינע וועהטאָגען מיט איהם. אין נויט, אין מאַנגעל איז מיר אָבגעלאָפען מיין יוגענד, איך האָב געליטען הונגער, קעלט, אויסגעוואַלגערט זיך אויף אַלע בייננק אין די בתי־מדרשים, ביז איינער, אַ גוטער, אַ וויכטיגער מענש, האָט פאַר רחמנות מיך גענומען צו זיך קיין אויסלאַנד. ער האָט זיך פאַר מיר געזאָרגט ווי אַ טאַטע, מיך אַריינגעגעבען אין אַ גוטער, בעריהמטער שול, פונוואַנען איך בין אַרויס אַ געלערענטער מענש, וואָס טויג צו דער וועלט, איך האָב מיר היינט מיין פרנסה

בכבוד. יאָ=יאָ, אַזוי איז עס. איך בין אַ קאַבצאַנסקער און מיין נאָמען איז — הערשעלע!

*

*

אויף מאָרגען האָבען מיר זיך געזעגנעט, אָנווינשענדיג איינער דעם אַנדערען אַל=דאָס גוטס.

ביים ווינשעווען האָב איך, צו קיין גנאַי זאָל עס מיר נישט זיין, מיך אַביסעל אויסגעגליטשט. אין דעם ענין הווינשעניש בין איך, צווישען אונז גערעדט, אַ קנאַפּער בריה, ווי אַ גרויסער טייל יודען, בשעת זיי נעהמען זיך אויף שמחות צום ווינשעווען, מיינענדיג דאָס איז אַ חיוב — בעקען זיי אַוועק אַ שעה=צייט מיט שיינענדיגע פּנים׳לעך, עפּים אָהן לשון. זיי דעם בעל=שמחה: דער אויבערשטער זאָל געבען, אַז... אַז... אַז... דער בעל=שמחה זיי: הלואי, אַז... אַז... אַז... עס ווערד אַזש ניט גוט, צום חלש׳ען, שלאָגט צום האַרצען, און ביידע צדדים ווינשען ביי זיך, איינער פונ׳ם אַנדערען פּטור צו=ווערען. געוועהנטליך האַלט איך מיך איין, פּטר=אָב דעם חוב פון ווינשעווען בקיצור, ברומלענדיג אונטער דער נאָז. דאָס מאָל אָבער האָט מיך דער גוט=יאָהר געטראָגען, פאַרליבשאַפט צו רב הערשען, אַרויס מיט אַ ווינשעניש גאַנץ ברייטליך. נאָר ווי איך האָב געעפענט דאָס מויל, אַזוי בין איך געבליבען ווי דערוואָרגען, געבעקעט, געאַזועט אַז... אַז... אַליין, משטיינס=געזאָגט, ניט צו-וויסען וואָס, און מיך געפונען אין דער קלעהם, נישט אַהין, נישט אַהער. רב הערש, לאַנג ליעבען זאָל ער, האָט מיך דעליקאַט אַרויסגעפיהרט פון דער קלעהם, אָנרופענדיג זיך מיט חכמה:

— איך וויים, איך וויים, רב מענדעלי, איהר ווינשט מיר אַזויפיל גוטס, וואָס אוממעגליך אַרויסצוזאָגען עס מיט׳ן מויל. הלואי, דער רבונו של עולם זאָל דערפילען אַלע אַייערע גוטע געדאַנקען אויף מיר און אויף כל=ישראל, טאַקי באַלד, במהרה בימינו.

— אמן! — ענטפער איך מיט דעם גאַנצען כח — אָמן וכן יהי רצון!

———

